# אויף אַלטער
# און
# נייער ערד

דערציילונגען

פון

ז. שער

ניו־יאָרק, 1941

# אינהאַלט



## פון דער אַלטער היים

זייט



## אַמעריקע

## מלחמה

זייט



## אָרעמע קינדער

# דער מויער

1

דער מויער איז מיט זיין גאַנצער גרויס און מאַסיווקייט געשטאַנען פונקט אנטקעגנאיבער דעם קליינעם, נידריק־איינגעפאַלענעם שטיבעלע און האָט מיט גדלות און פאַרריסענער גאוה אראָפּגעקוקט אויף דעם שטיבעלע.

דער מויער און דאָס שטיבעלע האָבן זיך געפונען אויף דער מילנער גאַס. דער מויער האָט באַלאַנגט צו לייב כייקין דעם גביר פון שטעטל, וועלכער האָט אַחוץ דעם מויער אויך פאַרמאָגט אין עק גאַס, אַ גרויסן פאַראָוון מיל און אַ בראָנפן ברויז, און דאָס שטיבעלע — צו יאָשקע דעם ברוקירער, א קבצן אין זיבן פאָלעס.

דער מויער איז געווען א דריי עטאזשנער מיט אן אויבערשטיבל און מיט א גרין־געפאַרבטן גאַניק. מיט ברייטע, גרויסע פענצטער וועלכע זיינען געווען געפאַרבט אין ווייס. די טירן פון מויער זיינען אויך געווען געפאַרבט ווייס, האָבן געהאט גלאַנציק־מעשענע קליאַמקעס און די דרויסנדיקע טיר, וואָס ביים גאַניק — די פאַראַדנע טיר, האָט נאָך דערצו אויבן, ביים אושאק, אויך געהאַט א גלעקל און יעדעס מאָל ווען מען האָט געעפנט די טיר, האָט א שפּיציק מעטאַלענער געקלאַנג, אין אָן אַ צאָל דינינקע קלאַנגען זיך צעשאָטן איבערן הויז.

אין די אָונטן פלעגן אין מויער ברענען בליץ־לאָמפּן, וועלכע זיינען אויף מעשענע קייטן ארונטערגעהאַנגען פון סטעליע און פון וועלכע עס פלעגט זיך גיסן א העל ליכט איבער די צימערן און אין דרויסן ארום מויער. פון אלע פענצטער, פלעגט עס שלאָגן מיט אַ שאַרף־בלענדנדיק ליכט אַזוי, אַז די גאַנצע שטיק גאַס אַרום מויער

פלעגט אין דער קליינשטעטלדיקער פינצטערניש זיין באַגאָסן מיט אַ רויט־פייערדיק ליכט, ווי עס וואָלט חלילה ניט ווייט ערגעץ געברענט.

פון אינווייניק, דורכגעריסן דורך די פענצטער, פלעגן זיך שטענדיק, סיי זומער און סיי ווינטער, טראָגן פריילעכער רוישן, געלעכטערס, געזאַנג, פּיאַנע־קלאַנגען און דאָס קלאַפּן פון פוס־טריט.

דאָס שטיבל ווידער איז געווען אן איינגעפאַלענע חורבה, מיט קליינע פענצטערלעך וואָס זיינען געווען נידעריק ביי דער ערד און פון דעם גרינעם, מיט מאָך באַוואָקסענעם שטרוי־דאַך, זיינען געפאַלן שטיקער.

זעלטן ווען האָט מען אין די פענצטערלעך פונעם שטיבל געזען ליכט. אין גאַנצן איז אין שטיבל געווען איין לעמפּל, אַ פינף ליניקער קורנעקל, וועלכער האָט געברענט מיט אַ שוואַך־ציטערדיק פלעמל. אפילו ווען דאָס קורנעקל האָט געברענט פול, מיטן גאַנצן קנויטיל ארויסגעדרייט, איז אויך דאָס פייערל געווען אזוי שוואך, אז בלויז איין זייט וואָנט אינווייניק אין שטיבל און אַ שטיקל סטעליע זיינען באַלויכטן געוואָרן און איבער דעם איבעריקן טייל פון שטיבל האָבן זיך געוויגט טונקעלע שאָטנס. מען האָט אָבער דעם גאַנצן קנויט פון לעמפּל זעלטן ווען ארויסגעדרייט. יאָשקע האָט געזשאַלעוועט קעראָסין, האָט מען אין לעמפּל בלויז אַ שטיקל קנויטל אַרויסגעדרייט, האָט טאָקע אין שטיבל שטענדיק געהויערט חושך און שטענדיק האָבן זיך דאָרט געהוידעט טונקעלע שאָטנס.

זומער אין די מיטנוואָכעדיקע טעג, האָט מען אין שטיבל זעלטן ווען גאָר אין גאַנצן אָנגעצונדן פייער. יאָשקע פלעגט קומען אהיים אַן אָנגעהאָרעוועטער פונעם טאָג ארבעט. פון רייסן און ברעכן מיטן לאָם די האַרטע ערד. פון שלעפּן די שטיינער און פון ברוקירן גאַסן. ער פלעגט זיך קוים האַלטן אויף די פיס, פלעגט אויף גיך אויסזופּן זיין שיסל געקעכץ, די אָרימע וועטשערע זיינע, און אוועקפאַלן, ווי אַ געהרגעטער, שלאָפן. פלעגט זיך אַ וואַליע טאָן אויפן שלאָף־באַנק און שוין, ער כראָפּעט שוין געזונט. דאָס ווייב זיינס דוואָשע, פלעגט זיך נאָך פּאָרקען א ווילע ביים קאָמין און גלייך אויך גיין שלאָפן. בלויז פרייטיק נאַכט פלעגט מען אָנצינדן דאָס קורניקל. יאָשקע פלעגט אָבער אָנגיסן דעם קעראָסין מיט א מאָס. ניט

קיין סך. ער האָט שוין געהאַט די מאָס. ביז דעם ערשטן רייפעלע פון לעמפל. דאָס קנויטל פלעגט ער אויך ארויסדרייען בלויז אויף העלפט, עס זאָל קלעקן איבער וועטשערע און ביז וואַנען ער וועט אָפּזאָגן, פון גרויסן סידור אַרויס, דעם שיר־השירים.

פרייטיק נאַכט פלעגט אויך דוואָשע אָנצינדן פיר חלבנע ליכטלעך וועלכע זי פלעגט צושמעלצן צו אַ ציגל און איבער וועלכע זי האָט ליכט געבענשט. פלעגט טאַקע פרייטיק נאכט, אין אָנהויב אוונט, אַ ליבע ליכטיקייט זיך צעגיסן איבערן שטיבל. די ליכטלעך פלעגן אָבער לאַנג ניט ברענען, קוים איבער אַ האַלבער וועטשערע. זיי פלעגן זיך גלייך אָנהויבן שמעלצן. דער צעשמאָלצענער חלב פלעגט זיך איבערגיסן. די פלעמעלעך פלעגן זיך הויבן און אַרונטערלאָזן, הויבן און אַרונטערלאָזן. דער חלב פלעגט טראַסקען, טרעשצען, און איידער וואָס ווען, איידער יאָשקע האָט אַ האַלבע וועטשערע אָפּגעגעסן, זיינען שוין די ליכטלעך איינע נאָך די אַנדערע, מיט אַ רויך און אַ טשאַד אויסגעגאַנגען און פאַר דער אַנדערער האַלבער וועטשערע מיטן שיר־השירים זאָגן איז אים געבליבן בלויז דאָס קורניקל.

קיין סך פלעגט יאָשקע פון שיר־השירים ניט זאָגן, ווייל איידער וואָס ווען, איז אים שוין דער קאָפּ זיינער געוואָרן שווער, אָנגעלאָדן ווי א דייזשע און זיך אָנגעהויבן וויגן. די אויגן פלעגן זיך אָנהויבן קלעפּן. ער פלעגט איינדרימלען. א וואָרף געבן מיטן קאָפּ, זיך, ניט טויט, ניט לעבעדיק אויפכאַפּן, אָנהויבן פון דאָס ניי, אויפן קול, זאָגן פון סדור דעם שיר־השירים, אָבער די ווערטער ווערן אים אלץ קלע־נער און קלענער, ביז זיי אַנטלויפן אין גאַנצן פון סדור און שוין. ער ליגט שוין מיטן פנים אויפן סדור און כראָפּעט. די ווייב וועקט אים גלייך אויף, און אסור אויב ער הויבט אָן צו וויסן ווי אזוי ער האָט זיך אויסגעטאָן און ווי אזוי ער קומט צום בעט. ער ווייסט נאָר, אז אויף מאָרגן, שבת פרי, כאַפּט ער זיך אויף אין בעט.

דאָס פינף־ליניקע לעמפל ברענט טאַקע ניט לאַנג אפילו פרייטיק נאַכט. אָבער אפילו אין דער צייט וואָס עס האָט געברענט זיינען די פענצטערלעך פונעם שטיבל געווען שוואַך באַלויכטן און דאָס ליכט איז פון זיי, אַ שוואַכס און אַ ציטערדיקס, געפאַלן בלויז אויף אַ פּאָר טריט ווייט פון שטיבל.

אין די זומערדיקע מיטנוואָכעדיקע אָוונטן, ווען ס׳פלעגט טרעפן אַז יאָשקע פלעגט ניט אָוועקפאַלן, גלייך נאָכן אויסזופן די וועטשערע, ווי א געהרגעטער שלאָפן, פלעגט ער זיצן אויפן שוועל פון זיין שטיבל, פיפקען די ליולקע, שווייגן, ציען דעם ציבעק, לאָזן דעם רויך און קוקן פאַרבענקט צום מויער און צו די גרויסע פענצטער פון מויער פון וועלכע ס׳פלעגט זיך א העל, ווייך ליכט גיסן. ער האָט מקנא געווען די מענטשן פון מויער, לייב כייקין דעם גביר מיט זיין הויזגעזינד, און אין זיין מח פלעגן זיך וועבן און פלאָנטערן עפּעס אַזוינע מאָדנע געדאַנקען און אין זיין האַרצן פלעגן זיך וואַרימען עפּעס אַזוינע גליקלעכע באַגערן... אז ער וועט נאָך זיין רייך און אז ער, יאָשקע ברוקירער, וועט נאָך זיין דער באַלעבאָס פון פונקט אַזאַ גרויסן און שיינעם מויער ווי לייב כייקין דער גביר.

2

דער מויער איז זיך מיט דעם שטיבל גאָר ניט אָנגעגאַנגען. און טאַקע אין דער אמתן וואָס פאַר אַ מחותנשאפט האָט צווישן זיי געקאָנט זיין? אַז דער באַלעבאָס פון מויער, לייב כייקין, איז געווען אַ ייד אַ גביר, אַ תקיף, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע, פאַראָווע מיל מיט אַ ברויז פאַר בראָנפן און מיט אַ שטאָט אין שול סאַמע אויבן־אָן, אין מזרח וואַנט, גלייך נעבן רב. און אליין איז ער געווען אַ מענטש אַ געפאַקטער, מיט אַ היפש בייכל, מיט פולע, פעטע באַקן, מיט אויסגע־כאַליעטע, קלעצלדיקע פינגער און מיט אַ ברייטער פיין־צעקעמטער באָרד, און אָנגעטאָן איז ער געווען שטענדיק, אפילו אין דער וואָכן, אין אַ שוואַרצן סורדוט, וועלכער האָט געהאט ריפסענע גלאַנציקע לאַצן. אַ שוואַרץ זיידענע קאַמזעלקע, מיט א גאָלדענער קייט פאַר־וואָרפן איבער איר גאַנצער ברייט, שוואַרצע געוואַנטענע הויזן אריבער קאַמאַשן מיט גומקעס און אויפן קאָפּ אַ ווייכן שוואַרצן קאַפּעלוש, און געגאַנגען איז ער מיט אַזאַ ברייטקייט און וואַזשנעקייט, דעם קאָפּ געהאַלטן פאַרריסן מיט אַזאַ פוריע, גלייך ווי אים וואָלט גאָרניט געפאַסט אויף מענטשן צו קוקן. ווידער דער באַלעבאָס פון שטיבל, יאָשקע דער ברוקירער, איז געווען אַ האָרעפּאַשניק און אַ ביטערער אָרימאַן. זומער, ווען די וועטערן זיינען געווען גוטע און די טעג זיינען

געשטאַנען שיינע, האָט ער נאָך ווי עס איז מיטן שווייס פון זיין פּנים אויסגעהאָרעוועט דאָס שטיקל טרוקענע ברויט פון ברוקירן גאַסן און הויפן. אבער הארבסט און ווינטער, ווען רעגנס האָבן גע־גאָסן, שנייען האָבן געדרייט, פרעסט האָבן געקנאַקט און האָבן די ערד מיט דיקן אייז פאַרקאָוועט און מען האָט די גאַסן און הויפן ניט ברוקירט, האָבן זיין פרוי און קינדער געפּעכנעט זיבן מאָל אַ טאָג פון הונגער. אמת קיין פוילער איז יאָשקע ניט געווען, ער איז גרייט געווען צו טאָן כל עבודת פּרך, אבי צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. נו, פלעגט ער פאַרדינען דאָנערשטיק א פּאָר גילדן טראָגנדיק זעק מעל פון די מעל קרעמער אין די קליטלעך אריין אויף שבת. פלעגט ער פון זיינע דאָנערשטיקע פאַרדינסטן האָבן אויף שבת מיט וואָס צו קויפן אַ חלהלע, אדער א פונטעלע יארשע־פישלעך. אבער אַ גאַנצע וואָך פלעגט מען לייגן די ציין אויפן פּאָליצע. אָט אַזאַ קבצן איז יאָשקע, און אין שול שטייט ער פאַררוקט ערגעץ הינטערן באָלעמער, אין סאמע פּאָליש, לעבן האנט־פּאָס; און אליין איז ער א הויכער, אַ דאַרער, א ביינערדיקער, מיט א שפּיציק, ביינערדיק און צעקאָרבט פּנים, מיט אויסגעדאַרטע, אָדערדיקע און מאָזאָליסטישע הענט. זיינע אויגן זיינען טיף־איינגעזונקענע, אביסל קרומלעכע און אומעטיקע און אַ בערדל האָט ער א שיטערס און א טשאכאָטענעס. אַ בינטל הערלעך איז אין אומאָרדנונג געווען צעוואָרפן איבער די באַקן. אַ הערל דאָ, אַ הערל דאָרט און א פּאָר הערלעך אונטער דער גאמבע — דאָס אינגאַנצן איז געווען דאָס מישטיינס געזאָגטע בערדל זיינס: און אָנגעטאָן גייט ער קרועה־בלועה, אפילו שבת טראָגט ער א לאנגע, קאָרטענע קאַפּאָטע, א פּאָר לייוענטענע הויזן, א פּאָר שטיוואַלעס פון וועלכע די כאָליעוועס פאַרקריכן העט וייט איבער די קני און פון וועלכע עס הערט זיך שטענדיק אַ ריח פון טראָן און דזשעגעכץ און אויף זיין פאַרוואָקסענעם און צעשויבערטן קאָפּ טראָגט ער א דעינקע היטל וואָס איז פון אַלטקייט שוין אַזש גרין. נו, האָט טאַקע אין דער אמתן געקאָנט זיין עפּעס געמיינזאמעס צווישן דעם מויער מיט דעם שטיבל?

איז טאַקע געווען אזוי:

אין די אַלע יאָרן וואָס דער מויער און דאָס שטיבל שטייען איינע קעגן די אַנדערע האָט יאָשקע אפילו ניט פאַרשמעקט אין מויער,

גאָר קיין מגע־משא ניט געהאַט מיט די מענטשן פון מויער און אפילו קיין אַנונג ניט געהאַט ווי דאָרט, אינווייניק אין מויער, קוקט אויס. און אַז עס האָט איינמאָל געטראָפן, אַז חברה בעלי־מלאכות האָבן ניט געלאָזט לייענען אין שול און יאָשקע האָט זיך אויך אַ קאָך געטאָן און אויף זיין פאַרזאַתיקעוואַטן לשון, ווי זיין טבע איז געווען ווען ער איז אין כעס געוואָרן, מיט אַ גרימצאָרן ארויסגערעדט אַ וואָרט, געגעבן געדעכט די בעלי־מלאכות, האָט לייב כייקין אים אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ און אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרקרימטער נאָז:

— און ווער איז אָט דער האַלעדראַנעץ און קאַבצענוק? וואָס פאַרלאַנגט ער?

— סטייטש, איר ווייסט גאָר ניט ווער דאָס איז? — האָט מיט אַ געלעכטערל און מיט אַן אונטערלעקן זיך, זיך אָפּגערופן איינער פון די בעלי־בתים — דאָס איז דאָך אייער שכן יאָשקע, וואָס וואוינט פונקט קעגן אייך.

— אַזוי גאָר, האָט לייב כייקין גערעדט גאוהדיק — ען נאָר אַביסל, האָב אים גאָר ניט דערקענט. טשיקאַווע.

און אַז עס האָט אפילו געטראָפן, אַז לייב כייקין האָט אַמאָל באַדאַרפט אויסברוקירן אַרום זיין מויער האָט ער ניט גענומען יאָשקען, דעם איינציקן ברוקירער אין שטעטל דאָס צו טאָן, נאָר ער האָט אַראָפּ־געבראַכט אַ בעל־מלאכה פון דער פרעמד. יאָשקעס ווייב, דוואָשען, האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן און זי האָט מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ גערעדט:

— אַ גביר אַ חזיר. און אַז ער וואָלט געגעבן אַן אייגענעם שכן צו פאַרדינען וואָלט געווען אַן עולה? וואָס איז, דו וואָלסט עס ניט געקאָנט מאַכן אַזוי גוט ווי יענער?

נאָר יאָשקע האָט דער ווייב זיינער ניט געלאָזט קיין סך ריידן און איר איבערגעשלאָגן: — ווען אַרט עס, נישקאשע, ער וועט נאָך דעם מויער ניט מיטנעמען אין קבר...

3

בלויז איינמאָל האָט געטראָפן, אַז יאָשקע און זיין ווייב זיינען אריין — ניין, ניט אריין, נאָר זיך ארייַנגעריסן — אין לייב כייקינס

מויער, האָט עס אָבער ניט דאָס שטיבל גורם געווען נאָר דאָס שטעלכל וואָס איז געשטאַנען האַרט הינטער דעם שטיבל, ווי צוגע־טוליעט צום שטיבל. אין אָט דעם שטעלכל וועלכעס איז געווען צענויפ־געקלאַפּט פון לויזע ברעטלעך און דראבניצעס, פלעגט יאָשקע האַלטן א פורל האָלץ, אַ זעקל קארטאָפל, אָדער א קוליע שטרוי און אָט דאָס שטעלכל איז געווען שולדיק אין דעם וואָס יאָשקע און זיין ווייב האָבן זיך איינמאָל פלוצלונג ארייגעריסן אין מויער... אַז אָך און ווי צו זיי...

די מעשה פון דעם איז געווען אַזאַ:

יאָשקע האָט געהאט א מיידל פון א זעכצן־זיבעצן יאָר, ביילקע האָט זי געהייסן. אַ געפּאַקטע, יאָדערדיקע מיידל, מיט א פּאָר ברוינע צעפּ, ברוינע לאַכעדיקע אויגן, אַ פאַרריסן נעזל מיט קליינע אויפן שפּיץ נעזל און מיט רויטע באַקן. און וואָס מען האָט איר גיט אָנגע־טאָן איז אַלץ אויף איר ענג און שמאָל געווען. דוואָשע האָט שוין אַפילו דאָס טעכטערל אירס אָנגעטאָן איר אייגענעם קאזשמערענעם יאַקל, וועלכן זי האָט געמאַכט צו איר חתונה און וועלכער איז געווען אי לאַנג און אי געגוג ברייט, פונדעסטוועגן איז אפילו אָט דאָס יאַקל אויך אויף ביילקען ענג געווען און אירע היפטן און בריסט האָבן זיך געשפּארט, געריסן פון יאַקל ארויס.

לייב כייקין, דער גביר, ווידער האָט געהאט א בחורל אין זעלבן עלטער, אברהמל מאָפּסל האָט מען אים גערופן, ווייל דער פּנים זיינער — די נאָז, די ליפּן און די מאָרדע, האָבן אויסגעזען פּונקט ווי ביי אַ מאָפּס, זאָל עס פעלן א האָר. און א קאָפּ האָט ער געהאט אַ פאַרשטאָפּטן, פלעגט ניט וועלן לערנען. פלעגט כסדר זיצן אויפן גאַניק פון מויער און זיך טשעפּען צו ביילקען. ווען נאָר זי פלעגט דורכגיין פלעגט ער אויף איר וואַרפן שטיינדלעך, אָדער די לוזקע פון קירבעס יאדרעס וואָס ער פלעגט שטענדיק האַלטן אין איין קנאַקן... פלעגט צו איר פייפן. ווי נאָר זי פלעגט דורכגיין, פלעגט ער אריינ־טאָן די מיטלסטע צוויי פינגער פון ביידע הענט אין מויל, זיי צענויפ־שטעלן ווי א קראָקווע און ארויסלאָזן אַזאַ סוויסשץ, אז עס פלעגט אַזש פאַרהילכן די גאַס. דערביי פלעגט ער צו איר לאַכן מיט א פולן מויל אויסגעשטשירעטע ציין און צו איר ריידן רייד פון וועלכע זי פלעגט רויט ווערן ווי א בורעק, פאַרמאַכן מיט די לאַדאָנעס פון די

הענט דאָס מויל און אַנטלויפן מיט א פאַרשטיקטן געלעכטער, צו זיך אין שטיבל.

זי פלעגט אָבער ניט אריינגיין אין שטיבל, נאָר זיך פאַרבאַהאַלטן הינטערן שטעלכל און ווי פון אַ פאַרבאַהעלטעניש, מיט לאַכנדיקע אויגן אַרויסקוקן צו אַברהמלען.

ביז איינמאָל האָט אברהמל זי געפאקט אין שטעלכל, איר געגעבן שטיקער שאָקאלאדע. זי געדריקט צו זיך. איר הייס געקושט און צו איר גערעדט פאַרשטיקט.

— דו וועסט זיין א גוטעביילקע?... וועסט מיך ליב האָבן, האַ?... איכל דיר אַלע מאָל געבן א סך שאָקאָלאַדע מיט נאָך אַ סך גוטע זאַכן...

ביילקע האָט מיט אַפעטיט געגעסן דעם שאָקאָלאַד, געלאכט מיט אַ זודיקן פאַרשטיקטן געלעכטער, זיך געריסן פון אברהמלען און דאָך אים הייס געקושט.

פון דאַן אָן האָבן זיך ביילקע מיט אברהמלען א סך מאָל גע־טראָפן אין שטעלכל. זיי פלעגן זיך טרעפן ביינאכט ווען אין שטיבל איז שוין שטאַרק פינצטער געווען און יאָשקע מיט דוואָשען פלעגן אויסגעמאַטערטע פון אַ טאָג שווערער פראַצע, שוין שלאָפן ווי גע־הרגעטע.

אברהמל פלעגט אויף ביילקען אָטעמען מיט זיין הייסן צעפּאַ־רעטן אָטעם און ביילקע פלעגט זיך צו אים טוליען, זיך צו אים דריקן, זיך ווי איינקנעטן אין זיין לייב און אים הייס קושן...

ביז דוואָשע האָט איינמאָל באַמערקט, אַז ביילקע איז עפּעס ניט דיזעלבע. זי זעט עפּעס אויס זייער בלייך. די באַקן זיינען איינגעפאלן. זי איז עפּעס געוואָרן פולער ביים טאַליע, אַז דאָס יאַקל פאַררייסט זיך ביים בויך מיט א שפּיץ און נאָר עפּעס קערט עס איר צום ברעכן. זי האָט עס אלץ באַמערקט און דאָס האַרץ איז איר איינגעפאַלן פון שרעק...

„טפו־טפו... — האָט זי אויסגעשפּיגן — אפשר דוכט זיך עס מיר נאָר... — אָבער ווען זי האָט זיך געכאַפּט איז שוין געווען צו־שפּעט...

— אוי אַ ווייטאָק איז מיר! — האָט זיך פון דוואָשעס האַלדז ארויסגעריסן אַ יאָמערדיק קול, ווען זי האָט זיך, פון שטעטלדיקן

דאָקטער צו וועלכן זי האָט געגומען ביילקען, דערוואוסט, אַז עס דוכט זיך איר ניט, נאָר אַז דאָס איז טאַקע אַן אמת — זאָג, ווער איז שולדיק!... — האָט זי געשריען צו ביילקען און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

אָבער ביילקע האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, האָט געהאַלטן איינגעגראָבן איר פּנים אין די לאַדאָנעס פון די הענט און געכליפּעט.

— זאָג מויד, ווער איז שולדיק! — האָט שוין יאָשקע אַראָפּגעכאַפּט דעם רימען פון זיינע הויזן און זיך פאַרמאָסטן איבער ביילקען — זאָג, וואָרים איך דערהרגע דיך אויפן אָרט!...

ביילקע האָט אַלץ פאַרשטיקט געכליפּעט און דורך געוויין ארויסגערעדט:

— אוי מאַמע, איך בין ניט שולדיק... ער, ער אברהמל...

— און אָנגעוויזן אויפן מויער.

— אוי, אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן! — האָט דוואָשע אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט — יוסף, וואָס שטייען מיר! קום לאָמיר לויפן. לאָמיר ניט שווייגן... אוי, די מויד האָט אונדז אומגליקלעך געמאכט...

— און אַ שלעפּ טוענדיק יאָשקען פאַרן האַנט זיינען זייביידע אַרויסגעלאָפן פון שטיבל און, מיט קולות און קללות פון דוואָשען, זיך אריינגעריסן אין מויער.

דאַן איז עס געוועזן ס׳ערשטע מאָל וואָס יאָשקע און זיין ווייב דוואָשע זיינען אריין אין מויער. ווען יאָשקע האָט דערזען די גרויסע, געראָמע, פאַרפּוצטע און מיט אַבאַיעס אויסגעקלעפּטע סאליעס, דעם הויכן, געוועלבטן סופיט, דעם געוועקסלטן דיל און די גרויסע בליץ־לאָמפּן, האָט אים אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט און די קני זיינען אים שוואַך געוואָרן.

אריינרייסנדיק זיך מיט דער ווייב זיינער דוואָשע אין מויער האָט יאָשקע, בטבע ניט קיין גרויסער בעל־דברן, קיין סך ניט געזאָגט, דערצו איז ביי אים פון דעם גאַנצן גלאַנץ וואָס ער האָט פּלוצלונג דערזען אין די פאַרפּוצטע סאליעס פון מויער, דאָס לשון כמעט ווי אָפּגענומען געוואָרן. איז ער געשטאַנען א פינצטערער, אן אָנגעכמורעטער, געהאַלטן די בליקן פון זיינע אומעטיקע און קרומלעכע אויגן איינגעגראָבן אין דיל און אויף זיין זאַהיקעוואטן לשון געבורטשעט ווי צו זיך אליין.

— אייער זונדל... אַ פּאַהיבל אויף אים...

דערפאַר אָבער האָט שוין ס׳ווייב זיינס, דוואָשע, געדעדט פאַר אים. זי האָט אוועקגעלייגט א מענה־לשון, פונקט ווי אין מויער וואָלט איצט, חלילה, געלעגן אויסגעצויגן א בר־מנן.

— אוי אַ בראָך צו מיר... אוי ווי און ווינד איז מיר... — האָט זי פאַרברעכנדיק די הענט זיך צעיאָמערט ווי מען באַוויינט אַ טויטן — ער האָט דאָך אונדז אומגליקלעך געמאַכט... ער האָט דאָך אונדז געקוילעט אָן אַ מעסער... — און זי האָט מיט די ברעגן פון דער קאָפּ־פאַטשיילקע גענומען ווישן די טרערן פון די אויגן וואָס האָבן אָנגעהויבן גיסן ווי פון אַ צאַפּן.

— ווער? וואָס? וועגן וואָס רעדט איר? רעדט קלאָרע דבורים, מען זאָל אייך פאַרשטיין!... — האָט שרה־העניע די גבירטע, לייב כייקינס ווייב, א הויכע, א געשטאַלטנע, מיט א צווייענדיקן גוידער, הויכער פריזור, פענסנע אויפן נאָז און גרויסע נאָכבאָמלענדיקע די־מענטע אויערן־רינגען, זיך אויף יאָשקען מיט דוואָשען צעשריען.

— אייער ב־בענ־נאָק... מ־מיין מ־יידל... אַ פּ־פּאַהיב־בעל אויף אים... — האָט יאָשקע מיט גרימצאָרן אויף זיין זאַהיקעוואַטן לשון, זיך אַ קאָך געטאָן און געוויזן א קולאַק.

אַז שרה־העניע האָט דערהערט די געשיכטע איז זי צום אָנפאַנג געוואָרן בלייך, נאָכדעם רויט, האָט פאַרביסן די ליפּן, געלאָזט שטיין יאָשקען מיט דוואָשען און איז ארויס אין א צווייטן צימער, פון דאָרט האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט ריידן צווישן איר און איר זונדל אברהמל, און גלייך נאָכדעם איז זי ארויסגעקומען א שטאָלצע, מיט א פאַרריסענעם קאָפּ און מיט גדלות און אַ פאַרקרימטער נאָז זיך צע־שריען אויף יאָשקען מיט דוואָשען:

— שאַט, שאַט, שרייט ניט אזוי... הערט נאָר אביסל א חוצפּה פון קאַבצענוקעס. זיך ארייַנגעריסן ניט געפרעגטערהייט, מיט פאַר־בלאָטיקטע שטיוול צו יענעם אין הויז, פאַרשמירן דעם גאַנצן פּאָל און שרייען. שאַט, שרייט ניט, מען וועט אלץ צורעכט מאַכן...

פון שרה־העניעס שטעל און איר אָנבייזערן זיך האָט סיי ביי יאָשקען און סיי ביי זיין ווייב ווי אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. דערהויפּט האָט אויף יאָשקען געווירקט שרה־העניעס צעשרייען זיך איבער דעם פּאָל וואָס ער פאַרבלאָטיקט מיט זיינע שטיוול, האָט ער

מיט צעשראָקנקייט געקוקט אויפן געוועקסעלטן דיל וועלכער האָט געבלאַנקט ווי א שפּיגל און אויף זיינע בלאָטיקע שטיוול און ניט געוואוסט וואָס מיט די שטיוול צו טאָן. פון פאַרלאָרנקייט האָט ער שוין דאָס מויל מער ניט געוואַגט עפענען און מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ זיינען זיי בידע, יאָשקע און דוואָשע, ארויס פון מויער.

אָבער טאַקע נאָך דיזעלבע וואָך האָט מען ביילקען, טאַקע אויף לייב כייקין דעם גבירס הוצאות, אוועקגעשיקט אין א דערנעבנדיקער גרויסער שטאָט, איר דאָרט אויף א צייט אָפּגעשטעלט וואו מען בעדארף און יאָשקען האָט מען פאַרשמירט מיט א פּאָר הונדערט רובל.

געבראַכט דאָס געלט צו יאָשקען האָט לייב כייקינס אַלטע דינסט באַשע־ביילע, אַ ברייטע יידענע מיט א בראָדעווקע אויפן שפּיץ נאָז. ווען באַשע־ביילע איז אריין אין יאָשקעס שטיבל מיט דעם געלט, האָט עס אין יאָשקען אַ זאָט געטאָן מיט אַזאַ אויפגעקאָכטקייט, אז ער האָט באַשע־ביילען געוואָלט פון שטוב ארויסטרייבן און אויף זיין פּאַרזאַ־היקעטן לשון, ווי זיין טבע איז געווען בעת ער צעקאָכט זיך, האָט ער זיך צעשריען:

— וו־וואָס מ־מיינען זיי וו־וואָס? מ־מייך בלוט איז וו־וואַסער!?...
אַ פּ־פּאָהיבל אויף זיי!...

באַשע־ביילע האָט זיך מיט איר גאַנצער ברייטקייט און שווער־קייט געגעבן אַ זעץ אויף אַ בענקל. פאַרלייגט די הענט אויפן בויך. מיט צענויפגעצויגענע ליפּן אָנגעהויבן צו שאָקלען איר קאָפּ הין און הער און מיט א כעסעלע און א בייזערן זיך אָנגעהויבן ריידן:

— טע־טע־טע. ווּעסט זיי א סך אָפּטאָן. מיינסט טאַקע אז זיי נעמען זיך א סך צום האַרצן פון דעם... נאַ, זיי ניט קיין נאַר און נעם דאָס געלט. פון אַ חזיר אַ האָר איז אויך גוט... נעם עס וועט דיר צונוץ קומען... — און אַוועקלייגנדיק דאָס פּעקל מיט געלט אויפן פּאָליצקע, וואו דוואָשע האָט געהאַלטן אויסגעשטעלט דאָס ביסל געשיר אירס, האָט זי זיך שווער, מיט אַ קרעכץ אויפגעהויבן און אַוועק.

— נ־נעמט, נ־נעמט אייך דאָס געלט! מ־מיינע אויגן וו־ווילן עס ניט אָנז־זען. אָ פּ־פּאָהיבל אויף זיי מ־מיט דעם ג־געלט צו־צוז־זאָ־מען!... — האָט יאָשקע נאָכגעשריען באַשע־ביילען. אָבער באַשע־ביילע איז שוין אין שטיבל ניט געווען, האָט יאָשקע אַ גרויסן שפּיי

געטאָן צום טיר און פאָכנדיק מיט א קולאק צום מויער האָט ער געברומט:

— וו־וואָרט, וו־וואָרט, איר ג־נעמט נ־נאָך ניט מיט ד־דעם מ־מויער אין קבר...

4

וואָכן לאַנג האָט אין שטיבל געהערשט אַן אומעט און אַ טרויער ווי ביי אַן אבל אין הויז. יאָשקע איז אַרומגעגאַנגען א פינצטער־דער, אַ שווייגנדיקער און האָט זיך געשעמט מענטשן פאר די אויגן צו ווייזן. ער האָט גאָר אין גאַנצן אויפגעהערט אריינצוקומען אין שול אפילו שבת צום דאַוונען. אפילו דאָס שבתדיקע דאַוונען האָט ער אָפּגע־שאלעמייזשעט ביי זיך אין שטיבל און גאָר דאָס פנים זיינס ניט געוואָלט צווישן לייטן ווייזן. פאַר וואָכן לאנג איז דאָס פעקעלע געלט, לייב כייקינס פאָר הונדערט רובל, וואָס באַשע־ביילע האָט געבראכט, גע־לעגן אויפן זעלבן פלאַץ, אויפן פאָליצקע, וואו באַשע־ביילע האָט עס איבערגעלאָזן און יאָשקע האָט צו דעם זיך ניט געוואָלט צורירן ווי צו אַ טמאדיקער זאַך. דאָס פעקעלע געלט איז ווי עפּעס אַ פאַרעיפּושט שרץ־פּגרל געלעגן אויפן פאָליצקע, פון זיין פאַרבאַהעלטעניש אפיר־געקוקט אויף יאָשקען און געברענט יעדעס שטיקל לייב אין זיין קערפּער.

— דוואָשע, נעם עס אַוועק פון מיינע אויגן!... נעם עס אַוועק, דוואָשע!... — האָט יאָשקע ניט איינמאָל זיך צעשריען אויף דער ווייב זיינער, נאָר דוואשע, אליין אין גאַנצן א צעבראָכענע און אַן אויסגעשעפּטע פונעם אומגליק האָט גאָר קיין כח ניט געהאט אָן דעם זיך אָנצורירן, פלעגט זי אויף אים א שטומן פינצטערן בליק וואַרפן און רק געהאַלטן אין איין קרעכצן און וויינען. די אויגן האָבן איר גאָר ניט געטריקנט, ביז יאָשקע האָט איינמאָל ביי דערנאכט זיך ווארפנדיק אין שלאָפלאָזיקייט אויף זיין געלעגער, זיך צו איר אָפּגע־רופן.

— הערסט דוואָשע וואָס איך האָב אָפּגעמאכט. איך פאָר קיין אַמעריקע... זאָלן כאָטש מיינע אויגן ניט זען די חרפּה פון דעם טעכטערל אונדזערס... און ארויסלאָזנדיק אַ טיפן זיפץ האָט ער זיך

איבערגעדרייט מיטן פּנים צום וואַנט און עפּעס געמורמלט צו זיך אַליין אין דער פינצטער.

אָבער אויסער דעם, אז זיינע אויגן זאָלן ניט זען די בושה פון זיין טעכטערל, האָט יאָשקע געהאַט נאָך אַ געדאַנק מיט זיין באַשלוס צו פאָרן קיין אַמעריקע און דאָס איז געווען אַנצוקלייבן אין אמעריקע גענוג געלט, קומען צוריק אהיים און בויען פונקט אַזאַ מויער ווי לייב כייקינס און מיט דעם נקמה נעמען פון לייב כייקינען פאַר זיין קינדס שאנד. אַט דער געדאַנק האָט אים פארפאָלגט טאָג ווי נאַכט זינט עס האָט געטראָפן דאָס אומגליק מיט זיין טעכטערל, אָבער פון דעם האָט ער זיין ווייב דוואָשען ניט דערציילט, דאָס האָט ער געטוליעט און געוואָרעמט ביי זיך אליין אין האַרצן, און וועגן דעם האָט ער עס געמורמלט צו זיך אליין אין דער פינצטער אויף זיין געלעגער מיטן פּנים צום וואַנט.

דוואָשע האָט אים וועגן זיין באַשלוס צו פאָרן אין אמעריקע, גאָר ניט געזאָגט. זי האָט בלויז א פּאָר מאָל אָפּגעקרעכצט און ארויס־געריעדט: — אוי ווי איז מיר... — און אירע באַקן זיינען געוואָרן נאַס פון טרערן. און ווען יאָשקע איז טאַקע גלייך אויף מאָרגן אַוועק צום אַגענט וואָס פלעגט פאַרקויפן שיפסקארטעס און פאַר לייב כייקינס פאַר הונדערט רובל געקויפט א שיפסקארטע קיין אמעריקע האָט זי, דוואָשע קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט, נאָר האָט אַ געהאָרכזאַמע, א דערשלאָגענע און אַן איינגעבויגענע אין דרייען פון צרות און אומגליק, און גיסנדיק כסדר מיט טרערן, זיך גענומען פאַרקען ארום א געפלאָכ־טענעם שטרויענעם קערבעלע אין וועלכן זי האָט איינגעפּאַקט דאָס ביסל זאַכן און דאָס קרענצל קנאָבל וואָס יאָשקע האָט בעדאַרפט מיט־נעמען אויפן וועג קיין אַמעריקע.

5

אין אמעריקע איז יאָשקע געוואָרן אַ ציגל און וואַפּנע טרעגער, האָט פון זיין אַרבעט גוט פאַרדינט, האָט יעדע סוף־וואָך געקראָגן באַ־צאָלט אַ פולע זשמעניע מיט דאָלערס און האָט די דאָלערס אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זיי ניט אויסגעגעבן און צעטרענצלט ווי אַנדערע.

זיך געהיט ניט אויסצוגעבן אַן איבעריקן סענט, נאָר געקליבן א דאָלער צו אַ דאָלער און זיי געטראָגן אין באַנק.

געוואוינט האָט יאָשקע אין א שוסטער קעלער אויף נאָרפאָלק סטריט ביי זיין לאַנדסמאַן זאַנוויל דעם שוסטער. דער קעלער איז געווען אַ לאַנגער און אַ שמאָלער און איז, דורך א ווענטל פון שאַרסקע, ניט געהובעלטע ברעטער, וואָס זאַנוויל האָט אליין צענויפגעשלאָגן, געווען צעטיילט אין צווייען. אין דעם ערשטן העלפט, וואָס צום פענצטער, איז געווען זאַנווילס שוסטער־שאָפּ און אין דער צווייטער העלפט, וואו עס איז שוין געווען אין גאַנצן פינצטער, איז געווען זיין וואוינונג. דאָרט איז געשטאַנען אַן אַלטע צעפליקטע קאַנאַפּע פון וועלכער די דראָטענע געדערים זיינען געווען אַרויסגעקראָכן און פון וועלכער עס זיינען געפאַלן שטיקער; אַ פּאָר אַלטע צעבראָכענע שטולן פון וועלכע די צעפאַלענע שטיקער זיינען געווען צענויפגענומען מיט שטריקלעך און מיט דראָט, און א טישל. די ווענט פון קעלער וואָס זיינען שוין ניט געפאַרבט געוואָרן ווער ווייס וויפיל יאָרן זיינען געווען שווארץ ווי סאַזשע. דער טינק פון די ווענט האָט זיך געשיילט און שטיקער טינק זיינען ווי שמאַטעס געהאַנגען פון אלע זייטן. ניט מער וואָס זאַנוויל האָט די ווענט אַביסל באַפּוצט און באַהאַנגען מיט אַלטע קאָלענדאַרן און פאַרשידענע בילדער, אויסגעשניטן פון צייטונגען. בילדער פון גוטע יידן, רבנים, פּאָליטישנס, מואווי אקטריסעס און פּרייזפייטערס. ער האָט ניט מקפיד געווען זאַנוויל, אלץ וואָס ס׳האָט זיך אים נאָר געמאכט אונטערן האַנט און וואָס ער האָט געקאָנט אויסשניידן פון אַלטע צייטונגען האָט ער אויפגעהאַנגען אויף די ווענט.

אין אָט דעם קעלער האָט זאַנוויל אריינגענומען יאָשקען פאר א קוואַרטיראַנט אוןביידע זיינען געווען צופרידן. זאַנוויל, וואָס ער נעמט ארויס א פּאָר סענט, צושטייער אויף זיין דירה־געלט און יאָשקע וואָס ער האָט אַ קוואַרטיר זייער ביליק, כמעט פאר א גאָרנישט.

עסן פלעגט יאָשקע מערסטנטיילס אין קעלער. ער פלעגט קויפן אַן אַלטגעבאַקן ברויטל, אַ הערינג און אמאָל, ווען ער פלעגט זיך שוין לאָזן וואוילגיין, אויך אַ שטיקל וואורשט. אויף אַ ספּירט אויוועלע פלעגט ער זיך אליין אויפקאָכן טיי און זיך מאַכן א מאָלצייט. ניט מער וואָס שבת פלעגט ער שוין אראָפּנעמען די האַנט פון האַרצן

און אריינגיין אָפּעסן אין אַ ביליקן רעסטאָראַנטל, טאַקע אויף נאָרפאָלק סטריט, וואו פאר א קוואָדער האָט ער געקראָגן אָפּצועסן א פולן שבת׳דיקן מאָלצייט, שוין מיט געפילטע פיש, רעטאך מיט שמאלץ און פלוימען צימעס.

זאַנוויל דער שוסטער זיצט אַ גאַנצן אָוונט ביז שפּעט אין דער נאַכט איבערגעבויגן איבער זיין וואָרשטאַטל, קלאַפּט שטיפטן אין זוילן און רעדט אריין אין אלקערל צו יאָשקען ווען לכער ליגט אויסגעצויגן אויף דער אַלטער צעשאָסענער קאַנאַפּע, רוט זיך אָפּ פון טאָג שווערער ארבעט און קוקט אריין אין אַן אַלטער צייטונג וואָס ער האָט ערגעץ אין סאָבוויי, אָדער אין גאָס אויפגעהויבן.

— יאָשקע, העי יאָשקע! — שרייט זאַנוויל אריין אין אלקערל, קלאפּנדיק דערביי מיטן העמערל איבערן זויל — וואָס שפּילט מען היינט אין טעאַטער, עפּעס אַ גוטע זאַך?

— איך ווייס? מען שפּילט עפּעס דאָרט, אַ דאגה מיינע וואָס מען שפּילט, — ברומט יאָשקע ארויס.

אין אַ ווײַלע אַרום.

— און אין די מואווינג פּיקטשעס יאָשקע וואָס שפּילט מען, עפּעס רעכטס? איי־איי־איי — פּאָסמאַקעוועט זיך זאַנוויל — א קאָסטאָ־מערקע האָט מיר היינט געזאָגט, אז אין מואווינג פּיקטשור טעאטער נעקסטען בלאָק ווייזט מען אַזאַ טייערע פּיקטשע אז עס האָט זיך איר גאָר ניט געוואָלט אוועקגיין, זי האָט עס איבערגעזען, האָט זי מיר געזאָגט, דריי מאָל נאָכאַנאַנד. אך, אך יאָשקע — רעדט שוין זאנוויל פאַרבענקט — מענטשן ווייסן ווי צו לעבן... ווייסט יאָשקע — דרייט ער שוין אויס דעם קאָפּ צו יאָשקען אין אלקערל אריין, האַלטנדיק אין איין האַנט דאָס העמערל און אין דער צווייטער האַנט אַ שוך פארן אָפּצאָס — מען וועט אַמאָל אויך דאַרפן זיך אריינכאַפּן אין א מואווינג פּיקטשע טעאטער. עס קאָסט אין גאַנצן צען סענט. מילא, וועט מען אויסגעבן צען סענט, מען דארף דאָך אַמאָל געניסן פון דער וועלט אויך!... אויף וואָס איז מען אין אַמעריקע, אויף וואָס?... האַ, וואָס זאָגסטו, יאָשקע?...

— מען וועט דארפן, מען וועט דאַרפן... — ברומט ארויס יאָשקע קורץ, אָט ווי אָפּצוטשעפּען זיך פון זאַנווילן, און לייגט זיך

מיטן פּנים צום וואַנט איינצושלאָפן. ער וויל גאָרניט הערן פון אַזאַ אויסברענגערייַ.

— איי יאָשקע, יאָשקע, — קוקט אויף אים זאַנוויל מיט חוזק דורך זיינע בלעכענע שפּאקולן און מוסרט אים — פון דיר וועט שוין קיין לייט ניט זיין. ליגט שטענדיק אויפן קאַנאַפּע און רייבט אויס לעכער אין הינטן... דאָס באַנק־ביכל, דאָס באַנק־ביכל, דאָס איז אַלץ וואָס דאָס ווייסט... נו, וואָס וועט שוין זיין אז דו וועסט שוין אָפּ־שפּאָרן נאָך אַ הונדערטער וועסטו עס מיטנעמען אין קבר?... איי יאָשקע, יאָשקע, וועסט שוין בלייבן אַ גרינהאָרן...

אָבער יאָשקען נעמען ניט זאַנווילס רייד. יאָשקען האָט קיין זאַך ניט געאַרט, אבי זיין באַנק־ביכל ווערט פולער און פולער. וואָס ווייס זאַנוויל פאַרוואָס ער יאָשקע קאַרגט אזוי, פאַרגינט זיך ניט דעם ביסן אין מויל און קלייבט א דאָלער צו אַ דאָלער? יאָשקע האָט זאַנווילן ניט דערציילט פון דעם הייסן באַגער וואָס טליעט אין זיין האַרצן — צו אָנקלייבן אין אַמעריקע אַ סך געלט, אוועקפאָרן אהיים אין שטעטל, ווערן דאָרט דער באַלעבאָס פון פונקט אַזאַ מויער ווי לייב כייקינס און מיט דעם נקמה נעמען פון לייב כייקינען דעם גביר... ניטאָ דער טאָג, אז יאָשקע זאָל ניט אריינקוקן אין זיין באַנק־ביכל און אַז ער דערזעט ווי דאָס באַנק־ביכל ווערט פולער פון וואָך צו וואָך גייט אים דורך א זיסער ציטער איבערן לייב.

6

יאָשקע האָט אין אמעריקע אזוי געאַרבעט שווער, געקאַרגט, געקליבן א דאָלער צו אַ דאָלער און זיך געקליבן פאָרן צוריק אהיים ביז עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. אלע לענדער, אויך דאָס לאַנד פון וואַנען ער, יאָשקע איז געקומען, זיינען איינגעוויקלט געוואָרן אין מלחמה־פלאַמען, און עס איז שוין פאַר אים געוועזן אומ־מעגלעך דערווייל צו פאָרן צוריק אהיים.

יאָשקע האָט זיך פון דעם שטאַרק גענומען צום האַרצן, האָט אָבער געדולדיק געוואַרט ביז דער שטורם וועט אריבער און ער וועט קענען צוריקפאָרן אהיים און דורכפירן זיין הייסען וואונטש — צו האָבן אין שטעטל פונקט אַזאַ מויער ווי לייב כייקין דער גביר.

דערווייל האָט ער זיך געקוויקט מיט דעם וואָס דאָס באַנק־ביכל זיינס ווערט פולער און פעטער פון וואָך צו וואָך.

און נאָך א פאַרגעניגן האָט יאָשקע געהאט — צו גיין אַלע שבת און יום־טוב צו די לאַנדסלייט אין שולכל, דאָרט פלעגט ער טרעפן לאַנדסלייט און הערן נייס פון שטעטל.

איינמאָל האָט ער אין שולכל געהערט א נייס וואָס האָט א טרייב געטאָן דאָס גאַנצע בלוט פון זיין קערפער צו אים אין קאָפּ. ער האָט געהערט ווי די לאַנדסלייט האָבן דערציילט, אז דער דייטש האָט פאַרנומען דאָס שטעטל, האָט צוגענומען ביי לייב כייקין די פּאַראָווע מיל און דעם בראָנפן ברויז, פון דאָרט ארויסגענומען יעדע מאַשין, יעדעס פיצעלע אייזן, שטאָל און מעש, איבערגעלאָזן בלויז הוילע ווענט און אַז לייב כייקין האָט פון עגמת־נפש געקראָגן אַ פּאַפּ־לעקציע און איז געשטאָרבן אויפן אָרט.

אָט די נייס האָט יאָשקען אַזוי צערודערט, אַז ער האָט אַ גאַנצע נאכט, ווי אין אַ היץ קרענק זיך געוואָרפן פון איין זייט אויפן צווייטן אויף זיין האַרטן געלעגער אין זאַנווילס קעלער און מיט קיין אויג א גאַנצע נאכט ניט צוגעמאכט. אים איז עפּעס איינגעפאלן א געדאנק און בלויז פון געדאַנק אליין האָט אים דאָס בלוט געגעבן אַזאַ טרייב אין קאָפּ אַז עס איז אים געוואָרן הייס איבערן גאַנצן קערפער. ער איז שוין נאָכדעם אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן און אין זיין מח האָבן זיך געוועבט פלענער נאָך פלענער... ער וועט אָפּקויפן לייב כייקינס מויער... ער ווערט דער באַלעבאָס פון גרעסטן און שענסטן מויער פון שטעטל... אויף צופּוקעניש שרה־העניען, לייב כייקינס פאַרריסענער פּאַווע...

יאָשקע האָט איצט געאַרבעט שווערער, נאָך מער געקאַרגט און אַלץ מער געקליבן דעם דאָלער, אַלץ פעטער געמאכט דאָס באנק־ביכל.

פון דער ווייב זיינער, פון דוואָשען האָט ער א צייט לאַנג ניט געהאָט קיין בריוו און יאָשקע האָט ניט געוואוסט וואָס מיט זיין ווייב און קינד איז געשען. און ניט איין מאָל, אויף זיין געלעגער ביינאכט, זיינען אים אַזוינע שרעקלעכע געדאַנקען באַפאַלן, אז ער פלעגט אָנהויבן מורמלען פסוקים פון קריאת־שמע וואָס ער האָט געקאָנט אויף אויסווייניק.

איינמאָל, האָט אים דער בריוו־טרעגער געבראַכט אַ בריוו פון זיין ווייב אין וועלכן זי האָט אים אויסגעשריבן פון אלע צרות וואָס זיי זיינען אין שטעטל די גאַנצע צייט פון קריג אויסגעשטאַנען און

אַז ער דאַרף גאָט דאַנקען וואָס ער איז אין אמעריקע און ער האָט עס מיט זיינע אויגן ניט געזען. נאָר איצט איז שוין אין שטעטל שטיל און אויב ער וויל זי ניט אריבערנעמען קיין אמעריקע, זאָל ער קומען אַהיים. — וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבן? — האָט זי זיך מיט האַרץ געקלאָגט אינעם בריוו — דו פאַרוואָגלט דאָרט, איך דאָ, און מען מוז זיך צענויפריידן דורך דעם שטיקל פּאַפּיר, מישטיינס געזאָגט... אדער נעם מיך אריבער אין דיין אמעריקע, אז ניט קום אהיים — האָט זי פאַרענדיקט דעם בריוו מיט אַ געבעט צו אים.

יענע נאַכט האָט יאָשקע פאַרן גאַז לעמפּל אין זאַנווילס קעלער אריינגעקוקט אין זיין באנק־ביכל, האָט אויפן קאָפּ געחשבונט און איבער־געחשבונט, געציילט און איבערגעציילט וויפיל געלט ער פאַרמאָגט און אַ טראַכט געטאָן: — יע, עס וועט זיין איבערגענוג אויף אָפּצו־קויפן לייב כייקינס מויער. און ער האָט נאָך אין יענער נאַכט באַשלאָסן: — ער פאָרט אַהיים.

7

געקומען איז יאָשקע פון אַמעריקע צוריק אַהיים אין שטעטל שוין נאָך אַלעמען. שוין נאָכדעם ווי די פארשידענע ארמייען, פון פאַר־שידענע לענדער און פעלקער זיינען דורכגעגאנגען דאָס שטעטל, דורכ־געגאַנגען ווי מיט א קאָסע, און עס איבערגעלאָזט א חורבה. איז דאָס שטעטל געלעגן אַ פאַרחלשטס און האָט קוים געזשיפּעט.

דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַראָרעמט געוואָרן און פון לייב כייקינס רייכטום און גדולה איז געוואָרן אַ תל, אַ בערגל אַש. אויף לייב כייקינס קבר איז שוין לאַנג גראָז אויסגעוואַקסן. דאָס זונדל זיינס אברהמל מאָפּסל איז אוועק און ווי אין וואַסער אריין, מען ווייסט ניט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. געבליבן אין מויער זיינען בלויז די גבירטע, לייב כייקינס אלמנה שרה־העניע און די אלטע דינסט זייערע, באַשע־ביילע.ביידע ווייבער זיינען שוין אַלט און איינגע־הויקערט. ביי שרה־העניע באַמבלען זיך שוין ניט מער, ווי אמאָל, מיט גדלות און שטאָלץ, די לאַנגע דימענטענע אוירינגלעך ביי יעדן שטאָלצן און מיטן קאָפּ־פאַרריסענעם טראָט וואָס זי פלעגט מאַכן. איצט איז זי איינגעבויגן, גייט אָנגעשפּאַרט אויף א שטעקן און קוים

וואָס זי שטעלט אַ טראָט. בלויז אויף באַשע־ביילען, דער אַלטער דינסט אירער גיט זי נאָך אַמאָל א טופּע מיטן פוס און א געשריי:

— באַשע־ביילע, וואו זיינען מיינע פּאנסנע?!... באַשע־ביילע, וואָס איז דאָס פאַר אַן אָרדנונג אין הויז?... באַשע־ביילע, וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָכן, די זופּ האָט מען דאָך אין מויל ניט געקאָנט נעמען!...

און באַשע־ביילע וועלכע זיצט אין קיך אויף א בענקל און דרעמלט, איז קוים וואָס זי שטעלט זיך אויף אויף אירע געשוואָלענע און רו־מאַטישע פיס, קרעכצט, שלעפּט שווער די פיס, קלאַפּט מיט אירע שקראַבעס איבערן דיל, ליאַפּ־ליאַפּ... און ענטפערט אָפּ:

— באַלעבאָסטע לעבן, אז מען לייגט ניט אריין נעמט מען ניט אַרויס. פון וואָס זאָל די זופּ האָבן אַ טעם? אז אפילו א שטיקל ביינדל, מישטיינס געזאָגט, איז אין דעם ניט אריינגעלייגט געוואָרן...

— און זי ווישט אָפּ אַ טרער.

שרה־העניע רעדט שוין מער ניט. זי בלייבט שטיל און בלייבט זיצן מיט אַ געזונקענעם קאָפּ.

8

גלייך ווי יאָשקע איז פאַרפאָרן אין שטעטל, איז ארונטער פון פור און אריין צו זיך אין שטיבל האָט ער געגעבן א סמאָרע מיטן נאָז און זיך פאַרקרימט, די לופט איז אים ניט געפעלן און ער האָט שוין נאָר אין שטיבעלע ניט געקאָנט איינזיצן. עס איז אים ענג געוואָרן די שטוב זיינע. און יעדעס מאָל ווען ער איז צוגעקומען צו זיין נידעריקן האַלב־איינגעפאַלענעם שטיבל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיינע אויגן געוואָרפן אויף לייב כייקינס מויער, אויף אים לאנג געקוקט און אין זיין קאָפּ האָבן זיך שוין געוועבט פּלענער ווי ער וועט דעם מויער איבערבויען, איבערפאַרבן און דעם ברוק ארום מויער איבערברוקירן.

דוואָשע האָט קוקנדיק אויף דעם מאן אירן, אויף איר אויסגעצ־פוצטן אמעריקאנעם מאַנארכע, פון אים גאָר אָנגעקוואָלן. זי האָט גאָר פון אים אירע אויגן ניט געקאָנט ארונטערנעמען און איז גע־שטאַנען אַ געהאָרכזאמע, גרייט נאָכצוגעבן זיין יעדן פאַרלאַנג.

גלייך ווי יאָשקע איז אַרונטער פון פור, א קוק געטאָן אויף דוואָשען און דערזען ווי פאַרפינצטערט זי איז געוואָרן, האָט עס אים א קלעם געטאָן ביים האַרצן — „וואָס זי איז נעבעך פאַר דער צייט אויסגעשטאַנען" — האָט ער מיט פאַרקלעמטקייט און רחמנות צו דוואָשען געטראַכט און ער האָט שוין קיין האַרץ ניט געהאַט איר גלייך צו פרעגן וועגן דעם טעכטערל זייערס און איר, דוואָשען, נאָך פאַרשאַפן, גלייך ביי זיין אָנקומען, נייע יסורים. האָט ער אָפּגעוואַרט און יענעם טאָג איר גאָר ניט דערמאָנט וועגן ביילקען, אבער אויף מאָרגן האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט איינהאלטן און מיט האַלבע ניט דערזאָגטע ווערטער, מיט אן אָנוואונק און אָפּגעהאַקט אַ פרעג געטאָן דוואָשען.

— נו, און פון איר וואָס הערסטו?... וואו געפינט זי זיך?... — און איבער זיין פנים האָט זיך ווי א וואָלקן פאַרצויגן.

דוואָשע האָט שוין פאַרשטאַנען וועגן וועמען ער פרעגט האָט זי אָפּזיפּצנדיק שווער און אָפּקערנדיק איר פנים פון יאָשקען אים ניט ניחאדיק געענטפערט.

— וואָס זאָל מען פון איר הערן? זאָל מען עס הערן פון אלע אונדזערע שונאים... אוי וויי איז מיר... איז ערגעץ אויף א שטעלע אין וואַרשע... דאָ פאַרשמעקט זי אפילו ניט. האָט זיך די גאַנצע צייט אפילו קיין איין מאָל ניט געוויזן. אוי וויי איז מיר... — און טרערן גרויסע האָבן גערונען פון אירע אויגן און זיך געצויגן איבער אירע צעקנייטשטע באַקן.

אינוועניק אין יאָשקעס האַרצן האָט זיך אַלץ אָפּגעריסן און איבערגעקוליעט און דער באַגער צו ווערן דער באַלעבאָס פון לייב כייקינס מויער איז איצט אין אים געוואָרן נאָך ברענענדיקער.

אין שטעטל האָבן אלע גערעדט, אז יאָשקע איז געקומען פון אַמעריקע אָנגעשטאָפּט מיט געלט און איינמאָל און א צווייטן מאָל האָט דאָ איינער, דאָ אַ צווייטער אים א פרעג געטאָן, וואָס ער טראַכט צו טאָן מיטן געלט.

יאָשקע האָט ניט געלייקנט, אז ער האָט אַ סך געלט, ער האָט אדרבה מיט אַ שטאָלצן שמייכעלע אָנגעקוקט די פראַגע־שטעלער און אויך אזוי זייטיק אריינגעוואָרפן אן ענטפער: — כ'וויס, מען טראַכט

וועגן אַ קויף טאָן ביי שרה־העניען דעם מויער, אויב עס וועט זיך לאָזן.

דערהערט אַזאַ ענטפער פון יאָשקען האָבן די שטעטלדיקע באַ־לעבאַטים קודם אָפּגעקרעכצט — איי־איי־איי א וועלט געוואָרן, א צייט אנגעשטאַנען... — און גלייך איז יעדער איינער, בשתיקה פון צווייטן, געלאָפן צו שרה־העניען מיט איר איבעררײדן וועגן דעם. איינמעקלערן איר דעם קונה, יאָשקען, מיט דער האָפנונג, אפשר וועט מען עפּעס פאַרדינען מעקלער־געלט.

גלייך צום אָנפאַנג, ווי שרה־העניע האָט דאָס דערהערט, האָבן די פּוסט־הענגענדיקע צעקנייטשטע הייטעלעך פון אירע אמאָליקע גוי־דערס אָנגעהויבן צו צוקן און זיך טרייסלען פון כעס און אויפרעגונג און א טופּע טוענדיק מיטן פוס האָט זי א געשריי געטאָן:

— וואָס? אז ניט דערלעבן וועלן עס מיינע שונאים!... אַרויס פון מיין הויז!... — און זי האָט מיטן שטעקן אַרויסגעטריבן די מעק־לערס.

נאָר אז באַשע־ביילע די אלטע דינסט, האָט נאָכדעם איינמאָל און א צווייטן מאָל, זיצנדיק אויף איר בענקל אין קיך און האַלטנדיק אירע הענט אויפן בויך, טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ אהער און אַהין און אומעטיק אַ זאָג געטאָן: — וואָס באַלעבאָסטע לעבן, וועט מען זיצן און קוקן אויף די ווענט, מען קען דען די ווענט עסן?... — האָבן די הייטלעך־טאָרבעטשקעס פון שרה־העניעס אמאָליקע גוידערס נאָך מער אָנגעהויבן צו צוקן און טרייסלען. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן און זי האָט סוף כל סוף איינגעוויליקט צו פאַר־קויפן יאָשקען דעם מויער.

9

אָפּגעקויפט האָט יאָשקע דעם מויער מיט אלץ און אנאנדער. דאָס הייסט אויסער דעם מויער אויך דעם גאַנצן הויף, אויך די גרויסע הענגענדיקע בליץ־לאָמפּן האָט ער אָפּגעקויפט, אָן די בליץ־לאָמפּן האָט ער גאַרניט געוואָלט הערן פון קויפן דעם מויער. אלץ האָט ער אָפּגעקויפט, אַחוץ די הילצערנע שטוב וואָס איז געשטאַנען פאַררוקט ווייט אין הויף, כמעט ווי אָפּגעזונדערט פון הויף. די הילצערנע

שטוב האָט אויך געהאט א גאַניקל און אַ באַזונדער גערטעלע וועלכעס איז געווען ארומגעצאַמט מיט אַ ניט־הויכן פלויטל פון גלייך־געמאָס־טענע און טונקל־גרין געפאַרבטע ברעטלעך. אָט די שטוב, אין וועלכער ס׳זיינען בעת לייב כייקינס גדולה, איינגעשטאַנען די דינסטן און די איבעריקע „מענטשן״, האָט שרה־העניע בשום אופן, פאַר קיין געלט אין דער וועלט, ניט געוואָלט פארקויפן. זי האָט אויף אירע עלטערע יאָרן ניט געוואָלט וואוינען אין פרעמדע הייזער, זיין ביי יענעם אַ שכן. זי האָט געוואָלט האָבן איר אייגן ווינקעלע, אירע אייגענע פיר ווענט וואו אויסצולעבן אירע אלטע יאָרן. האָט זי זיך איינגעשפארט, ניין און ניין — זי פאַרקויפט ניט די הילצערנע שטוב און זי האָט עס ניט פאַרקויפט. און דאָרט האָט זי זיך מיט איר אַלטער דינסט באַשע־ביילע, איבערגעקליבן אויף אויסצולעבן אירע אַלטע עלנדע יאָרן.

גלייך ווי יאָשקע האָט אָפּגעקויפט דעם מויער, איז ער שוין אין זעלבן טאָג אַ פאר׳מח׳טער געשטאַנען מיט זעג און האַמער אין האַנט, דאָס היטל פאַררוקט אויף דער פּאָטילניצע, געקנייטשט דעם שטערן, אריינגעכאפּט אַלע ווילע די אונטערשטע ליפּ אין מויל אריין, זי געביסן, גערעדט צו זיך אליין און געמייסטרעוועט, געפּלאָנעוועט.

נאָכדעם האָבן אַ סך טעג געארבעט בעלי־מלאכות. עס האָבן געאַרבעט מוליארעס, טשעסלער, גלעזער, סטאָליער און פאַרבער. פויערים האָבן געפירט צום מויער ציגל, שטיינער, וואַפּנע, ליים, קאַכל, קלעצער, ברעטער. יאָשקע אליין איז כסדר ארומגעגאַנגען א פאַר־שמירטער, א פאַרקאַלכטער און געגעבן באַפעלן.

אַז די בעלי־מלאכות זיינען פאַרטיק געוואָרן האָט יאָשקע אליין זיך אַ נעם געטאָן צום ברוק, אָנגעטאָן אין אַ ברייטן און לאַנגן לעדערנעם פאַרטוך און מיטן לאָם און גרויסן האַמער אין האנט, איז ער געשטאַנען גאַנצע טעג אויף די קני, געבראָכן מיטן לאָם דעם אלטן ברוק און געלייגט נייע שטיינער, און אז אַלץ איז פארטיק געוואָרן איז יאָשקע געשטאַנען אייניקע טריט אָפּגערוקט פון מויער, די הענט אין די באָקעס, מיט א ברייטן נחתדיקן שמייכל אויסגעגאָסן אויפן גאַנצן פּנים, האָט באַטראַכט פון דערווייטנס דעם מויער, זיך אין אים גע־שפיגלט און גערעדט הויך צו דער ווייב.

— נו דוואָשע, וואָס זאָגסטו האַ? א מויערל אַ צאַצקע, האַ!...

דעם מויער האָט יאָשקע געפּילעוועט ווי א ציטערדיק קינד און אים אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, האָט זיך כסדר אין אים גע־שפּיגלט און איז כסדר געווען מיט עפּעס פארנומען ארום דעם מויער. פלעגט מיט אַ פּאַרקנייטשט שטערן און דאָס היטל פאַררוקט אויף דער פּאָטילניצע כסדר ארומגיין מיט א האַמערל אין האַנט און מייסטרעווען. דאָ עפּעס צוגעקלאַפּט, דאָרט עפּעס פאַרריכט און פון אַלץ אָנגעקוואָלן.

זינט ער האָט געקויפט דעם מויער איז יאָשקע כסדר אַרומגעגאַנגען אַ האָפּערדיקער און אַ יום־טובדיקער און אפילו אין דער וואָכן פלעגט ער קומען אין בית מדרש אויסגעפּוצט אין זיין נייעם אמעריקאנעם אנצוג, אין די געלע אַמעריקאנער שיך און אין האַרטן קאפּעליוש — זאָל דאָס גאַנצע שטעטל וויסן — האָט ער ביי זיך גדלותדיק און האָפּערדיק געטראַכט — אז ער איז שוין ניט דער אַמאָליקער יאָשקע ברוקירער און משא טרעגער, וואָס וואוינט אין דעם קליינעם, איינגע־פּאַלענעם שטיבעלע, נאָר אז ער איז דער באַלעבאָס פון שענסטן און גרעסטן מויער אין שטעטל, פון לייב כייקין דעם גבירס מויער...

און צו דער ווייב זיינער פלעגט ער כמעט יעדן טאָג אן אויפגע־לייגטער און מיט א פריילעך האַרץ א זאָג טאָן:

— נו דוואָשע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, אז לייב כייקין נעמט נאָך ניט מיט דעם מויער זיינעם אין קבר. נו האַ, אַז מען לעבט, דערלעבט מען...

10

אריינקלייבנדיק זיך אין דער הילצערנער שטוב און א קוק־טוענדיק אויף די קליינע חדרימלעך און אויף דער נידעריקער סטעליע, האָט שרה־העניען, לייב כייקין דעם גבירס אלמנה, פאַרקלעמט ביים האַרצן און זי האָט אויסגעווישט אַ טרער פון אויג. זי האָט זיך אָבער גלייך באַהערשט און מיט א שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ א קאָמאַנדעווע געטאָן דער אַלטער דינסט אירער, באַשע־ביילען, זי זאָל זיך א נעם טאָן צו דער ארבעט און אויסשטעלן דאָס מעבל.

— באַשע־ביילע — האָט זי געשריען — וואָס זיצסטו ווי אַן אָפּגע־קעלבטע טעלעצע און מעקעסט, נעם זיך צו דער ארבעט און מאַך אָרדנונג אין שטוב!

באַשע־ביילען האָבן זיך אָבער די הענט ניט גענומען צו דער אַרבעט. זי איז געזעסן ווי אַ געליימטע מיט די הענט אויפן בויך, די פּיסקעס אָנגעשטעלט, געשאָקלט אומעטיק מיטן קאָפּ ווי זי וואָלט באַוויינט אַ טויטן און געקרעכצט.

— וואו, באַלעבאָסטע לעבן, וועל איך זיך אַהינטאָן מיטן גאַנצן מעבל און אלע שמאָכטעס? — האָט זי מיט אַ קרעכץ געטענהט און אַלץ אזוי געזעסן מיטן האנט אויפן בויך.

— נו, — האָט שרה־העניע זיך געמאַכט האַרץ און נאָך אַלץ באַפעלעריש גערעדט — עס איז דיר ענג די שטוב, טו טראַג ארונטער דאָס איבעריקע אין קעלער, צעטייל עס אָרימע לייט. ניש־קאָשע, נישקאָשע עס וועלן זיך נאָך געפינען געננוג בעלנים אויף דעם. נו, זיץ ניט, נעם זיך צו דער ארבעט!...

באַשע־ביילע האָט שווער, פויל און מיט א זיפצן זיך אויפגעהויבן פון שטול און מיט אַ שמאַטקע גענומען אָרומווישן דעם שטויב און דאָס שפּינוועבס פון די ווענט און פון דער סטעליע.

11

שרה־העניע האָט זיך ווי עס איז אריינגעמעשצעט אין איר היל־צערנער שטוב, נאָר איין זאַך האָט זי ניט געקאָנט פאַרטראָגן און עס האָט איר פון דעם אין האַרצן געקלעמט — דאָס וואָס יאַשקע האָלט אין איין איבערבויען און איבעראַנדערשן דעם מויער.

— ער מאַכט דאָך פון מויער אַ תל — פלעגט זי אן אויפגעקאָכטע און מיט דערשטיקטע טרערן אין זיך טענהן צו איר אלטער דינסט באַשע־ביילע און יעדעס מאָל ווען זי פלעגט פאַרבייגיין דעם מויער און דערזען אז יאַשקע מייסטרעוועט שוין עפּעס ווידער דאָרט און בויט דאָרט עפּעס ווידער, פלעגט עס איר אינווייניק אין האַרצן אָנהויבן רייסן און צופּן און אלע אירע בלוטן פלעגן זיך אין איר צעקאָכן.

יעדעס מאָל ווען זי פלעגט פאַרבייגיין דעם מויער פלעגט עס איר עפּעס ציען זיך אָפּצושטעלן און קוקן. זי פלעגט לאנג שטיין און קוקן אויפן מויער, קוקן אויף די ענדערונגען וואָס יאַשקע האָט געמאַכט אין מויער. באטראכטן די איבערגעפּאַרבטע לאָדנס, דאָס

איבערגעבויטע גאַניקל, די איבערגעברוקירטע שטיינער פון ברוק ארום מויער. זי פלעגט זוכן מיט די אויגן יעדעס שטיינדעלע, יעדעס פיצעלע האָלץ און אייזן וואָס פעלט, און ווען זי פלעגט דערזען, אז עפּעס פון מויער פעלט שוין ווידער און עפּעס אַנדערש פאַרנעמט זיין פּלאַץ פלעגט זי פילן ווי מען וואָלט א לעבעדיקן גליד פון איר קערפּער אָפּגעשניטן. דאָס בלוט פלעגט איר ארויפשיסן אין קאָפּ און דאָרט אָנהויבן שנעל, שנעל זעצן. און א צוערגערטע, א צוקלעמטע פלעגט זי אַנטלויפן צו זיך אין שטוב. זאָלן שוין בעסער אירע אויגן דאָס ניט זען...

ווען זי פלעגט אריינגיין אין שטוב פלעגט זי זיך שווער אָ זעץ טאָן אויף אַ שטול און פאַרקלעמט אָנהויבן ריידן צו איר אלטער דינסט.

— באַשע־ביילע, דאָס האַרץ קען דאָך צעפּלאַצט ווערן... גיי זע, וואָס פאַר אַ תכלית ער האָט געמאַכט פון מויער... — און די טרערן זעקלעך אונטער אירע אויגן פלעגן זיך אָנפילן.

באַשע־ביילע פלעגט זיך אויף איר ווי אַ מאַמע גוטמוטיק צעשרייען און צו איר אויסבאַטלען אַלע בייזע חלומות.

— געהערט אביסל פון וואָס דאָס נעמט זיך צום הארצן! גייט ניט און קוקט ניט וועט אייך ניט פארדריסן... וואָסי, חלילה א קינד פאַרלאָרן?... געהערט אביסל. טפו מיינע שונאים!...

12

אַז יאָשקע האָט ביי שרה־העניען אָפּגעקויפט דעם מויער און זיך דאָרט אריינגעקליבן איז זיין שטיבל געבליבן פאַריתומט און פאַר־לאָזן. קיינער האָט זיך אויף דעם ניט אומגעקוקט און אַ פאַרגעסנס איז דאָס שטיבעלע הכנעהדיק געשטאַנען, געוואָרן געפּאַטשט פון ווינט, געשמיסן פון רעגן און זיך אונטערגעגעבן צו אַלע בייזע וועטערן. איז געוואָרן נאָך מער איינגעפאַלן ווי עס איז געווען און עס האָט אויסגעקוקט, אז אָט־אָט און עס פאַלט אין גאַנצן איין.

בעלי־בתים האָבן אפילו איין מאָל און א צווייטן מאָל געפּרובירט אַ שמועס טאָן מיט יאָשקען:

— ר׳ יוסף (איצט האָט ער שוין ביי זיי געהייסן ר׳ יוסף, ניט יאָשקע), וואָס דענקט איר צו טאָן מיט אייער שטוב, לאָזן איר אזוי שטיין ביז גויים וועלן אַלץ שטיקערווייז צעשלעפּן אויף האָלץ צו הייצן זייערע אויוונס? אַ שאָד, נאָך א פיינע געביידע, מען וואָלט נאָך פון דעם געקאָנט א נוצן האָבן.

נאָר יאָשקע האָט זיך כמעט ווי ניט צוגעהערט צו זייערע רייד. ס׳איז אים א קנאַפּע דאגה געווען. וועט זיך אימעצער אונטערוקן און אים עפּעס געבן פאַר דער חורבה איז גוט. אלא ניט, איז אויך רעכט. וואָס פאַר אַ ווערט האָט ביי אים די פּאָר זלאָטעס וואָס ער וועט פארן שטיבל קריגן. ביי אים דעם אמעריקאנעם גביר?... — האָט ער די באַלעבאטים געגעבן צו פילן.

איז דאָס שטיבל אזוי א פארלאָזטס געשטאַנען און געפוילט און געזונקען ביז איינמאָל האָט אדאַמקע דער קאַלכער אָנגעקלאפּט ביי יאָשקען אין טיר און מיט דעם היטל אין האַנט פאַר אים געשטאַנען א צעשראָקענער און אַ געפּלעפּטער פון די בלאָסקעדיקע און שיין־פאַרפּוצטע סאליעס, (אָט פונקט ווי ער, יאָשקע אליין איז אמאָל געשטאַנען געפּלעפּט און צעשראָקן ווען ער האָט זיך מיט דער ווייב זיינער צום ערשטן מאָל ארייננעריסן אין מויער, ווען עס האָט נאָך געהערט צו לייב כייקין דעם גביר) האָט געבלינצלט מיט די וואַ־סערדיקע אייגעלעך און האָט אויף זיין גויאישקן יידיש הכנעהדיק און ניט דרייסט גערעדט צו יאָשקען.

— יאָשקע, איך מיט דיר ריידן וועגן געשעפט. דו מיר פארקויף דיין כאַטקע.

— וואָס? — האָט יאָשקע אויפגעריסן א פּאָר אויגן און א שאָס געטאָן מיט אַ געלעכטער — אויף וואָס דאַרפסטו אן אייגענע הויז? קלייבסט זיך אפשר אויף דער עלטער חתונה האָבן? כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך יאָשקעס גאַנצער קערפּער געטרייסלט פון געלעכטער.

אַדאַמקען האָט דאָס גאַנצע שטעטל געקאָנט, ער איז געווען אן אָרימער, עלנדער גויעצל, א קליינטשינקער, אן אויסגעדאַרטער מיט א קליין אויסגעטריקנט פּנימל, ווי א פייג די גרויס, מיט גרויע וואַ־סערדיקע אייגעלעך און מיט אַן אויסגעקראָכן פליכעוואַטן קעפּל.

און דערנערט האָט ער זיך פון דעם וואָס זומער פלעגט ער קאַלכן יידישע הייזער און ווינטער פלעגט ער אלע פרייטיק אָנטראָגן וואַסער

אין יידישע הייזער, פול מאַכן די פעסלעך מיט וואַסער עס זאָל קלעקן איבער שבת און שבת פלעגט ער אַראָפּנעמען די לייכטער און אין די ווינטערדיקע שבתים איינהייצן די אויוועלעך אין יידישע הייזער. פאַר דעם פלעגט מען אים געבן אַ פּאָר גראָשן, אמאָל אָפּצועסן און פרייטיק פלעגט ער דער טאָרבע זיינער אָנפילן מיט שטיקער חלה און קעפּ פון פיש.

קיין אייגענעם ווינקל האָט ער קיינמאָל ניט געהאט, פלעגט זיך ארומוואַלגערן ווי אַן עלנדער הונט, אדער ער פלעגט זיך איינבעטן אַ פלאַץ הינטערן אויוון אין דער שטאָטישער באָד, אדער ביי וועמען אין דעם גויעשקן געסל. יעדע נאַכט פלעגט ער זיך דאַרפן איינ־בעטן אַ געלעגער אין אַן אַנדער הויז.

דעריבער האָט עס יאָשקען אָנגענומען אַזאַ גרויס געלעכטער ווען ער האָט פון אַדאַמקען געהערט אז ער וויל ביי אים אָפּקויפן זיין שטיבל.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט יאָשקע געשאָסן מיט געלעכטער אז טרערן זיינען אים אַזש געשטאַנען אין די אויגן — דו הערסט דוואָשע — האָט ער קייכנדיק פון געלעכטער, אריינגעשריען צו דער וויב אין קיך — קום גיכער דוואָשע, העלף מיר לאַכן, כאַ־כאַ־כאַ...

אַדאַמקע איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרענער, נאָך שנעלער געפינטלט מיט די אויגן, ניט געוואוסט פון וואָס יאָשקע לאכט און צו אים מיט פאַרלאָרנקייט גערעדט:

— נו יאָשקע, מיינע נעמאַנעס... אַזוי גאָט מיר העלף... — האָט ער אין זיין גויעשקן יידיש זיך געשוואָרן — איך מיין אויף אַן אמת. נו יאָשקע וואָס איז דאָ צו לאַכן... זיך שוין גענוג געוואַלגערט... וויל האָבן אייגענע פיר ווינקעלעך... נו יאָשקע נאַ, נעם געלט... — האָט ער געשפּאַרט יאָשקען אין האַנט אַ לעדערנעם בייטל מיט געלט.

דערזען דעם בייטל מיט געלט איז שוין יאָשקע ערנסט געוואָרן, האָט אויפגעהערט לאַכן און האָט אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט אַדאַמ־קען. ער האָט אַדאַמקען געזאָגט דעם פרייז וויפיל ער וויל פאַר דעם שטיבל. אַדאַמקע האָט זיך געקראַצט אין פּאַטילניצע, געטענהט אז עס איז צופיל. זיך געשוואָרן אז ער האָט ניט אַזוי פיל געלט.

יאָשקע האָט אביסל ארונטערגעלאָזן פון מקח און דאָס שטיבל איז פאַרקויפט געוואָרן צו אַדאַמקען.

ווען אַדאַמקע האָט זיך ארייננגעקליבן אין דעם שטיבל איז ער גאָר ווי אויסגעוואָקסן, גאָר ווי העכער געוואָרן, ער האָט זיך מיט דעם געגרויסט, זיך באַרימט פאַר די איבעריקע גויים פון שטעטל און זיינע גרויע וואַסערדיקע אייגעלעך האָבן געפינקלט און גע־שמייכלט.

גלייך ווי ער האָט זיך ארייננגעקליבן אין דעם שטיבל האָט ער עס אָנגעהויבן צוזען און פאַריכטן. האָט עס אויסגעקאלכט פון איב־וויניק און פון אויסווייניק. האָט מיט פיר סלופּעס פון אַלע זייטן אונטערגעשפּאַרט דעם שטרויענעם דאַך פון וועלכן עס זיינען געפאלן שטיקער און אפילו דאָס שטעלכל האָט ער פאַרריכט, האָט פאַרקלאַפּט די לעכער אין שטעלכל מיט שטיקלעך בלעך און דראבינעס. ער האָט דאָס שטעלכל מער ניט געקאָנט לאָזן שטיין מיט לעכער, ווייל אַדאַמקע האָט אין שטעלכל ניט געהאַלטן בלויז א פורל האָלץ און א קוליע שטרוי ווי יאָשקע, נאָר ער האָט אין שטעלכל געהאַלטן אַ לעבעדיקן נפש, אַ חזירל, וואָס ער האָט געהאָדעוועט און אָפּגעהיט ווי זיין אויג אין קאָפּ, און ער האָט דעריבער שוין ניט געקאָנט לאָזן אז אין שטעלכל זאָל פון אלע זייטן ארייננבלאָזן דער ווינט, ארייננגיסן דער רעגן און ארייניאָגן דער שניי.

באַשע־ביילען, שרה־העניעס אַלטע דינסט האָט עס שטאַרק פאַר־דראָסן און געקרענקט, וואָס יאָשקע האָט פארקויפט זיין שטיבל צו אַדאַמקען און זי האָט צו שרה־העניען מיט ביטערניש גערעדט וועגן יאָשקען:

— אַ גראָבע זאַך בלייבט א גראָבע זאַך... א פיינעם שכן האָט ער עס אויסגעקליבן... אַ גוי מיט א חזיר האָט נאָך דאָ געפעלט...

— נו, און אז מיר האָבן געהאט יאָשקען פאר א שכן איז געווען אַ גרעסער יחוס... — האָט שרה־העניע פאַרקרימענדיק מיט דער נאָז מיט א גיפטיק שטעכעלע אָפּגעענטפערט באַשע־ביילען און זיך גאָר מער ניט געוואָלט צוהערן צו באַשע־ביילעס רייד.

13

עס איז געווען אַ וואָך פאַר „ראַזשדעסטוואָ". אין דרויסן זיינען געשטאַנען ברענענדיקע פרעסט און שניי זאַווערוכעס און גויים פון שטעטל האָבן זיך געגרייט צום גרויסן יום־טוב פון יעזוסעס געבורט.

אין די גויעשקע הייזער זיינען די הכנות צום הייליקן יום־טוב אָנגעגאנגען מיט באזונדערן אייפער און ברען. גויעס מיט די ספּאָד־ניצעס פאַרריסן הויך און פאַרשטעקט ביי די ברייטע טאַליעס, אַז די נאָקעטע ליטקעס האָבן זיך ארויסגעזען, און מיט ראַשיק־קאָלירטע פאַטשיילקעס ארומגעבונדן ארום די קעפּ און פאַרבונדן פון הינטן מיט א קנופּ, זיינען פאַרשמייעטע און פארפלאַמטע געשטאַנען אין דרויסן מיט קאָכיקע טעפּ וואַסער און מיט וויכאטשן אין די הענט און געפּאַרעט די וואַנצן פון די בעטן, גערייניקט, געשייערט און געוואשן דאָס הויז־באַלעבאַטישקייט, און גויים אָנגעטאָן אין ברייטע לעדערנע פאַרטוכער ארום די לענדן און אין הויכע פאַרבלוטיקטע שטיוול, זיינען געשטאַנען מיט לאַנגע מעסערס אין די הענט און געשטאָכן און גע־סמאַליעט חזרים. פון אלע גויעשע הויפן האָט זיך געטראָגן אַ פאַרטויבנדיקער ריטשען און מרוקען פון געשטאָכענע חזרים און צו דעם קלאָרן פראָסטיקן פרימאָרגן־הימל האָבן זיך געצויגן רויכן.

אויך אַדאַמקע דער קאַלכער האָט זיך פייערלעך געגרייט צום הייליגן יום־טוב פון יעזוסעס געבורט. דאָס איז אפשר געווען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן וואָס ער האָט דעם הייליקן יום־טוב געפּייערט ווי אַ באַלעבאָס פאַר זיך, אין זיינע אייגענע פיר ווינקעלעך, און ער האָט זיך דעריבער מיט באַזונדערער שמחה געגרייט צום יום־טוב. ער האָט לכבוד דעם יום־טוב פריש אויסגעקאַלכט דאָס שטיבעלע און נאָך א פאָר וואָכן פאר יום־טוב האָט ער שוין אָנגעהויבן צוצוזען דעם חזיר, אים געגעבן א סך צו עסן ער זאָל ווערן וואָס פעטער און ער האָט שוין באצייטנס געשלונגען די סלינע, זיך פאָסמאָקעוועט פון דעם גוטן טייערן ביסן וואָס ער וועט האָבן דעם יום־טוב.

ווי אלע גויים אין שטעטל איז ער אויך אין א קאַלטן פאַרטאָג, ווען אין דרויסן איז נאָך שטאַרק פינצטער געווען, געשטאַנען מיט אַ לאַנגן מעסער אין איין האַנט און מיט אַ ליימענער שיסל, פאַר דעם

בלוט פון געשטאָכענעם חזיר אין דער צווייטער האַנט, און זיך צוגע־גרייט צו שטעכן דעם חזיר.

אים האָט ארויסגעהאָלפן דער האַלצהעקער יאַנעק. אליין מיט די אייגענע הענט צו שטעכן דעם חזיר האָט אדאַמקע קיין האַרץ ניט געהאַט, האָט יאַנעק אריינגערוקט דאָס מעסער אין חזירס האַרצן און אַדאַמקע האָט בלויז אונטערגעהאלטן די שיסל אויפצוקלייבן דאָס בלוט וואָס האָט פון געשטאָכענעם חזיר א שטראָם געטאָן.

— סלאווא באהא — האָט אַדאַמקע ווישנדיק מיטן ארבל דעם שוויס פון פנים זיך אָפּגערופן גלייך ווי די קוויטשערייען און דאָס כאָרכלען פונעם חזיר האָבן זיך איינגעשטילט — אריבערגעקומען — און ער האָט אויפן הויף גלייך גענומען צוגרייטן א פייער אויף אָפּצע־סמאַליען דעם חזיר. ער האָט אָנגעטראָגן שטרוי, טרוקענע קינעלעך, אַ פּאָר פּעכיקע פּאַלענעס האָלץ, האָט עס אונטערגעצונדן, גלייך האָבן פלאַמען פייער פריילעך א קנאַק געטאָן און זיך א הויב געטאָן צום הימל, א געדיכטער רויך האָט א שפּאַר געטאָן און אַדאַמקע מיט יאַנעקן האָבן דעם חזיר ארויפגעלייגט אויפן פייער.

דאָס פייער האָט געקנאַקט, אַ רויך האָט זיך געשלענגלט און אַדאַמקע איז געזעסן אויף א שטיין לעבן פייער, מיט אַ שפּיציקן שטעקן געטורעט די ברענענדע שטיקער האָלץ און יעדעס מאָל ווען ער האָט מיטן שטעקן אַ טורע געטאָן אַ שטיק האָלץ פלעגט זיך דאָס פייער פריילעכער צעפלאַקערן, פונקען פלעגן אָנהויבן שפּריצן אין אַלע זייטן און אַדאַמעקס פנים פלעגט זיך צונטער־רויט צעלויכטן.

און אָט האָט אַ פונק פייער זיך פון ווינט אַ הויב געטאָן, אַ טראָג געטאָן און איז פאַרטראָגן געוואָרן אויפן שטרויענעם דאַך פון דעם שטיבל. דער דאַך האָט זיך אָנגעצונדן און גלייך האָט דאָס גאַנצע שטיבעלע אָנגעהויבן ברענען.

פאַרטאָן אין זיין שמחה און אין זיין גדולה וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיינע אייגענע פיר ווינקלען און וואָס ער וועט אויף זיין אייגענעם טיש, מיט דעם פלייש פון זיין אייגן געשטאָ־כענעם חזיר, פּראַוען דעם יום־טוב פון קריסטוסעס געבורט, האָט אַדאַמקע ניט באַמערקט ווי דאָס שטיבעלע זיינס ברענט און ווערט פון אַלע זייטן געלעקט פון פייער־צונגען.

דער ווינט האָט א יאָג געטאָן אַ שטיק פייער, עס אַ הויב געטאָן, אַ טראָג געטאָן און עס פאַרטראָגן אויף דעם הילצערנעם גאַניק פון יאָשקעס מויער. דער גאַניק האָט ווי אַ ליכט זיך אָנגעצונדן און גלייך האָט זיך דאָס פייער פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן מויער.

— פּאָזשאַר! פּאָזשאַר!... — האָבן מענטשן, די ערשטע וואָס זיינען אין קאַלטן פּראָסטיקן פרימאָרגן ארויס אין דרויסן — מאַנס־בילן מיט טלית און תפילין אונטער די אָרעמס צום בית מדרש און ווייבער מיט עמערס צום ברונעם — אָנגעהויבן צו שרייען און גלייך האָט זיך דער קלויסטער גלאָק צעקלונגען: בום־גלאַן, בום־גלאַן...

אַ טומל, אַ מהומה. פרויען לויפן ארויס פון שטובן נאָך מיטן פרימאָרגן שלאָף אויף די אויגן און ברעכן מיט די הענט. מאַנסבילן אין די גאַטקעס מיט פלאַשצן פון אויבן, לויפן מיט ליידיקע עמערס צום ברונעם נאָך וואַסער צום לעשן די שריפה, און באַשע־ביילע, שרה־העניעס אַלטע דינסט פויקט מיט אַלע כחות אין די פענצטער און טירן פון יאָשקעס מויער און שרייט באנומען:

— יאָשקע! דוואָשע! וואָס פאַר אַ בייזע פּאָפּענעש אויף אייך. שטייט אויף, איר ברענט דאָך!...

יאָשקע לויפט ארויס אין די גאַטקעס, דוואָשע אין נאַכט־העמד און אין הייבל.ביידע ברעכן די הענט און שרייען: אוי ווי צו אונדז! יידן ראַטעוועט! העלפט יידן, העלפט!... פּאָזשאר־ר־ר!! פּאָזשאר־ר־ר!... — צעשרייט זיך יאָשקע אַז ער רייסט שיעור פון זיך אַרויס די לונגען, און אַ פאַרווירטער, אַ צעטומלטער לויפט ער אַרום ווי א מויז אין אן אונטערגעצונדענער פּאַסטקע און ער ווייס ניט וואָס אָנהויבן צו טאָן. וואַרפט זיך פלוצים אין ברענענדיקן מויער, שלעפּט פון דאָרטן שמאָכטעס, כלים, און דוואָשע וויינט און שרייט: אוי יוסף, יוסף קריך ניט אין געפאַר!... אוי ווי און ווינד איז מיר!... אוי יידן לאָזט אים ניט קריכן אין פייער! אוי ווי איז מיר!...

אַ גאַנצן טאָג האָט דער מויער געברענט. יידן און גויים זיינען אַ גאַנצן טאָג געלאָפן מיט עמער וואַסער, געוואָרפן זיך אין פייער און געגאָסן דאָס וואַסער, גענעצט שמאַטעס און עס געוואָרפן אויפן פייער און צו נאכט, ווען דאָס פייער האָט זיך איינגעשטילט איז

פון מויער געבליבן בלויז האַלעוועשקעס און האלב־הוילע, צעריסענע און צעבראָכענע ציגל־ווענט. פון אָפּגעבערענטן דאַך האָט, ווי קנאָכן פון אַ טויטן קערפּער, ארויסגעשטאַרצט דער האַלב צעבראָכענער ציגעלנער קוימען און די הוילע לעכער פון די אויסגעבערענטע פענצטער האָבן מיט אימה געקוקט, ווי די אויגן־לעכער פון אַ טויטנס שאַרבן. פון אינווייניק האָט נאָך געזעצט א געדיכטער רויך. ווען ניט ווען האָט אַ פלאַם זיך א הויב געטאָן, אַ פלאַקער געטאָן, זיך באַלד אויסגעלאָשן און גלייך נאָכדעם האָט א געדיכט־געדעמפּטער רויך אַ שלאָג געטאָן.

פון יאָשקעס פריערדיקן שטיבל וואָס האָט איצט באַלאַנגט צו אַדאַמקען און פון זיין מויער וואָס האָט פריער באַלאַנגט צו לייב כייקין דעם גביר, זיינען בערגלעך אַש געבליבן... דער מויער מיט דער שטיבל זיינען איצט אויסגעגליכן געוואָרן...

14

ס׳איז צוגעפאַלן די נאכט. אַ נאַכט אַ קאַלטע, אַ שטאָק־פינצטערע און אַ שרעקנדיקע. אויף א שטיין לעבן דעם נאָך סמאַליענדיקן מויער זיינען ווי אבלים מיט געבויגענע קעפּ, געזעסן יאָשקע און דוואָשע. דוואָשע האָט געבראָכן די הענט און שטיל געוויינט און יאָשקע האָט מיט שטאַרע, אויסגעטריקנטע אויגן געקוקט אין שוואַרצן חלל און מיט אַ טרוקן קול גערעדט צום ווייב:

— נו, האַ דוואָשע, די גאַנצע פראַצע אוועק מיטן רויך... א בערגל אַש פון אַלץ געוואָרן... האַ דוואָשע, דוואָשע, אן אָרימאַן טאָר זיך ניט ווען... ביזט געבאָרן אן אָרימאַן שטארב אן אָרימאַן...

אַ שטאַרקער שניידנדיקער ווינט האָט געבלאָזן און פאַרטראָגן זיינע ווערטער אין דער פינצטערער נאַכט אריין...

# איידעמס

אין דרויסן קנאַקט דער פראָסט. אַ דריבנער, האַרטער און געדיכט שנייעלע דרייט, שיט און שיט, האָט אָנגעשאָטן הויכע בערגלעך שניי, וואָס האָבן שוין דערגרייכט די נידעריקע פענצטערלעך פון דעם קליינעם נידעריקן שטיבל, זיך געלייגט הויך אויף די פענצטער־אושאַקעס און געזימסלעך און פארשאָטן אין העלפט די קליינע שייבעלעך. אַ שטאַרקער ווינט דרייט דעם שניי אין דער לופטן, גיט מיט אַ געברום און אַ סווישטש אַ טרייב דעם האַרטן שניי, וואָס דער ווינט האָט אַלע ווײַלע אַ יאָג געטאָן אין די פענצטערלעך, און די אַזוי אויך טונקל־שוואַכע ליכט אין שטיבל איז אינגאַנצן פאַרשטעלט געוואָרן.

ס'איז שבת אין דער פרי. די אַלטע מינע ליגט איינגעבעט און איינגעצנורעט אין אַ באַרג קישנס און פערענעס. איר דאַר, קליין און צערונצלט פנימל, ווי אַ טרוקענע פייג, זעט זיך קוים ארויס פון דעם באַרג בעטגעוואַנט. זי האַלט אין איין הוסטן. כאַפּט זיך מיט דער אויסגעדאַרטער, ביינערדיקער האַנט פארן האַרצן, שטעלט אַלע ווײַלע אַרויס אַ דין־שנירלדיקן רויטלעך־בלויען צונג. אָטעמט שווער, רייסט פון זיך דעם הוסט, שטיקט זיך און פאַרקייכט זיך:

— קכי, קכי.

אין צווייטן צימער ליגט אויף אַ האַרטער ברעט פון אַ שלאָפבאַנק איר איידעם בערקע. ער ליגט אָנגעטאָן אין די קליידער, מיט די לאַנגע, מיט פרישן טראָן אָנגעשמירטע, שטיוואַלעס אויף די פיס. ליגט רחבותדיק צעשפּרייט מיט דער געדיכט־צעוואָקסענער שוואַרצער באָרד. כראָפּעט געזונט און שלאָפט מיט אַ האַרטן, געזונטן שלאָף.

ווען מינען לאָזט אָפּ אַביסל דער הוסט, הייבט זי אויף אַביסל דעם קאָפּ פון קישן און בורטשעט אין זיך, קורץ, אָפּגעהאַקט, סאָפּענדיק שווער, מיט קוים־דערכאַפּטן אָטעם:

— פּאָפּט, פּאָפּט! פּאָפּקעט ווי אַ גוי... שוין באַלד נאָכן דאַוו־נען... וואָס אַרט אים?

צוויי טעכטער האָט זי, מינע. האָט ביידן חתונה געמאַכט. די עלטערע, רייזע, פאַר דוד דעם אייזן־קרעמער. דוד איז אַ גאָטס־פאַרכטיקער, קען שיין דאַוונען פאַרן עמוד און איז אָנגעזען אין ירוחם משה דעם שניט־קרעמערס מנין־שטיבל. זי האָט פון אים נחת. אַלע ווייבער בענטשן זיך מיט אים, און זיינען איר מקנא. אָבער איר צווייטע טאָכטער, די אינגערע, עלקע, טראַכט זי מיט פאַרדרוס, האָט חתונה געהאַט אָט מיט דעם אָ... זאָל זי ניט זינדיקן מיט די רייד... מיט בערקע דעם פערד־הענדלער. אַ גראָבער יונג, אַ כאַמולע, וואָס ווייסט נאָר אַ גאַנצן טאָג שבת צו פּאָפּן, פרעסן און זשליאָקען דעם ברויט־קוואַס. וואָלט דאָס כאָטש, פון לייטנס וועגן, אריינגיין אין מנין־שטיבל, כאָטש אַ קדושה צו הערן. גאָר ניט. אַן אמתער גוי, — טראַכט זי מיט ביטערניש. און יעדעס מאָל ווען זי דערהערט בערקעס געזונטן כראָפּען, רעגט עס איר אַזוי אויף, אַז עס פאַרכאַפּט איר אַזש דער אָטעם און זי צעהוסט זיך ווידער מיט אַ האַרטן, טרוקענעם הוסט.

— קכי־קכי.

**
*

אַ גאַנצע וואָך איז בערקע ניטאָ אין דער היים. שבת צונאַכט, נאָך הבדלה, איז אפילו אין ברענענדיקסטן פראָסט, אָדער אין דער גרעסטער זאַווערוכע, פעלצט זיך בערקע אָן אין שאָפּענעם קורצן פעלצל, טוט אָן פון אויבן, אויפן פעלצל, דעם פלאַשטש מיטן באַשליק, פאַרגאַרטלט זיך מיט אַ שטריק, טוט אָן אויף די פיס אַ פּאָר טיפע וואַלינקעס, וועלכע זיינען אונטן באַשלאָגן מיט לעדער, נעמט די בייטש אין האַנט און ער איז שוין ניטאָ. פאָרט אַוועק אויף אַ גאַנצע וואָך אויף ירידים, איבער דערפער, און קומט צוריק פרייטיק, ווען עס איז שוין שטאַרק פינצטער, ווען די געסלדיקע יידן גייען שוין צוריק פון קבלת־שבת און אין שטיבל זיינען שוין די בענטש־ליכט אויף האַלב אויסגעברענט.

ער קומט אריין אין שטוב מיט דער גאַנצער אָנגעפּעלצטקייט, פאַרפרוירן, מיט אייז־צעפּלעך באַהאַנגען פון אַלע זייטן — אויף דער

צעװאָקסענער באָרד, אויף די לאַנגע ברעמען, אויף די שמאַטעס, װעלכע זײַנען אַרומגעבונדן אַרום די װאַלינקעס און אויף דעם גרויסן פּעלצענעם היטל. ער גײט אַרײַן אין שטוב, װי אַ בער, מיט דעם גאַנצן פראָסט און קעלט, און מינע, װאָס זיצט נעבן דעם אָנגעהײצטן אײַװעלע און װאַרעמט אירע אַלטע בײנער, פאַרקרימט זיך, װען זי דערזעט אים און גיט אַ בורטשע אַרויס:

— אָ, אַ גאַסט אויף שבת. שוין דאָ, דער כאַמולע...

עלקע, די װײַב זײַנע, גרײט פאַר אים צו אַ שיסל הײסע װאַסער. ער װאַרפט שנעל פון זיך אַראָפּ דאָס אָנגעפּעלצטקײט, װאַרפט אַרײַן דעם צעשױבערטן קאָפּ, מיט דער צעװאַקסענער באָרד, אין דעם הײסן װאַסער. רײַבט זיך שטאַרק מיטן זײף. פּערשקעט, פּליושקעט, װאַשט זיך מיט טומל, מיט קולות און קרעכצט אַזש אונטער פון תענוג.

גלײַך נאָכן אַרומװאַשן זיך, גיסט ער אָפּ מיט אַ קענדל װאַסער די הענט. מורמלט עפּעס מיט די ליפּן, גײט צו צום טיש אויף װעלכן עס ליגט, מיט אַ קלײן װײס סערװעטקעלע איבערגעדעקט, אַ חלה, און נעבן דער חלה אַ מעסער. ער גיט מיטן מעסער אַ פיר איבער דער חלה, שנײַדט אָבער ניט די חלה מיטן מעסער, נאָר ברעכט זי איבער מיט די הענט אויף צװײען און הױבט אָן שטופּן אין מויל שטיקער חלה מיט שטיקער פּיש.

גלײַך נאָכן עסן גײט בערקע אַװעק פון הויז. אָדער ער גײט אַרײַן צום שכן, לײזער דעם פאַרבער, װאו ער קנאַקט קירבעס יאָדרעס, עסט געקאָכטן אַרבעס און דערצײלט, װאָס עס טוט זיך אויף דער װעלט... קנאַקט שנעל די יאָדרעס, װאַרפט הױפנס גאַנצע געקאָכטע אַרבעס אין מויל אַרײַן און דערצײלט נסים ונפלאות, װאָס מיט אים האָט זיך פאַר דער װאָך פאַרלאָפן אויפן װעג. ער דערצײלט פון װעלף און גזלנים, װאָס זײַנען אים באַפאַלן אין װעלדער, און װי אַזוי ער האָט זיך פון זײ געראַטעװעט. ער דערצײלט פון די גרויסע געשעפטן, װאָס מען טוט אויף די ירידים, װיפיל פערד ער האָט געקויפט און פאַרקויפט, און װיפיל פּויערים ער האָט געמאַכט גע־שװאָלענע הענט, פּאַטשנדיק איבער זײ בײַם קויפן און פאַרקויפן די פערד. ער דערצײלט מיט הנאה, פּאָדראָבנע, און קײַכט פון געלעכטער, װען ער דערצײלט װי אַזוי ער האָט בײַם דינגען זיך, אָנגעפּאַטשט פּויערים די הענט ביז געשװאָלן װערן, און דער שכן, לײזער דער

פאַרבער, זיצט מיט אַן אָפן מויל און אָנגעשפּיצטע אויערן און שלינגט יעדעס וואָרט.

אויב ער גייט ניט אַריין צום שכן, לייזער דעם פאַרבער, גייט ער אַוועק צו זיין שותף, יאַן דעם ציגיינער, וואָס וואוינט אין דעם גויעשקן געסל. ביי יאַנען אין דעם נידעריקן שטיבל איז טונקל. עס ברענט אַ קליין קורניקל בלויז און עס טראָגט זיך דער ריח פון נאַר־וואָס געסמאַליעטן חזיר. זיי זיצן ביידע אויף יאַנס בעט. דער שוואַרץ־הויטיקער יאַן מיט דער געדיכטער שוואַרצער באָרד און גרויסן אוירינגל אין אויער, זיצט אַנטקעגן בערקען, בליצט אויף אים מיט זיינע שוואַרצע אויגן. זיי טרינקען פון איין פלאַש בראָנפן און שטיל, קוים וואָס מען הערט אים, דערציילט ער יאַנען וואו און וויפיל פערד מען האָט געגנבעט, וויפיל אַלטע שקאַפעס מען האָט פאַרקויפט און אָפּגענומען גוט געלט און וויפיל פערד מען האָט ביים פאַרקויפן אונטערגעלייגט הייס־זודיקע קאַרטאָפל אונטערן וויידל, זיי זאָלן זיך אַ טראָג טאָן ווי דער רוח.

בערקע נעמט דאַן פון בוזים אַרויס אַ בינטל געלט. פון פאַר־זיכטיקייט וועגן פאַרהענגט יאַן מיט זיין קאַפּטן די קליינע פענצטער־לעך פון שטיבל. בערקע ציילט איבער דאָס געלט און טיילט זיך העלפט אויף העלפט מיט יאַנען.

אַז ער קומט צוריק צו זיך אין שטיבל, איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. דער שלאָף הענגט אים אויף די אויגן, גיט ער זיך אַ וואַליע מיטן אָנטאָן און מיט די שטיוול אויפן שלאָף־באַנק, וואָס שטייט פאַר אים אויסגעבעט אין אַלקער, און ער שלאָפט אָפּ אַזוי פעסט, מיט אַ געזונטן שנאָרכען, ביז אויף מאָרגן, שבת, אַ שטיק אין טאָג אַריין.

*****

מינע האָט זיך צוגעהערט צו בערקעס געזונטן שנאָרכען און כראָפּען, און עס הויבט איר פון בעט.

— אַ כאַמולע — האָט זי מיט פאַרשצעמעטע ציין געגעבן אַ בורטשע ארויס און האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעהוסט.

זי גיט אַ טראַכט: ווי טאַקע, אָט איצט, שטייט דער צווייטער איידעם אירער, דוד דער אייזן־קרעמער, ביים עמוד אין ירוחם משה

דעם שניט־קרעמערס מנין, זאָגט האַרציק די שבתדיקע תפילות, אז עס צעגייט אַזש איבער אַלע גלידער, און אַ שטאַרקער ווייטאָק נעמט איר אַרום דאָס האַרץ, פאַרוואָס זי איז פון גאָט אַזוי געשטראָפט, איז קראַנק, אינדרויסן איז דער וועטער אזוי שלעכט, און זי קען ניט גײן אין מנין אריין זיך צוהערן צו איר אײדעמס האַרציקן דאַוונען. פונדעסטוועגן, טראכט זי מיט פאַרדרוס, ווען דער וועטער איז ניט אַזוי שלעכט און דער שניי דרייט ניט אזוי, וואָלט זי זיך אַרונטער־געשלעפט פון בעט און מיט די לעצטע כחות אַוועק אין מנין, און ניט געדאַרפט זיין איצט אין הויז מיט אָט דעם כאַמולע, וואָס האַלט אין איין פּאָפקען...

בערקעס געזונטער כראָפּען, וואָס טראָגט זיך נאָך אַלץ פון אַלקער ארויס, זעגט מינען איבערן האַרצן און רייסט און צופּט איר אין די אויערן. זי קען עס שוין מער ניט אַריבערטראָגן, הוסט זי זיך גוט אויס, זעצט זיך אויף, טוט אָן די ספּאָדניצע און אַ הייבל אויפן קאָפּ, קריכט ארויס פון בעט, שטעקט אריין די אויסגעדאַרטע קאַלטע פיס אין לאַטשן און איבערן שטוב צעטראָגט זיך אַ כלאַפּ־כלאַפּ פון מינעס לאַטשן און אַ קכי־קכי פון איר הוסטן.

— נו, טאַנע־באַרע מיינער, געגוג דיר שוין צו פּאָפקען. אפשר וואָלסטו שוין אויפגעשטאַנען און געזאָגט אַ יידיש וואָרט. ס'איז דאָך עפּעס שבת היינט — הויבט זי אָן וועקן בערקען מיט אימפּעט און כעס, און רייסט אים, צופּט אים און טרייסלט אים מיט איר גאַנצן כח.

בערקע עפנט אויף די אויגן, ציט זיך גוט אויס, קנאַקט אויס די ביינער, גיט אַ געשמאַקן געגעץ און פריש ,אויסגעשלאָפן, גיט ער זיך שנעל און מיט קראַפט אַ שטעל אויף, ווי אויף ספּרוזשינעס, אַז דאָס קליינע שטיבל גיט אַזש אַ קרעכץ און אַ טרייסל, גיסט אָפּ נעגל־וואַסער און אײדער מינע דערשלעפּט זיך צוריק צו איר בעט, זיצט ער שוין אין קיך אויפן טאָפּטשאַן, האַלט אויף די קני דעם טשוהו־נענעם טאָפּ מיט קאַלטן צימעס און שטופּט אין מויל אריין לעפל נאָך לעפל קאַלטן מערן־צימעס.

—אַ, אָט האָסטו דיר! אויף וואָס דאָס איז אויפגעשטאַנען! בורילא! וואָס כראָמשקעסטו שוין דאָרטן? און אַ יידיש וואָרט האָסטו שוין געזאָגט? — שרייט מינע פון איר בעט אַרויס מיט אַלע אירע כחות, אַז עס פאַרכאַפּט איר אַזש ביים האַרצן. דער אָטעם ווערט איר

קורץ, אָפּגעהאקט, אינווייניק אין האַרצן הויבט עס אָן האַסטיק צו זעגן, דער פּנים ווערט בלוי, ווי מילך, און זי פאַרגייט זיך אין אַ שווערן הוסט, אַז די אויגן קריכן איר אַזש אַרויס פון קאָפּ. זי מיינט, אז דאָס לעבן ענדיקט זיך איר.

אַז דער הוסט האָט איר אָפּגעלאָזן, האָט זי איר וואַרימען אָטעם אָנגעהויכט אויף אַ שייבל פון פענצטערל נעבן וועלכן איר בעט איז געשטאַנען, האָט מיט אַ נאָגל אָפּגעקראַצט אַביסל פון דעם פראָסט מיט וועלכן דאָס שייבל איז געווען פאַרקאָוועט, און האָט אַרויסגעקוקט אינדרויסן אַרויס.

די זאָווערוכע איז שוין קלענער געוואָרן. דער שניי האָט שוין אויפגעהערט אַזויפיל צו שיטן און יידן מיט טליתים, און יידענעס מיט קרבן מנחה סדורים אונטער די הענט, זיינען שוין געגאַנגען פון דאַוונען.

פון דאַוונען איז אויך געקומען איר טאָכטער עלקע, בערקעס ווייב, און איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט גוט צוצומאַכן די טיר, האָט צו איר שוין מינע, פון איר בעט אַרויס, מיט רוגזה אַ זאָג געטאָן:

— נו, לויף שנעל. גרייט צו דעם טשאָלנט פאַר דעם תכשיט דיינעם. דאָס הערצעלע זיינס זאָל ניט פאַרחלשט ווערן.

עלקע האָט דער מאַמען גאָרניט געענטפערט, נאָר האָט שטיל געגרייט צום טיש און אַז בערקע איז שוין געזעסן ביים טיש און געשלונגען פולע לעפל גוט איינגעברוינטן טשאָלנט־קאַשע פון פערל־גרויפּן מיט בעבלעך, האָט עלקע, זיך פאַרענדיק אין קיך, שטיל, מיט אַ פאַרשטיקט קול אים פאַרגעוואָרפן:

— האָסט דאָך, דער מאַמען צוליב, געמעגט אויפשטיין אביסל פריער און זיך כאָטש וויזן אין מנין.

בערקע האָט מיט רוגזה און כעס אַ וואַרף געטאָן דעם לעפל אָן טיש און אַרויסגעברומט:

— לאָז מיך צורו מיט דער מאַמען דיינער! אויף יענער וועלט וועט מען שמייסן מיין הינטן, ניט אירן...

פאַרענדיקט דאָס עסן, האָט ער שוין אַ ברוגזער און אָן אָנגע־דראָלענער. נאָכן עסן האָט ער זיך אָנגעטרונקען מיט ברויט־קוואַס און איז גלייך אַוועק פון הויז.

בײטאָג האָט עס אינגאנצן אויפגעהערט צו שנײען. דער װינט האָט אָפּגעלאָזן און אינדרויסן האָט זיך אויסגעלײטערט. מינע האָט אָרויפגעצויגן אויף זיך אַ קלײדל און אַ װאַטאָװן יאַקל. אויף די פיס אָנגעטאָן אַ פּאָר אַלטע מאַנסבילשע שטיװל, װאָס איז איר פאַרבליבן פון איר מאַן, זיך גוט אײנגעװיקלט אין א פאַטשײלע און איז אַװעק צו איר צװײטער טאָכטער רײזע, װאָס האָט געװאױנט איבערן גאַס.

— מאַמע, װאו גײסטו איצט אין אַזאַ קעלט מיט דײן געזונט, און דער שנײ ליגט אַזױ טיף? — האָט עלקע מיט שרעק אויסגערופן, װען זי האָט מינען אין איר װינטערדיקער אָנגעפּעלצטקײט דערזען נעבן שװעל.

מינע האָט אי׳ר גאָרניט געענטפערט, האָט שװער געשקראָבעט מיט די מאַנסבילשע שטיװל איבערן דיל. נאָר אַז זי האָט שױן געעפנט די טיר פון הויז, האָט זי שװער־אָטעמענדיק, אַרויסגעקרעכצט:

— איכל גײען אביסל צו רײזען... לאָמיר כאָטש אויף אַ װײל דערקװיקן די נשמה... דעם נחת װאָס איך האָב דאָ...

עלקען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

**
*

בײ רײזען אין הויז איז געװען הײס און אָנגעפּאַרעט. רײזע איז געזעסן נעבן פענצטער איבערן קרבן מנחה סדור און שטיל, בלויז מיט די ליפּן שעפּטשענדיק, פון אים אַרויסגעזאָגט. איר עלטערער אײדעם, דוד, װעלכער איז נאָר װאָס פון שבת בײטאָגיקן שלאָף אויפגעשטאַנען, איז געזעסן בײם טיש מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ, האָט מיט אַ לעפּעלע געמישט אַ הײסע גלאָז טײ און האָט פון אַ חומש געלײענט די פּרשה.

מינע איז אַרײנגעפאַלן אין הויז מיט אַ פּראכן און אַ הוסטן, אַז עס האָט איר גענומען אײניקע מינוט צײט ביז זי האָט געקענט קומען צו זיך און דעם אָטעם אָפּכאַפּן.

— מאַמע, אין אַזאַ װעטער! װאָס האָסטו זיך געשלעפּט מיט דײן שװאַכן געזונט? — האָט איר רײזע פאַרגעװאָרפן.

— איך האָב זיך געשלעפּט. מײנע צרות האָבן מיר געשלעפּט — האָט מינע שװער געאָטעמט און גערעדט אָפּגעהאַקט — איך קען עס שױן מער ניט צוזען... געקומען פון װעג אויף שבת, װײס דאָס גאָר

פון פּאַפּן און פון פּרעסן... פון אַ יידיש וואָרט אין מויל וויל דאָס גאָר ניט וויסן... דאָס האַרץ קען דאָך צעפּלאַצט ווערן.

זי האָט זיך געזעצט נעבן דעם וואַרימן אייוועלע. רייזע האָט איר צוגעטראָגן אַ זודיקע גלאָז טיי, נאָר וואָס אָנגעגאָסן פון קופּערנעם לאַק וואָס איז נאָך, פון נעכטן געווען, גלייך מיטן טשאָלנט, פאַררוקט אין אויוון. זי האָט געטרונקען די טיי, געסמאַטשקעט מיט אירע טרוקענע אָנציינערדיקע יאַסלעס דעם צוקער, זיך מיט דעם געקוויקט, געוואַרעמט אירע אַלטע ביינער אָן דעם הייסן אויוועלע, געקוקט מיט נחת אויפן עלטערן אידעם, ווי ער זאָגט מיט כונה און מיט אַ ניגון, וואָס צעגייט איבער אַלע גלידער, די פּרשה פון וואָך, און איר האַרץ האָט זיך געשמאָלצן פון נחת.

***

דאָס אַרויסגיין אינדרויסן אין פראָסט און אין טיפן שניי צו איר עלטערער טאָכטער, האָט דער אַלטער מינען פאַרקירצט דאָס לעבן. נאָך די זעלבע וואָך האָט זיך איר הוסט געשטאַרקט. איר אָטעם איז קורצער געוואָרן, אירע פיס זיינען געשוואָלן געוואָרן און נאָך דעמזעלבן ווינטער איז זי אין אַ שטאַרק־פראָסטיקן און זאַווערוכע־טאָג געשטאָרבן.

געשטאָרבן איז זי אַ שבת צו נאַכט. אינמיטן נאַכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שטאַרקן הוסט. עס האָט איר אינגאַנצן פאַרפּעלט אָטעם, ווי דער מלאך־המות וואָלט מיט טויזנטער ביינערדיקע, קאַלטע פינגער איר ביים האַלדז געשטיקט. זי האָט געוואָלט אויסשרייען, רופן נאָך הילף, אָבער זי האָט פון האַלדז קיין איינציק וואָרט אפילו ניט געקענט אַרויסברענגען. איר געשריי איז איר אין האַלדז גע־בליבן שטעקן. דער הוסט האָט איר געוואָרגן. דאָס האַרץ האָט איר, ווי מיט צוואַנגען געריסן. פון מויל האָט אַ רויט־קלעפּיקער שוים גערונען און אין דער פרי האָט זי די טאָכטער געפונען אַ קאַלטע, אַ טויטע.

אינדרויסן האָבן זיך וועלטן געקערט. אַ שטאַרקער פראָסטיקער ווינט האָט מיט אַ וואָיען און רעווען געטריבן אַ געדיכטן שניי. דער שניי האָט געשאָטן און געשאָטן, פאַרשאָטן אַלע וועגן און שטעגן, אָנגעשאָטן הויכע, טיפע הורבעס און די קליינע הייזלעך אין געסל זיינען

ביז האַלב אין שניי געװען פאַרזונקען. אינדרויסן האָט מען אפילו קיין לעבעדיקן הונט ניט געזען.

אייזיק, דער חברה־קדישה שמש, האָט, אַן ארומגעוויקלטער מיט שאַלן און אַ באַשאָטענער מיט שניי, זיך אריינגעריסן אין מינעס שטיבל, אַ קוק געטאָן אויפן בר־מנן און אַרויסגעברומט:

— מען וועט דעם בר־מינן מוזן פירן צום הײליקן אָרט מיט אַ פור... מען קען זיך ניט העלפן... טראָגן די מיטה איז אוממעג־לעך... סכנות נפשות... — און באַלד, מיטן ווינט און מיט דער זאַווע־רוכע אַרויס פון שטיבל.

דערהערנדיק דאָס פון חברה־קדישה שמש, האָבן ביידע טעכטער, רייזע און עלקע, פאַרבראָכן מיט די הענט און אַרויס מיט אַ פרישן געוויין.

— אוי, ווינד און ווײ איז אונדז, פאַר וואָס קומט דאָס דער מאַמען אונדזערער אַזוי צו פאַרשעמען... פירן גאָר מיט אַ פור צו קבורה, אַזוי ווי דעם ערגסטן... קיינעם פירט מען ניט... און אז זי איז אַן אָרים מענטש, קומט איר שוין אזוי צו פאַרשעמען... — און זיי האָבן געוויינט מיט אַ גרויסן יאָמער.

דער עלטערער איידעם, דוד דער אייזן־קרעמער, איז געשטאַנען אין שטוב אַרומגעוויקלט מיט שאַלן, האָט שטיל נאָר מיט די ליפּן, געמורמלט, עפּעס ארויסגעלייענט פון א ספר און אריינגעברומט אין דער ברוינער באָרד זיינער:

— נו, נו, יידענעס... וואָס האָט מען זיך עס אזוי צעיאָמערט? וואָס פאַר אַן אומגליק אַז מען וועט פירן? ווער וועט עס איינשטעלן דאָס לעבן און טראָגן? אַזאַ וועטער... סכנות נפשות... — און ער האָט ווייטער געמורמלט פון ספר ארויס.

בערקע איז געזעסן אויף אַ בענקל, אַנגעטאָן אין קורצן פעלצל און געשוויגן, דער ווייבס יאָמער, דודס פרומע ריידעלעך האָבן אים אַ ברען געטאָן אין האַרצן. האָט ער זיך פלוצלונג געגעבן אַ שטעל אויף און געגעבן אַ ברום ארויס אין דער צעוואָקסענער שוואַרצער באָרד אריין:

— מען וועט טראָגן, איר הערט, מען וועט ניט פירן! אַ פּאָהיבעל אויף אַלע שיינע באַלעבאַטים — און ער האָט זיך אַ ריס אַרויס געגעבן פון הויז.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און בערקע איז געקומען צוריק מיט דער מיטה און מיט אַ כאַפּטע פון זיינע יונגען, פערד־הענדלער. די חברה קדישה ווייבער האָבן דער פאַרשטאָרבענער געטאָן איר רעכט. די פּאָר חברה־קדישה יידן האָבן פּסוקים תהילים געזאָגט. מען האָט דער פאַרשטאָרבענער ארויפגעלייגט אויף דער מיטה. בערקע האָט אַ קאָמאַנדע געטאָן צו זיינע חברה און זיי האָבן די פיר שטאַנגען פון דער מיטה, לייכט, ווי א פעדער, אויף זייערע אַקסלען גענומען.

דער וועג ביזן בית־עולם איז געווען אַ פאַרשנייטער און אַ פּאָר־שאָטענער. מען האָט ניט געזען קיין וועג און שטעג און דער שניי איז טיף געווען ביזן גאַרטל. איז בערקע דעם גאַנצן וועג, ביזן בית־עולם, געגאַנגען פאָרויס, מיט זיינע הויכע שטיוואַלעס געטאָפּטשעט אין שניי, געוואָרפן מיט די פיס און געשאַרט, געוואָרפן דעם שניי אויף ביידע זייטן. געמאכט אַ וועג ביז מען האָט די פאַרשטאָרבענע געבראַכט צו איר קבר.

דער עלטערער איידעם, דוד, איז בלויז אַ פּאָר טריט פון הויז נאָכגעגאַנגען נאָך דער מיטה.

— נו, מנע — האָט ער פרומלעך אָפּגעקרעכצט — אַזאַ וועטער זאָל דער אויבערשטער באַשירעמען... סכנות נפשות... — האָט זיך איינגעבויגן, אַ וואַש געטאָן אין שניי די הענט און אוועק אין הויז...

נאָך דער לויה האָט עלקע מיט אַ וואַרעמען בליק געקוקט איר מאַן בערקען אין די אויגן און מיט ליבלעכקייט זיך צו אים אָפּגע־רופן:

— דו האָסט זיך היינט עולם־הבא געקויפט, בערקע. די מאַמע וועט דיר איצט אַלץ מוחל זיין — און זי האָט מיט אַ ברעג פאַטשיילקע אויסגעווישט די טרערן פון אירע אויגן.

נאָר בערקע האָט ווי זיך גאָר ניט צוגעהערט צו אירע רייד. גלייך ווי ער איז אריין אין הויז, האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגן דאָס שאָפּן פעלצל און פון אויבן דעם ווינטערדיקן פלאַשטש מיטן באַשליק. אויף די פיס האָט ער ארויפגעצויגן די וואלינקעס, וואָס מיט לעדער באַשלאָגן, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, גענומען די בייטש אין האַנט און איז אַרויס פון הויז. אַוועק אין וועג אויף אַ גאַנצער וואָך...

# אַ גאַסט



אַ טאָג פאַר ערב יום־טוב האָט שמעון דער שניידער דערהאַלטן אַ בריוו פון זיין טאָכטער רייזל פון דער גרויסער שטאָט, אַז זי קומט אויף יום־טוב אַהיים.

דערהאַלטן האָט ער דעם בריוו ביים עסן וואַרמעס, ווען ער איז געזעסן ביי אַ פולן טעלער קעלבערן פלייש און זיך שטאַרק גע׳עוסקט אַרום דעם פלייש. געגעסן האָט ער מיט אַפּעטיט. די יאַרמולקע איז אים געווען פאַררוקט אויפן שפּיץ קאָפּ, זיין פול פּנים איז געווען רויט און פאַרשוויצט. אין זיינעביידע נאַסע און פאַרפעצטע הענט האָט ער געהאַלטן אַ גרויסן ביין, מיט די פינגער געקאַלופּעט דאָס פלייש פון ביין, מיט התמדה אים געשמאָטשקעט און פון הנאה אָפּגעקרעכצט.

אַז ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו איז ער אַן אויפגעקאָכ־טער געוואָרן. זיין רויטער קאַרק און פּנים זיינען נאָך רויטער געוואָרן, אין גאַנצן פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. זיינע אויגן זיינען צענויפ־געזשמורקעט און קליין געוואָרן, האָבן געקראָגן אַ גזלניש רציחהשן אויסזען און די האַרטע האָר פון זיינע לאַנגע ברעמען האָבן זיך שפּיציק, ווי שטעכיקע דרעטלעך, אויפגעשטעלט.

ער האָט מיט כעס אַ שאַר געטאָן דעם בריוו צו זיין ווייב דאָבע, וועלכע איז געזעסן לעבן אים און האָט אַן אויפגעקאָכטער ארויסגע־ברומט:

— נאַ, לייען און פריי זיך.

מער האָט ער שוין ניט געגעסן. ער האָט מיט אַ רציחה אָפּגערוקט פון זיך דעם טעלער, מיט אַ בריאַזג אַ וואָרף געטאָן דעם גאָפּל אָן

טיש. אינווייניק אין אים האָט עס געקאָכט און געבראָטן, אַז הענט און פיס האָבן אים געציטערט און זיך צעשאָקלענדיק מיט אַ האַסטיקן אימפעט, האָט ער אָנגעהויבן בענשן.

ער האָט געזאָגט די ווערטער שטיל, אין זיך, ניט מער ווי גע־מורמלט מיט די ליפּן. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער, מיט אַ ציטערדיק קול, פלוצלונג ארויסשרייען אַ פּאָר ווערטער פון בענשן אין דער הויך. בעת מעשה האָבן זיינע אויגן געשאָסן מיט פייערדיקע בליקן אויף זיין ווייב און איר דורכגעשטאָכן און באַלד האָט ער ווידער שטיל, אין זיך, געמורמלט דאָס בענשן און זיך צעשאָקלט מיט נאָך מער אימפעט און כעס.

אַז ער האָט אָפּגעבענשט, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אויף מיט אַזאַ אימפעט, פּונקט ווי עמיצער וואָלט אים מיט אַ שאַרפער שפּיציקער זאַך געגעבן אַ שטאָך אין געזעס און אַ זעץ טוענדיק מיטן קולאַק אין טיש, האָט ער זיך מיט באַנומענע קולות צעשריען:

— איך וועל זי אויפן שוועל ניט ארויפלאָזן, הערסט וואָס איך זאָג דיר?

און פון כעס און רציחה האָט אים אַזש פּאַרפּעלט לופט צו אָטעמען. האָט ער אָנגעהויבן פּכייען, בלאָזן און פּארשקען מיט די ליפּן און, כאַפּנדיק זיך מיטן האַנט פּאַרן האַרצן, האָט ער זיך צעהוסט מיט א טרוקענעם קוויטשעדיקן הוסט.

דאָס ווייב זיינס, דאָבע, אן אויסגעדאַרטע פּאַרחושכטע יידענע, מיט אַ פּאַרעלטערט צעקנייטשט פּנים און טרערנדיקע אויגן, וועלכע האָט אליין ניט געקאָנט לייענען, איז אַ צעשראָקענע געזעסן מיטן בריוו אין האַנט, געקוקט אויפן מאַן מיט שרעק און ציטער אין האַרצן און ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פּאָר, פון וועמען איז דער בריוו, און פּאַרוואָס ער, דער מאַן אירער כעסט זיך אזוי און שרייט.

— שמעון! שמעון! וואָס, וואָס שרייסטו? פון וועמען איז דער בריוו? — האָט זי מיט שרעק און אומגעדולד געפרעגט.

— פון וועמען? פון דער צנועה דיינער. פריי זיך, זי קומט אהיים — האָט ער מיט נאָך שטאַרקערן כעס זיך צעשטורעמט און גענומען שפּאַנען הין און צוריק איבערן צימער.

— אוי, טאַקע? פון רייזלען? אוי, שמעון, גזלן איינער, הלמאי זאָגסטו עס מיר ניט? ווען קומט זי? — האָט זי אַ שטראַלנדע, איינ־

גאַנצן אַ צענומענע פון גליק, מיט מאַמעשער פרייד אין קול אויסגע־שריען און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— זע נאָר, זע נאָר, ווי דאָס האָט זיך צעיאָכמערט... — האָט שמעון איראָניש און אינגאַנצן אַ צעזאָדענער פון כעס זיך צערעדט. — אַ גליק האָט איר דאָ געטראָפן. עפּעס אַ קליינינקייט די צנועה אירע קומט. נעם גיי אוועק אַ טענצל איבער די גאַסן. גיי דערצייל אלעמען אין שטאָט אז זי קומט נאָך היינט ביינאכט. הערסט, דאָבע — האָט ער שוין מיט דראָאונג און מיט אַ פאַרשטיקט קול פון כעס און אויפ־רעגונג ווי אויסגעברומט, — איך וועל זי אויפן שוועל ניט ארויפ־לאָזן. פאַרשוואַרצן מיין פּנים קומט זי, הערסט?...

נאָר דאָבע האָט זיך שוין איצט ניט צוגעהערט צו זיינע קולות און זיך גיט געקימערט פון זיין כעס. אַ גליקלעכע און אַ פאַרנו־מענע, האָט זי גענומען אַראָפּראַמען פון טיש און אזוי איז זי שוין אַן איילנדיקע, אַ פאַרשמייעטע אַ גאַנצן טאָג ארומגעלאָפן איבערן שטוב און געווען פאַרנומען מיט אויפראַמען דאָס הויז לכבוד איר גאַסט.

## ב

אָנגעקומען פון דער גרויסער שטאָט אהיים, איז רייזל אין מיטן נאכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין מיט אַ געזונטן שנאָרכען געשמאַק געשלאָפן און אַ מאַטע האַלב־דונקעלע לבנה איז געווען די איינציקע וואָס האָט דורך בלייכע, גרויע, ווי מיט קאַלעמוטנע מולענעס אָנגעגאָסענע, וואָלקנס אַראָפּגעקוקט אויפן שטעטל. און ווען לייבע דעם בעל־עגלהס בויד האָט זיך מיט אַ בראַזגעריי און גערודער צעטראָגן איבערן שטעטלדיקן ברוק און מיט אַ טפּר־ר־ר־רו זיך אָפּ־געשטעלט לעבן שמעון דעם שניידערס שטיבל, זיינען שוין אין אלע הייזער טיר און לאָדן פעסט געווען פארריגלט און פון אלע פענצטער האָט בלויז נאַכטיקע פינצטערקייט ארויסגעבליקט.

אויך ביי שמעון דעם שניידער אין שטוב איז געווען פינצטער און טירן און לאָדן זיינען געווען פעסט פאַרמאַכט.

שמעון און דאָבע זיינען ווי אלע אין די הייזער פון געסל, געלעגן אין די בעטן. שמעון איז געלעגן מיטן פּנים ארויף, מיט דער געדיכ־

טער וואַלדיקער באָרד פאַרריסן צו דער סטעליע. די באַפּעדערטע יאַרמולקע האָט זיך אים אַראָפּגערוקט איבער די אויגן און ער איז געשלאָפן מיט אַן אומרואיקן שנאָרכען, האָט געהאַלטן אָפן דאָס מויל, האָט געבלאָזן און געפּאָרשקעט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט געשלונגען לופט. אַלע מינוט פלעגט פון זיין האַלדז זיך אַרויסרייסן אַ מין בורטשענדיק ברומען און ער האָט זיך אַלע מינוט געוועקט.

דאָבע איז אפשר געווען די איינציקע אין געסל וואָס איז ניט געשלאָפן. ס׳האָט איר קיין שלאָף ניט גענומען. זי איז געלעגן מיט אָפענע, וואַכע אויגן, מיט אַן אומרואיק קלאַפּן אין האַרצן, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך און צו יעדער רעדער־בראַזגעריי, וואָס האָט זיך דערטראָגן צום שטיבל, און יעדע מינוט שטיל אָפּגעזיפצט.

קיין שלאָף האָט איר איצט ניט געקאָנט נעמען. זי וואָלט געוויס אין בעט אין גאַנצן ניט געגאַנגען, זי וואָלט דעם לעמפּל אַ גאַנצע נאַכט געלאָזט ברענען און געזעסן און געוואַרט אויפן אָנקומען פון איר קינד, נאָר שמעון האָט איר מיט אַזוינע ווילדע רציחישע אויגן און מיט אַזוינע באַנומענע קולות באַפעלט, אַז זי מוז דעם לאָמפּ אויסלעשן און אין בעט גיין, אַזוי ווי ס׳וואָלט גאָר ניט פּאַסירט, אַז זי האָט מורא געהאַט מיט אים איצט זיך אָנצוהויבן און אים זיך אַנטקעגנשטעלן.

שוין באַלד פיר יאָר ווי זי האָט איר קינד ניט געזען; ס׳איז שוין באַלד פיר יאָר ווי איר רייזעלע איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ווייטער גרויסער שטאָט. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז אין דער גרויסער שטאָט פירט זיך רייזעלע ניט גוט אויף... אַז זי לעבט פון אַ ניט־אָנשטענדיקער און ניט אָרענטלעכער פּרנסה... פיל וואָס זיינען געקומען פון יענער גרויסער שטאָט האָבן עס דערציילט און טאַטע־מאַמען די אויגן געשטאָכן.

דער טאַטע, שמעון, איז פון דעם אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער, אַ פינצטערער, שוואַרץ ווי די ערד, און זיך געשעמט מענטשן די אויגן ווייזן. ער האָט זיך פון זיין טאָכטער אין גאַנצן אָפּגעזאָגט, ניט געוואָלט זי מער פאַר זיינע אויגן אָנקוקן און זי ניט געוואָלט מער קענען. אָבער די מאַמע האָט עס ניט געגלויבט, זי האָט געמיינט אַז דאָס טראַכט מען אויס אויף איר טאָכטער אַ בלבול. האָט געבעטן

גאָט ס׳זאָל זיין ניט אמת, און מיט אן אומרואיקן קלאַפּן אין האַרצן געוואַרט אויף דער שעה, אז איר רייזל זאָל קומען אהיים און זי זאָל פון אירע אויגן דערגיין דעם אמת.

אַז זי האָט דערהערט די באַלעגאָלישע פור זיך אָפּשטעלן לעבן איר הויז און דעם טפּור־ר־ר פון בעל־עגלה, האָט עס איר מיט פריידיקער אומרו געגעבן א הויב פון בעט און זי איז לייכט ווי אַ פעדער ארויסגעשפּרונגען פון בעט. זי האָט אפריער ארויסגעקוקט דורכן פענצטער, צו זען צי ס׳איז טאַקע איר רייזעלע געקומען און אַז זי האָט דערזען דעם בעל־עגלה טראָגנדיק אַ טשעמאָדאַנטשיק גלייך צו איר טיר און א מיידל איז אים נאָכגעגאנגען האָט זי א פריידיקע, אַ שטראַלנדיקע, אָנגעצונדן דאָס נאַפט־לעמפּעלע און געלאָפן עפענען די טיר.

אריינגעקומען איז רייזל אין הויז אַ פאַרפּוצטע, אַ שמעקעדיקע, מיט שטילע טריט, אויף די שפּיץ פינגער און אז זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל און הוט, האָט פון איר א זעץ געטאָן מיט אַזאַ שטאַרקן ריח פון פּארפיום, אז דאָבען האָט פון שטאַרקן ריח אָנגעהויבן צו קיצלען און בייסן אין די נאָזלעכער און דער קאָפּ האָט זיך איר אָנגעהויבן דרייען.

דאָבע איז מיט רייזלען געזעסן לעבן טיש פארן נאפט־לעמפּל. זי האָט געהאַלטן רייזלס פּנים אין אירע הענט, איר פאַרקוקט גלייך אין די אויגן און מיט אן אומרואיק קלאַפּן אין האַרצן און א שטיל פליסטערן רייזלען אלץ אויסגעפרעגט. פון אלץ וואָס האָט מיט איר פּאַסירט פאר די פיר יאָר וואָס זי איז געווען אין דער פרעמד.

רייזל האָט איר ניט גערן געענטפערט. האָט געענטפערט אויף איין וואָרט פון צען און ניט געקאָנט קוקן דער מאַמען גלייך אין די אויגן.

רייזלס מאַטע און אויסגעלאָשענע אויגן, די שוואַרצע רינגען ארום די אויגן, און אירע בלאַסע, אָן אַ טראָפּן בלוט און מיט שמינקע און פאַרב באַשמירטע, באַקן האָבן דאָבען אַלץ דערציילט, אַז אַלץ וואָס בייזע צינגער האָבן גערעדט איז אמת. האָבן זיך טיפע זיפצן געריסן פון איר האַרצן. אָבער רייזעלע איז דאָך איר קינד, איר בלוט און פלייש, האָט זי איר אַלץ פאַרגעבן, איז געווען גרייט זי אויפצונעמען אָט ווי זי איז און האָט זיך געפרייט מיט איר קומען.

פון אַלקער ארויס האָט זיך געהערט שמעונס אומרואיק שנאָרכען און סאָפּען, זיין בלאָזן און פארשקען מיט די ליפּן און ווי פון א פוסטער פאַס ארויס האָט זיך דערהערט זיין ברומען.

— דאָבע, דאָבע, פאַרלעש די לאָמפּ! וואָס פאַר לימינאַציע האָט מען עס געמאַכט אין מיטן נאַכט?... — און ס'האָט זיך דער־הערט זיין טיף אָפּזיפצן.

דאָבע האָט גענומען מאַכן פאַר רייזלען אַ געלעגער. זי האָט געפּאַטשט און אויפגעקלאַפּט קישנס און ווי דורך טרערן גערעדט צו רייזלען.

— דער טאַטע... ער קען עס גאָר ניט אַריבערטראָגן... גייט אַרום שוואַרץ ווי אַ האלעוועשקע...

ג.

די אַכט יום־טוב טעג וואָס רייזל איז געווען אין הויז זיינען געווען טעג פון פּיין און מרה שחורה פאַר שמעון דעם שניידער. די גאַנצע צייט איז ווי אן אומגליק געהאַנגען איבערן שטוב און אין הויז איז געווען אַ גיהנום.

אָנגעפאַנגען האָט זיך עס נאָך גלייך ערב יום־טוב אין דער פרי. פאַרטאָג נאָך, ווען שמעון איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען און ער האָט נאָך ניט אויסגעריבן דעם שלאָף פון די אויגן, האָט ער, נאָך ליגנדיק אין בעט, מיט א בייזקייט א קוק געטאָן אויף דעם ווייבס בעט און זעענדיק זי ליגן מיט אָפענע אויגן האָט ער ארויסגעברומט:

— שוין געקומען די צדיקת דיינע. איך וועל זי פון שטוב ארויסטרייבן... — און ער האָט זיך א כעסדיקער גענומען אָנטאָן.

דאָבע האָט זיך אויך גענומען אָנטאָן, האָט געקרעכצט און מיט תחנונים גערעדט:

— איך בעט דיך, שמעון, מאַך ניט קיין לייטיש געלעכטער! וואָס זאָל מען טאָן? ס'איז דאָך אונדזער קינד, אונדזער אומגליק, דאַרפן מיר זיך מיט דעם שטיקן.

נאָר שמעון האָט גאָר ניט געענטפערט. האָט אַ כעסדיקער, אַ פאַרביטערטער אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, א כאַפּ געטאָן זיין טלית און תפילין און איז אוועק דאַוונען.

דער ריכטיקער גיהנום האָט זיך אָבער אָנגעהויבן ווען שמעון איז געקומען צוריק פון דאַוונען. אין שול האָט ער געהאַט שפיכת־דמים. דאָס שטעטל, וואָס האָט זיין טאָכטער געהאַלטן שטענדיק אויפן צונג, האָט שוין געוואוסט וועגן רייזלס אָנקומען. דערוואוסט האָט מען זיך עס דורך לייבע בעל־עגלה, וועלכער האָט רייזלען געבראַכט פון באַן. אַ בליאַסק אויף טאָג, איז לייבע דאָס מאָל אויפגעשטאַנען, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאט, אז ער וועט עפּעס פאַרשפּעטיקן און ער איז פאַרטאָג געלאָפן אין שול מיט דער בשורה... האָט געקליבן ארום זיך רעדלעך פון שמייסער יונגען, שוסטער און שניידער יונגען און האָט זיי מיט א סוד־סודותדיקייט און מיט צווייטיקער אָנצוהערעניש דערציילט וועגן רייזלס קומען. און טאָרענדיק מיט זיינע גראָבע קלעצלדיקע פינגער די יונגען אין די באָקעס, האָט ער מיט שמאַלציקער הנאה גערעדט:

— אַנו, האַ, מען וועט שוין ניט דאַרפן גיין זוכן אין דער פרעמד, עס וועט שוין זיין אייגענע סחורה... — און ער האָט געזשמורקעט מיט זיינע שטענדיק פאַרשלאָפענע אויגן.

די יונגען האָבן הירזשענדיק צופרידן געכיקעט און פון גרויס פאַרגעניגן זיך געקלאַפּט איינע די אנדערע אין די פּאַטילניצעס, נאָר אַז שמעון איז פלוצים אריינגעקומען אין שול, איז דער געלעכטער ביי די יונגען מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן און געבליבן פאַרגליווערט הענגען אויף זייערע פּנימער. אַלע זיינען פלוצים געוואָרן ערנסט, האָבן צעגויפגעשנורעוועט די ליפּן און פאַרטיפט געקוקט אין די סידורים. שאַ, שטיל, גלייך ווי זיי וויסן פון גאָרנישט. אָבער די אויגן האָבן ביי אַלעמען געלאַכט.

נאָר אָט דאָס פלוצלומדיק ווי אָפּגעהאַקט שטיל־שווייגן פון די יונגען, זייער קוקן מכלומרשט פאַרטיפט אין די סידורים און זייערע לאַכעדיקע אויגן האָט שמעונען מער געזאָגט ווי רייד. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי וויסן שוין פון זיין רייזלס אהיים קומען, אז זיי האָבן טאַקע, אָט נאָר וואָס, איידער ער איז אריין אין שול, וועגן דעם גערעדט און ער איז געשטאַנען אין שול ווי אויף געברענטע קוילן.

אין מיטן דאַוונען איז צו שמעונען צוגעקומען איינער פון די שול בעלי־בתים, ביי אים געבעטן א שמעק טאַבאַק און זיך אָפּגערופן:

— אַ גוט ליב אייך מיט אייער גאַסט. איך האָב געהערט אייער טאָכטער איז די נאכט געקומען... — און יענעמס אויגן האָבן שפּאָטיש געשמייכלט.

שמעון האָט יענעם גאָרניט געענטפערט, האָט אויף אים געוואָרפן אַ פינצטערן, שטעכיקן בליק און די ווייטערדיקע ווערטער פון דאַוונען, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זאָגן, האָט ער מיט א בייזער שטימע אריינגעשריען יענעם גלייך אין פּנים.

יענער אָבער האָט זיך געמאכט ניט וויסנדיק פון שמעונס כעס און ער האָט מיטן זעלבן שפּאָטישן געלעכטערל אין די אויגן ווייטער גערעדט:

— מען זאָגט, אז איר ווערט אויפגעריכט פון אייער טאָכטער... מען זאָגט, אז זי מאכט דאָרטן, וואו זי איז, שטיקער גאָלד פון איר פּרנסה... — און ער האָט שמעונען אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר שפּיציק־לאַכיקע אויגן.

שמעון האָט שוין מער ניט געקאָנט אריבערטראָגן, האָט ער יענעם אריינגעשריען אין פּנים: — כאַם! — און הענט און פיס האָבן אים געציטערט.

ער האָט שוין דאָס דאַוונען ניט פאַרענדיקט. ער האָט גלייך אַראָפּגעכאפּט פון זיך דעם טלית און תּפילין, שנעל ווי ס׳איז עס צענויפגעלייגט אין איין קנויל, אריינגעלייגט אין טלית־זאַק און איז ווי אַן אָפּגעבריטער אַנטלאָפן פון שול.

אריינקומענדיק אין הויז, האָט ער, אַן אויפגערעגטער און אַ ברענענדיקער פון כעס, אַ שליידער געטאָן דעם טלית־זאַק און ארויס־געשריען:

— זאָל זי די מינוט פון הויז ארויסגיין! זאָל זי גיין וואו זי וויל זיך! וואָס איז זי געקומען מיר פאַרשוואַרצן דאָס פּנים?...

און צו די קלענערע קינדער, מיידלעך פון צוועלף און צען יאָר, וועלכע זיינען געשטאַנען לעבן רייזלען, איר געגלעט און זיך געשפּילט מיט די פרענזן פון איר שאַל, איז ער מיט אַ רציחה צוגעלאָפן, זיי אָפּגעריסן פון רייזלען און זיך אויף זיי מיט באַנומענע קולות צעגוואַל־דעוועט:

— גייט אַוועק פון איר! אייער פוס זאָל ניט געדאַכט ווערן לעבן דער אויסגעלאַסענער מויד!... איר הערט וואָס איך זאָג אייך?...

— און זיי געגעבן אַזאַ שליידער, אַז זיי זיינען ווי פּילקעס געפלויגן צו דער צווייטער וואַנט.

דאָבע איז צוגעלאָפן צו שמעונען מיט אַ פּאָר פאַרטערערטע אויגן און האָט מיט אַן אַרויפגעלייגטע האַנט אויפן מויל, שטיל, ווי פאַר־שטיקט, אַרויסגערעדט:

— שמעון! אוי, שמעון! שווייג! שווייג! ווי ברענגסטו עס ארויס פון דיין מויל?...

און איינגראָבנדיק איר פּנים אין פאַרטוך, האָט זי זיך שטאַרק צעשלוכצעט.

די מיידלעך, קוקנדיק אויף דער מאַמען, האָבן זיי זיך אויך אויף אַ קול צעוויינט. שמעון איז געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און רייזל האָט זיך אויפגעשטעלט פון שטול, האָט א שווייגנדיקע אָנגעהויבן אַרומצוגייען הין און צוריק איבערן שטוב, געביסן די ליפּן און געשלונגען טרערן.

נאָכדעם, שפּעטער אביסל, האָבן זיך אָנגעהויבן אַנדערע יסורים, אַנדערע בלוט־פאַרצאַפּעונישן. שכנות פון געסל האָבן אַלע ווײלע, איינע נאָך די אַנדערע, אָנגעהויבן אריינקומען אין הויז, יעדע מיט אַן אַנדער אויסרייד, יעדע איז מכלומרשט עפּעס אַנדערש געקומען לייען, נאָר יעדע איז געקומען מיטן זעלבן צוועק — צו כאַפּן אַ קוק אויף רייזלען און דורכשטעכן זי מיט אירע בליקן.

אָבער די גרעסטע יסורים און בלוט־פאַרצאַפּעניש האָט שמעון געהאַט פאַרנאַכט. אזוי גיך ווי די זון האָט זיך געזעצט און אין די שטיבער האָבן זיך פייערלעך גענומען צינדן, האָבן חברה יונגען און שקצים פון שטעטל, אויסגעפּוצטע, זיך גענומען ארומדרייען פארביי שמעונס הויז, האָבן מיט צווײדײטיקע בליקן געקוקט אין די פענצטער פון שמעונס שטוב און געוואונקען מיט די אויגן.

אין געסל איז גלייך געוואָרן אַ גערודער. ווייבער פון די איבעריקע שטובן האָבן אויפגעפּראַלט פענצטער, ארויסגעשטעקט די קעפּ און דורך די אָפענע פענצטער איינע צו די אַנדערע אריבער־געשריען:

— זעט נאָר, זעט, ווי זיי האָבן עס גלייך דערשמעקט... — און מיט חוזק געבליקט צו שמעון דעם שניידערס שטוב.

אַז שמעון האָט דורכן פענצטער דערזען די יונגען און שקצים, איז ער אַן אויפגעקאָכטער צוגעלאָפן צו רייזלען, אויפגעהויבן אויף איר זיינע פויסטן און זיך צעגוואַלדעוועט: — מויד, גיי, מען דאַרף דיך!... די הינט האָבן דערשמעקט, אז אַ צויג איז דאָ...

און צולויפנדיק צום פענצטער האָט ער עס געגעבן אַ פּראַל אויף און האָט מיט אַלע כחות אַרויסגעשריען אין גאַס צו די יונגען און שקצים:

— אַ יוש, סוויני (אַוועק חזירים)!...

נאָר דאָבע איז גלייך צו אים צוגעלאָפן, אים אָפּגעשלעפּט פון פענצטער און האָט מיט אַ פאַרשטיקט וויינענדיק קול זיך ביי אים אָנגעהויבן בעטן:

— שמעון, גוואַלד, שמעון!... וואָס טוט זיך דאָ מיט דיר?... און האָט פאַרהאַקט די לאָדנס פון פענצטער.

און אַזוי איז געווען די גאַנצע וואָך. שמעון איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, אַ פינצטערער און אַ דערשלאָגענער. האָט געשלאָגן די יינגערע מיידלעך, האָט אַן אויפגערעגטער געהאַלטן אין איין שרייען:

— אַז צו וואָס איז זי געקומען, די מויד, צו וואָס?... זאָל זי אַוועקפאָרן, זאָל זי!... וואָרים איך וועל זי פון הויז אַרויסטרייבן, וועל איך...

און דאָבע איז אַרומגעגאַנגען אַ צעוויינטאָקטע, מיט אַן אָנגעלאָדן האַרץ, געשטיקט אין זיך די טרערן, געפּרואווט שמעונען איינגעמען, אים ווייכער מאַכן זיין האַרץ און זיך ביי אים געבעטן:

— שמעון, האָב רחמנות אויפן קינד!... וואָס זאָל מען טאָן, ס'איז דאָך אונדזער בלוט און פלייש.

אָבער שמעון האָט ניט געוואָלט הערן דאָבעס געבעט. זיין האַרץ איז געבליבן האַרט ווי שטיין און ער האָט די גאַנצע וואָך צו רייזלען קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

ד

אויף מאָרגן גלייך נאָך יום־טוב איז רייזל אַוועקגעפאָרן. און אַוועקגעפאָרן איז זי אויך, אזוי ווי זי איז געקומען, אין מיטן נאכט, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין פעסט געשלאָפן. געפאָרן איז זי

ניט מיט לייבע דעם בעל־עגלה, נאָר מיט א פויערשער פור. שמעון האָט ניט געוואָלט, זי זאָל פאָרן מיט לייבען און ער איז אליין גע־גאַנגען דינגען די פויערשע פור.

דעם גאַנצן טאָג איז איבערן שטוב געהאַנגען אַן אומעט און אַ שווערע דריקונג. רייזל איז אַרומגעגאַנגען פאַרהאַרטעוועט שוויגענד און פאַרביסן אין זיך. דאָבע איז ארומגעגאנגען א צעווייטאָקטע, מיט אַ נאַסן האַנטוך ארומגעבונדן איר קאָפּ, זיך געקלאָגט אויף קאָפּ־ווייטאָק און געקרעכצט. און אפילו שמעון אליין איז אויך עפּעס אַרומגעגאַנגען א צערודערטער, א פינצטערער און געפילט ווי אַ ווייטאָק נעמט אַרום זיין האַרץ.

— פונדעסטוועגן — האָט ער מיט אַ רוגזהדיקייט, אין וועלכער ס'איז געלעגן פאַטערלעכע רחמנות און פאַרגעבונג, געזאָגט גאַנץ פרי צו דאָבען — פונדעסטוועגן האָסטו באַדאַרפט עפּעס אויסבאקן און מיטגעבן איר אין וועג.

ביי דער נאַכט ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז שוין פעסט געשלאָפן, איז די פור צוגעקומען. רייזל האָט גלייך אויף זיך אַרויפגעצויגן איר מאַנטל און הוט, זיך געוואָרפן אויף דער מאַמעס האַלדז, זי ארומ־גענומען, זי געדריקט צו זיך, איר אַ קוש געטאָן איינמאָל און א צווייטן מאָל און, ווערגנדיק זיך מיט אירע טרערן, קוים ארויסגערעדט:

— נו, זיי געזונט מאַמע! זיי געזונט, טאַטע!

און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

ביי דאָבען האָבן טרערן ווי פון אַ קוואַל אָנגעהויבן שטראָמען און אַז די פור איז שוין מיט אַ גערודער און בראַזגעריי ווייט אַוועק־געפאָרן פון הויז, איז זי נאָך אַלץ געשטאַנען לעבן פענצטער, ארויס־געקוקט אין חושך פון גאַס און געוויינט מיט ביטערע טרערן, ווי מען באַוויינט אַ טויטן.

— יידענע, הער שוין אויף צו וויינען אַמאָל!... וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט אין פענצטער און יאָמערסט?... — האָט שמעון מיט אַן אָנגעכמורעט פנים זיך צעבייזערט אויף דעם ווייב און ער האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן, ער זאָל זיך אליין ניט צעוויינען.

# אין פרעמדע הייזער

## א

שבת בייטאָג.

לעם פענצטער שטייט דבורה מיט אַ שאַל אַריבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען, די הענט פארלייגט אויפן האַרצן, מיטן שטערן צוגעפרעסט צום שויב און קוקט אין גאַס ארויס.

די שויבן זיינען מיט אַ דיקער פראָסטיקער הויט באַצויגן. אין דעם קליינעם שטיבל שיינט אריין אַ מאַט־טונקעלע ליכטיקייט און דבורה קען צוליב דעם ניט זען ריכטיק די געשטאַלטן, וועלכע גייען פאַרביי. זי זעט ניט מער ווי שאָטנס פאַרביי שוועבן. אַ בלאָסער, קוים באַמערקבאַרער שאָטן שלייכט זיך דורך, קריכט בעת מעשה דורך דער אנטקעגן באַקאַלכטער וואַנט און פאַרשווינדט. ווער און וואָס וויס זי ניט און דבורה הויכט אָן אויף איין פלאַץ, דערוואַרימט עס מיט איר וואַרימען אָטעם, רייבט אָפּ מיט אירע נעגל דאָס צעוואַרימטע אייז, מאכט פריי און ריין א שטיקל שויב. אין דער שטיקל ליידיקער שויב גראָבט זי איין אירע אויגן, און מיט אומגעדולד קוקט זי אויף עמיצן אויס.

דאָס קוקט זי אויס אויף איר עטקע. איר איינציק קינד דערוואַרט זי עס.

אַ גאַנצע וואָך זעט זי זי ניט אָן, עטקע דינט אין א פרעמד הויז און שבת איז דער איינציקער טאָג פון דער וואָך ווען זי כאַפט זיך פון דאָרט ארויס און קומט צו דער מאַמען. איז טאַקע דער שבת דבורהס איינציקער פארגעניגן. ס׳קומט נאָך אויך יעדן שבת לייזער,

עטקעס חתן. דבורה גרייט שטענדיק אָן פּאָר זײַנטוועגן עפּעס כּיבוד און איר האַרץ צעגייט פון נחת.

דבורה ווערט אומגעדולדיק און די מינוטן הויבן זיך איר אָן צו ציען לאַנג, גאָר אָן א סוף.

„וואָס קען דאָס זיין? — ווייסט זי ניט וואָס איבערצוקלערן — אזוי שפּעט און נאָך ניטאָ" — און אין האַרצן הויבט דבורהן אָן שטאַרק צו פאַרדריסן אויף עטקעס בעלי־הבתים.

„א לבבות אביסל" — קלערט זי ביי זיך מיט פאַרדרוס. — „שטענדיק אין דער סאָכע האַלטן איינגעשפּאַנט און ניט אָפּלאָזן אַביסל די פרייע וועלט אָנצוקוקן. אפילו דעם שטיקל שבת האַלטן פאַרשפּאַרט".

— אוי, אוי, — רעדט זי צולעצט ארויס צו זיך אליין מיט א וויינענדיק קול — מייע שונאימס קינדער זאָלן אין פרעמדע הייזער דינען...

און נאָך מער ווי אויף עטקעס בעלי־בתים פאַרדריסט דבורהן אויף עטקען.

„וואָס זיצט זי דאָרט אזוי שפּעט, דער גולם"... — הייבט זי זיך אָן צו בייזערן אין געדאנק אויף עטקען. — וואָס איז, ס'איז דען אנגעלייגט?... די שיינע מתנות וואָס זי קריגט פון זיי?... איינע אליין אויף אַזאַ גרויס געזינד... — און דבורה באַשליסט בעת מעשה, אַז ווי נאָר עטקע וועט קומען וועט זי איר עס טאַקע זאָגן, אז זי זאָל אזוי דאָס געזונט און לעבן דאָרט ניט אוועקלייגן, אז פון היינט און ווייטער זאָל זי שבת אויף קיין זאַך ניט קוקן און גלייך נאָך וואַרמעס קומען אַהיים. עטקעס געזונט איז איר דבורהן, טייערער ווי זייערע געסט. און ווי זי וואָלט דאָ א געוואַגטע זאַך באשלאָסן צו טאָן האָט זי זיך ערנסט פאַרטראַכט.

דבורה האָט זיך עפּעס דערמאָנט און א שטאַרלנדיקע פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער איר געזיכט. דאָס האַרץ האָט איר אָנגעהויבן צו טאַנצן פון שמחה און זי האָט צו זיך אליין ארויסגערעדט מיט באַגייסטערונג.

— אך, רבונו של עולם, זאָל ער נאָר געזונט און שטאַרק זיין, וואָס פאַר אַ גאָלדענער בחור ער איז... — און מיט א קלאַפּנדיק האַרץ

פון דערוואַרטונג האָט זי טיפער איינגעגראָבן אירע אויגן אין דער שטיקל פרייער שויב.

## ב

פון זינט לייזער האָט אָנגעהויבן אריינצוגיין צו איר עטקען איז דבורה גאָר אויפן זיבעטן הימל פון גליק. „וואָרים מישטיינס געזאָגט איין־איינציק שטיקל קינד, איין אויג אין קאָפּ,״ און זי דערמאָנט זיך נאָך ווי שווער דאָס אויסהאָדעוועו עטקען איז איר אָנגעקומען. ווען זי איז געבליבן אַ וויסטע אלמנה איז עטקע נאָך אַ פּיצל קינד געוועזן. עלנט און שוואַך איז זי איבערגעבליבן איינע אליין אין דער גרויסער וועלט מיט א פּיצל קינד ביים ברוסט. און וויפיל זי האָט זיך דאָס אָנגעליטן. גרוי און אלט איז זי פאר דער צייט געוואָרן. וואָלט זי שוין טאָקע וועלן עפּעס נחת דערלעבן, און זי פילט טאָקע, איר מוטערלעך הארץ זאָגט עס איר, אז לייזער איז איר עטקעס ריכטיקער באַשערטער. דער אמתער זיווג מן השמים, וואָרים ער האָט דאָך עטקען ליב ווי דאָס לעבן. צערטלט איר און קוקט איר אין די אויגן, ווי א קליין קינד... לייט ריידן אפילו אָן אויף אים... נאָר מאָלע וואָס בייזע צינגער און ניט פאַרגינער ריידן... מען קען דאָך א וועלט די מײַלער ניט פאַרמאַכן, — איז זי מבטל אין געדאַנק אלץ וואָס מען רעדט אָן אויף לייזערן און שפּינט ווייטער אין איר געדאַנק גליקלעכע פאַרשטעלונגען וועגן איר עטקעס צוקונפט.

— זאָל נאָר זיין מיט מזל ווי גוט עס וועט איר פאַר אים זיין. קיין עין הרע אַ געזונטער, אַ פראַצעוויטנער און אַן אָרענטלעכער... און גלייך נאָך דער חתונה וועט ער אליין איינקויפן א געשפאָן... זי וועט אים מיט גאָטס הילף ניט לאָזן זיין אַ מענטש ביי יענעם. זי וועט לייען, באָרגן און וועט אים מאַכן פאר אַ בעל־הבית פאר זיך. וועט ער אי״ה פאַרדינען בכבוד דאָס שטיקל ברויט. — און פון די גליקלעכע פאַרשטעלונגען פון איר עטקעס צוקונפט ווערט דבורהן לייכט און גרינג אויפן האַרצן.

דבורה איז פון איין זאך אפילו ניט צופרידן מיט לייזערן, דאָס וואָס ער מאכט צופיל מחזקות אָט מיט דער נאַרישער מויד, מיט לאהן, איר עטקעס חברטע.

„געטראָפן מיט וועמען מגע־משא צו האָבן" — טראַכט זי מיט לייכטן פאַרוואורף, נאָר זי הויבט אים אָן גלייך צו פאַרטיידיקן אין געדאַנק — וואָס איז ער שולדיק, אַז די חצופה קריכט אים אין די אויגן, ער איז דאָך ניט מער ווי א מאַנסביל — און בעת מעשה צינדט זיך אין איר אָן א כעס אויף לאהן.

„אַזאַ שטיק חצופה אַ מויד" — טראַכט זי מיט ביטערקייט וועגן לאהן און אין געדאנק באַשליסט זי צו זאָגן עטקען, ניט מער זיך צו חברן מיט לאהן, און אז מען זאָל זי מער אויפן שוועל ניט אַרויפלאָזן... און ווי דערפילנדיק זיך גאָר גרינגער נאָך דעם באַשלוס אירן — גראָבט זי זיך ווידער איין מיט דורשטיקע בליקן אין דער שטיקל פרייער שויב.

אימיצער שאָטנט זיך דורך פאַרביי דעם פענצטער.

דבורה שטרענגט אָן אירע אויגן און דערזעט לייזערן אָנקומען. זי לויפט אַ צופרידענע און אַ פריילעכע אים אַנטקעגן און אז די טיר עפנט זיך און לייזער קומט אריין, שרייט זי אויס באגייסטערט און האַרציק.

— אַ גוטער שבת דיר, מיין זון?...

— אַ גוט יאָר אייך, שוויגער לעבן — ענטפערט איר לייזער אויך האַרציק.

דבורה ווערט גערירט פון דעם וואָרט „שוויגער", ס'האַרץ אירס ווערט פול מיט זיסע און גליקלעכע געפילן, און טרערן פון פרייד שטעלן איר זיך אין די אויגן.

זי העלפט לייזערן ארונטערצונעמען זיין גראָבן ווינטערדיקן פלאַשץ, פירט אים אריין צו זיך אין אלקערל, נעמט ארונטער פון אויוון דעם גרויסן ליימענעם ליאַק טיי און גיסט אים אָן א קאָכיקע גלאָז טיי.

— מאַך זיס, מיין קינד, און זאָל דיר וואויל באקומען, — זאָגט זי אים צערטלעך און גייט ווידער ארויס אין שטוב צום פענצטער. און אין האַרצן הויבט איר אָן צו נאָגן א פאַרדרוס אויף עטקען למאי זי איז נאָך אזוי שפעט ניטאָ.

אימיצער שאָטנט זיך ווידער דורך פארביי דעם פענצטער און דאָס האַרץ הויבט אָן דבורהן צו ציטערן פאַר פרייד. נאָר אַז זי באַמערקט

אז דאָס איז גאָר לאה, גיט עס איר פלוצלונג אַ שטאָך ווי מיט אַן אָנגעגליטן שפּיציקן שפּיזל אז זי פאַרבייסט אַזש מיט די ליפּן פאַר ווייטיק.

— וואָס האָט זי זיך דאָ איינגענאַדיעט?״ — טראַכט זי בייז און אויפגערעגט. — זינט לייזער קומט אריין אין שטוב קען מען זי פונדאַנען ניט פאַרטרייבן. — און ווי פאַרגליווערט בלייבט זי שטיין און קערט זיך ניט אָפּ פון פענצטער.

לאה קומט אריין מיט אן אימפּעט אין שטוב, אירע פולע באַקן זיינען רויט און אָנגעגליט פון פראָסט, זי סאָפּעט שווער און זי באַוועגט שטאַרק און העפטיק מיט איר פולער ברוסט.

— אַ גוט שבת אייך דבורה... הוך, ס׳אַראַ פראָסט... איז נאָך עטקע ניטאָ? — רעדט זי ארויס מיט אמאָל אויף גיך און לעבעדיק און כאַפּט בעת מעשה אַ בליק אין אלקערל אריין.

— הום, ס׳קאָצל קומט... — מורמלט דבורה אומצופרידן און האַלט אלץ איינגעגראָבן אירע אויגן אין דער שטיקל פרייער שויב.

לייזער איז געזעסן אין אלקערל, געקייט פויל און ווי אַן חשק די געטריקנטע באַרנעס וואָס דבורה האָט פאַר זיינטוועגן טאַקע אָנגע־גרייט, האָט געלייענט עפּעס אַ ראָמאַן, און האָט מיט אומגעדולד גע־ווארט אויף עטקען.

ווען לאה איז אריין אין שטוב האָט ער אויף אַ ווײַלע אומגעקערט זיין קאָפּ צו איר. א שנעלן און אומצופרידענעם בליק אויף איר גע־וואָרפן און גלייך ווידער אריינגעגראָבן די אויגן אין די בלעטער פון דעם ראָמאַן.

לאה איז אריין אין אלקערל. האָט זיך צו לייזערן אין דער שטיל אויף די שפּיץ פינגער פון הינטן צוגעגנבעט, פאַרשטעלט אים מיט די שפּיץ פינגער די אויגן, זיך דערביי אָנגעלייגט אויף אים מיט איר שווערן פולן קערפּער און געאָטעמט קורץ און אָפּגעהאַקט.

לייזער האָט קאַלט און גלייכגילטיק אראָפּגענומען אירע הענט פון זיינע אויגן, זי אָפּגעשטויסן, ארויסגעברומט עפּעס צווישן די ציין און איז ארויס פון אלקערל אין שטוב אריין.

— דו ווילסט עפּעס, מיין זון? — האָט דבורה דערזעענדיק לייזערן אים געפרעגט מיט אַ שמייכל, האָט איילנדיק אָפּגעווישט מיט איר פאַרטוך אַ בענקל און עס צוגעטראָגן צו לייזערן.

— נאַ, זעץ זיך אַביסל, וואָס ווערסטו דאָרט זיצן אליין מיט יענער דאָרט אין אלקערל, וואָס איז, די שוויגער מיינסטו איז שוין אינגאַנצן עובר בטל?... נישקשה, נישקשה, אוי, וואָלסטו וויסן, ווי מיינער — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן — האָט דאָס וועלטן איינגעלייגט ביז וואָנען ער האָט מיך געקראָגן. — האָס דבורה רויט ווערנדיק און פינטלענדיק מיט די אויגן געזאָגט, און אַ גליקלעכע צופרידנהייט האָט באַשטראַלט איר פּנים. ס׳איז איר געוואָרן מיט אַמאָל אזוי ברייט און פריי אין האַרצן, אַז זי האָט געפילט ווי עפּעס אַ גרויס גליק טאַנצט אינווייניק אין האַרצן אַרום.

„אַ געזונט אין אים״ — האָט זי, אָנקוקנדיק אים מיט אויגן פול מיט ליבע, אַ גליקלעכע געטראַכט — „ער ליבט דאָך טאָקע עטקען אַזוי שטאַרק, זאָל נאָר זייער מזל זיין אַ גוטער. ווי דען זשע, אַזאַ גאָרנישט קען מען ליב האָבן?... ער וויל דאָך אפילו מיט איר ניט זיין צוזאַמען אין אלקערל״. — און דער פּחד וואָס האָט איר אָנגעהויבן צו באַהערשן — זי ווייס אליין ניט פאַרוואָס — גלייך ווי לאה איז ארייננעקומען, איז איצט אינגאַנצן צעשוואומען געוואָרן.

לייזער האָט זיך ניט געזעצט, ער איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, געקוקט טעמפּ און גלייכגילטיק פאַרויס און די אונטערשטע ליפּ האָט ביי אים געציטערט.

— נו, זעץ זיך צו, מיין קינד. וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן גוטס?
— האָט דבורה קוקנדיק אויפמערקזאם אויף לייזערן זיך אָפּגערופן.

— הום, איך וויל זאָגן... יע, איך וויל זאָגן... אָט וואָס איך וויל זאָגן... — האָט לייזער בייזלעך און אומצופרידן אָנגעהויבן צו מורמלען ווי צו זיך אליין. — איך וויל זאָגן, אַז אייער טאָכטער איז קיין מענטש ניט... אָט וואָס זי איז... ס׳געהערט? זיך גאָר פאַרקויפט צו יענעם. אפילו דאָס שטיקל שבת זאָלן מיר ניט האָבן... ס׳געהערט? חתן כלה זיינען מיר, אויך מיר א חתן כלה... געגוג, איך וויל ניט מער זי זאָל צוריק גיין דאָרט... אין דער ערד מיט אזעלכע „ערטער״... לייזער

פאַרדינט געגוג געלט. זי קען ביי מיר זיצן אין שטוב... ס׳גע־הערט?"...

לייזערס געזיכט איז ביי די לעצטע ווערטער געוואָרן רויט ווי צונטער. זיין שטערן און האַלדז זיינען באַפּינטלט געוואָרן מיט גרויסע גלאַנציקע טראָפּנס שווייס, און דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים געהייבן ארויף און אראָפּ, ארויף און אַראָפּ. ער האָט מיטן האַנט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און האַלדז, אָפּגעאָטעמט און איז צוריק אריין אין אלקערל.

ג

לייזער האָט אריינקומענדיק אין אלקערל זיך א שווערן זעץ געגעבן אויפן בעטל, אַ פּאַטש געטאָן זיך איבערן קני, לעבעדיק א רייב געטאָן אַ האַנט אָן אַ האַנט, אַ געשמאַקן קניפּ געטאָן לאהן אין איר ווייכן פליישיקן אָרעם, פון וואָס לאה איז זיך פאַרגאַנגען מיט אַ קוויטש און וויגנדיק זיך מיטן גאנצן קערפּער פון געלעכטער, האָט ער מיט הנאה ארויסגעברומט אויף זיין גראָבער שטימע:

— האָ־האָ־האָ, — אָט דאָס איז אַ מויד... אַ מויד ווי אַ צימעס, ווי איך בין אַ ייד... ווייסט, אז לייזער איז דאָ, קומט זי שוין צולויפן ווי אן אונטערגעשאָסענע... — און האָט לאהן אַ צווייטן שטאַרקן קניפּ געטאָן.

— אוי, אין דר׳ערד גיי — האָט זיך לאה אַ כאַפּ געטאָן ביים אָרעם און מיט ביידע הענט האַסטיק און לייכט אים גענומען שלאָגן. געשלאָגן איבערן פּלייצע, איבער די הענט, איבערן פּנים... די הענט האָבן זיך ביי איר שנעל און גרינג באַוועגט, און אויף איר פּנים האָט געגלאַנצט אַ הנאהדיקער שמייכל.

לייזער האָט זיך געדרייט, געקאַרטשעט אונטער אירע הענט, האָט פאַרשטעלט מיט די עלנבויגנס דאָס געזיכט זיינע און געלאכט מיט אַ פולן געזונטן געלעכטער.

ער האָט זי נאָכדעם פעסט אַרומגעכאַפּט מיט זיינע אָרעמס און שטאַרק צוגעדריקט צו זיך.

לאה האָט מיט געמאַכטער אומצופרידנקייט זיך געריסן פון אים, געפּאַטשט לייכט מיט אירע הענט איבער זיינע אָנגעהיצטע באַקן און פאַרשטיקט אין דער שטיל ווי צו זיך אליין געפליסטערט — הוך, ווי געזונט... ווי אַן אייזן... און זיך צעלאַכט מיט אַ דריבנעם פולן געלעכטערל.

— אַ־האַ, לייזערקע... אַז מען האָט אַ כלה שטיפט מען מיט פרעמדע מוידן... וואַרט, וואַרט, איכל דערציילן עטקען... דו וועסט שוין פון איר האָבן אַ סוף... וואַרט, וואַרט... — האָט זי לאַכנדיק זיך גערייצט מיט אים — און פאַרוואָרפן אירע אָרעמס אַרום זיין האַלדז.

— האָ! וועסטו דערציילן הא?... וועסט דערציילן? אַנו, דער־צייל... דערצייל, — האָט לייזער, וואויל־יונגעריש אַ גלאַנץ טוענדיק מיט זיינע גרויסע ברוינע אויגן, זיך אָפּגערופן. מיטביידע הענט גענומען רייסן אירע פולע באַקן... און פלוצלינג אַ האַס־טיקן שטויס אָפּ זי פון זיך געגעבן.

גלייך האָט ער, אין זיין גאַנצער גרויס, זיך אויסגעצויגן אויפן בעט, אריבערגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן און מיט אַ פאַרשטיקטן קול ווי אונטער דער נאָז זיך צעזונגען:

„אַ ליבע צו פירן

„איז דאָך ניט קיין עולה דערביי,

„נאָר ווען איז עס געערדט געוואָרן,

„מיט איינער און ניט מיט דריי.

נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקערט אויף אַ זייט אויסגעשפּיגן און אַרויסגעברומט:

— א בהמה אַ מויד... לייגט אָוועק די כחות אין פרעמדע הייזער... עולם הבא וועט זי האָבן... — און זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צום וואַנט.

ד

ס'האָט אָנגעהויבן פינצטער צו ווערן.

טונקעלע שאָטנס האָבן זיך צעלייגט אויף די ווענט און אויפן סטעליע, זיך אריינגעריסן אין דער ליכטיקייט און ווי זיך געראַנגלט מיט דעם אוועקגייענדיקן טאָג־ליכט.

דבורה האָט מיט אָנשטרענגונג ארויפגעקוקט אין טונקל ווערנדיקן דרויסן און אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג.

זי איז די גאַנצע צייט געשטאַנען לעם פענצטער. האָט זיך דייטלעך צוגעהערט צו דעם, וואָס קומט פאָר אין אַלקערל, און אַ צאָרן אַ בייזער, אַ ווילדער האָט געבריט דאָס האַרץ אירס. און געפילט האָט זי ווי טרערן פילן אָן און שטיקן איר אין האַלדז. יעדער שאַרך, יעדער שטילער געשריי וואָס איז געקומען פון אַלקערל האָט געשטאָכן דאָס האַרץ אירע.

— א — אַ חצופה אַ מויד קען!... — האָט זי אָנגעהויבן שלינגען און זיך ווערגן מיט אירע טרערן און א שרעק פאַר איר עטקעס צוקונפט איז פאַר אירע אויגן אוסיגעוואקסן, און האָט אַלץ ווי אין אַ חושך איינגעהילט.

זי האָט זיך ווי אין אָנמאכט אַ זעץ געטאָן אויפן בענקל, אָנגעהויבן מיטן האַנט צו רייבן אונטערן האַרצן, ווי זי וואָלט פלוצים איר האַרץ אויפגעהערט צו פילן און שווער און נאָכאַנאַנד געעאָטעמט.

געפילט האָט דבורה ווי צוצוגיין איצט צו לאהן, אויספראַסקען דאָס געזיכט אירס און איר אויסרייסן אַלע האָר פון קאָפּ. — „איין מאָל פאַר אַלע מאָל איר אָנלערנען ווי צו זיין אַזאַ פאַסקודסטוואָ“ — נאָר זי האָט זיך געמיאוסט דאָס צו טאָן. טיף אין האַרצן האָט זי דערפילט אַן עקל צו לאהן, אַז ס'האָט איר געעקלט נאָענט צוצוגיין צו איר. איז זי אַן אויפגערעגטע, אַ צערייצטע, מיט אַ רוגזה אריינגעלאָפן אין אלקערל, אַ רוק געטאָן מיט כעס אַ בענקל אזוי, אַז עס האָט אַזש געגעבן אַ רודער איבערן גאַנצן שטוב, און ניט וויסנדיק אליין פון אויפרעגונג וואָס צו זאָגן, האָט זי אויסגעשאָסן גלאַט אין דער וועלט אריין ניט קוקנדיק בעת מעשה אויף קיינעם.

— פאַרוואָס לאה, גיסטו זיך ניט אָן אַ גלאָז טיי?
און איז באַלד צוריק ארויסגעלאָפן פון אלקערל.
זי איז מיט דערזעלבער אויפגערעגטקייט און צערייצטקייט ארומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן שטוב צום און פון פענצטער, צוגעפּרעסט דעם שטערן צו דער שויב און צעמישט אַרויסגעקוקט אין גאַס ארויס, אפשר גייט שוין עטקע...
זי האָט פּלוצים אין זיך עפּעס אַן אומדערטרעגלעכן האַס דערשפּירט, און דער האַס איז געווען אזוי צעמישט, אז זי האָט אליין ניט געוואוסט קלאָר צו וועמען דאָס איז. צו לאהן, צו לייזערן, צו עטקען אָדער גאָר צו זיך אליין. נאָר דער האַס וואָס איז מיט יעדער רגע אַזוי גרויס זיך צעוואַקסן אין איר, האָט איר עפּעס אזוי שווער געדריקט אויפן האַרצן, אַז אַ שטראָם פון הייסע זודיקע טרערן האָט זיך פון אירע אויגן אַ גאָס געטאָן.
— נו־נו — רבונו של עולם, מיר דאכט איך וועל אַהין לויפן און וואָס ס'וויקלט זיך אויף מיין האַרצן צו זיי אויסלאָזן... גאָר ניט, נו, פרעמד בלוט איז ביי זיי וואַסער... — האָט זי מיט אַ פאַרשטיקט קול פון טרערן גערעדט צו זיך, און ארויפוואַרפנדיק אויף זיך אַ פאַטשיילע איז זי מיט האַסט פון שטוב ארויסגעלאָפן.
אין דרויסן איז שוין די שוואַרצע נאַכט צוגעפאַלן.

# נאָך יום־טוב

פון די פינף קינדער וואָס חוה האָט, האָט נאָך קיין איינס ניט חתונה געהאַט און פונדעסטוועגן איז קיין איינס ניט מיט איר. אַלע זיינען צעזייט, צעשפּרייט. איינער אין איין שטאָט, א צווייטער אין אַ צווייטער שטאָט. ווייט פאַרפרעמדט און אָפּגעזונדערט איינס פון אַנ־דערן. און דאָס אַלטע האַרץ אירס בענקט, לעכצט נאָך די קינדער.

— די קאָטשקעלעך צעלאָפן, צעשוואומען איבערן וואַסער, און איך, די אַלטע הון בין געבליבן עלנד, אליין ביים ברעג, — פלעגט חוה ניט איין מאָל מיט שטילן טרויער זאָגן, און א טרער א הייסע, פלעגט זיך פון אירע אויגן אַרויסקייקלען, און באַנעצן אירע איינ־געשרומפּטע בלייכע באַקן.

אמת טאַקע, זי האָט זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן אויף זיי, קיין עין־הרע אַלע אזוינע געראָטענע, אזוינע לייטישע וואָס גאָט און לייט בענשן זיך מיט זיי. גרויסע קענער, און קיין עין־הרע גרויסע פאַר־דינער. און איר, דער מאַמען פאַרלאָזן זיי אויך ניט, שיקן איר צו גאַנץ אָפט אַ פאָר רובל אויף דער הוצאה, אָבער פונדעסטוועגן וואָלט זי זיי וועלן האָבן ביי זיך, טוליען זיי צו איר ברוסט, און דערקוויקן די אַלטע קראַנקע האַרץ.

וואָלט זי ניט געווען אַזוי אַלט, און אזוי שוואַך, וואָלט זי אויך אַרויסגעפאָרן אין איינער פון די שטעט וואו אַ קינד געפינט זיך. איז זי שוין אָבער צו אַלט זיך עס אונטערצונעמען... — און מען איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, מען איז דאָך יעדע מינוט ביי גאָט אין האַנט — און ס'ווילט זיך זייער, דער אַלטער חוהן, ניט ליגן אויף פרעמדער ערד, זי וויל, אַז אירע ביינער זאָלן רוען דאָרט וואו אירע אבות אבותיה רוען. — צוליב דעם האָט זי שוין טאַקע אויך פריער אליין א פלאַץ אָנגעגרייט אויפן הייליקן אָרט.—און אזוי בענקט

זי און בענקט נאָך די קינדער און קוויקט זיך אַ גאַנץ יאָר מיט די בריוועלעך, וועלכע זיינען, דוכט זיך, אזוי קאַלט און אזוי האַרט, און זאָגן דאָך עפּעס, ריידן, דוכט זיך, צו איר ליבלעך, גלעטן אזוי מילד, און אזוי ווייך איר האַרץ אַ גאַנץ יאָר. און זי האָפט, און וואַרט אויפן שטיקל יום־טוב ווען די קינדער קומען זיך אַלע צוזאַמען אהיים, אויף יום־טוב צו דער מאַמען.

***

אַ פּאָר טעג פאַר יום־טוב ווערט אין חוהס קליינעם, נידעריקן שטיבעלע, ליכטיק און ציכטיק אין יעדן ווינקעלע, און אויך ליכטיק און שיינענדיק ווערט ביי חוהן אין האַרצן — אַ פריילעכע, אַ שיינענ־דיקע, אַ זויבערע מיט אַ לויכטענדיקן גלאַנץ, אין די מאַטע, האַלב טויטע אויגן, און מיט אַ סך, אַ סך גליקלעכע געפילן און האָפענונגען אין האַרצן לויפט זי אַרום — כמעט ווי ניט מיט איר כח — אַ פאַר־האָרעוועטע, אַ פאַרנומענע, ארבעט, שייערט, וואַשט, רייניקט, מאַכט ציכטיק און זויבער אין יעדן ווינקעלע און דערוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ דאָס אָנקומען פון די קינדער.

און קיין גלייכן איז צו איר דענסטמאָל גאָר ניטאָ. און קיין גליקלעכערע איז פון איר דענסטמאָל ניטאָ.

דערהערט זיך אַ רעדער־געריש פון וויטן זיך דערטראָגן, און אַ קלאַפּן פון פּאָדקאָוועס איבערן האַרטן שטיינערנעם ברוק, גיט איר דאָס האַרץ אַזש אַ צאַפּל פאַר שמחה. זי לויפט צו צום פענצטער, שאַרט אָפּ דאָס ווייסע פאָרהאַנגל, גראָבט איין מיט דורשטיקייט אירע אויגן אין שויב און קוקט ארויס אין דער ווייטקייט פון געסל. דער רויש דערנענטערט זיך, דאָס קלאַפּן ווערט העכער, שטאַרקער. אָט זעט זי שוין אַ בויד אָנקומען — אליהו דעם בעל־עגלהס בויד. — „געוויס אירע קינדער"... די בויד דערנענטערט זיך צו איר שטי־בעלע. שטעלט זיך אָפּ, דער רעדער־גערויש ווערט מיט אַמאָל אי־בערגעהאַקט...

— רבונו של עולם, אַ דאַנק דיר, גאָט! — הויבט זי אויף פרום אירע הענט צום הימל.

***

אין איינעם אַן ערב יום־טוב, האָט חוה געהאַט אַן אומדערוואַר־טעטע און גליקלעכע איבערראַשונג, פון וועלכער איר האַרץ איז אַזש צעשפּאַרט געוואָרן פאַר פרייד.

אירע צוויי טעכטער, וועלכע זיינען געווען ווייט אין א גרויסער שטאָט, זיינען אויף יום־טוב אַהיים געקומען. און ניט אליין, נאָר האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט חתנים. זיי האָבן פון דעם דער מאַמען פריער ניט געשריבן, האָבן איר געוואָלט מאכן א סורפּריז.

פון גליקלעכער און פריידיקער איבערראַשונג דרייט זיך אַזש דער אַלטער חוהן דאָס קאָפּ. זי איז עפּעס אזוי צעטומלט, אז זי ווייס אליין ניט צו וואָס פריער זיך צו נעמען, און אַ גאַנצן טאָג האַלט זי אין איין ריידן צו זיך אליין און צו דאַנקען גאָט:

— אַזאַ גליק... אַזאַ גליק... און אזוי אומדערוואַרט... רבונו של עולם, ווי זאָל איך דיר דאַנקען פאר די גרויסע חסדים וואָס דו טוסט מיט מיר?... — ווייסט חוה ניט ווי גאָט צו דאַנקען, און דאָס האַרץ אירס ווערט צעשמאָלצן פאַר נחת.

— איר זייט חוה, אַ חשובע ביי גאָט — איר האָט קיין עין־הרע מזל צו קינדער — ריידן צו איר די ווייבער פון גאַס מיט קנאה.

— קיין עין־הרע... קיין עין־הרע — קענען זיי זיך ניט אָפּ־וואונדערן. — אַ פּאָר לויכטענדע זונען, אמתע מאַנאַרכעס — ריידן אלע צו איר מיט באַגייסטערונג און גיבן איר אָפּ מזל־טוב... און זי, חוה, איז ווי צעמישט פאר גליק, ווייסט גאָר ניט פונוואַנען דאָס איז צו איר געקומען. ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. און מיט אויגן פול מיט דאַנק און ברכה קוקט זי אויף אירע צוויי טעכטער און זייערע חתנים.

ס׳הויבט איר אָן אויף אַ מינוט אַפילו צו פאַרדריסן אויף אירע טעכטער, למאי האָבן זיי איר גאָר קיינמאָל ניט געשריבן, אַז זיי האָבן שוין חתנים, און למאי האָבן זיי איר כאָטש פארן קומען ניט געשריבן, וואָלט זי דאָך בעסער צוגעגרייט זיך — „נאָר מסתמא האָבען זיי מיך געוואָלט איבערראַשן מיט אַ גוטער בשורה, ברענגען מיר אַזאַ טייערע מתנה" — קלערט זי ביי זיך מיט פארגעבונג — און זי פאַלט צו צו זיי מיט אירע טרוקענע ליפּן און קושט זיי, און קושט...

א־א קינדערלעך, — רעדט זיך צו זיי מיט געמאַכטן פאָרוואורף — געוואָלט פון דער מאַמען אָפּלאַכן... ווייזן, אז די מאַמע איז ניט

קיין בריה, אָבער נישקשא, איר וועט זען וואָס פאַר א בריה די מאמע איז... איר וועט שוין זען וואָס פאַר אַ יום־טוב, מיט גאָטס הילף, ס׳וועט זיין, און א אויפגעלעבטע, אַ רירעווודיקע, ווי גאָר פארגעסנדיק אָן איר אַלטקייט און איר שוואכקייט, שוועבט זי אַרום לייכט, פלינק איבערן שטיבעלע און ברענגט אריין און מאכט פאַרטיק דעם יום־טוב.

און זי וויל אַז אַלע זאָלן פון איר גליק וויסן און אלע זאָלן זיך מיט איר גליק טיילן. און פאַר אַלעמען דערציילט זי, וואָס פאַר אַ ליבע און טייערע געסט זי האָט.

— גיט מיר נאָר, הארצעניו, אַ גוטן חלק פלייש, אָן ביינער — בעט זי זיך ביים קצב — איך האָב דאָך היינט אזוינע חשובע געסט.

— איר האָט ניט היינט דאָס גוטע מעל? איך בעט אייך, ציפעניו, גיט מיר פון דעם בעסטן, און אַביסעלע זאַפרען אויך, זאָל זיין שיינע חלה. וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַ געסט איך האָב. איך בין דאָך היינט עפּעס אַ מחותנתטע... חתנים זיך אָפּגעזוכט... — דערציילט זי אויך מיט גליקלעכער צופרידנקייט ציפע דער קרעמערקע. און אזוי דערציילט זי יעדן איינציקן פון איר אומדערוואַרטעטן גליק.

**
*

וואָס פאַר אַ גוטער און פריילעכער יום־טוב ס׳איז ביי איר געווען! ס׳אַראַ זיסע און ליבע טעג דאָס זיינען געווען!... און ווי גיך דאָס גליק איז פארשוואונדן!... עפּעס ווי א חלום קומט דאָס איר אי׳צט אַלץ פאָר. און דאָס פאַרשווינדן פון דעם חלום איז איר אזוי ווייטאָגדיק. זי פילט ווי עטוואָס ברעכט זיך אָפּ אין איר האַרצן, רייסט זיך אוועק, און פארפליט ווייט, ווייט פון איר. און אָן עלנטע, אַ פאַרלאָזענע בלייבט זי ווייטער אליין, מיט איר גרויסן, שטומען ווייטיק...

אין שטיבעלע איז געווען אָנגעוואָרפן און אָנגעשטעלט. אייניקע גרויסע קערב און עטלעכע קלענערע זיינען — מיט די צודעקן אויפגעהויבן — געשטאַנען אָפן, ווי מיילער פון בייזע ווילדע חיות, און אירע קינדער האָבן פאַרטוענע און איילנדיקע געפאקט און געפאקט אין זיי...

— „ווידער עלנט, ווידער אליין — ווי צו מיר... דאָס האַרץ גייט אויס בענקענדיק״, — האָט זי שטיל אין זיך געכליפּעט און ניט געוואוסט וואָס זי האָט דאָ איצט צו טאָן, צו וואָס זי דרייט זיך דאָ ארום, און וואָס קען דאָס וויינען העלפן. נאָר געפילט האָט זי, אַז דאָס הארץ ווייטאָגט איר דאָס מאָל מער, ווי אלעמאָל, און אַז עפּעס אזוינע שלעכטע און גרוילעכע זאַכן זאָגט איר דאָס האַרץ אָן, אַז זי ווערט צעריסן אויף שטיקער פון ווייטאָג.

— ווער ווייסט, ווער ווייסט — קלאַפּט עס איר אינעווייניק מיט ציטעריקן שרעק — אַלט איז מען... קראַנק איז מען... ווער ווייסט, צי מיינע אויגן וועלן זיי נאָך אַמאָל אָנקוקן, ווער ווייסט צי דאָס איז ניט דאָס לעצטע מאָל?... רבונו של עולם — שעפּטשען אירע ליפּן אין דער שטיל — זאָל עס צו גוטן איבערגעקערט ווערן... און אַ קוואַל פון הייסע טרערן באַוואַשן איר בלייכן, צעקנייטשטן פּנים.

***

און ווידער האָט אַ געערויש פון רעדער און אַ קלאַפּן פון פּאַד־קאָוועס, זיך דורכגעטראָגן אין דער לופטן און האָט זיך אָפּגעהאַקט, שטיל געוואָרן לעבן איר שטיבעלע, און ווידער איז אליהו דער בעל־עגלה, אַ שווער אָנגעפּעלצטער, מיט אַ לאַנגער בייטש און מיט אַ לאַנגער ליולקע אין מויל, אריין אין שטוב. נאָר דאָס מאָל איז ער פאַר איר עפּעס אַזאַ בייזער, און אַזאַ ווייט פרעמדער געוואָרן, און די אויגן זיינע — דוכט איר — זיינען אזוינע קאַלטע, גזלנישע און שטעכן איר, שטעכן ווי מיט אָנגעגליטע פייערדיקע שפּיזלען. — „וואָס זייט איר געקומען?... וואָס דאַרפט איר דאָ?... גייט זיך, גייט!... — ווילט זיך איר ארויסשרייען און אוועקטרייבן אים, נאָר עפּעס שטיקט איר און ווערגט איר אין האַלדז. די ווערטער זיינען ווי איינגעשמידט דאָרט אינעווייניק און זיי קענען זיך ניט ארויס־רייסן. און מיט שטומע ליידנדיקע בליקן באַגלייט זי יעדן קאָרב וואָס אליהו טראָגט ארויס פון שטוב אויפן וואָגן.

איינציקווייז האָט אליהו די קערבלעך ארויסגעטראָגן, פריער די גרעסערע און דערנאָך די קלענערע, און פּוסט, האָט זיך חוהן געדוכט, איז אין שטיבעלע געוואָרן. גלייך אַ באַנדע גזלנים וואָלטן דאָס שטיבעלע באַפאַלן און עס אויסגעליידיקט. וואו זי האָט מיט

אן אויג אַ וואָרף געטאָן, האָט אַ לערע פּוסטקייט ארויסגעקוקט, און פּוסט און וויסט איז איר אין האַרצן געוואָרן...

און נאָך די קערבלעך זיינען די קינדער אַרויסגעגאַנגען...

און אויך אזוי שטיל, אזוי פאַרזאָרגט, און מיט פולע אָנגעגאָסענע און פאַרגלעזערטע אויגן.

— זיי געזונט מאַמע... זיי געזונט... און וויין ניט...

און דעם קלאַנג פון אָט דעם „זיי געזונט", וועלכער האָט זיך איינציקע מאָל איבערגעחזרט, האָט באַלד איבערגעהאקט א קנאַל פון אַ בייטש און אַ קלאַפּ פון פּאָדקאָוועס, און גלייך איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן און זיך פאַרטראָגן אין דער טיפער וויטקייט אריין צוגלייך מיטן געררויש פון גרויסן וואָגן...

און שוין ניטאָ... אויס... פאַרפלויגן ווייט, ווייט ווי יונגע שוועלבעלעך...

***

יתומדיק און פאַרלאָזן האָט דאָס פריער פריילעכע און לייכטנדיקע יום־טובדיקע שטיבעלע אויסגעקוקט. און פון דרויסן האָט די טיף־שוואַרצע נאַכט מיט אַ שוואַרצן אויג אין שטיבל אריינגעקוקט...

אַ קליין, שוואך צאַנקענדיק פייערל האָט אין אַ שוואַרץ פאַררויכערט גלעזל גוססדיק געמאַטערט זיך און ארומגעטאַנצט אין גלעזל. און די שאָטנס האָבן דורך דעם אויך ארומגעטאַנצט און ארומגעשפרונגען אויף דער וואַנט און אויפן באַלקן.

חוה איז צענויפגעדרייט און צענויפגעקאָרטשעט אין אירע קליידער געלעגן אויפן בעטל, איינגעגנורעט אין איר אלטער צעריסענער פאַטשיילע און אירע ליפּן האָבן ציטערדיק געשעפּטשעט:

— רבונו של עולם, זאָלן כאָטש מיינע אויגן נאָכאַמאָל זיי זען... נאָך איין מאָל...

פון דרויסן האָט דער ווינט מיט א ברום אָפּגעענטפערט, און בייז און צאָרנדיק אין די שויבן געקלאַפּט...

# העלענע

**א**

אַז איר מאַן, דער זעגער, באַזיל, איז געשטאָרבן האָט העלענע וועלטן איינגעלייגט. די אויגן האָבן זיך ביי איר ניט געטריקנט.

— אוי, אוי, וואָס וועל איך איצט טאָן? — האָט זי געבראָכן מיט די הענט און ניט אויפגעהערט צו וויינען.

און די יידישע ווייבער פון געסל האָבן אויס מיטלייד געשאָקלט מיט די קעפּ אויף איר צער, און גרויס רחמנות אויף איר געהאַט.

— נעבעך אן עלנדע, גאָטס רחמנות — האָבן זיי באדויערט, און געפּרואווט איר טרייסטן.

— אָט, העלענע, גענוג דיר שוין צו וויינען, נישקשה, גאָט וועט העלפן.

און קיילע, די שניט־קרעמערקע, א יידענע אַ יאַדושליוועּ, אַ קרענקלעכע און אַ בייזע, האָט זיך נאָך אויף העלענען שטאַרק צעביי־זערט:

— אוי, דורא טי, כדאי טאקע אזוי פיל צו וויינען נאָך אים, נאָך אַזאַ שיכור, די גוטע דאָליע, וואָס דו האָסט פאַר אים געהאט! ער פלעגט דיך שלאָגן, ממיתן און שיכורן גאַנצע טעג. נו, גענוג דיר שוין צו וויינען, דוראַצקער קאָפּ! נישקשה, מען וועט דיך ניט לאָזן פאַלן! — האָט קיילע פאַרענדיקט שוין אַביסל וייכער.

העלענע האָט געפּרואווט איינהאלטן אירע טרערן, האָט געווישט מיט א ברעג פון איר לייוונטענעם יאַקל די אויגן, האָט געכליפּעט, געצוקט מיט די אקסלען, געשטיקט די טרערן אין זיך, און צולעצט אויסגעשאָסן מיט א נאָך שטארקערן געוויין.

— אוי קיילע הארציקע, האַרנטע טייערע, וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר? ער איז טאָקע געווען אַ שיכור, אָבער אויף ברויט מיט

קאַרטאָפּל האָט ער דאָך געבראַכט. און איצט?... וואָס זאָל איך איצט טאָן?... האָט גאָרניט איבערגעלאָזן. פּוסטע ווענט... זאָל איך זאָגן כאָטשבע אַ בייט ערד, אַ קעלבל צום האָדעווען... גאָרניט... גאָרניט... כאָטש נעם און גריזשע די ווענט! „אונדזערע" זיינען ניט „אייערע", ביי „אונדזערע" איז כאָטש הענג זיך, טרינק זיך, קיינעמס דאגה ניט...

קיילע איז פון העלענעס רייד געוואָרן גערירט, האָט אויסגעווישט אַ טרער פון אויג, געשוויגן אַ ווײַלע, געציילט בעת מעשה די אייגעלעך אויפן שפּיזל, צולעצט אָפּגעזיפצט און זיך אָפּגערופן:

— ווייסטו וואָס, העלענע, אַז דו וועסט זיין אַ מענטש, וועסטו ניט פאַרפאַלן גיין, ביי מיר איז קיין עין־הרע אַ גרויס געזינד, אזוי פיל מענטשן גייען צום טיש, וועט נאָך אַ מענטש גיין. נו, נו, וויין ניט, גאָט וועט העלפן. גיי ברענג דיין פּעקל און זיי ביי מיר אין שטוב.

העלענא האָט קיילען צעטומלט אָנגעקוקט, ניט געוואוסט, צי הערט זי דאָס אין חלום, צי אויפן וואָר, האָט געפּינטלט מיט די אויגן, געווישט די נאָז, און פון איבערראַשונג זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. נאָר אַז קיילע האָט איר צום צווייטן מאָל געזאָגט: „נו, וואָס שטייסטו ווי א גולם, גיי, זאָג איך דיר, ברענג דיין פּעקל צו מיר אין הויז" — האָט העלענע זיך געוואָרפן צו קיילעס פיס, זיך געצלמט, געקושט קיילעס האַנט, און איבער־א־נייס זיך צעכליפּעט:

— קיילע טייערינקע, זאָל אייך גאָט בענטשן... איך וועל אייך געטריי און ערלעך דינען. — און מיט אַ האַרץ פול מיט דאַנקבאַרקייט צו קיילען, איז זי אַוועק ברענגען איר פּעקל.

## ב

ביי קיילען אין הויז איז זי ווי אַן אייגענער מענטש, ווי איינע פון דער משפחה פאַררעכנט געוואָרן, האָט האַרציק און מיט ליבשאַפט זיי געדינט, די קינדער געהאָדעוועט, און האָט איר גאַנץ האַרץ, איר גאַנצע ליבע זיי אוועקגעגעבן, און נאָך מער ווי קיילע, פלעגט זי וועלטן איינלייגן, ווען אַ קינד איז עפּעס ניט מיט אַלעמען געווען, פלעגט פון וויגעלע ניט אָפּטרעטן, און פלעגט גאַנצענע נעכט אויף זיין.

און אַז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און אין דער גרויסער שטוב האָבן זיך שמחות אָנגעהויבן — א ייִנגל איז בר־מצוה געוואָרן, אָדער ביי אַ מיידל איז תנאים געווען, האָט העלענע געשטראַלט פון גליק. זי פלעגט זיך אויספּוצן אין איר שענסטן יאַקל — איר חתונה־יאַקל, געמאַכט פון בעסטן לייוונט און באַפּוצט, מיט שוואַרצן סאַמעט, זיך אוועקגעשטעלט אין מיטן שטוב, די הענט ביי די זייטן און זיך נאָכדעם אוועקגעלאָזט איבערן שטוב אַ טענצל.

און ניט נאָר קיילעס הויז האָט זי טריי געדינט, נאָר אַלעמען פון געסל. אין אַלע יידישע הייזער פון געסל איז זי ווי אַן אייגענע געווען. אַלע יידישע קינדערלעך האָבן זיך צו איר, ווי צו אַ מאַמען געטוליעט.

העלענעס גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען, ווען זי פלעגט זונטיק גייענדיק פון קלויסטער אַן אויסגעפּוצטע אין איר זונטאָגדיקער קאַר־טונענער קלייד, האַלטן אין האַנט אַ גרויס בינטל פעלד־בלימעלעך און עס טיילן די יידישע קינדערלעך. די יידישע קינדערלעך פלעגן זי באַפאַלן, אַרומרינגלען, זיך טוליען צו איר קלייד און מיט זייערע זיסע קינדערשע קולכעלעך בעטן: „העלענא, דאַי קוועטקי, דאַי קוועטקי!"

זי פלעגט אַ צופרידענע, אַ שיינענדיקע זיי אַרומקלייבן אַרום זיך איינטיילן יעדן קינד אַ בלימל, נאָך דעם זיי אָננעמען פאַר די הענטעלעך און מיט זיי טאַנצן „אַ ראָד און א ראַמע"... און אויף איר געבראָ־כענעם יידיש צוזאַמען מיט די קינדערשע קלינגענדיקע קולכעלעך זיך צעזינגען:

„אַ ראָד און אַ ראַמע,
„אַ שטרויענע פּאַנע,
„דריי מאָל אַרום.
„אַלע קינדערלעך דרייען זיך אום.

די יידישע ווייבער פון געסל פלעגן שטיין פון דער ווייטן, זיך צוקוקן און אָנקוועלן.

— אַ יידישע האַרץ איז ביי איר — פלעגן זיי איינע דער צווייטער זאָגן און אין האַרצן ווינטשן העלענען אַלדאָס־גוטס.

ג

אזוי האָט העלענע געלעבט און זיך געעלטערט אין דעם יידישן געסל. אירע האָר האָבן שוין אָנגעהויבן גרוי צו ווערן; די קליינע קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, גרויס געוואָרן, און זייער פּלאַץ האָבן אַנדערע קינדערלעך פאַרנומען. און אויך די פלעגן זי אַלע זונטיק ארומרינגלען און בעטן: „דאַי קוועטקי, העלענא, דאַי קוועטקי!" — און אויך מיט די, ווי מיט די פריערדיקע, האָט זי אין מיטן גאַס „אַ ראָד און אַ ראַמע" געטאַנצט, און זיי בלימעלעך געטיילט.

צו „זיי", צו די „אירע" אין צווייטן געסל, איז זי ווייניק וואָס געגאַנגען און מיט זיי גאַנץ ווייניק געהאַט צו טאָן. זי האָט זיך אינגאַנצן פון איר שטאָם אָפּגעריסן און צו אַ נייעם זיך באַהעפט. ניט מער, וואָס זי האָט זיך נאָך אָן איר גאָט און אָן איר גלויבן גע־האַלטן, פלעגט פון זונטיק צו זונטיק אין קלויסטער גיין און אויף איר לשון צו איר גאָט בעטן. אָבער צו די מענטשן אין צווייטן געסל איז זי זעלטן געגאַנגען. און כאָטש דאָס גויאישע געסל איז הארט ביי דעם יידישן געלעגן, און כאָטש פון דעם ברונים, וואָס איז נאָענט לעבן קיילעס שטוב געשטאַנען, האָבן די איינוואוינער פון ביידע געסלעך וואַסער געשעפּט, דאָך איז זי ווייניק אין גויאישן געסל גע־גאַנגען, און נאָך ווייניקער מיט די מענטשן פון דאָרט זיך געמישט. און האָט זי זיך אַמאָל, אין א כאָגע־טאָג יע געוויזן ביי דעם אַלטן קאַספּערן אין שטוב, האָט זי זיך דאָרט ווי א פרעמדע צווישן פרעמדע געפילט.

דער אַלטער קאַספּער פלעגט שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי איר באַ־דויערן און מוסרן:

— אַ, דו זינדיקע נשמה, זיך אויפגעניוכעט מיט די ניע־כריסטן... וועסט אין גיהנום פאַרפאַלן ווערן... זאָל זיך די הייליקע מאַריע אויף דיין נשמה דערבארימען...

און אַז דער אַלטער קאַספּער פלעגט אָנהויבן אויף די יידן שלעכטס ריידן, פלעגט זיך העלענע מיט די הענט די אויערן פאַר־שטעלן, ניט וועלן גאָר הערן.

— ניט רייד אזוי, ס'איז אַ זינד... דער ניט־גוטער רעדט אין דיר... מיר זיינען אלע גאָטס קינדער... זיי זיינען גוטע מענטשן, מיט גוטע הערצער, אָט די יידן... זאָל זיי גאָט בענטשן — און א ברוגזע פלעגט זי דעם אַלטן קאַספּערס הויז פאַרלאָזן...

ד

עס זיינען די בהלה־טעג פון דער מלחמה אָנגעקומען.

איבערן שטעטל איז אַ שוואַרצער אומעט, ווי אַ שווערער וואָלקן, געהאַנגען, און אלע זיינען אומגעגאַנגען אומעטיקע און שווייגנדיקע, מיט אויגן רויט פון וויינען, און מיט פאַרבראָכענע הענט.

העלענע איז אויך אַרומגעגאַנגען איבערן געסל אַ שווייגנדיקע, אַ פאַרוויינטע און מיט פאַרבראָכענע הענט.

עס האָט דער צער און אומעט פון געסל איר האַרץ צעריסן און מיט אַלע מאַמעס פון געסל האָט זי דעם בראָך געפילט, ווייל זי האָט אין אַלע קינדער אַ חלק געהאַט. זיי זיינען אַלע אויף אירע הענט אויסגעהאָדעוועט געוואָרן און אין איר שויס אויסגעוואַרימט געוואָרן.

און פלעגט זי קוקן אויף קיילען, וועמעס יינגסטן און ציטעריקן יאָסעלען מען האָט אויך אין דער מלחמה גענומען — ווי יענע ווערט פון צרות פאַרעלטערט און איינגעשרומפן, ווי אירע אויגן ווערן גרויס און ווילד, קריכן אַזש פון די לעכער ארויס, פלעגט זי שטיל אין האַרצן בעטן:

— גאָט, גיב איר כח אויסצוהאַלטן.

אין שטעטל איז די מהומה פון טאָג צו טאָג שטאַרקער געוואָרן. דער וויי־געשריי פון יידישע צרות האָט זיך צו די שטעטלדיקע דערטראָגן, און זיי האָבן זיך פאַר זייער אייגענעם שאָטן געשראָקן. זיי האָבן זיך אפילו פאַר העלענען אָנגעהויבן שרעקן. און, אז העלענע פלעגט אין אַ יידישער שטוב אריינקומען פלעגט מען זי שווייגנדיק אָנקוקן און מורא געהאַט אַן איבעריק וואָרט צו ריידן.

העלענע האָט געפילט, אז עפּעס בייזעס רוקט זיך אָן. וואָס דאָס איז, האָט זי ניט געוואוסט, נאָר זי האָט עס געשפּירט, און דאָס האַרץ אירס איז איר אויף שטיקער צעריסן געוואָרן.

זי איז אַ שווייגנדיקע, אַ ציטערנדיקע מיט גרויסע צעשראָקענע אויגן געלעגן צענויפגעקאָרשטעט אין איר ווינקל ביי קיילען און שטיל געזיפצט:

גאָט, דערבאַרעם זיך... גאָט, דערבאַרעם זיך...

ח

די טעג האָבן זיך געצויגן שווערע און מוראדיקע. מיט יעדן טאָג האָט זיך דער שונא דערנענטערט, און מיט יעדן טאָג איז דאָס לעבן אין שטעטל מער אָפּגעשטאָרבן.

און נאָכדעם איז געשען דאָס, פאַר וועלכן די יידן פון שטעטל האָבן זיך די גאַנצע צייט אזוי געשראָקן... איין טאָג גאַנץ פרי, איז דער פּריסטאַוו מיטן אוראַדניק איבערן גאַס אומגעגאַנגען, געווען אין יעדער יידישער שטוב און באַפעלן אַלעמען גלייך צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

— סטייטש? וואָס האָבן מיר געטאָן? פאַרוואָס קומט דאָס אונדז? — האָבן יידן רחמים געבעטן ביים פּריסטאַוו.

— מיר ווייסן פון גאָר ניט — האָבן דער פּריסטאַוו מיטן אוראַדניק געענטפערט — אזוי איז א באַפעל פון אויבן... נו, זשידקי, פאַרנעמט זיך פון דאַנען!...

ווייבער האָבן געוויינט, געבראָכן די הענט, געריסן די האָר פון קאָפּ און מאַנסבילן האָבן אין קלומיקעס דאָס נויטיקסטע פון זייער האָב און גוטס געפּאַקט, און אַז די זון איז הויך אין מיטן הימל געשטאַנען, האָבן זיי, אָט די אַלע, צווישן וועלכע זי, העלענע, האָט דעם גרעסטן טייל פון איר לעבן פאַרבראַכט, זייער אַלטן נעסט פאַרלאָזן און אויפן וויטן, פרעמדן וועג זיך געלאָזט, א נייע נעסט צו זוכן...

העלענע האָט געוויינט, געקושט זייערע טריט, זיך געקלאָמערט צו זייערע פיס, געוואָלט מיט זיי מיטגיין, נאָר די „איריגע”, האָבן זי מיט גוואַלד פון די יידן אָפּגעריסן, און זיי זיינען פון איר פאַרשוואונדן וויט, ווייט...

ז

אין שטעטל איז שוין לאַנג שטיל. פאַרגאַנגען זיינען שוין אפילו די שפורן פון שרעק, און דאָס לעבן, דאָס שטילע שטעטלדיקע לעבן, האָט זיך צוריק איינגעשטעלט, און צוריק איבערן שטעטל אָנגעהויבן צו הערשן.

פון דיביידע געסלעך, דאָס יידישע און דאָס גויאישקע, זיינען די גרענעצן אָפּגעווישט געוואָרן. זיי, די איינוואוינער פון דעם גויאישקן געסל האָבן דעם גרענעץ אָפּגעווישט, האָבן זיך מיט ברייטקייט איבער ביידע געסלעך צעשפּרייט און דעם לעבן אין ביידע געסלעך אָנגעהויבן צו פירן.

אָפּגעווישט זיינען די גרענעצן געוואָרן, און אומגעביטן איז אויך דער אויסזען פון דעם יידישן געסל געוואָרן. איין אויסזען האָבן ביידע געסלעך געקראָגן.

פון דעם יידישן געסל איז דער טונקעלער אומעט און די ווייכע שטילקייט פאַרשוואונדן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן הערן דער ריח פון ערד און בהמהשע מיסט. און אין טונקעלן בין־השמשות הערן זיך שוין דאָרט, אנשטאָט ווייכע, אומעטיקע, לאַנג־צעצויגענע „והוא רחום׳ס״, געזונטע, מיט פעלד אָנגעזאָפּטע מענערשע שטימען און יונגער, זאַרג־לאָזער מיידלשער געלעכטער... און אנשטאָט בלייכע, מאָגערע יידישע יינגלעך מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגעלעך, וועלכע זאָלן מיט סדורימלעך פון שול לויפן, יאָגן זיך איצט רויטע, געזונטע שקצימלעך, מיט העל־פלאַקסענע האָר נאָך קעלבלעך און ביקלעך נאָך, און אין געסל איז גאָר אַ ניי לעבן אָנגעשטאַנען.

נאָר אין העלענע פילט זיך ווי אַ פרעמדע צווישן פרעמדע.

עפּעס פעלט איר און נאָך עפּעס בענקט זי, וואָס „זיי״ די „איריגע״, קענען איר ניט געבן. עס פעלן איר די יידישע קינדער־לעך, וועלכע זאָלן איר אַרומרינגלען, זיך צו איר טוליען און בעטן: „דאַי קוויעטקי, העלענע!״ דאָס האַרץ אירס גייט אויס פון בענ־קעניש נאָך זיי. און צווישן די „איריגע״ פילט זי זיך איינזאַם און איבעריק.

גלייך צום אָנפאַנג, אז זי האָט דערזען, ווי דער אלטער קאַספּער האָט זיך איבער קיילעס הויז צעשפּרייט און איבער קיילעס האָב־און־

גוטס אָנגעהויבן באַלעבאַטעווען, האָט זיך איר האַרץ גאָר ניט גע־קענט שטילן, און זי האָט דעם אַלטן קאַספּערן מיט ביטערקייט געמוסרט:

— אוי דו, אַלטער... דו האָסט גאָר ניט גאָט אין האַרצן... ס׳איז דאָך גזלה... זאָל דיך גאָט מוחל זיין...

נאָר דער אַלטער קאַספּער האָט אויף איר אַ בייזן קוק געטאָן, דריי מאָל אויסגעשפּיגן און ארויסגעברומט:

— אָט אַ פּאַסקודסטוואָ! קען גאָר די זשידעס ניט פאַרגעסן... ניט אַנדערש, ווי אַ כישוף האָבן איר די זשידעס אָנגעטאָן...

„מערדער”... גאָט־לעסטערער” — טראַכט העלענע פון דאָן אָן מיט ביטערקייט וועגן די איריגע, און וויל ניט מער צו קיינעם פון די אירע גיין, און מיט קיינעם ניט ריידן, נאָר אַ שווייגנדיקע, אַ פאַרבענקטע זיצט זי פאַר זיך אין איר ווינקל און טראַכט נאָר פון די יידן און די יידישע קינדערלעך, וועלכע זיינען ווייט, ווייט פון איר פאַרטריבן. בלויז יעדן זונטיק גייט זי אין קלויסטער, פאַר איר גאָט איר האַרץ אויסגיסן...

און ווען העלענע גייט צוריק פון קלויסטער, מיטן בינטל פעלד־בלימלעך אין האַנט, שטעלט זי זיך אַלע ווײַלע אָפּ, קוקט מיט די אויגן ארום און אַרום, ווי זי וואָלט עפּעס זוכן, און מורמלט שטיל אין זיך: „דאַי קוועטקי, העלענא, דאַי קוועטקי”...

# ביי קינדער

1

אַז פּעשע איז געקומען קיין אַמעריקע, האָבן זיך אירע ביידע זיך פּאָר איר ממש אָרומגעשלאָגן. זיי האָבן ביידע די מאַמען געשעצט און טייער געהאַלטן, און יעדער איינער האָט געוואָלט האָבן די אַלטע מאַמען ביי זיך, זי זאָל זיין מיט אים. ביידע זיינען געווען אַרבעטער. פּשוטע אָרנטלעכע אַרבעטער, פּיינטערס. זיי זיינען ביידע געווען קליינע פאַרדינערס און קוים אַ לעבן געמאַכט, אָבער שטילע, אָרנטלעכע מענטשן, מיט גוטע הערצער, געטרייע, איבערגעבענע מענער צו זייערע פרויען, האָבן אַוועקגעגעבן זייערע שכירות ביז אַ סענט צו זייערע ווייבער, האָבן ניט געטרונקען, ניט געשפּילט אין קאָרטן, און די ווייבער — שפּאָרעוודיקע, גוטע באַלע־באָסטעס, ניט קיין אויסברענגערקעס, האָבן געוואוסט ווי זיך צו קערעווען מיט אַ סענט, זיינען זיי ווי עס איז אויסגעקומען מיט די פאַרדינסטן פון זייערע מענער און געפירט א געענגט, אָבער אַ שטיל, רואיק, אָרענטלעך לעבן.

צווישן זיך האָבן די ברידער אויך געלעבט גוט, זיינען געווען געטריי, איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן און ניט געווען די וואָך אַז איינער זאָל צום אַנדערן ניט פאָרן צו גאַסט און ניט געווען די זאַך איינער זאָל דעם אַנדערן ניט דערציילן און ניט פאַרטרויען.

געוואוינט האָבן זיי, דער עלטערער, בעני, דאַון טאַון, און דער יינגערער, מאָריס, אין האַרלעם. מאָריסעס וואוינונג איז געווען אַביסל אַ בעסערע און א גראַמערע ווי בעניס און ס'איז דאָרט געווען הייסע וואַסער און א באָד־צימער. בעניס צימערן אָבער זיינען געווען אמתע קברים. דריי פינצטערע לעכער אויף מעדיסאָן סטריט,

אין אַן אַלט, אָפּגעלאָזן הויז און זיין פאַמיליע איז אויך געווען אַ גרעסערע ווי מאָריסעס, אי מער קינדער, און אי שוין דערוואַקסענע. איז ביי אים דערפאַר געווען גאַנץ ענג אין וואוינונג.

פון דעסטוועגן, אַז מאָריס האָט דערמאָנט, אז ער וויל, אַז די מאַמע זאָל זיין ביי אים, איז בעני געוואָרן גאַנץ שטאַרק אין כעס.

— וואָס הייסט עפּעס, די מאַמע וועט זיין ביי דיר? — האָט ער זיך געקאָכט — און וואו בין איך אין דער וועלט? בין איך דער עלטערער זון, אָדער ניט?...

— אָבער ביי דיר איז דאָך אַזוי ענג, וואו וועט זיך די מאַמע ביי דיר אַהינטאָן? וואו וועסטו זי לייגן שלאָפן? — האָט מאָריס אַרגומענטירט. און כדי צו מאַכן זיינע אַרגומענטן נאָך שטאַרקער, וואָגיקער, און כדי צו מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק אויף בענין, האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— דו ווייסט דאָך, אַז די מאַמע איז שוין אַן עלטערער מענטש און דאַרף האָבן אַ רעכטן געלעגער; מען קען זי ניט לייגן אויף אַן אויפגעלייגט בעטל אין קיך, ביי מיר וועט זי האָבן אַ באַזונדער צימער מיט אַ בעט, וועט זי זיך גוט קאָנען אויסרוען.

אָבער מאָריסעס אַרגומענטן האָבן אויף בענין גאָר קיין ווירקונג ניט געהאַט, ער האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן.

— מאַמע, דו וועסט זיין מיט מיר. איך בין דיין עלטערער זון, און ביי מיר וועסטו זיין — האָט בעני פעסט געזאָגט און איז ביי דעם געבליבן.

מאָריסן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, איז ער געבליבן שטיין אַן אָנגעבלאָזענער, אַ כעסדיקער.

— קינדערלעך, האַמפּערט זיך ניט — האָט די אַלטע פעשע מיט דאַנקבאַרקייט צו זיי גערעדט — נו, וואָס איז דער חילוק וואו איך וועל זיין. איר זענט ביידע מיינע גוטע קינדער, איר זענט מיר ביידע ליב און טייער, און וואו איך וועל זיך שוין פאָמעסטשען וועט זיין גוט, אבי האָבן וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן.

און פון גרויס דאַנקבאַרקייט צו אירע גוטע קינדער, האָבן זיך טרערן איר געשטעלט אין די אויגן.

די אַלטע פעשע האָט אָבער סוף כל סוף באַשלאָסן צו זיין ביי איר עלטערן זון. ניט קוקנדיק אויף די קליינע, ענגע צימערלעך

וואָס בעני האָט פּאַרוואָוינט, און וואָס זי האָט ביי בענין ניט געהאַט דעם באַקוועמען אָפּרו־פּלאַץ ווי זי וואָלט געהאַט ביי מאָריסן, איז איר אָבער צוליב פילע טעמים געווען באַקוועמער צו זיין דאַון־טאַון, ביי בענין, איידער אַפּ־טאַון, ביי מאָריסן.

מאָריסן מיט זיין פאַמיליע פלעגט זי אויך זייער אָפט, כמעט אַלע וואָך זען.ביידע ברידער פלעגן אַלע וואָך גיין איינער צו דעם אַנדערן: אָדער מאָריס פלעגט קומען דאַון־טאַון צו בענין, אָדער בעני פלעגט פאָרן אין האַרלעם צו מאָריסן און מיטנעמען די מאַמע, און אזוי איז ניט אַוועק די וואָך, אַז די ברידער מיט זייערע פאַמי־ליעס זאָלן זיך ניט צוזאַמענקומען און די אַלטע פעשע זאָל ניט זען איר גאַנץ געזינד.

פון צייט צו צייט פלעגט זי אויך אויף אַ פּאָר וואָכן פאָרן צו מאָריסן. מאָריס און זיין פרוי פלעגן מיט דער מאַמען גאָר ניט וויסן וואָס צו טאָן און פלעגן איר די פּאָר וואָכן האַלטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. די אַלטע פעשע פלעגט ניט וויסן ווי גאָט צו דאַנקען פאַר די גוטע, געטרייע קינדער וואָס זי האָט און פאַר דעם גוטן עלטער וואָס עס איז איר באַשערט צו האָבן.

2

אַז די אַלטע פעשע איז דאָ אָפּגעווען אַ פּאָר יאָר, זיינען אירע זין געוואָרן פאַר זיך געשעפטס־לייט און ס'איז זיי אַוועק ניט שלעכט.

דער ערשטער צו עפענען אַ געשעפט איז געווען דער יינגערער, מאָריס. ער איז שטענדיק געווען אַן ענערגישער, אַ גרויסער אונ־טערנעמער. מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל פון בלויז עטלעכע הונדערט דאָלער, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון לאַנגע יאָרן שווערער ארבעט, האָט ער געעפנט אַ קליינע דעליקאַטעסן־קראָם אין די בראָנקס, און ס'איז אים אַוועק גאַנץ גוט. זיין געשעפט איז געוואקסן און ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט אין די בראָנקס, ניט ווייט פון קראָם, זיך אַריבערגעקליבן אין שיינע צימערן, האָט אריינגענומען נייע מעבל. ער, דאָס ווייב און די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן צו קליידן בעסער, און ער האָט אָנגעהויבן צו לעבן באַקוועמער און ברייטער.

דער עלטערער, בעני, איז נאָך געבליבן ביי זיין אַרבעט, האָט וויניק פאַרדינט און זיך געמוטשעט מיט זיין פּרנסה. האָט נאָך אַלץ געוואוינט אין זיינע קליינע, ענגע חושכדיקע צימערלעך אויף מע־דיסאָן סטריט, און זיין פרוי און זיינע קינדער זיינען געגאַנגען קרוע־בלוע, קיין גאַנץ העמד אויפן לייב ניט געהאַט.

די שוועגערינס, בעניס און מאָריסעס פרויען, האָבן זיך שטענדיק, ווען ביידע ברידער זיינען געווען ארבעטער, פאַרהאַלטן גאַנץ גוט און פריינדלעך איינע מיט דער אַנדערער און געלעבט גוט צווישן זיך, האָבן איינע די אַנדערע געשעצט, זיך ליב געהאַט, און די ליבע איז געווען אַן אויפריכטיקע און אַן ערנסטע. באַקאַנטע פלעגן זיך וואונדערן, פלעגן זאָגן, אַז דאָס איז זעלטן צו טרעפן צווישן שווע־גערינס, פלעגן זיי מקנא זיין, און די אלטע פעשע האָט פון דעם אָנגעקוואָלן, פודן נחת געקליבן.

נאָר לעצטנס, אַז מאָריס האָט זיך אַביסל אַרויפגעאַרבעט, האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אַן אָפּגעקילטקייט צווישן די שוועגערינס. די יינגערע שוועגערין, מאָריסעס פרוי, איז אַביסל געוואָרן ביי זיך פאַרריסן, גאוהדיק, האָט זיך אָנגעהויבן בלאָזן, אָנגעהויבן קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף בענין און זיין פרוי. ביי דער עלטערער שוועגערין, בעניס פרוי, ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ געפיל פון קנאה, פון ניט פאַרגינען, און דאָס גוטע לעבן צווישן די שוועגערינס האָט זיך אָנגעהויבן רייסן. צום אָנהויב, איז דער ריס געווען אַ קליינינקער, בלויז אַ קליין שפּעלטעלע, מען איז נאָך אָפּן ניט אַרויס־געטראָטן איינע קעגן די אַנדערע, מען פלעגט נאָר מיט צענויפגע־פּרעסטע, צענויפגעשנירעלטע ליפּן און מיט צווייַדייטיקע בליקן און אויגן־ווינקען, מיט אַן אָנצוהערעניש איבערקרימען איינע די אַנדערע הינטער די פּלייצעס, ווען יענע האָט ניט געזען. נאָכדעם איז דער ריס געוואָרן גרעסער, דער שפּאַלט ברייטער. מען האָט שוין איינע די אַנדערע אָנגעהויבן ארייַנזאָגן ווערטלעך, אריינשטעכן איינע די אַנדערע, ביז דער ריס איז געוואָרן גאָר גרויס, דאָס אריינזאָגן און אריינשטעכן איינע די אַנדערע — צו אָפּט, און מען האָט זיך אָנגעע־הויבן קריגן.

וועגן וואָס צו קריגן זיך איז קיין דאגה ניט געווען, מען האָט שוין געקראָגן וועגן וואָס. מען האָט זיך געטשעפּעט צו יעדער קלייניםקייט, פון אַלץ געמאַכט אַ ווען.

נאָך אַזאַ קריגעריי צווישן די שוועגערינס, פלעגט בעניס פרוי קומען אַן אַנגעדרודעלטע, אַ פאַרביטערטע, אַ בייזע, אַפּטמאָל מיט פאַרוויינטע אויגן און פלעגט אָפּשפּילן אַ סצענע.

— ווי דען זשע? — פלעגט זי אַ פאַרביטערטע אויסשיסן גלייך ווי בעני פלעגט אריינקומען אין הויז. — אז דער מאַן איז א קנאַקער און מאַכט אַ שיין לעבן, איז דאָס ווייב אַ גאַנצע קנאַקערקע, איז זי שוין קלוג און שיין און איז אַ בריה, און אַז דער מאַן איז אַ שלימזל איז דאָס ווייב אַ שלימזלניצע... אַ גאַנצע קנאַקערקע און אַ גאַנצע חכמה געוואָרן די שוועגערין דיינע, די גרויסע פאַרשוין וואָס זי איז. זאָגט דעות און גיט עצות און מאַכט שוין דעם צווייטן פאַר אַ גאַרניט. אוי, אָן מזל זאָל מען גאַר ניט געבאָרן ווערן!״...

די לעצטע ווערטער פלעגט זי שוין אַרויסריידן מיט אַ פאַרשטיקטן, אין טרערן איינגעזאַפּטן קול, און פלעגט נאָכדעם אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין אַן אַנגעדרודלטע און א כעסדיקע.

דער אַלטער פעשען פלעגט דאָס שניידן אין האַרצן. זי פלעגט ניט קענען צוזען בעניס צער, זיינע טרויעריקע, דערשלאָגענע בליקן און זיין געפּאַלענעם געמיט, און זי האָט אָנגעהויבן צושטיין צו מאַריסן ער זאָל בענין אריינגעמען פאַר אַ שותף אין זיין געשעפט.

— אָבער מאַמע, ווי קען איך עס — האָט זיך מאָריס צום אָנפאַנג געווערט — דאָס איז דאָך אוממעגלעך. דאָס געשעפט איז ניט קיין גרויסער און וועט ניט טראָגן פאַר צוויי פאַמיליעס. און חוץ דעם, ווי קען איך אים אריינגעמען אָן אַ סענט געלט?

אָבער די אַלטע פעשע האָט ניט אָפּגעלאָזן.

— נישקשה, נישקשה — האָט זי געטענהט — גאָט וועט העלפן. וועסט נאָך זען, אַז אויף בעניס מזל וועט זיך דאָס געשעפט פאַרבעסערן און וועט טראָגן פאַרביידן. אחוץ דעם, צוויי איז ניט איינער. איר וועט זיך ביידע אַ נעם טאָן, וועט גאָט העלפן און די לייזונג וועט זיך פאַרגרעסערן. און וועגן געלט, ליגט נאָך ניט דער הימל אויף דער ערד. מיר וועלן אויך דאָקאַזשען די פאַר דאָלער

וואָס מען דאַרף. דו זעסט דאָך, מאָריס, ווי בעני פּלאָגט זיך נעבעך. ווי קענסטו עס צוזען? דו ביזט דאָך אַ ברודער!...

די לעצטע ווערטער האָבן געהאַט די נויטיקע ווירקונג, און מאָריס, וועלכער האָט בטבע געהאַט אַ גוט האַרץ, האָט צוגעשטימט אריינצונעמען בעניין פאַר אַ שותף.

די אַלטע פעשע איז געווען אויפן זיבעטן הימל פון גליק, און מיט איר קליינעם, דאַרן, איינגעשרומפּענעם קערפּערל און מיט אירע אַלטע שוואַכע פיס איז זי ארומגעלאָפן פון איין קרוב צום צווייטן, פון איין קוזין צום צווייטן, האָט ניט גערוט, האָט אָנגעשפּאַרט וואו אַ קרוב האָט זיך פאַרוואַלגערט, און האָט צענויפגעקלאַפּט די פאַר הונדערט דאָלער וואָס איז נויטיק געווען, אַז בעני זאָל קענען ווערן אַ שותף צו מאָריסעס געשעפט.

3

ס׳איז געווען ווי די אַלטע מאַמע האָט פאָראויסגעזאָגט: דאָס געשעפט האָט זיך פאַרבעסערט, צעוואַקסן, איז אָוועקגעגאַנגען גאָר גוט, האָט ניט נאָר געטראָגן פאַרביידע פאַמיליעס צו ציען אויף חיונה, נאָר זיי האָבן נאָך אויך געשפּאָרט געלט. סוף יאָר האָבן זיי זיך צעטיילט מיט היפּשע עטלעכע הונדערט דאָלער ריוח.

ביידע ברידער האָבן געלעבט גוט צווישן זיך ווי געשעפט־שותפים. ביידע, אין גרונט אָרנטלעכע נאַטורן, אַרבעטסזאַמע, האָט מען זיך מיט ארבעט ניט גערעכנט און מען האָט זיך ניט אָפּגע־שטעלט אויף קלייניקייטן, טאָמער וועט אימיצנס עפּעס איבערגיין, ווי ס׳טרעפט ביי אַנדערע שותפים. ביידע האָבן געטאָן אַלץ וואָס ס׳איז מעגלעך דעם געשעפט אַרויפצואַרבעטן, און מען האָט געהאַט צוטרויען איינער צו דעם אַנדערן.

בעני האָט זיך אויך אַריבערגעקליבן אין די בראָנקס ניט ווייט פון מאָריסן, אין פינף גרויסע, ליכטיקע, שיינע צימערן מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. דער אַלטער פעשען האָט ער אָפּגעגעבן א באַ־זונדערן גרויסן, ליכטיקן צימער.

ביידע ברידער מיט זייערע פאַמיליעס פלעגן איצט נאָך אָפטער גיין איינע צו די אַנדערע. די קינדער פלעגן כמעט אַלע טאָג זען

איינע די אַנדערע. גראַם אין קעשענע איז אויך געווען, אַ לעבן האָט מען געמאכט אַ ברייטן, פלעגט מען אָפּט מאַכן שמחות. גע־לעגנהייטן איז שוין געווען פאַר דעם: געבורטס־שמחות, גראַדואי־רונגס־שמחות און גלאַט שמחות, און ס׳איז ביי זיי שטענדיק געווען פריילעך.

די אַלטע פעשע האָט געשעפּט עמערס נחת פון די קינדער, און אַז זי פלעגט קומען צו אַ קוזין — וואָס זי פלעגט עס אָפּט טאָן — פלעגט זי נאָר ריידן פון אירע זין, פון זייער געשעפט, ווי זיי האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, און ווי גוט זיי לעבט זיך.

איין שטיקל פגימהלע איז געווען אין דער גאַנצקייט פון איר פרייד, און דאָס איז געווען, וואָס די שווערינס האָבן זיך נאָך ניט געקענט פאַרגעבן דאָס פאַר מאָל איבערריידן זיך פון דער פריער־דיקער צייט, האָבן עס ניט געקענט פאַרגעסן. זיינען נאָך געווען אַביסל אָנגעצויגן איינע אויף דער אנדערער און זיך פון צייט צו צייט אַריינגעשטאָכן.

די עלטערע שנור, בעניס פרוי, איז געווען אַ שוואַכע, אַן אויסגע־דאַרטע, הויט און ביינער, אַ בלוט־אָרימע און אַן אויסגעמאַטערטע פון שלעכטע צייטן, פון שווערער פראַצע און פון שטענדיקע זאָרגן, האָט זיך עס איצט אויף איר אָפּגערופן. זי האָט אָנגעהויבן ליידן פון אַ קראַנקן מאָגן און פון אַ שוואַך האַרץ. די אַלטע פעשע פלעגט איר אַביסל אַרויסהעלפן מיט דער הויז־אַרבעט. זי פלעגט עס טאָן מיט פאַרגעניגן, און איז געווען צופרידן וואָס די הענט דינען איר נאָך און זי קאָן איר שוואַכע שנור מיט עפּעס אַרויסהעלפן.

אַז זי פלעגט קומען צו מאָריסן, פלעגט מאָריסעס פרוי, וואָס איז געווען א געזונטע, אַ פליישיקע, אַ פולבלוטיקע, וועלכע האָט אָבער ניט פאַרגונען איר עלטערער שוועגערין פאַרוואָס יענע האָט אַזאַ גוטן נוץ פון דער שוויגער, אָנשטעלן אַ פאַרזאָרגט פנים און מיט פאַרזאָרגטקייט אין איר קול זיך אָפּרופן:

— אוי, שוויגער, ווי שלעכט איר קוקט אויס!

און צו מאָריסן פלעגט זי שוין מיט אַן אָנצוהערעניש זאָגן:

— ניט אומזיסט זיינען זיי דאָרטן אַזוי גוט און ווילן דאָרט האָבן די שוויגער ביי זיך. אַז מען האָט אַן אומזיסטע דינסט, פאַר־וואָס ניט?

דער אַלטער פּעשען פּלעגט די דאָזיקע באַמערקונג דורכשטעכן דאָס האַרץ. זי האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרשאַרפן די באַציאונגען צווישן די שווערגערינס, מאַכן נאָך מער בייז בלוט צווישן זיי מיט דעם וואָס זי וועט זיך אָננעמען פאַר דער עלטערער שנור. זי האָט געזוכט אַלץ צו פאַרגלעטן. פּלעגט זי זיך מיט גוטן אָפּרופן:

— פאַרוואָס זאָלסטו טאָכטער מיינע, אַזוי ריידן? וואָס איך אַרבעט זיך שוין דאָרטן איבער. הלוואי וואָלט איך דאָס גאַנצע לעבן ניט שווערער געאַרבעט. אַז מיינע הענט דינען נאָך מיר, גאָט צו דאַנקען, טאָ פאַרוואָס זאָל איך אַמאָל עפּעס ניט ארויסהעלפן? אַז דו ווילסט, וועל איך דיך אויך העלפן. האָסט געזען פון וואָס זי מאַכט אַ וועזן?!...

די אָנגעצויגנקייט און ניט־פריינדלעכקייט צווישן די שניר איז געוואָרן די איינציקע פּגימה וואָס האָט די פולע פרייד פון איר לעבן געשטערט.

4

דאָס געשעפט האָט עפּעס פּלוצים אָנגעהויבן צו גיין שלעכט, מיט דער פּוטער אַראָפּ.

ס׳האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ קאָנקורענט, אַ גרויסער יאָבעד־ניק און האָט אָנגעהויבן אַרונטערהאַקן דעם מסחר; האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צוצונעמען זייערע קונים און דאָס לייזעכץ ביי זיי איז געפאַלן פון וואָך צו וואָך.

די ביידע ברידער, בעני און מאָריס, פּלעגן אַ גאַנצן טאָג זיך אַרומדרייען אין קראָם, אַלע ווײַלע כאַפּן אַ קוק צו יענעם אין קראָם ווי פול מיט קונים זי איז, ווי געשמאַק ער לייזט, און דאָס האַרץ פּלעגט זיי צעפּלאַצט ווערן. ביי יענעם אין קראָם איז שטענדיק גע־ווען לעבעדיק, פול מיט קונים, און ביי זיי איז פּוסט, טויט. פּונקט ווי עס איז פריער געווען לעבעדיק ביי זיי אין קראָם, אַזוי איז איצט ביי זייער קאָנקורענט. וואָס זיי האָבן ניט צוטאָן צו ברענגען צוריק די קונים, האָט ניט געהאָלפן; יענער האָט זיך געקליגט און זיי שטענדיק פאַרלאָפן דעם וועג. דורך פאַרשיידענע וועגן און מיטלען, ווי דורך אונטערקויפן די סיילסלייט, אדער דורך אונטער־

שיקן קונים און נאָך אַזוינע מיטלען, פלעגט ער ביי זיי אויסגעפינען זייערע פלענער און פלעגט אַלץ פאַרכאַפּן פריער, און זיי ארויסגע־שטעלט מיטן בייטשל. זיי פלעגן קריצן מיט די ציין פון אויפ־רעגונג און פאַרדרוס, פלעגן אים שילטן מיט די ערגסטע קללות, אָבער דאָס האָט זייער פדיון ניט פאַרבעסערט. דאָס האָט זיי גע־קילט דאָס האַרץ, אָבער צום געשעפט האָט עס ניט געהאָלפן.

דער פדיון איז אַזוי געזונקען, אַז ניט נאָר האָבן זיי מער ניט געקענט שפּאָרן קיין גרייטן דאָלער, נאָר זיי האָבן אפילו ניט געהאט פון וואָס צו ציען געגנוג אויף דער חיונה און ניט געהאָט מיט וואָס צו צאָלן פאַר סחורה. אַז די קראָם זאָל טראָגן פאַר צוויי פאַמיליעס, פון דעם איז געווען אָפּגערעדט. זי האָט שוין אפילו פאַר איין פאַמיליע ניט געטראָגן.

די לאַגע איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז זיי האָבן איבערגערעדט וועגן אַ פּלאַן, אַז איינער זאָל אויף אַ שטיקל צייט גיין אַרבעטן, אין קראָם זאָל דערווייל שטיין איינער פון זיי. די שכירות וואָס דער צווייטער וועט פאַרדינען, זאָל אַריינגעגעבן ווערן אין געשעפט, און אפשר אַזוי ארום וועט מען קענען דורכשלעפן די שלעכטע צייט און זיך צוריק אַרויפאַרבעטן.

צו דעם פּלאַן האָבן ביידע ברידער צוגעשטימט. די פראַגע איז אָבער נאָר געווען ווער ס׳זאָל גיין אַרבעטן. די אַלטע פעשע, וועלכע האָט גענומען אַ שטאַרקן אינטערעס אין געשעפט פון אירע זין און פלעגט פון צייט צו צייט, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אריינשטעלן אַ וואָרט, זאָגן אַ מיינונג, האָט אָנגעהויבן איינטענהן מיט מאָריסן, אַז ער זאָל גיין אַרבעטן.

— ס׳איז אפילו ניט מיינע ביזנעס און איך האָב זיך קיין רעכט ניט צו מישן, — האָט זי פאַרזיכטיק אָנגעהויבן צו אַרגומענטירן מיט מאָריסן — אָבער לויט מיין נאַרישן, אַלטן שכל קומט אויס, אַז בעני זאָל שטיין אין קראָם, און דו זאָלסט גיין אַרבעטן. בעני איז דאָך אַ קראַנקער מענטש, אַ שוואַכער אַרבעטער. מישטיינס געזאָגט וואָס ער קען פאַרדינען אַ וואָך, איר וועט מיט דעם גאָרניט אויס־פירן. אָבער דו ביזט קיין עין הרע, אַ געזונטער מענטש, א גוטער אַרבעטער, קענסט פאַרדינען גרויסע ווײדזשעס, האָט דער פּלאַן אַ שטיקל זינען.

דער אַלטערס רייד האָבן אויף מאָריסן געהאַט אַ ווירקונג און ער האָט איינגעוויליקט צו גיין ארבעטן, אָבער דאָ האָט זיך אריינ־געמישט זיין פרוי און האָט ניט געוואָלט הערן פון דעם.

— הערט אַ מעשה — האָט זי בייז און צאָרנדיק גערעדט — זיינען געקומען אויפן פאַרטיקן, אויף אַ פאַרטיקע ביזנעס און איצט זאָל זיי נאָך מאָריס אָפּטרעטן די ביזנעס און ער זאָל גיין אַרבעטן... נאָ מעם! דאָס וועט ניט גיין... מען דאַרף עס קענען... דאָס געלט וואָס זיי האָבן אריינגעלייגט!... אַי, שוויגער, לאָזט מיך צורו, איר האָלט דאָך שטענדיק נאָר מיט זיי און מאָריס איז ביי אייך אזוי ווי אַ שטיף־קינד...

— מילא, פון מיינטוועגן טוט ווי איר פאַרשטייט, — האָט די אַלטע אָנגעהויבן ווי זיך צו פאַרענטפערן — ניט איך מיש זיך און ניט איך וויל אימעצן דעות זאָגן, נאָר אַז ס'איז געקומען צו רייד, האָב איך געזאָגט וואָס גלייכער איז, און ווייטער טוט ווי אייך איז בעסער...

געבליבן איז, אַז בעני איז אַוועק אַרבעטן, ער האָט גלייך גע־קראָגן אַרבעט, אין פאַך איז גראדע געווען א סך ארבעט, האָט ער נאָך גראדע געקראָגן ניט קיין שלעכטן פלאַץ ביי וועלכן ער האָט ניט שלעכט פארדינט, און ער האָט דאָס גאַנצע פאַרדינסט, ביז אַ סענט, אַוועקגעגעבן אין געשעפט. אָבער דאָס האָט אויך ניט גע־האָלפן, דאָס געשעפט איז אלץ ערגער און ערגער געוואָרן. פון וואָך צו וואָך געזונקען און געזונקען, די קראָם האָט אפילו ניט געטראָגן אויף די לויפנדיקע אויסגאַבן.

מיט דעם זינקען פון געשעפט איז אויך דער שלום און דאָס גוטע לעבן צווישן די ברידער צעבראָכן געוואָרן, מען האָט זיך אויפ־געהערט איינע די אנדערע פאַרטראָגן, מען האָט זיך אָנגעהויבן אָפּשטעלן אויף יעדער קלייניקייט, אויף יעדן וואָרט. מען האָט פון אַלץ געמאכט אַ וועזן און איינער דעם אַנדערן ניט איבערגעלאָזן אויף אַ האָר. פון יעדער קלייניקייט, איז מען אויפגעבראַכט געוואָרן, ווי אָנגעבלאָזענע הענער גרייט געווען ארויפצושפרינגען איינער אויפן צווייטן. מען האָט זיך אָנגעהויבן אָפּט צו קריגן ביז מען האָט אָנגעהויבן איינער דעם צווייטן חושד צו זיין...

די ערשטע האָט אָנגעהויבן מאַריסעס פּרוי. זי האָט אמאָל, גלייך ווי דאָס געשעפט האָט אָנגעהויבן צו גיין שלעכט, ריידנדיק אין אַן אָוונט מיט מאַריסן וועגן דעם געשעפט אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק, אַריינ־געוואָרפן אַ ווערטל:

— איך וויל, מאַריס, אַז דו זאָלסט האַלטן אַן אויג אויף דיין שותף, אויף דעם טייערן ברודער דיינעם. גיב אַכטונג אז ער זאָל דיר נאָך ניט צעטראָגן די סטאָר און איבערלאָזן דיך אין איין העמד...

מאַריס איז אַ צעקאָכטער אויפגעשפּרונגען, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן און זיך שיעור ניט מיט די פויסטן אויף איר געוואָרפן שלאָגן.

— מרשעת, שלאַנג, שווייג בעסער. פאַרמאַך דאָס מויל!... ווי וואַגסטו אַזוינס צו זאָגן אויף מיין ברודער! — האָט ער אַן אָנגעצונדענער געשריען.

אָבער זי איז זיך געבליבן רואיק און קאַלט און מיט אַ קאַלטער גלייכגילטיקייט, ווי ניט איר מיינט מען עס, זיך ווייטער גערעדט דאָס איריקע.

— יע, יע, — וואָס האָסטו זיך אַזוי צעקאָכט, וואָס? עפּן דיינע אויגן וועסטו זען אַזוי ווי איך. איך קוק זיך שוין גוט צו צו אַזוינע זאַכן. זאָג מיר נאָר — האָט זי זיך פּלוצים צו אים געווענדט, אַריינרוקנדיק איר פּנים גלייך אים אין די אויגן און אָנקוקנדיק אים שאַרף — דאָס געשעפט איז שלעכט. אויף אַ לעבן ציט מען ניט. פון וואַנען נעמט מען עס דאָרטן, מיט אַזאַ געזינד, אויף אַזאַ ברייטן לעבן? דוכט זיך מען פירט זיך ווי מיליאָנערן, און א פוטערנעם מאַנטל האָט די טייערע שוועגערין זיך נאָך אויך געקויפט. און צענערלעך און פינף־און־צוואַנציקער אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אויף פּראָפעסאָרן איז אויך דאָ. פון וואַנען נעמט זיך עס?...

און הגם די דאָזיקע רייד, אַזוינע שלעכטע, גיפטיקע אויף זיין ברודער פאַר וועמעס אָרנטלעכקייט ער וואָלט דוכט זיך געלאָזט זיך דעם קאָפּ אָפּהאַקן, האָט אים ווי מיט טעמפּע מעסערס דאָס לייב זיינס געשניטן, האָט עס פונדעסטוועגן אויף אים אַ ווירקונג געהאַט. אין אַ ווינקל פון זיין מח האָט אַ קליין חשדעלע זיך אַריינגעגנבעט. דער חשד האָט זיך געוויקלט און געוויקלט, געוועבט און געוועבט.

און יענע גאַנצע נאַכט האָט ער שוין ניט געקענט שלאָפן און דער מח זיינער האָט זיך אים אין שטיקער געפּליקט.

ביי בענין אין הויז ווידער איז אויך דאָס זעלבע פאַרגעקומען. דאָרט איז בעניס פרוי ארומגעגאנגען אַ בייזע, אַן אומצופרידענע און געוואָרטשעט און געטענהט צו בענין:

— וואָס וועט זיין דער תכלית? פרעג איך דיך, דו אַרבעטעסט, האָרעוועסט אין טויט, גיסט אוועק דיין גאַנץ פאַרדינסט אין סטאָר און דאָרט גייט עס אריין ווי אין א זומפּ. ווייסט עפּעס א חשבון וואו ס׳גייט אַוועק דאָס געלט? דו פאַרלאָזסט זיך אויף זייער יושר. דו ווייסט דען וואָס ס׳טוט זיך אין סטאָר, אז דו ביזט אַ גאַנצן טאָג ביי דער ארבעט און ער איז דער גאַנצער באַלעבאָס דאָרט?... וואַרט, בעני, ער וועט נאָך צעטראָגן די סטאָר איידער דו וועסט זיך אַרומזען.

און אזוי ווי מאָריס, אַזוי איז אויך בעני, דערהערנדיק די רייד, אַן אָנגעצונדענער אויפגעשפּרונגען און זיך צעשריען אויף זיין ווייב:

— אוי, יידענע, שוויג! שוויג, זאָג איך דיר! איך וויל אזוינע רייד ניט הערן. אייערע מיילער קענען אויפן פייער אַרויפברענגען!

— האָט ער געשריען און געקלאַפּט מיטן קולאַק אָן טיש.

— שאַ, שאַ, וואָס האָסטו זיך אַזוי צעשריען און צעקאָכט? — האָט בעניס ווייב זיך שוין אויך צעקאָכט און אין אירע אויגן האָבן זיך פלעמלעך געצונדן — דו מיינסט, אַז מען וועט מיר איינריידן, אַז מען האָט אויף זייערע הענט איבערגעלאָזן אַ ביזנעס און זיי וועלן זיין אַזוינע צדיקים און גאָר ניט נעמען כל זמן עס לאָזט זיך? דאָס קען מען דיר אזוי איינריידן, אָבער ניט מיר...

און אויך אזוי ווי מאָריסן, אַזוי איז בענין אריין גוט אין קאָפּ זיין ווייבס ווערטער, און ער איז ווי אַ צעדולטער אַרומגעגאנגען: טאָמער איז טאַקע זיין ווייב גערעכט...

ביידע ברידער האָבן אָנגעהויבן גוט אַכטונג צו געבן איינער אויף דעם אַנדערן, נאָכצוקוקן יעדן איינעמס קער און ריר. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אָנגעלאָדענע איינער אויפן צווייטן, מיט אַ סוד און א פאַר־דאַכט אין האַרצן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אריינזאָגן איינער דעם אַנדערן, געבן אָנצוהערעניש, ביז איינמאָל האָט שוין בעני ניט אויס־געהאַלטן און אַרויסגעשאָסן צו מאָריסן:

— ניין, איך גיי שוין מער ניט אַרבעטן און א סוף זאָל עס נעמען! אַרבעט, אַרבעט און ס׳גייט ווי אין דער ערד אריין. גיי דו אַרבעטן, ביזט יינגער און געזינטער פון מיר...

— וואָס? — איז מאָריס אַן אָנגעצונדענער געוואָרן — דו בריקעסט זיך נאָך? ס׳געפעלט דיך אפשר ניט? האָסט אפשר מורא אז איך גנבע דיר צו דיינע ק אַ פּ י ט אַ ל ן?... — האָט ער דאָס לעצטע וואָרט אויסגעצויגן און מיט אַן איראָניע ארויסגערעדט.

— און אַז יאָ איז וואָס! — האָט זיך אויך בעני אָנגעצונדן — איך האָב טאַקע מורא. וואָס איז, איך האָב אפשר ניט קיין אור־זאַכן?... דערווייל ביזטו אַ גאַנצן טאָג אין סטאָר, ניט איך.

האַ? אורזאכן? — האָט זיך מאריס צעשריען, אז זיינע הענט האָבן זיך ווי אין קאָנוואולסיעס געטרייסלט און אלע קאָלירן האָבן זיך אין זיין פּנים געביטן. — זאָג מיר שוין די אורזאַכן, ארויס גלייך מיט די „גודס!” אויב גנבענען, וועלן מיר נאָך זען ווער עס איז דער גנב... דו מיינסט, איך ווייס ניט? דו מיינסט, איך זע ניט, איך בין בלינד? פונוואַנען נעמט זיך עס ביי דיר אויף אַזאַ ברייטן לעבן, אויף פוטערנע מאַנטלען און אויף פּראָפּעסאָרן? דו מיינסט, קיינער ווייסט ניט, קיינער זעט ניט?

— האַ? דו ציילסט מיר דעם ביסן אין מויל?! — האָט בעני זיך צעשריען און געקלאַפּט מיטן פויסט אין האַרצן — דערווייל עס איך נאָך, גאָט צו דאַנקען, מיין פּראַצע. הערסט, מיין פּראַצע!...
— און פון אויפרעגונג האָט בעני אָנגעהויבן ווי מיט האַמערן צו קלאַפּן אין האַרצן און אין די שלייפן. דאָס האַרץ זיינס האָט זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזן, געהויבן און אַראָפּגעלאָזן, אז ער האָט דעם אָטעם ניט געקאָנט כאַפּן.

— דיין געלט!... הם!... — האָט מאָריס איראָניש נאָכגעקרימט — אַ סך געלט האָסטו עס געהאַט, דו קבצן, דו גרויסער פּאַרדינער. געלעגן אין מעדיסאָן סטריט און ניט געהאַט וואָס צו עסן. דאַנקסטו עס מיר איצט אָפּ... נו, געננוג, מיר צעטיילן זיך, אויס ביזנעס... דו ווייסט דאָך, אַז איך קען אַלעמאָל מאַכן אַ לעבן. איך בין דאָך ניט אַזאַ פויגלדיקער בעל־מלאכה ווי דו...

די לעצטע פּאָר ווערטער האָט בענין אריינגעשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ. ער האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט, איינגעהאַלטן זיין אויפרעגונג און מיט געמאכטער קאַלטקייט אָפּגעענטפערט:

— אָלל ראַיט, אָלל ראַיט, סטראַשע נאָר ניט די געגנז... איך אַרבעט דאָך שוין און פּראַצעווע שווער און ביטער סיי ווי סיי. ווע־ניקסטנס וועל איך די „פּעי" האָבן פאַר מיר און ניט דאַרפן קאָרמענען אומזיסטע פרעסער.

— אָלל ראַיט, ניט גערעדט קיין סך, מיר צעטיילן זיך, — האָט מאָריס מיט פאַרשצעמעטע ציין ארויסגערעדט און זיינע אויגן האָבן געבליצט מיט פייער.

— אָלל ראַיט, מיר צעטיילן זיך, — האָט בעני צוגעוואָרפן, ניט קוקנדיק אויף מאָריסן.

ווען די אַלטע פּעשע איז געוואָר געוואָרן וואָס דאָ איז פאָרגעקו־מען צווישן אירע זין און אין וואָס זיי זיינען איינע די אַנדערע חושד, איז זי, ווי אַ דערשלאָגענע פון אַ דונער, געבליבן זיצן. ס'האָט איר אזוי פאַרנומען ביים האַרצן, אַז זי האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט קומען צו זיך און נאָכדעם ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי זיך פאַנאַנ־דערגעוויינט, האָט געבראָכן מיט די הענט און דורך טרערן גערעדט.

— גאָט מיינער, ווי קענען עס ברידער, מיין פליש און בלוט, איינס דאָס אַנדערע אין אַזעלכעס חושד זיין? ווי האָט מען דאָס ניט גאָט אין האַרצן. גוואַלד, גוואַלד, וואָס פאַר אַ פאַרשאָלטן לאַנד דאָ איז!...

5

ארויסגעגאנגען זיינען זיי פון געשעפט צעקריגטע, אייביקע שונאים און אָן א סענט געלט. און איינער האָט דעם אנדערן באַשולדיקט, אַז יענער האָט אים באַשווינדלט.

— און דו מיינסט טאַקע, אַז דאָרט, ביי דעם טייערן ברודער דיינעם איז מען אויך אַרויס אזוי הויל ווי דו? — האָט מאָריסעס פרוי גערעדט מיט גאַל און אונטערגעלייגט קנייטלעך צו דעם פייער, וואָס האָט אין מאָריסן אזוי אויך געגוג געברענט אויף זיין ברודער —

נישקשה, דאָרט האָט מען שכל געהאַט און מען האָט גענוג געשלעפּט כל זמן ס'איז געווען וואָס צו שלעפּן.

דאָסזעלבע איז אויך פאָרגעקומען אין בעניס הויז. בעניס פרוי פלעגט אַ פאַרצאַרנטע, אַ פאַראומערטע זיצן און מיט ביטערניש ריידן: — וואָס דען, מ'האָט פריער ניט געוואוסט, אז אזוי וועט זיין דער סוף? מען האָט עס אַזוי פיל פּראַצע אריינגעלייגט, אזוי פיל געלט אַוועקגעגעבן, ער זאָל דאָרטן האָבן וואָס צו גנבענען. דו האָסט געאַרבעט און ער האָט געשלעפּט... — און די שנאה צווישן די ברידער האָט זיך וואָס ווייטער אלץ שטאַרקער צעפלאַקערט.

שווערער ווי אלעמען האָט די גאַנצע פּאַסירונג געטראָפן דער אַלטער פּעשען. זי האָט ניט געקענט צוהערן, ווי אירע קינדער, אייגענע ברידער, ריידן איינער אויפן אַנדערן וואָס אין קאָרט שטייט. איז זי אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטע, ווי פון אַ דונער געטראָפן, מיט אַ צעוויינטאַגט הארץ, און מיט טרערן אין די אויגן פלעגט זי זיך בעטן ביי אירע זין:

— קינדערלעך, פאַרקירצט מיר ניט מיינע אַלטע יאָרן... רבונו של עולם, וואָס פאַר אַן אומגליק האָט דאָ מיך געטראָפן?... ווי קען מען אַזוי לעבן? אַ נאָווינע, אַז מען פאַרלירט ביזנעס, אַז מען פאַרלירט געלט, דאַרפן זיך ברידער,ביידע אונטער מיין האַרצן געלעגן, אזוינע דם שונאים ווערן?... טפו, זאָל עס ווערן? עפּעס גאַטס שטראָף האָט זיך אויף מיר אויסגעגאָסן.

אַז אירע רייד און אירע טרערן האָבן ניט געהאָלפן, האָט זי זיך געווענדט צו זייטיקע. זי איז ווי א פאַרסמטע ארומגעלאָפן פון איין קרוין צו דעם צווייטן, אומעטום דערציילט פון איר אומגליק און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן, אַז מען זאָל זיך אריינמישן צווישן אירע זין.

— איך בעט אייך, — פלעגט זי צושטיין צו די קוזינס — טוט עפּעס, גייט צו זיי, רעדט מיט זיי, אפשר וועלן זייערע הערצער ווייכער ווערן... אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק, ניכאַי וואָלט די ביזנעס פאַרשרפהט געוואָרן, איידער זיי האָבן עס דערקענט...

די קוזינס זיינען געגאַנגען, האָבן זיך אריינגעלייגט אין שלום, גערעדט צו איינעם, צום צווייטן, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן, פאַרקערט, וואָס מער מען האָט געוואָלט

שלום מאַכן צווישן די ברידער, מיט אלץ מער קראַפט און אימפעט האָט זיך די שנאה צעפלאַקערט. זיי פלעגן די קאָזינס אַפּזידלען ווען יענע זיינען געקומען ריידן וועגן שלום און יעדער איינער פון די ברידער פלעגט באַשולדיקן די קוזינס, אַז זיי זיינען דעם צווייטן ברודער מער גוטע פריינט ווי אים, און ס'איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז בעני האָט אָפן געזאָגט דער מאַמען, אַז ער וויל ניט זי זאָל גיין צו מאָריסן אין הויז.

— איך וויל ניט, מאַמע, אַז דיין פוס זאָל זיין ביי מיין שונא אין הויז. דו הערסט, איך וויל ניט, זאָג איך דיר. און בעת מעשה האָבן אים פון אויפרעגונג די הענט און די פיס געטרייסלט.

די אַלטע פעשע האָט אים ווי אַ צעמישטע אָנגעקוקט, דער אָטעם איז איר ווי מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן און זי האָט מיט שוועריקייט קוים אַרויסגערעדט:

— האַ, וואָס מיינסטו? איך פאַרשטיי דיך ניט. וואָס רעדסטו? ביזט פון זינען ארונטער, מיינע שונאים? וואָס הייסט איך זאָל ניט טאָרן גיין צו מיין קינד, צו מיין פלייש און בלוט? טפו, צו מיינע שונאימס קעפּ...

אָבער בעני האָט איר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל געזאָגט דאָס־זעלביקע, אַז ער וויל ניט זי זאָל גיין צו מאָריסן. און ווען די אַלטע פעשע האָט אים ניט געפאָלגט און איז יע געגאַנגען האָט ער אמאָל פון כעס און אויפרעגונג אויסגעשריען:

— הערסט מאַמע, איך וויל ניט אז דו זאָלסט דאָרטן גיין. ווער ס'גייט צו מיין שונא אין הויז איז מיר אויך אַ שונא, הערסט?

די אַלטע פעשע האָט גאָר ניט געענטפערט, ס'האָט איר אזוי פאַרקלעמטביים האַרצן... דער זון אירער, איר קינד, איר בעני, האָט זי אַזוי באַליידיקט... טרערן האָבן איר געשטיקט אין האַלדז. איז זי אריין צו זיך אין חדר און זיך גוט אויסגעוויינט, זיך גלייך אָנגעטאָן און אַוועק צו מאָריסן מיטן פעסטן באַשלוס דאָרט צו בלייבן.

גלייך ווי פעשע איז ארויס פון הויז, האָט בעני חרטה געהאַט אויף דעם וואָס ער האָט געזאָגט דער מאַמען. ער האָט געוואָלט לויפן נאָך איר, ברענגען זי צוריק, איבערבעטן זי, אָבער ס'איז שוין געווען

צו־שפעט, איז ער אן אויפגערעגטער, אַ צעקלעמטער ארומגעגאַנגען
הין און צוריק איבערן שטוב, געביסן די ליפּ און זיך אליין געזידלט.

— אין דער ערד אריין זאָל עס גיין, פאַרוואָס האָב איך עס געזאָגט, איך בין משוגע געוואָרן...

אַז פעשע איז אריינגעקומען צו מאָריסן אין הויז, האָט זי גלייך באַמערקט, אז זי איז דאָרט אויך ניט קיין אָנגעלייגטער גאַסט. די אויפנאַמע וואָס מאָריס מיט זיין פרוי האָבן איר געגעבן, איז געווען אַ גלייכגילטיקע, א קאַלטע. זי האָט גוט באַמערקט ווי די שנור האָט פאַרקרימט די נאָז ווען זי איז אריין און מאָריס איז געבליבן זיצן דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין צייטונג און האָט זיך אפילו אויף איר ניט אומגעקוקט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, געקוקט גלאָט אין דער וועלט אַריין און געשוויגן.

פלוצים האָט מאָריס מיט אימפּעט און רוגזה אַ רוק געטאָן די צייטונג פון זיך און מיט אַ כעס ארויסגערעדט:

— וואָס קומסטו אַהער, מאַמע? וואָס איז, דו ווילסט אויסגעפינען וואָס דאָ הערט זיך און ס׳גלייך איבערטראָגן דאָרטן. דו מיינסט איך ווייס ניט, אַז דו קומסט אַהער אויסגעפינען און נאָכדעם גיסטו זיי אַלץ איבער?... אַלע צרות זיינען געקומען דורך דיר.

— אָבער מאריס, מאָריס! גאָט מיינער, שווייג! שווייג, זאָג איך דיר! — האָט די אלטע ניט ווי מיט איר קול אויסגעשריען און זיך געכאפּט ביים האַרצן.

— אָבער וואָס קומסטו אַהער? פרעג איך דיך, אז איך וויל אייך קיינעם ניט זען, קיינעם ניט וואָס קומט פון יענעם הויז. — האָט מאָריס געגעבן אַ וואָרף די צייטונג אָן טיש און איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

אַ דריקנדיקע שטילקייט האָט געהערשט אין שטוב, די אַלטע איז מיט שטאַרע אויגן געבליבן זיצן, ניט געוואוסט פון וואַנען דער קלאָפּ איז איר געקומען און די גאַנצע שטוב האָט זיך איר פאַר די אויגן געדרייט.

אַז זי איז פון דעם קלאַפּ אביסל צו זיך געקומען, האָט זי זיך גלייך אויפגעהויבן און פאַרלאָזן מאָריסעס שטוב. און מאָריס א צועסענער פון פאַרדרוס, הלמאי ער איז צו דער מאַמען אזוי גראָב

געוועזן און הלמאי ער האָט דער מאַמען אזוינע שטרענגע ווערטער געזאָגט, איז מיט אַן אַרונטערגעזונקענעם קאָפּ געזעסן ביים טיש און אין זיך געקרעכצט.

6

ס'איז שוין געוועזן שפּעט אין דער נאַכט, ווען די אלטע פּעשע האָט אָנגעקלאַפּט אין הויז פון א קוזין וואָס האָט געוואוינט דאון־טאַון.

דער קוזין מיט זיין פרוי האָבן זיך שוין געקליבן צו גיין שלאָפן און זיינען שוין געוועזן האַלב אויסגעטאָן.

אַז זיי האָבן זי אזוי שפּעט ביינאכט דערזען, זיינען זיי געבליבן פאַרוואונדערט און צעשראָקן.

— וואָס איז, פּעשע? וואָס האָט אייך געבראַכט אַזוי שפּעט ביינאכט. עפּעס איז געשען?...

— גאָרניט, גאָרניט, איר דאַרפט זיך ניט באַאומרואיקן, האָט זיי פּעשע באַרואיקט אַזוי גיך ווי זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם — איך בין דיך געקומען פרעגן, חיים, צי דו האָסט פּלאַץ פאר מיר צו זיין ביי אייך...

— וואָס רעדט איר, פּעשע? איך פאַרשטיי ניט. וואָס האָט געטראָפן? און וואָס איז מיט בענין?... — האָט דער קוזין מיט ערשטוינונג געפרעגט און מיט אויפגעריסענע אויגן זי אָנגעקוקט.

— וואָס זאָל זיין מיט בענין? ער איז אָלראַיט. אָבער פאַר מיר איז דאָרט איצט ניט קיין פּלאַץ, — האָט די אַלטע פּעשע זיך אַלץ באַמיט צו זיין רואיק, אָבער איר שטימע איז געוועזן געבראָכן און אָנגעזאַפּט מיט טרערן, — פאַרשטייט איר מיך, אז דאָס געשעפט איז ניט גוט געגאַנגען, איז די מאַמע די כפרה, מען איז זיך אזוינע דם שונאים איינע די אַנדערע, אַז מען וויל די מאַמען אויך ניט אָנקוקן. נו, מילא, וואָס זאָל מען טאָן, מסתמא איז אזוי באַשערט פון גאָט. איז וואָס זאָגסטו, חיים, וועסטו מיך קאָנען אָפּגעבן א ווינקל ביי דיר אין הויז?...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זי צוזאַמענגעבראָכן און אַ שטראָם טרערן האָבן אַ שפּאַר געטאָן פון אירע אויגן.

— װאָס רעדט איר, פּעשע? — האָט דער קוזין זי אָנגעהױבן צו באַרואיקן — קומט, זײט דאָ געזונטערהײט, איר װעט בײ אונדז זײן זײער אָנגעלײגט.

דער קוזין מיט זײן פרוי זײנען אַרײן אין צימער, װאו די קינדער זײנען געשלאָפן. גלײך האָט זיך פון דאָרט דערהערט א װעקן פון קינדער און אַ איבעררוקן פון בעטן און אן אױפקלאַפּן פון בעט־געװאַנט. און אַז דאָס אַלץ האָט זיך אײנגעשטילט זײנען דער קוזין מיט זײן פרוי ארויסגעקומען מיט שמײכלדיקע פרײנטלעכע פּנימער און מיט אַן אײדלקײט אין קול געזאָגט:

— קומט, פּעשע, אײער געלעגער איז פאַרטיק, און נעמט זיך ניט צום האַרצן, אין לעבן טרעפט אַלץ...

זײ האָבן איר געזאָגט אַ גוטע נאכט. גלײך איז אין הויז שטיל געװאָרן. די אַלטע פּעשע האָט זיך אַװעקגעלײגט אויף איר געלעגער. אַן אײנגעהױקערטע, אַ צענויפגעקאָרטשעטע, אַ הױפן טרוקענע בײ־נער, איז זי אײנגעװאָרעט געלעגן אין קישן און שטיל אין זיך געװײנט.

# דער שוואַרץ יאָר האָט אים אָנגעטראָגן

## 1

דער מאַנופעקטשורער פון „היי־קלעס דרעסעס" לואי מאַרקוס, האָט געהאַט אַ גוטן פרימאָרגן.

דער סעזאָן איז שוין געווען אין פולן ברען, אין גרויסן שאַפּ האָבן שוין אַ גאַנצן טאָג אין פולן גאַנג פריילעך געזשומעט די מאַ־שינען, וואָס האָט צו אים געקלונגען ווי זיסע מוזיק. און די טירן פון אָפיס און שאָו־רום האָבן זיך ניט צוגעמאַכט. „סעילסלייט" און „בייערס" זיינען אריין און אַרויס, יעדער מיט זיין פריילעכן טומל און אויפגעלעבטן, אייליקן און פאַרנומענעם גערודער. האָט זיך מאַרקוס אַ פריילעכער, אַן אויפגעלעבטער און אַ פאַרנומענער אַרומגעדרייט אין שאָו־רום, זיך געפּאָרעט צווישן די מיט־קליידער באַהאַנגענע אייזערנע שטאַנגען, האָט פאַר יעדן איינציקן געהאַט אַ פאַרטיקן שמייכל און איז צו יעדן איינציקן געווען ווייך ווי פּוטער.

מאַרקוס האָט דעם פרימאָרגן ארייגעקראָגן אַ סך באַשטעלונגען. קליינע און גרויסע; ווי אַ שפּע האָט זיך עס גלייך פון פרימאָרגן אָן אַראָפּגעלאָזן. גלייך ווי ער האָט נאָר געעפנט דעם אָפיס האָבן די בייערס אָנגעהויבן צו קומען, איז ער זיי יעדן איינציקן אַנטקעגן גע־לאָפן מיט זיין „גוד מאָרנינג סער", זיי געשמייכלט גלייך אין פּנים און זיי געלאָפן ווייזן די מאָדעלן.

— וועל, האו דו יו לאַיק איט? סאם סטאַף האַ? (נו ווי געפעלט עס אייך? אָט דאָס הייסט סחורה, האַ?) — האָט ער מיט א שטאָלץ און מיט אַ פריילעכקייט צו זיי גערעדט און שנעל, שנעל געקייט זיין גראָבן ציגאַר, וועלכן ער האָט שוין אַן אויסגעלאָ־

שענעם געהאַלטן אין מויל, געביסן שטיקלעך פון ציגאַר און גע־שפּיגן.

די צוויי הויכע, שלאַנקע און יונגע מאָדעל־מיידלעך מיט די געקרויזטע בלאָנדע האָר, וועלכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אין אָפּיס אין דורכזיכטיק־טולענע „סליפּס״ (אונטער־קליידלעך), וואָס האָבן שטייף ארומגענומען זייערע קערפּערס, אַז אַלע זייערע גלידער האָבן ווי געטאָקטע גאַנץ בולט ארויסגעסטארטשעט און דאָס געזונטע ליידנ־שאפטלעכע לייב זייערס האָט דורך זיי אַרויסגעבליקט, האָבן מאַרקוסן צוגעהאָלפן מאַכן באַשטעלונגען. זיי האָבן דרייענדיק מיט די מיילער, קייענדיק דעם קיי־גומי זיך געהאַלטן אין איין וואַרפן די בייערס אין די אויגן. זיי האָבן זיך מיט זייערע קערפּערס קאָקעטיש געדרייט פאַר די אויגן פון די בייערס, געשאָסן אויף זיי מיט זייערע בליקן און צו זיי געשמייכלט מיט זייערע זיסע שמייכלען, און אַז מאַרקוס האָט אויף זיי געגעבן אַ טו אָן די דרעסעס, האָט עס אויף זיי ווי געזונגען, אַז די בייערס זיינען געבליבן ווי געפּלעפּט און זיי האָבן שוין געגעבן די גרויסע באַשטעלונגען.

מאַרקוס איז פון די באַשטעלונגען אַזש פאַרגאַפט געוואָרן. באַ־זונדערס האָט אים באַגייסטערט איין באַשטעלונג. ניט צוליב דער גרויס, ווי צוליב דער פירמע פון וואַנעט עס איז געקומען. דאָס איז געווען פון אַ גרויס „מעיל־אָרדער״ הויז פון דער וועסט, וועלכע ער האָט שוין לאַנג געזוכט פאַר אַ קונד. האָט ער פון פרייד און באַ־גייסטערונג אַ שטאַרקן קניפּ געטאָן אַ מאָדעל־מיידל אין ווייכן אָרעם און ער האָט דורך דער האַלב־אָפענער טיר, וואָס האָט געפירט פון אָפּיס אין שאָפּ אריין, אַרויסגעשריען צום פאָרמאַן:

— מיסטער הערמאַן! מיסטער הערמאַן, קאָם אָוועֶר היער!

דער פאָרמאַן, אַן עלטערער מענטשל, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און גרויע, ניט אויסגעשלאָפענע אויגן און מיט אַ קליין געוואַנטענעם פאַרטוכל פאַרבונדן אַרום זיך, איז גלייך געקומען צולויפן צום אָפּיס, זיך געשטעלט אין טיר און הכנעהדיק זיך אָפּגערופן:

— יעס, מיסטער מאַרקוס, וואָס ווינטשן זי?

— איר הערט, מיסטער הערמאַן — האָט מאַרקוס ענערגיש, ווי אַרויסגעשאָסן — מיר ווערן ביזי, אָבער שטאַרק ביזי. מען וועט דאַרפן אַרויפנעמען נייע „הענט״, פּיקסט אויס די ליידיקע מאַשינען

און קריגט מיר אַ פּאָר גוטע אָפּערייטערקעס, אָבער אָפּערייטערקעס פֿויִרסט קלעס; מיט פינגער, ניט קיין קאַליקעס. איך האָב געקראָגן אַן אָרדער פון אַ גרויס הויז, דאַרף מען מיט דעם ערשטן אָרדער זיין פּאַרזיכטיק, איר פאַרשטייט?...

און אַז ער האָט אָפּגעפערטיקט מיטן פאָרמאַן, האָט ער זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט נאָך היינט קיין אָנבייסן ניט געגעסן. האָט ער אויף זיך שנעל אַרויפגעכאַפּט דאָס רעקל מיט דעם הוט און איז אַן אויפ־געלעבטער, אַ פריילעכער און אין אַ גוטער שטימונג אַרונטער עסן פרישטיק.

2

דעם פרישטיק האָט מאַרקוס שנעל אָפּגעפּטרט, ער איז אריין עסן אין אַ „קאַפעטעריע". אין גרויס איילעניש האָט ער שנעל און אימפּעטיק אריינגעשלונגען דאָס שפּייז און גלייך געגאַנגען צוריק אין שאָפּ.

גייענדיק פון רעסטאָראַן, אַ זאַטער, אַן אויפגעלייגטער, אַ צו־פרידענער, האָט ער מיט ענטציקונג געקוקט אויף דער ברייטער, מיט זון און ליכט באַגאָסענער גאַס, וואָס האָט געהודזשעט, געטומלט און געקאָכט מיט לעבן און געשעפט; אויף די הויכע, ברייטע, צום הימל פאַרריסענע מויערן, פון וועלכע ס׳האָט זיך געטראָגן אַ הודזשען און אַ רעווען און אַ ברומען פון מאַשינען און אויף די פילע עקספּרעס וועגענער און טראָקס, וואָס זיינען פול געווען מיט פאַרשידענע וואַרעס, מיט שטיקער זיידנס, וואָלנס, פוטערוואַרג, פּאַפּירענע שאַכטלעך און פאַרטיקע קליידער; ער האָט אַלץ מיט משונהדיקער הנאה באַטראַכט און ער האָט אין זיך, מיט באַגייסטערונג ווי גערעדט.

„הו־הא וואַרע, וואַרע, אזוי פיל וואַרע, ביזנעס, ס׳ביזי, ס׳ברענט, ס׳פלאַקערט"...

אויפן וועג האָט ער זיך באַגעגנט מיט פיל באַקאַנטע סיילסלייט און פאַבריקאַנטן, האָט ער, לויפנדיק און איילנדיק, פון דער ווייטנס זיך צו זיי באַגריסט און פון דער ווייטנס הויך אויפן קול מיט זיי זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער:

— העלאָו! העלאָו! ווי גייטס! ביזי? יע? ניין?... ביי מיר איז אַ גוואַלדיקע ביזי... איבערן קאָפּ... פאַרוואָרפן מיט אָרדערס... סאָ־לאָנג... — און דרייענדיק מיט אימפּעט דעם גראָבן ציגאַר אין מויל, האָט ער אַ גוואַלדיקע הנאה געהאַט פון זיך, פון דעם שיינעם, זוניקן טאָג, פון דעם גרויסן טומל און הו־האַ און פון דער גאַנצער וועלט; און זיין האַרץ איז איצט פול געווען מיט פרייד און באַגייס־טערונג פאַר דער גאַנצער וועלט.

ער האָט אויך באַטראַכט די צענדליקע און צענדליקע אַרבעטער, מחנות גאַנצע: עלטערע און מיטליעריקע, אָפּגעלאָזענע מענער, יונגע פאַרפוצטע מיידלעך און דיקע, מיטליעריקע איטאַליענערקעס, וועלכע האָבן זיך גרופּעסווייז געצויגן איבער די טראָטואַרן, געגאַנגען פון געביידע צו געביידע און געקוקט אויף די שילדלעך וואו מען פאַר־לאַנגט אַרבעטער. מאַנכע זיינען באַלד אריין אינווייניק אין די מויערן און נעלם געוואָרן, איינגעשלונגען געוואָרן פון די גרויסע, הויכע מויערן. די איבעריקע זיינען ווייטער געגאַנגען, געקוקט און געלייענט די ווייטערדיקע שילדלעך.

מאַרקוס האָט זיך צו די ארבעטער און צו די שילדלעך גוט צוגעקוקט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אזוי ער אליין פלעגט עס אויך, אָט גאָר ניט לאַנג, ערשט מיט צען יאָר צוריק, טעג גאַנצע אַרומגיין און קוקן אויף די שילדן; זוכן ארבעט ביז די פיס פלעגן אים געשוואָלן ווערן. ער האָט זיך אויך דערמאָנט זיין אַמאָליקע עלנדקייט און אָרימקייט. האָט ער אין האַרצן געדאַנקט גאָט, וואָס ער איז פון דעם פּטור געוואָרן. וואָס ער איז שוין מער ניט לואי דער אָפּערייטאָר, נאָר לואי מאַרקוס, דער רייכער דרעס־מאַנופעקטשו־רער און ער האָט זיך נאָך מער דערפילט צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט.

ביים אריינגאַנג פון דער געביידע, וואו זיין שאַפּ האָט זיך גע־פונען, האָט ער צווישן די פיל אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען און געלייענט די שילדן אָנגעטראָפן אַ מיטליעריקן מאַן, וועמענס פּנים האָט אים אויסגעקוקט זייער באַקאַנט. אויף דער מינוט האָט ער זיך ניט געקאָנט דערמאָנען ווער ס'איז. נאָר אז יענער האָט צו אים אויס־גערופן: „העלאָו לואי!" האָט ער אים שוין אָן דער שטימע, אויך גלייך דערקענט.

דאָס איז געווען זיין אַמאָליקער פריינט, דייוו רובין. „ווי ער האָט זיך פאַרעלטערט און פאַרענדערט!“ — האָט מאַרקוס געטראַכט, און אָנכאַפּנדיק יענעמס האַנט האָט ער זי אָנגעהויבן שטאַרק טרייסלען און ער האָט מיט אַן אויפגעלויכטענעם פּנים אויסגעשריען:

— א, העלאָו, העלאָו, דייוו! זע נאָר ווען איך זע דאָ! נו, וואָס מאכסטע? וואָס טוסטע? נאָך אַלץ אַן אָפּערייטאָר? — און ער האָט יענעם מיט שטאָלצער געהויבנקייט אָנגעקוקט.

לואי מאַרקוס און דייוו רובין זיינען אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, געווען די בעסטע פריינט. רובין האָט מאַרקוסן געלערנט די ארבעט. נאָך דעם האָבן זיי יאָרן־לאַנג געאַרבעט אין איין שאַפּ, זיי זיינען ביידע געווען טעטיק אין דער יוניאָן און זיי האָבן ביידע צוזאַמען ניט איין סטרייק דורכגעמאכט און ניט איין שאָפּ געפּיקעט.

מאַרקוס האָט דייוון געשעצט און פאַר אים גרויס דרך ארץ געהאַט, ווייל ער האָט דייוון געהאַלטן פאַר אַ געבילדעטן, א באַלע־זענעם. ניט איין מאָל, ווען דער באָס פלעגט מיט מאַרקוסן פאַרפירן אַ דעבאַטע וועגן דער יוניאָן, פלעגט פון דער יוניאָן חוזק מאַכן און ער, מאַרקוס, פלעגט אים ניט וויסן וואָס צו ענטפערן, פלעגט ער זיין גאַנצע האָפנונג לייגן אויף דייוון; און בעת דייוו פלעגט דעם באָס געבן דעם ריכטיקן ענטפער, פלעגט מאַרקוס, אַ צעשמאָלצענער פון נחת אויף אים קוקן מיט שטאָלץ און ענטציקונג.

דייוו האָט זיך איצט דערפרייט, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן מאַר־קוסן. פאַר דער גאַנצער צייט, זינט מאַרקוס איז געוואָרן אַ פאַברי־קאַנט האָבן זיי זיך ניט געזען. דייוו האָט אפילו שוין אַ פּאָר מאָל אַ טראַכט געטאָן וועגן ארויפגיין צו אים בעטן אַרבעט, נאָר דאָס האַרץ האָט אים ניט דערלאָזן גיין צו „לואיקן“ (אזוי האָט דייוו, מיט גרינגשעצונג, גערופן מאַרקוסן), בעטן ארבעט. איצט, אז ער גייט שוין אַרום אַזוי לאַנג אָן ארבעט און דער סעזאָן איז שוין באַלד צו ענד, און ס׳האָט זיך געמאכט אַזאַ געלעגנהייט, אַז ער האָט מאַרקוסן צופעליק אָנגעטראָפן, האָט ער שוין אַ טראַכט געטאָן וועגן בעטן ביי אים אַרבעט.

ער האָט עס אָבער ניט געקאָנט טאָן אויף אַ פּשוטן אופן. עס איז אים געווען אומאנגענעם; האָט ער עס געטאָן אויף אַ דיפּלאָ־מאַטישן אופן. פאַררויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס און פאַרהוסטנדיק זיך פון

רויך, האָט ער הוסטנדיק און פּירכענדיק, אזוי ווי פאַרבייגייענדיק, מאַרקוסן אַ פרעג געטאָן:

— וועל, וואָס הערט זיך ביי דיר? ביזט ביזי?

— ביזי, פרעגסטו? — האָט מאַרקוס מיט היץ ארויסגעזעצט, ווי שפּאַרנדיקער דאַמף פון אַן אָנגעהייצטן קעסל — אַלץ הייסט ביזי. איך בין פאַרוואָרפן מיט ארבעט; האָב נאָך אַזאַ ביזי קיינמאָל ניט געהאַט.

— נו, ביזטו אַ גליקלעכער. אין שטאָט איז אזוי ניט ביזי, — האָט דייווו נאָך אַלץ דיפּלאָמאַטיש געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו בעטן ביי מאַרקוסן אַרבעט. און אזוי ריידנדיק וועגן דעם וואָס אין אַנדערע שעפּער איז ניט ביזי, האָט ער שוין מארקוסן דערציילט, וואָס פאַר אַ צרות ער האָט דעם סעזאָן מיט קריגן אַ גוטן פּלאַץ צו דער אַרבעט און ער האָט אים שוין אויך, ווי אַ גוטן פריינט, דערציילט פון זיין נויט און פון זיין אָרימקייט, פינצטערן לעבן.

אין אלגעמיין האָט מארקוס געהאַט א כלל ניט ארויפצונעמען צו זיך אין שאָפּ צו דער אַרבעט פריינט, אָדער באַקאַנטע. נאָר, אַז ער האָט זיך איצט געפילט אין אַזאַ גוטער שטימונג און דאָס האַרץ זיינס איז אים איצט געווען אָנגעפילט מיט פרייד און גוטסקייט צו דער גאַנצער וועלט, האָט אים דייווס לאַגע גערירט און ער האָט זיך צו אים שוין מיט וואַרעמקייט אין קול, אָפּגערופן:

— אויב דו ווילסט דייוו, קום אַרויף צו מיר אַרבעטן. וועסט ביי מיר קענען ארבעטן אַ גאַנצן סעזאָן, ארבעט האָב איך גענוג.

דייוו האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט און איז מיט מאַרקוסן ארויף אין שאָפּ.

3

אַזוי גיך ווי מאַרקוס האָט די פיס ארויסגעשטעלט פון עלעווייטאָר האָט ער דייוון געלאָזט שטיין אין קאָרידאָר און אליין איז ער מיט אַן אימפּעט און האַסט אריין צו זיך אין אָפיס. ער איז ניט אריינגעגאַנגען, נאָר ווי זיך אריינגעריסן, און די דריי־טיר, וואָס פירט צו זיין אָפיס, האָט ער, אריינגייענדיק, געגעבן אַזאַ אימפּעטדיקן שטויס, אַז עס האָט זיך מינוטן־לאַנג געוואָרפן און געוויגט הין און צוריק און זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלן אויף אַן אָרט. ער האָט אויך מיט דעם

זעלבן אימפעט ארונטערגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל מיט דעם הוט, פאַררויכערט אַ ציגאַר, איז איילנדיק אריינגעלאָפן פון אָפיס אין שאָפּ. ער איז שנעל, מיט אַן אומגעצוימטער ענערגיע, דורכגעלאָפן דעם גאַנצן שאָפּ, געווען דאָ, דאָרטן, געגעבן א קוק דאָ, אַ קוק דאָרטן, געזען צי אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג און האָט זיך געקוויקט מיטן שאָפּ און מיטן טומל, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן שאָפּ.

פילנדיק זיך איצט נאָך מער אויפגעלייגט און פריילעך, איז ער, ווי אַלע מאָל, ווען ער פילט זיך אויפגעלייגט, פריילעך און זאַט, מיט אַ ברען און מיט אַ לעבעדיקייט צוגעלאָפן דאָ צו די אָפּערייטאָרקעס, דאָ צו די פינישערינס, דאָ צו די עקזאַמינערינס, האָט באַטראַכט די אַרבעט און בעת מעשה געגעבן איין מיידל אַ קניפּ, אַ צווייטער אַ פּעטשל איבערן פּלייצע, אָדער איבערן האַלדז, אַ דריטער אַ קיצל אונטערן גאָמבע, בעת מעשה ענערגיש געדרייט דעם ציגאַר אין מויל, מיט הנאה געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט און געלאַכט מיט אַ פולן, געזונטן געלעכטער.

— כאַ־כאַ־כאַ — וואַט דו יו סעי, גוירלס? יו לייק איט, האַ? כי־כי־כי... (כאַ ־כאַ־כאַ — וואָס זאָגט איר מיידלעך? איר האָט פון דעם הנאה, האַ?)

פון די מיידלעך, האָבן אנדערע וויטאָגדיק פאַרביסן די ליפּן און פאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט די אויגן און אַנדערע האָבן צו אים געשמייכלט מיט שעפּסענע, אונטערטעניקע שמייכלען און איינע פון די מיידלעך, די דיקלעכע, בלאָנדע ליזע, מיט די רויטע, פולע באַקן און גרויסע לאַכענדיקע אויגן האָט אויף אים אַ גלאַנץ געטאָן מיט אירע לאַכעדיקע אויגן און קאָקעטיש אַ זאָג געטאָן:

— אָה, מיסטער מאַרקוס!...

און אַ פּאָר טיפּע חן־גריבלעך האָבן זיך געשטעלט אין אירע צעפלאַמטע באַקן.

— מיסטער מאַרקוס, — האָט זיך דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון אָפיס ארויס, דערהערט דאָס קוויטשעדיק קולכל פון דער אָפיס מיידל — דער מאַן וואַרט נאָך אַלץ.

מאַרקוס האָט זיך דערמאָנט אָן דיוואַן. איז ער מיט איילנדיקע, ענערגישע טריט צו אים ארויסגעלאָפן, זיך פאַר אים ענטשולדיקט, אים אריינגעפירט אין שאָפּ, איז צוגעלאָפן צום פאָרמאַן, אים עפּעס

געזאָגט, איז גלייך צוריקגעלאָפן צו דייוון און שנעל צו אים אַרויס־געריעדט:

— נו, טו אויס דאָס רעקל. טולס (געצייג) האָסטו? גוט! — און אַרויסשרייענדיק צום פאָרמאַן: — מיסטער הערמאַן, פיקסט אויס אַ מאַשין, אָבער מאַכט עס שנעל! — האָט ער זיך ווי אַ שטורעם דורכ־געטראָגן איבערן שאַפּ און איז אַריינגעלאָפן צו זיך אין אָפיס.

4

לואי מאַרקוס איז געזעסן אין זיין באַקוועמען שטול, ביי זיך אין אָפיס. ער איז געזעסן אין אַן אויסגעצויגן־ליגנדיקער פּאָזע, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן און אָנגעשפּאַרט אָן דעם ווענטל פון שטול, די פיס אויס־געצויגן און אָנגעשפּאַרט אָן אושאַק פון פענצטער און פאַרלייגט איינעם אויפן צווייטן. ער האָט צילּלאָז געקוקט אויפן סטעליע און עפּעס געטראַכט.

ס׳איז געווען בייטאָג, אין אָפיס איז געווען שטיל. ס׳איז אוועק דער יאַריד און טומל פון די „בייערס״ און סיילסלייט און ער האָט געהאַט צייט צו טראַכטן.

וועגן וואָס האָט ער געטראַכט? ער האָט געטראַכט פון אַ סך זאַכן. אין קאָפּ ביי אים האָט זיך געפּלאָנטערט א קנויל פון פאַר־שידענע קלייניקייטן, וועגן זיין געשעפט. נאָר די הויפּט זאַך, וואָס האָט זיך קלאָר אויסגעשיילט פון זיינע איצטיקע טראַכטענישן און האָט אים ניט אָפּגעלאָזט, איז געווען: פאַרוואָס האָט ער אַרויפגענומען דייוון צו דער אַרבעט? צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט?

מאַרקוס האָט חרטה געהאַט פאַרוואָס ער האָט דייוון אַרויפגענומען צו זיך אין שאַפּ. ער האָט זיך צוליב דעם איצט געפילט ניט ניחהדיק און בייז. זיין פּנים איז געווען פאַרוואָלקנט און אין זיין האַרצן האָבן געשטורמט כעסדיקע געפילן.

און אורזאַכן פאַרוואָס ער זאָל חרטה האָבן, האָט ער געהאַט גענוג. ער איז איצט אַ באָס, ער שפּילט אַ גרויסע ראָלע, ער איז איצט לואי מאַרקוס, דער רייכער דרעס מאַנופעקטשורער, ער האָט אַ שאַפּ מיט אַרבעטער וועלכע האָבן פאַר אים מורא, זיינען אים אונטערטעניק, גיבן אים אָפּ כבוד, רופן אים מיסטער מאַרקוס... ער צעשרייט זיך

אַמאָל אויף זיי, און קיינער פון זיי וואַגט אים ניט צו ענטפערן און אַנטקעגן צו ריידן. זיי בלייבן זיצן אונטערטעניקע און שמייכלען צו אים, חנפענען אים, און אין דעם טאָקע פילט ער דעם געשמאַקן טעם פון צו זיין, אַ באַלעבאָס, און אין אָט דעם דאָזיקן געפיל פון זיין איצטיקער מאַכט ליגט אַ היפּשער טייל פון זיין איצטיקן גליק און פרייד אין לעבן. ער פילט אָבער, אַז מיט דייווס אריינקומען צו אים אין שאַפּ, האָט זיך אריינגעכאַפּט א פּגימה אין דער פולקייט און גאַנצקייט פון זיין מאכט ווי אַ באַלעבאָס, אַז אָט דער טייל פון זיין גליק אין לעבן ווערט צעשטערט.

ער פילט, אַז דייוו וועט זיין דער איינציקער אין וועמעס אויגן זיין וואַזשנעקייט ווי אַ באָס וועט קיין ווערט ניט האָבן... דייוו וועט אים ניט רופן „מיסטער מאַרקוס", נאָר איינפאַך לואי, און אַמאָל נאָך אפשר גאָר „לויקע"... ווי ער איז געוואוינט געווען אים צו רופן. מאַרקוס פילט אויך, אַז ער וועט איצט אזוי ניט קענען שרייען אויף די אַרבעטער און זיי לאָזן אזוי שטאַרק פילן זיין מאכט, אז ער וועט זיך איצט מוזן היטן מיט די ווערטער. ס׳וועט אים ניט פּאַסן פאַר דייוון, מיט וועמען ער איז אַמאָל געווען אזוי טעטיק אין דער יוניאָן.

ער האָט געפילט, אז ער וועט איצט ניט קענען זיין פריי ביי זיך אין שאַפּ און ס׳איז אים געוואָרן ביטער אויפן האַרצן און זיין פּנים האָט זיך נאָך מער פאַרוואָלקנט.

און נאָך עפּעס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח און אויפן האַרצן.

מאַרקוס האָט איצט געהאט אלע אורזאַכן צו זיין צופרידן מיט זיין לעבן. דאָס געשעפט גייט גוט, דער סעזאָן א שפעדיקער. ער האָט אַזוי פיל און אזוינע פעטע באַשטעלונגען. ער האָט שוין געציילט און געחשבונט די פּראָפיטן, וואָס ער וועט מאַכן. ער איז א דערפאָלג, א דערפאָלגרייכער ביזנעסמאַן, און זאָט איז ער איצט אויך געווען. ס׳איז ביי אים געווען נאָר וואָס נאָך אַ געשמאַקן מיטאָג און שטענדיק ווען ס׳איז אים גוט אויפן האַרצן, ווען ער איז צופרידן מיט זיך און זיין דערפאָלג, און זאָט איז ער אויך, צעהיצן זיך אין אים די בלוטן און ס׳באַהערשט אים א ברענענדיקער באַגער אביסל א שטיף צו טאָן

מיט די מיידלעך פון שאַפּ, מיט וועלכע ער פלעגט זיך דאָס קענען דערלויבן.

איצט אָבער האָט ער זיך געפילט ווי אַ געפּענטעטער. ער האָט זיך געשעמט פאַר דייוון, פאַר זיין אַמאָליקן גוטן פריינט דייוו, פאַר וועמען ער האָט נאָך אַלץ גרויס דרך ארץ געהאַט. יעדעס מאָל, זייט דייוו איז אַרויפגעקומען ארבעטן אין שאַפּ, ווען ער פלעגט א צעפלאַמטער, א צעהיצטער אריינלויפן אין שאַפּ און פלעגט וועלן צולויפן צו א מיידל מיט איר א שטיפ טאָן, פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן דייוון און ער האָט געפילט פונקט ווי אימיצער וואָלט אים מיט א ברענענדיקער בייטש א שמיץ געטאָן איבער די הענט און אויסגע־שריען: „נעם אַוועק דיינע הענט, דו גראָבער יונג!"

אים האָט זיך געדוכט, אז דייוו קוקט ארויס צו אים פון זיין ווינקל מיט אַ חוזק־בליק, און זיינע אויגן מוסרן אים: „פע לואי, ניט שיין!" אים האָט זיך געדוכט, אז דער גאַנצער שאַפּ איז פול מיט דייווס בליקן און די בליקן לאַכן פון אים, שטראָפן אים און ברענגען אין אים יעדעס שטיקל לייב.

מאַרקוס איז געזעסן אויף זיין שטול אין אָפיס און אריינגעקוקט דורך דער אָפענער טיר אין שאַפּ. ער האָט דערזען די בלאָנדע ליזע צוגיין צו דער וועקסענער פיגור, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פינצטערן ווינקל פון שאַפּ, אָנצומעסטן אַ קלייד... עס האָט אים ווי אַ ריס געטאָן פון אָרט. ער איז אויפגעשפרונגען פון שטול, גענומען האַסטיק לויפן צום פינצטערן ווינקל פון שאַפּ. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אָן דייוון און ער האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשטעלט, ווי זיינע פיס וואָלטן פלוצלונג געליימט געוואָרן. ער איז געלאָפן צוריק צו זיין שטול. ער איז אַ צערייצטער ארומגעלאָפן הין און צוריק איבערן אָפיס, דאָ זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול, דאָ זיך אויפגעשטעלט און ער האָט זיך קיין פלאַץ ניט געקאָנט געפינען.

וואָס ווייטער, אלץ מער האָט אים דייווס אָנוועזנהייט אין שאַפּ געפייניקט און פאַרפאָלגט און אלץ מער אויפגערייצט און אויפגערעגט איז ער געוואָרן.

צו וואָס האָט דער שוואַרץ יאָר אים אַנגעטראָגן ? האָט מאַרקוס רציחהדיק געטראַכט און געוואָרפן בייזע, אויפגערייצטע בליקן צום ווינקל וואו דייוו איז געזעסן פאַרטיפט אין דער אַרבעט.

ער האָט שוין ביי זיך באַשלאָסן דייוון אָפּזוקצושיקן, נאָר אַז ער האָט געהאַלטן ביים אויסשרייען דעם פאָרמאַנס נאָמען, אים אַריינ־רופן אין אָפּיס און אים הייסן ער זאָל דייוון אַוועקשיקן, האָט אים אויסגעפּעלט מוט דאָס צו טאָן. האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיין הוט און רעקל און איז אין גאַנצן אַנטלאָפן פון שאַפּ.

און אויף מאָרגן איז ניט געווען בעסער. אין דער פרי, כל זמן מאַרקוס האָט געהאַט צו טאָן מיט די בייערס און סיילסלייט אין אָפּיס, איז ער מיט זיין געוויינלעכער אימפּעטדיקייט און פאַרנומענקייט ענער־גיש אַרומגעלאָפן איבערן אָפּיס, זיך געפּאַרעט צווישן די אייזערנע שטאַנגען מיט קליידער, לעבעדיק און אויף אַ הויכן קול גערעדט און געלאַכט צו די בייערס און סיילסלייט און געפילט דעם פולן, גאַנצן טעם פון צו זיין אַ באַלעבאָס.

אַזוי גיך אָבער, ווי ער האָט געדאַרפט אריינגיין אין שאַפּ, איז אַלץ פון אים פאַרשוואונדן, און ער האָט זיך דערפילט אַ געבונדענער הענט און פיס. אין שאַפּ איז ער שוין ניט אריינגעגאַנגען מיט זיין געוויינלעכן אימפּעט און ברען, נאָר שטיל און סטאַטעטשנע. מיט לאַנגזאַם־געמאָסטענע טריט איז ער דורכגעגאַנגען דעם שאַפּ, צוגע־גאַנגען צו איין מיידל, צו אַ צווייטער, באַטראַכט די אַרבעט, ניט מער ווי אַ קוק געטאָן און עס אַוועקגעלייגט, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט. איבערן שאַפּ האָט מען איצט מער ניט געהערט זיין שטורמדיקן צעשרייען זיך, אָדער זיין פולן הילכיקן געלעכטער. ער האָט איצט ניט געוואַגט זיך צעשרייען אויף אימעצן אין שאַפּ. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דייוון און זיין געשריי איז, דערשטיקט, געבליבן שטעקן ביי אים אין האַלדז. ווער רעדט אַ שטיף צו טאָן מיט די מיידלעך, זייי אַרומנעמען און קנייפּן זייערע ווייכע לייבער, פון דעם האָט ער אפילו ניט געוואַגט צו טראַכטן.

צוליב דעם איז אים דאָס גאַנצע אריינגיין אין שאַפּ ניט ניחא געווען. ער האָט זיך איצט אין שאַפּ געפילט ווי אויס באָס. ווי אַ פרעמדער אין אַ פרעמדן פּלאַץ. ער האָט זיך אין שאַפּ געפילט

ענג ווי אין א תפיסה... ער האָט זיך געפילט פאַרפאָלגט פון דייווס בליקן... דער גאַנצער שאָפּ, דוכט זיך אים, איז פול מיט זיי, און זיי שטעכן אים און ברענען אים יעדעס שטיקל לייב.

ער האָט געפילט, אז דייוו איז אויף אים עפּעס אַן אומגליק, אַן אָנשיקעניש צו פאַרשטערן זיין איצטיקער גאנצער פרייד אין לעבן... ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. ווי ווערט מען פון אים פטור? אַ ביטערער פאַרדרוס האָט אים געפּייניקט: למאי האָט ער דייוון ארויפגענומען צו דער אַרבעט, ער האָט מיט כעסדיקע און ברענענדיקע אויגן געקוקט אויף דייוון און ביי זיך געטראַכט: „דער שוואַרץ יאָר האָט אים אָנגעטראָגן...

# צוריק אין שאַפּ

1

קיין גאָר גוטער און שנעלער אַרבעטער איז סעם שקאָלניק קיינ־מאָל ניט געווען. באַזונדערס גייט אים די ארבעט שווער לעצטנס, זינט ער איז קראַנק געווען און ער האָט אָנגעהויבן דערפילן די עלטער. וויפיל ער זאָל זיך ניט סטאַרען, קומט קיינמאָל ביי אים ניט אַרויס די אַרבעט ווי עס באַדאַרף צו זיין. דאָ איז דער נאָט צופיל צעצויגן, אָדער צופיל איינגעאַרבעט; אַמאָל זיינען די אַרבל ניט ריכטיק איינ־גענייט; שטענדיק איז אין זיין אַרבעט געווען עפּעס אַ חסרון און שטענדיק האָט זיך איבערן שאַפּ געטראָגן דעם באָסעס אָדער פאָר־מאַנס קול:

— סעם! העי, סעם! קום נאָר אַהער צום פיגור!... וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט?... האָסט דאָך געלייגט אין דר'ערד די גאַנצע אַרבעט!...

אויסער דעם וואָס דער באָס און דער פאָרמאַן געפינען שטענדיק אַ חסרון און מ'גיט אים די אַרבעט איבערצומאַכן, צו פאַרריכטן, קריכט אַלץ ביי אים עפּעס ווי פון פעך. ער וואַרפט זיך און שליי־דערט זיך, יאָגט פון זיך אַרויס די נשמה, האָרעוועט שטאַרק, שוויצט, ריטשקעלעך שווייס רינען פון זיין פּנים, און דאָס העמד זיינס איז אויסצודרייען פון שווייס. ער זיצט אין שאַפּ אַ צוערגערטער, אַ צעקלעמטער. ער האָט, דוכט זיך, גענומען אַ באָנדל ארבעט גלייך מיט די אַנדערע אָפּערעיטאָרס, אָבער איידער ער האָט באַוויזן פאַנאַנ־דערצונעמען דאָס באָנדל און אויסלייגן די טיילען אין קאָרב, אָדער אויף דער קאָזלע, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער מאַשין, האָבן שוין די אַנדערע אָפּערעיטאָרס באַלד אויפגענייט א האַלב קלייד און ביי

אים שטייט די ארבעט אויף איין אָרט. דער טאָג איז שוין באַלד אַוועק און ער האָט נאָך גאָרנישט פאַרדינט — און ער דאַרף דאָך אַזוי פיל האָבן: אַ פרוי מיט צוויי קינדערלעך... און די סלעק איז אַזאַ גרויסע.

און צו די אַלע צרות שטייט נאָך הינטער אים דער באַלעבאָס מיטן דיקן ציגאַר אין מויל. ער דרייט דעם ציגאַר און בייסט אים, נעמט דעם ציגאַר אַלע ווײַלע ארויס פון מויל און שפּייט אויס די אָפּגעביסענע שטיקלעך ציגאַר, בייסט און שפּייט. אין זיינע אויגן שטייט אַ חוזק־שמייכעלע און ער כיכיקעט מיט שפּאָט.

— נו נו, סעם, גיב זיך אַ צאַפּל, אַ שאָקל. וואָס גלעטסטו אַזוי־פיל די דרעס. זי וועט דאָך נאָך אָנפאַנגען צו לאַכן פון אַזוי פיל גלעטן...

אוודאַי אַביסל בלוט קומט סעמען אריין אין פנים. ער ווערט רויט, נאָכדעם גלייך בלייך. ער קוקט שוין אויף קיינעם ניט, נאָר זיצט איינגעגראָבן אין דער ארבעט און גיט א האַסטיקערן יאָג די מאַשין.

ערגער פון אַלץ און שטארק ביטער איז סעמען, ווען ער פאַר־לירט אַ פּלאַץ און ער דאַרף ארויפגיין אויף אַ נייעם פּלאַץ ארבעטן. עס געדויערט לאַנג ביז מען וויל אים נעמען צו דער ארבעט און ביז ער זעצט זיך־איין אין אַ נייעם שאַפּ. עס גייט שוין אַוועק העט־ווייט אין סעזאָן. אַלע ארבעטער ביים פאַך ארבעטן שוין לאַנג און פאַרדינען געשמאַק, נאָר ער איינער דרייט זיך אַרום אָן אַרבעט. ער גייט ארויף יעדן טאָג אויף אַ נייעם פּלאַץ און פאַרנאַכט דרייט ער זיך שוין ווידער אַרום מיט דער שער אין בוזים־קעשענע ארום די הויכע מויערן, וואו די שעפער געפינען זיך, און זוכט באַקאַנטע פאָרלייט, אפשר קענען זיי אים ארויפנעמען אין זייער שאַפּ צו דער אַרבעט... און דער דלות פּייפט אַזוי ביי אים אין שטוב.

ווען סעם קומט נאָך אַזאַ טאָג אַהיים, פילט ער שוין ניט ווי צו עסן וועטשערע. דאָס מויל עפנט זיך אים גאָרניט. אַ מידער, אַ דערשלאָגענער, גיט ער זיך אַ זעץ אויף דער סאָפע און ער שוויגט. שוויגט און טראַכט: „וואָס וועט זיין דער סוף?"

נאָך די אַלע ערגענישן און באַליידיקונגען, וואָס ער שטייט אויס אין שאַפּ, איז דאָס הויז פאַר אים דאָס אָפּרו פּלאַץ, וואו ער קען

אויסרוען זיינע מידע ביינער און וואו ער פילט זיך ווי אַ מענטש מיט ווירדע. און דאָס ווייב זיינס דאָרע, סטאַרעט זיך טאַקע, אַז אין הויז זאָל זיין שטיל און רואיק ווען ער קומט אהיים. ווי נאָר ער גייט אַריין אין שטוב, אַזוי רופט זי זיך אָפּ צום עלטערן יינגל:

— בענעלע, פליעז דארלינג, נעם לילישקען און גיי אריין זיך שפילן אין בעדרום. פּאַפּאַ איז געקומען אַהיים און פּאַפּאַ איז זייער, זייער מיד.

און צו סעמען רופט זי זיך אָפּ:

— קום סעם עסן סאַפּער. גיי וואַש זיך אַרום און קום עסן, — און זי טראָגט אים־צו אַ פריש־אויסגעוואַשענעם האַנטוך.

סעם גייט צום טיש עסן, אָבער דאָס עסן קריכט אים ניט אין האַלדז. ער ווייס, אַז אַלץ איז געבאָרגט און אַז אומעטום זיינען זיי פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ, און ער טראַכט מיט ווייטיק: „וואָס וועט זיין דער סוף!"

2

איינמאָל, ווען דאָרע האָט סעמען דערזען אַהיים קומען אַזאַ צע־ווייטאָקטן און דערשלאָגענעם, האָט זי זיך צו אים אָפּגערופן:

— הערסט, סעם, וואָס איך האָב באשלאָסן: איך גיי ארבעטן... מיר וועלן צוזאַמען מאָרגן אַרויסגיין זוכן אַרבעט... מיר וועלן צו־זאַמען אַרבעטן... ס'איז איצט אין ברען פון סעזאָן, וועלן מיר מאַכן אַ פּאָר דאָלער און ארויסקריכן פון אַלע צרות... און אזוי פיל זאָרגן דאַרף מען ניט; דער הימל ליגט נאָך ניט אויף דר'ערד... זע נאָר ווי דו קוקסט אויס, אַ שענערן לייגט מען דאָך שוין אין קבר.

זי האָט עס אים אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ אימפּעט און קראַפט, מיט אַזוי פיל האַרץ און מיט אזוי פיל בטחון און האָפנונג אין קול, אַז אויך אין זיין האַרץ און אין זיינע אַלע גלידער האָט זיך צעגאָסן אַ הייסער שטראָם פון האָפנונג און בטחון, און ער איז גרייט געווען איר צו פאַלן אויפן האַלדז און אויסקושן יעדן גליד אירן, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט זיך שטענדיק געשראָקן פאַר דעם, אַז זי, זיין פרוי, זאָל דאַרפן זיין זיין פּרנסה־געבערין, און ער האָט זיך שטענדיק מיט אַלע כחות געווערט קעגן דעם, האָט ער איצט צו

דעם שטיל־שווייגנדיק צוגעשטימט און קיין וואָרט פון ווידערשטאַנד ניט אַרויסגעזאָגט. און אַזוי איז עס געבליבן. זי האָט זיך נאָך אין דעם זעלבן אָוונט באַזאָרגט מיט אַ שכנה, יענע זאָל אַכטונג געבן אויף אירע קינדער, ווען זיי וועלן קומען פון סקול, און אויף מאָרגן פרי איז זי צוזאַמען מיט סעמען אַרויס זוכן אַרבעט.

3

דאָרע האָט נאָך מיידלווייז געאַרבעט ביים זעלבן פּאַך און איז געווען אַ גוטע און שנעלע אַרבעטאָרין, זי האָט שוין אָבער זייער לאַנג, זינט נאָך איר חתונה, ניט געאַרבעט, איז זי צום אָנהויב, גלייך ווי זי האָט זיך געזעצט מיט איר מאַן ביים מאַשין, געזעסן מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ. זי האָט מורא געהאַט טאָמער האָט זי שוין פאַר־געסן די אַרבעט, איר אַרבעט וועט ניט טויגן און דער באַלעבאָס וועט איר ניט האַלטן.

פון מורא און האַרץ־קלאַפּעניש האָבן איר טאַקע צום אָנהויב אירע הענט געציטערט און די אַרבעט איז איר ניט געגאַנגען. אַלץ איז איר אויסגעקומען פרעמד, ווי זי וואָלט דאָס קיינמאָל אין לעבן ניט געזען. זי האָט גאָר ניט געקאָנט די הענט פאַרנאַנדערנעמען און אַלץ איז איר פון די הענט געפאַלן. נאָר דאָס האָט לאַנג ניט געדויערט. די נויט אין הויז און איר אַנטשלאָסנקייט, אַז זי מוז אַרבעטן, זי מוז אַרויסהעלפן איר מאַן און אַרויסקריכן פון אַלע צרות, האָבן אין איר גובר געווען די מורא און זי האָט זיך צו אַלץ אַזוי שנעל צוריק צוגעוואוינט אַזוי ווי זי וואָלט מיטן שאָפּ און מיט דער מאַשין זיך גאָר קיינמאָל ניט צעשיידט. זי האָט מיט איר קליינעם שערעלע שנעל איבערגעשניטן דאָס שטריקל פון באָנדל אַרבעט, האָט אויך שנעל פאַרנאַנדערגענומען דאָס באָנדל און שוין — זי רוקט שוין סעמען וואָרע אין האַנט צום נייען.

— נאַ, סעם, מאַך די סליווס (אַרבל).

דאָס אַ זאָג טאָן אירער, „נאַ, סעם, מאַך די סליווס", האָט סעמען ווי אַ ברי געטאָן אין האַרצן. און פאַרוואָס עפּעס גיט זי אים מאַכן די אַרבל, די לייכטסטע אַרבעט פון דער קלייד; עפּעס אַזוי ווי ער

וואָלט געווען אירער אַ לערן־ייִנגל... נאָר ער האָט פאַרביסן די ליפּן און גענומען נייען.

זי, ווידער, דאָרע, האָט זיך צו דער אַרבעט אַ נעם געטאָן מיט אַזאַ ברען און בריהשקייט, אַז איר מאַשין האָט זיך אַזש מיט אַ שטורם און ברומעריי צעטראָגן איבערן שאָפּ און אירע פינגער האָבן שנעל געדרוקט אונטערן מאַשין־נאָדל איין שטיקל וואַרע נאָך דעם צווייטן. אָבער נייענדיק שנעל, האָט זי פונדעסטוועגן ניט פאַרפעלט צו וואַרפן אַן אויג אויף זיין, סעמס אַרבעט.

— סעם, — האָט זי אין דער שטיל, אַז די אַנדערע אַרבעטער זאָלן ניט הערן, צו אים אַ זאָג געטאָן. — ווי נייסטו־צו דעם קאָף (מאַנדזשעט!) אזוי ווי דו נייסט עס צו וועט ניט טויגן, עס וועט אַרויסקומען קרום.

אָבער סעם האָט דאָס מאָל ווי מיט אַן עקשנות זיך ניט צוגעהערט צו איר און געטאָן זיין אַרבעט. אים האָט עס פאַרדראָסן, וואָס זי לערנט אים, ווי ער וואָלט געווען אַ לערן־ייִנגל, און ער האָט שטיל, מיט איינגעהאַלטענעם כעס, צו איר זיך אָפּגערופן:

— הער נאָר, דאָרע, ווי לאַנג איז שוין, אַז דו האָסט ניט געאַרבעט אין שאָפּ! אַ יאָר צען אודאי, טאָ וואָס־זשע לערנסטו מיך ווי צו נייען... מיט צען יאָר צוריק האָט מען אַנדערש גענייט און היינט נייט מען אַנדערש.

— נו, זאָל זיין ווי דו זאָגסט, — האָט דאָרע, ניט וועלנדיק אים ערגערן און אויפרעגן, רעזיגנירט געענטפערט און אים געלאָזט נייען ווי ער וויל.

אַז ער האָט פאַרטיק געמאַכט די אַרבעט און ס'האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז די אַרבעט טויג ניט, — איין זייט פון אַרבל איז לענגער פון צווייטן, — האָט זי אים אפילו מיט קיין וואָרט ניט פאַרגעוואָרפן, האָט שטיל און געדולדיק צעטרענט זיין אַרבעט און עס איבערגעמאַכט.

די גאַנצע צייט וואָס דאָרע האָט פאַרריכט זיין אַרבעט, איז סעם געזעסן ווי אַ באַגראָבענער. די אויגן זיינע האָט ער געהאַלטן איינגעגראָבן אין מאַשין, נאָר בגנבה האָט ער געוואָרפן בליקן צו די איבעריקע אַרבעטער אין שאָפּ, צי זיי זעען עס ניט און לאַכן פון אים ניט אָפּ.

אַז דאָס באַנדל אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן, האָט דער באַלעבאָס גאָר אָנגעקוואָלן פון דער אַרבעט און פון די נייע הענט. ער האָט אָנגעמאָסטן אַ קלייד אויף דער וועקסענער פיגור, געדרייט די פיגור אויף אַלע זייטן, און זיך געשפּיגלט אין דער אַרבעט.

פאַרן אַהיימגיין, ווען דער רויש און ברום פון די מאַשינען האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעהאקט און זיך איינגעשטילט און די אַרבעטער זיינען איילנדיקע, מיט די רעקלעך אָנגעטאָן בלויז אויף איין אַרבל, געלאָפן צו די עלעוועיטאָרס און צו די שטיגן, וואָס שנעלער אַרויס־צולויפן פון שאַפּ, איז דער באַלעבאָס צוגעגאַנגען צו סעמען און דאָרען, צו זיי געשמייכלט מיט אַלע ברייטע שמייכלען וואָס האָבן זיך נאָר געקענט צוגיסן אויף זיין פּנים, און געלויבט זייער אַרבעט.

— איך דערוואַרט אַ גוטן סעזאָן, — האָט ער צו זיי געשמייכלט און מכבד געווען סעמען מיט אַ סיגאַר.

סעם האָט געדאַנקט פאַרן סיגאַר, און פאַרשידענע געפילן האָבן זיך געראַנגלט ביי אים אין האַרצן. דאָס איז אפשר דאָס ערשטע מאָל וואָס נאָכן ערשטן טאָג ארבעט הערט ער ניט די באַקאַנטע ווערטער, וואָס שטעכן אים דורך ווי מיט שאַרפע שפּיזן... „מיסטער, איר זענט ניט קיין באַלמעלאָכע; איך קען אייך ניט נוצן"... דאָס מאָל איז מען אים גאָר מכבד מיט אַ סיגאַר. ער האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט, אַז דאָס איז דאָך אייגנטלעך ניט זיין אַרבעט, וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען, נאָר אירע, דאָרעס אַרבעט; אַז זי, דאָס ווייב זיינס איז דאָס זיין באַשיצערין און פּרנסה־געבערין, און אַן אומעט האָט זיך געלייגט אויף זיין האַרצן.

4

אַ לאַנגע צייט האָט סעם געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין ווייב און זיי האָבן ניט שלעכט פאַרדינט. דער דלות אין הויז האָט אויפגעהערט צו פייפן און דער קאָפּ האָט אים אויפגעהערט צו דאַרן פון שטענדיקן זאָרגן. אין האַנט איז דער דאָלער גראַמער; מען פאַרגינט זיך אַ בעסערן ביסן; די קינדערלעך זיינען אויך בעסער באַקליידט, און מיט דער צייט האָבן זיי נאָך אויך אָנגעהויבן שפּאָרן אַ דאָלער.

געאַרבעט האָבן זיי אין שותפות, אָבער אין דער אמתן איז ער געווען ביי איר ניט מער ווי אַן אַרויסהעלפער. דאָרע האָט אַזוי איינגעטיילט די אַרבעט, אַז אים האָט זי געגעבן די לייכטערע און ניט־וויכטיקע טיילן אויפצומאַכן, און די וויכטיקע, די שווערערע טיילן האָט זי אַליין אויפגעמאַכט. און פון דעם אַליין האָט זיך שוין סעם געפילט באַליידיקט און ס׳האָט אים שרעקלעך געקרענקט.

ער פלעגט זיך נאָך מער עסן און ערגערן ווען ער פלעגט זען, אַז דאָרע האָט שוין באַלד פאַרטיק איר שווערערע טייל אַרבעט, און ער האָט זיין לייכטערע און מינדער־וויכטיקערע טייל אַרבעט אפילו אויף אַ העלפט נאָך ניט פאַרטיק. ער פלעגט זיך אָנהויבן יאָגן, אַר־בעטן שנעלער. ער פלעגט זיך באַגיסן מיט אַ שוויס, ווערן נערוועז. פון אויפרעגונג פלעגט אים די אַרבעט פאַלן פון האַנט, און ווייל ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אָפּמאַכן זיין טייל אַרבעט, פלעגט עס נאָך מער געדויערן און ער פלעגט זיך פון דעם אויפעסן אַ לעבעדי־קער.

אַז זי פלעגט פאַרטיק מאַכן איר טייל אַרבעט, פלעגט זי וועלן אים אַרויסהעלפן, אָבער ער פלעגט עס איר צום אָנפאַנג ניט לאָזן און אַ כעסדיקער זיך צעבייזערן:

— טו דיין אַרבעט און זאָרג זיך ניט וועגן מיר.

אָבער כדי דאָס באַנדל אַרבעט זאָל פריער פאַרטיק ווערן און זיי זאָלן קענען מער פאַרדינען, פלעגט ער סוף כל סוף מיט שטאַרקער אומצופרידנהייט איינשטימען, אַז זי זאָל אים העלפן צו פאַרענדיקן זיין טייל אַרבעט. איידער זי פלעגט די אַרבעט אַוועקטראָגן, פלעגט זי פריער זיין אַרבעט גוט דורכקוקן, פאַרריכטן דאָרט וואו עס איז געווען ניט גוט געמאַכט, און ערשט דאַן עס אַוועקטראָגן צום באָס אָדער פאָרמאַן צום עקזאַמינירן.

סעם האָט גוט געוואוסט, אַז ער שפּילט אין שאַפּ קיין שום ראָלע ניט, אַז ער איז בלויז אַן אַרויסהעלפער ביי זיין ווייב, און אַן אומצופרידנהייט האָט שטענדיק גענאָגט זיין האַרצן. ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען ווי אַ דערשלאָגענער.

ער האָט דערפילט, אַז ער איז אין שאַפּ אַ גאָרנישט, האָט קיין ווערדע ניט, און קיינער האַלט פון אים ניט — ניט דער באָס און ניט אַפילו די אַרבעטער. דאָס איז זי, דאָס ווייב זיינס, די ברויט־

געבערקע, מיט וועמען מען רעכנט זיך. איז אריינגעקומען אין שאַפּ אַ נייע מאָדע צו דער ארבעט, האָט דער באָס צוגערופן דאָרען און איר פאַנאַנדערגעזאָגט ווי די נייע מאָדע דאַרף געמאַכט ווערן; האָט עפּעס ניט געטויגט אין די פּאַרטיק־געמאַכטע ארבעט, האָט דער באָס ווידער זי צוגערופן און צו איר געהאַט טענות — צו איר, ניט צו אים.

סעם פלעגט זיצן אַן אָנגעבלאָזענער, אַן אָנגעדראָלענער א גאַנצן טאָג ביי דער מאַשין און איז געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט.

דאָרע האָט אים קיינמאָל ניט געגעבן צו פילן, אַז זי אַרבעט און אַז זי איז די הויפּט פאַרדינערקע. אדרבה, וואָס נאָר זי האָט געקענט, האָט זי געטאָן ווייכער צו מאַכן די פאַרהאַרטעוועטע, אָנגע־שטרענגטע געפילן זיינע, אום צו מאַכן אים פילן, אַז ער איז דער מאַן, דער באַלעבאָס פון הויז, און זי האָט אַפילו געבעטן דעם באָס, אַז די שכירות זאָלן אויסגעמאכט ווערן אויף זיין נאָמען. און אז דער שאַפּ פלעגט דאַרפן אויסקלייבן אַ קאָמיטעט אויף צו באַשטימען די פּרייזן פאַר דער ארבעט, האָט זי שטענדיק אים געשטופּט אין דעם קאָמיטעט און אליין האָט זי זיך געהאַלטן אין הינטערגרונד.

נאָר דאָך, מיט אַלע אירע באַמיאונגען, האָט זיך געפילט אַ טיפע ענדערונג אין איר זינט זי אַרבעט און פון אַלע אירע גלידער האָט עס ווי אַרויסגעשריען: „איך ארבעט, איך בין די הויפּט־ארבעטאָרין, איך בין די הויפּט־פאַרדינערקע!”...

און איינמאָל, ווען ער האָט זי אָנגעהויבן יאָדן און האָבן צו איר טענות, אַז דאָס הויז איז אָפּגעלאָזט און אַז די קינדער ווערן פאַר־נאַכלעסיקט, האָט עס איר אַזוי פאַרדראָסן און אָנגעצונדן, אַז זי האָט זיך פאַרלאָרן, און אַ כעסדיקע, אַן אויפגערעגטע, מיט טרערן אין די אויגן, אַ זאָג געטאָן:

— אַ, לאָז מיך צורו! גיב אים נאָך א גוטע היים מיט אַלע וויגאָדעס. איך אַרבעט, דוכט זיך, געננוג שווער אין שאַפּ און דוכט זיך, אַז איך פאַרדין אביסעלע מער פון דיר...

די לעצטע ווערטער האָט זי אים שוין אַ זאָג געטאָן מיט אַ שטאָך און סעמען האָט עס אַזאַ ברי געטאָן, אַז דער אָטעם זיינער איז אים אַזש ווי אָפּגעשטעלט געוואָרן.

5

ס׳איז אים זייער ניט גוט געווען, סעמען, און ער האָט גע־וואונשן, אַז ס׳זאָל שוין צו דעם נעמען אַ סוף.

סעם האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַן אויסוועג, ווי ער זאָל פון אָט דער לאַגע אַרויסקריכן. און ענדלעך האָט ער צוגעטראַכט אַ פּלאַן און ער האָט זיך גענומען אים דורכצופירן. ער האָט אָנגעהויבן איינצורעדן זיין ווייב, אז זיי זאָלן אויפגעבן אינגאנצן די ארבעט און זיך קויפן עפּעס אַ געשעפט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ תכלית, — האָט ער איר אָנגעהויבן איינרעדן, — אַז מיר זאָלןביידע ארבעטן אין שאַפּ; מיר ארבעטן און אַרבעטן און האָבן גאָרנישט. אַז מיר וועלן ביידע אַזוי שווער ארבעטן אין אַ ביזנעס, וועלן מיר אינגיכן קומען צו עפּעס.

צום אָנפאַנג האָט זי פון זיין פּלאַן ניט געוואָלט הערן און זען.

— וואָס איז, — האָט זי זיך געקאָכט און געווערט קעגן זיין פּלאַן:

— דיך אַרט שוין, אַז מיר מאַכן אַ שטיקל לעבן און אַז מיר פאַרמאָגן אַן אָפּגעשפּאָרטע פאַר דאָלער. דו ווילסט עס שוין פטרן?... די גרויסע ביזנעסלייט וואָס מיר זיינען... גרעסערע ביזנעסלייט פון דיר דערלייגן היינט די קעפּ...

נאָר אַז ער האָט דאָס ניט אָפּגעלאָזט און האָט טאָג־איין, טאָג־אויס צו איר גערעדט וועגן דעם און אין העלע בילדער איר געשילדערט וואָס פאַר אַ גוטע צוקונפט עס דערוואַרט זיי, ווען זיי וועלן קויפן אַ געשעפט; און אַז ער האָט איר נאָך אַמאָל אויך אַ זאָג געטאָן: אַז ער האָט שוין מער קיין כח ניט צו ארבעטן אין שאַפּ, האָט זי זיך שוין אינגאַנצן דערשראָקן און האָט שוין איינגעשטימט. סעם האָט קיין איבעריקע צייט ניט פאַרלאָרן. צו די פאַר דאָלער וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט צייט זיי אַרבעטן צוזאַמען, האָט ער נאָך צענויפגעקלאַפּט נאָך אַביסל געלט וואָס ער האָט געליען ביי קרובים. ער האָט גלייך גענומען לויפן צו אַגענטן און אין א קורצער צייט אַרום האָבן זיי געקויפט אַ קראָם.

6

געקויפט האָבן זיי אַ קליין, אַלטמאָדיש סטעישאָנערי קרעמל ערגעץ אין אַ שטילן קריסטלעכן געגנט, צו וועלכן מען האָט קיין סך געלט ניט באַדאַרפט האָבן. הינטערן קרעמל זיינען געווען דריי קליינע צימערלעך, וואו זיי האָבן געוואוינט.

געאַרבעט אין קראָם האָט סעם פיל שווערער ווי אין שאָפּ. איז געווען פאַרשקלאָפּט טאָג ווי נאכט, זיבן טעג אַ וואָך. ער האָט די ליכטיקע וועלט און די פרייע לופט ניט אָנגעזען. און אויך אינעם קראָם האָט אים די ווייב געמוזט העלפן און באַגלייך מיט אים געמוזט אַרבעטן און פראַצעווען; און די לייזונג איז געווען אויך ניט קיין גאָר געהויבענע. דער ריינער ריוח איז געווען פיל ווייניקער ווי זיי האָבן ביידע צוזאַמען פאַרדינט אין שאָפּ — שוין מיטן סלעק. און פאַר אַזעלכע גליקן האָבן זיי זיך נאָך באַדאַרפט פלאָגן און שטיקן אין די ענגע פינצטערע צימערלעך הינטער דעם קרעמל, און קיינמאָל איז דאָס עסן ניט געווען אין צייט. אז דאָרע האָט קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו קאָכן אַ לייטישן מאָלצייט. אַט, מ'האָט צענויפגעשטוקעוועט וואָס ניט איז און מען האָט אָפּגעגעסן. פרעג זיי בחרם, וואָס זיי האָבן געגעסן. אויך די קינדער זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן, נאָך ערגער ווי ווען זיי זיינען ביידע געגאַנגען אַרבעטן. וואו האָט זי צייט אויף זיי זיך אַרומצוקוקן! ביידע זיינען שטענדיק, טאָג ווי נאַכט, פאַרשקלאָפּט געווען צום קראָם און סעם האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט אריינצוקוקן אין אַ צייטונג אדער גיין צו אַ מיטינג, וואָס ער האָט עס אזוי ליב געהאט. ער האָט געפילט, אז ער ווערט איינפאַך פאַרגרעבט און אָפּגעשטאָנען.

דאָך איז סעם געווען פון דעם קרעמל צופרידן. ער האָט געפילט, אַז דאָ איז ער באַלעבאָס. ער איז דער הויפּט־פאַרדינער און זי, דאָס ווייב זיינס, העלפט אים בלויז אַרויס... דער טשעק־בוך איז געווען אויף זיין נאָמען... די סעילסלייט האָבן מיט אים געהאַנדלט און אלץ איז געווען מיסטער שקאָלניק... דאָ, אין קראָם, איז ער ניט קיין נאָכשלעפּעניש נאָך דעם ווייבס פאַרטוך, ער האָט זיך דערפילט דערהויבן. מער מענטש. מיט מער ווערדע, און אים האָט שוין ניט

געאַרט די שווערע ארבעט, די לאַנגע שטונדן, דאָס ניט־עסן אין צייט, דאָס פאַרגרעבט ווערן...

איז אָבער דאָרע ניט געווען צופרידן פון דעם לעבן און האָט שטענדיק טענות געהאַט.

צום אָנפאַנג, גלייך ווי זיי האָבן געקויפט די קראָם, האָט זי זיך אָ נעם געטאָן צו דעם געשעפט מיט איר גאַנצן ברען און גאַנצער בריהשקייט. זי האָט די קראָם איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף, האָט אַלץ איבערגעשטעלט, איבערגעאַנדערשט, אַלץ אין קראָם האָט געבלאַנקט, כאָטש זיך צו שפּיגלען אין דעם. זי האָט די ווענט און סטעליע באַהאַנגען מיט פאַרשיידענע קאָלירטע פּאַפּירענע סטענגעס און שפּיצן און אליין איז זי, מיט א פריש־אויסגעפּרעסטער בלוזקע און מיט אַ פרישן ווייסן פאַרטוכל, יעדן טאָג געשטאַנען אין קראָם און האָט מיט אַלע זיסע שמייכלען וואָס זי פאַרמאָגט, גע־שמייכלט צו די קונדן. אָבער די קראָם איז איר גיך מיאוס געוואָרן. די שווערע ארבעט, דאָס ארומיאָגן זיך אַ גאַנצן טאָג פון קראָם אין די צימערלעך און פון די צימערלעך אין קראָם און דאָס אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה ביים ארבעטן אי אין קראָם, אי אין קיך און אי ביים אַכטונג־געבן אויף די קינדער, האָט איר שנעל פון די כחות ארויסגעשלאָגן און איר פאַרמיאוסט דאָס לעבן. עס האָט איר אויך דערעסן דאָס ניט־לעבן ווי אַ מענטש און דאָס ניט־אָנזען די וועלט. זי האָט אָנגעהויבן בענקען נאָכן שאַפּ. זי האָט אָנגעהויבן מיט אומ־צופרידנהייט טענהן צו סעמען, אַז פריער האָט זי, אמת, געאַרבעט שווער, אָבער זי האָט געלעבט ווי אַ מענטש; איז געקומען צווישן מענטשן, און איצט וואָס? ליגט אַ באַגראָבענע אין אַ לעבעדיקן קבר... און בפרט נאָך, אַז קיין גליקן זיינען אויך ניטאָ. זי האָט אָנגעהויבן פאָדערן, אַז מען זאָל פאַרקויפן די קראָם.

סעם האָט אפילו ניט געוואָלט הערן פון פאַרקויפן די קראָם און מיט אַלע כחות וואָס ער האָט פאַרמאָגט האָט ער זיך קעגן דעם געווערט.

ס׳זיינען אָבער אָנגעשטאַנען שלעכטע און שווערע צייטן. ס׳איז אָנגעקומען דער קריזיס, וואָס האָט פאַראַרימט די איינוואוינער פון

געגנט, און די לייזונג איז אויף אַ העלפט געפאַלן. דאָ האָט זיך נאָך פונקט אָנטקעגן זייער קראָם געעפנט נאָך אַ סטעישאָנערי קראָם. דער קאָנקורענט האָט געשניטן די פרייזן, די לייזונג אין קראָם איז פון טאָג־צו־טאָג קלענער און איינגעדאַרט געוואָרן. דער פּראָפיט פון דעם וואָס זיי האָבן שוין געלייזט, איז געווען אזוי קליין און נישטיק, אַז עס האָט אַפילו ניט געקלעקט אויף דעם דירה געלט פאַרן קראָם און די דריי צימערלעך. די קרעדיטאָרן האָבן געמאָנט פאַר דער סחורה און סעם האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. כדי זיך צו ראַטעווען פון די קרעדיטאָרן, האָט ער געליען געלט ביי א סטאָר־אַגענט אויף אַ מאָרטגעידזש און מיט דעם האָט ער זיך נאָך מער געטרונקען און נאָך טיפער געזונקען איבערן האַלדז אין חובות. די קראָם איז איצט ניט געווען זיינע נאָר דעם אַגענטס. פון טאָג צו טאָג איז געוואָרן ערגער. זיי האָבן זיך געוואָרפן און געבלוטעט ווי אַ ניט־דערקוילעט הינדל, און דער סוף איז געווען, אַז די קרעדיטאָרן צוזאַמען מיטן אַגענט האָבן ביי זיי צוגענומען דאָס קרעמל און זיי אַרויסגעוואָרפן אויף צוויי שפּענדלעך.

7

זיי זיינען פון קראָם אַרויס הויל, ווי נאָך א שרפה, און ווי אַן אבל וואָס פאַרלירט דעם ליבסטן און טייערסטן אין דער משפחה, אַזוי האָט סעם מיט טרויער אַ פרעג געטאָן דאָס ווייב זיינס:

— נו, דאָרע, וואָס וועט איצט זיין?

דאָרע, וואָס איז פון דעם קראָם די גאַנצע צייט ניט געווען צופרידן, געוואָלט פון דעם סיי־ווי פּטור ווערן און געווען צופרידן וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, האָט געטענהט און געבעטן, אַז ער זאָל זיך אזויפיל ניט נעמען צום האַרצן. נישקשה, האָט זי אים געטרייסט, כל־זמן מיינע הענט דינען נאָך, וועלן מיר פון הונגער ניט שטאַרבן. און זי האָט אים דערמאָנט וועגן גיין ארבעטן אין שאַפּ.

אָבער ביים דערמאָנען בלויז דעם שאַפּ איז סעמען אַ קעלט דורכגעגאַנגען דורכן לייב. אים האָט זיך דערמאָנט די דערנידערונג און די אַלע בזיונות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין שאַפּ סיי ווען ער

האָט געאַרבעט אליין און סיי ווען ער האָט געארבעט צוזאַמען מיט דאָרען. ער האָט איר אָבער גאָרנישט געזאָגט. וואָס קען ער דען זאָגן? דער פויגעלדיקער באַלמעלאָכע וואָס ער איז?... ער וועט דען אליין קענען קריגן אַרבעט און זיך איינזעצן אין אַ שאַפּ?... און עפּעס טאָן מוז מען דאָך. עסן געבן די קינדער מוז מען דאָך... האָט ער געשוויגן. ער האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געבליבן זיצן אַ צעווייטאָקטער, און אַז אויף מאָרגן פרי האָט דאָרע צו אים אַ זאָג געטאָן: „נו, סעם, קום, לאָמיר אַרויסגיין אַ זוך טאָן אַ שאַפּ צו אַרבעטן", האָט ער שווייגנדיק אריינגערוקט די שער זיינע אין בוזעם־קעשענע און אַ דערשלאָגענער געהאָרכזאַם נאָך איר נאָכ־געגאנגען און דעם גאַנצן וועג ניט אויסגערעדט קיין וואָרט.

# צוליב דער שיינער טאָכטער

1

קיין גרויס נחת האָט מאיר רעלקין ניט פון זיין ניינצן יאָריקער טעכטערל רעי. קערפּערלעך איז זי דוקא אַ פיין־אַנטוויקלטע און זייער אַ שיינע פון וואָס די מאַמע קוועלט אָן. זי איז אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ פּאָר גרויסע, לעבעדיקע, שוואַרצע אויגן, אין וועלכע עס שטייט שטענדיק אַ וואַרימער שמייכל, מיט אַ שאַרף־פּאַרריסן נעזל, מיט אַ וואַלד געדיכט־געקרויזטע האָר און מיט טיפע חן־גריבעלעך, וואָס שניידן זיך איין גלייך לעבן איר פיין מאָדעלירטן מויל. זי איז אָבער ניט קיין לייט, ווי מאיר האָט געוואָלט זי זאָל זיין. און ער האָט פון דעם גרויס עגמת־נפש. זי האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט לערנען, האָט אפילו ניט געענדיקט היי־סקול. איז כסדר געשטאַנען אויפן ראָג מיט בחורים, געדזשיגעט און געוואָרפן מיט די פיס און געלערנט אַלע בחורים פון בלאק די נייסטע טענץ, אין וואָס זי איז געווען אַ מומחה און רק זי קייט קיי־גומי. מאָלט שטענדיק מיטן מויל און קייט אָן אַן אויפהער.

— וואָלסט אפשר אויפגעהערט אַמאָל מעלה־גירה זיין ? וואָס קייסטו דאָרט שטענדיק ? עס גייט שוין איבער די גאַל ! — צעבייזערט זיך אויף איר מאיר.

זי ענטפערט אים אָבער אויף זיין געשריי מיט דעם וואָס זי גיט שנעל, שנעל אַ צי מיט צוויי פינגער די קיי־גומי פון מויל, ציט עס אויס אין אַ לאַנגן דינעם שנירעלע און מניה־וביה, און טאַקע אויך אַזוי שנעל שטופּט זי עס צוריק אריין אין מויל און הויבט אָן נאָך מיט מער אימפּעט און התמדה קייען.

געטאָן האָט זי אויך גאָר ניט. קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג האָט זי ניט געהאַט. פלעגט אַמאָל אויף אַ ווייל קריגן אַרבעט, אַמאָל

ווי א סיילסלידי אין אַ קראָם און אמאָל ווי א בילעטן־פּארקויפערין אין אַ מואווי־טעאַטער. זי האָט אָבער די שטעלע ניט אָנגעהאַלטן לאַנג. איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז שוין געווען אויס שטעלע.

מאירן האָט עס שטאַרק געקרענקט וואָס זי איז ניט קיין לייט. ער האָט זיך פון דעם אויפגעגעסן אַ לעבעדיקער. ער האָט אין איר אַריינגעלייגט גענוג רייד און מוסר. אָבער זיינע רייד און סטראַשונקעס האָבן גאָר ניט געהאָלפן. אויף אַלע זיינע טענות האָט זי געענטפערט:

— „פּאַ, יו אַר אָלד־פעשאָנד״... (טאַטע, דו ביזט אַלטמאָדיש.)

און זי האָט געטאָן דאָס איריקע, איז געשטאַנען אויפן ראָג מיט בחורים. געקומען אַלע נאַכט שפּעט אַהיים און די מאַמע האָט זיך שוין פון די כוחות ארויסגעשלאָגן פון ניט דערשלאָפן, פון זיצן גאַנצע נעכט ביים פענצטער און אָפּוואַרטן דאָס טעכטערל.

נאָכדעם האָט זי זיך אריינגענומען אין קאָפּ אַ נייע באַשעפטיקונג. זי וויל זיין אַ מאָדעל־מיידל און צוליב דעם זיינען אין הויז פאָרגעקומען שאַרפע און ביטערע מחלוקתן צווישן מאירן און זיין טעכטערל. מאיר האָלט ניט קיין סך פון די מאָדעל־מיידלעך. ער זעט ווי זיי פירן זיך אויף מיט די בעלי־בתים און די בייערס אין שאַפּ וואו ער אַרבעט און ער האָט פון זיי ניט קיין געהויבענע מיינונג. איז ער געווען קעגן אַז רעי זאָל ווערן אַ מאָדעל־מיידל.

— קיין אַנשטענדיקערע באַשעפטיקונג האָסטו שוין ניט געקענט אויסטראַכטן? אַ מאָדעל־מיידל גאָר! — האָט זיך מאיר צעקאָכט אויף זיין טעכטערל.

— פאַרוואָס ניט? — האָט אים רעי אָנגעקוקט פאַרחידושט — פאַרוואָס ניט אַ מאָדעל־מיידל? עס איז אַ גאַנץ גוטע שטעלע. עס באַצאָלט זיך גוט, און מען קען האָבן אַ סך „פאָן״!

— פאָן, פאָן, אַלץ וואָס דיך ליגט אין זינען איז פאָן! — האָט זיך מאיר נאָך מער געקאָכט און ער האָט שוין מער קיין געדולד ניט געהאַט צו לייענען די צייטונג.

— פּאַ, — האָט רעי געזאָגט אַנטשלאָסן — עס וועט דיר גאָר ניט העלפן. איך וועל זוכן אַ שטעלע פאַר אַ מאָדעל־מיידל.

— זוך, זוך און טו וואָס דו ווילסט! — האָט מאיר רעזיגנירט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און ווידער גענומען לייענען די צייטונג. אָבער די ווערטער פון צייטונג זיינען אים שוין ניט געקראָכן אין קאָפּ.

2

רעי האָט געקראָגן אַ שטעלע ווי א מאָדעל־מיידל פריער ווי זי האָט דערוואַרט און טאַקע דורך מאירן אַליין און דוקא אין דעם שאָפּ וואו ער ארבעט, און געקראָגן האָט זי די שטעלע אַ דאַנק אַ שיינהייטס־קאָנטעסט.

מאירס ניינצן יעריקע טעכטערל האָט געוואונען אין אַ שיינהייטס־קאָנטעסט וואָס אַ מואווי־טעאַטער פון געגנט האָט דורכגעפירט. איר בילד איז נאָכדעם געווען געדרוקט אין דער לאָקאַלער זונטיק־צייטונג און צוליב דעם טאַקע האָט זי געקראָגן די שטעלע אין מאירס שאַפּ. ווי אַ מאָדעל־מיידל.

סיי מאיר און סיי זיין ווייב דאָבע האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט דעם וואָס זייער טעכטערל האָט געוואונען דעם קאָנטעסט. למאי זאָל ער עס לייקענען. עס איז ביי אים געווען אַ גרויסער נחת. און דער־הויפּט האָט זיך געפילט גליקלעך דאָבע. ביי איר האָט זיך שוין די פאַנטאַזיע גאָר צעשפּילט און זי האָט שוין געזען איר שיין טעכטערל ווי א באַרימטע מואווי אקטריסע. מאיר האָט אָבער געהאַט ערגערניש פון רעיס בילד וואָס איז געווען געדרוקט אין צייטונג.

ער האָט געקוקט אויף זיין טעכטערלס בילד אין צייטונג, ווי זי שטייט כמעט אַ נאַקעטע אין אַ באַד־קאָסטיום און דער גאַנצער נחת וואָס ער האָט געהאַט פון איר געווינען דעם קאָנטעסט איז אים צעשטערט געוואָרן.

— זאָג מיר נאָר, רעי, קיין שענער בילד האָסטו שוין ניט געקענט געפינען אָפּצודרוקן אין צייטונג? — האָט מאיר געהאַט טענות צו זיין טאָכטער.

— אָה, פּאַ, יו אַר אָלד־פעשאָנד, — האָט זי אים אַ לאַך געטאָן אין די אויגן און ווי אַ וויכער זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער שטוב אין אַ טאַנץ.

ווען מאיר איז אויף מאָרגן, מאָנטיק פרי, אריינגעקומען אין שאַפּ האָט זיך שוין דאָרט געררודערט מיט דער נייס וועגן רעיס געווינען דעם שיינהייטס־קאָנטעסט. נאָך דעם אופן ווי אַלע האָבן אים אָנגעקוקט האָט שוין מאיר דערפילט, אז ער און זיין טעכטערל זיינען שוין געווען אויף אַלעמענס צינגער, און ער האָט געהאַט אַ צווייענדיק געפיל, ער האָט זיך אי געפילט שטאָלץ וואָס זיין טעכטערל האָט געוואונען דעם שיינהייטס־קאָנטעסט און אי דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט פון בושה איבער דעם בילד פון זיין טעכטערל וואָס איז געווען געדרוקט אין צייטונג. האָט ער פאַרלאָרן געשמייכלט און מיט אַ שטילן גוט־מאָרגן, זיך, ווי אומבאַמערקט, אַוועקגעזעצט ביי זיין מאַשין.

ער האָט אָבער לאַנג ניט באַדאַרפט וואַרטן. גלייך ווי מען האָט געלאָזן גיין די עלעקטריק און די מאַשינען האָבן זיך צערעדט מיט אַ ברומעריי, האָט אים דעם ערשטן פינצטערן ברוך־הבא געגעבן איזי דער אָפּערייטאָר, דער לאַנגער איזי מיטן קאַסאָקן אויגל און מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן גאָרגל וואָס לויפט אַרום הין און צוריק ווי קוועקזילבער ביי אים אין האַלדז.

— געזען דיין מיידלס פיקטשע אין נעכטיקן פּייפּער, — האָט איזי אַ לאָז טוענדיק מיט אַ הוזשעריי זיין מאַשין, אַ זאָג געטאָן צו מאירן — נישקשה פון אַ פּרויקעלע... דו ביזט שוין אַל־רייט מאיר, דאַרפסט זיך שוין ניט זאָרגן מיט אַ לעבן מאַכן... אַז מען האָט אַזאַ טעכטערל, מיט אַזאַ פיגורקעלע קען מען שוין מאַכן אַ פיין לעבן... — און זיין קאַסאָקע אויגל האָט גנבהש אַ וואונק געטאָן צו די איבעריקע אַרבעטער.

— וואָס מיינסטו מיט דעם, דו קאַסאָקע שלאַנדרע? — האָט זיך מאיר געגעבן אַ שטעל אויף און זיין פּנים איז פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט — אויב דו פאַרמאַכסט ניט דיין טריפהנעם פּיסקאַטש, צעפּלעט איך דיר דעם קאָפּ! — און פון אויפרעגונג האָבן אים אַזש געציטערט די ליפּן.

— הער זיך ניט צו וואָס ער באַלאַקעט דאָרט, קאָנסט ניט איזין?
— האָבן אים איניקע ארבעטער געפרובירט באַרואיקן און צו איזין האָבן זיי אַ געשריי געטאָן:

— העי, איזי, נעם שוין דאָרט איין שטומעניש אַמאָל!

מאיר איז פון איזיס ברוך־הבא געבליבן זיצן ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע וואַסער און זיינע ליפּן האָבן געהאַלטן אין איין ציטערן.

מיטאָג צייט איז צו מאירן צוגעקומען איינער פון די בעלי־בתים, דער יינגערער גליקשטיין, דער אויסגעפּוצטער פראַנט, און מיט דעם גלאַט פאַרקעמטן קעפּעלע, אזוי גלאַט, אַז יעדעס הערעלע איז געווען ווי צוגעקלעפּט צום קאָפּ. ער האָט מיט די ליפּן ענערגיש געצויגן אַ ניט־אָנגעצונדענעם ציגאַר און זיין גאַנצער פּנים איז געווען איין שטיק שמייכל.

— איך וויל דיך באַגריסן, מאיר, — האָט ער צו אים צוקער־זיס גערעדט — זייער אַ שיין מיידל דיין טאָכטער. סעי, מאיר, פאַרוואָס האָסטו גאָר ניט געזאָגט, אז דו האָסט אַזאַ שיין מיידל? אָ, באָי, אָ, באָי!...

מאיר האָט מיט א צופרידענעם שמייכל באַדאַנקט דעם באָס זיינעם.

— טהענק יו, מיסטער גליקשטיין, טהענק יו!...

און דער יינגערער גליקשטיין האָט נאָך אַלץ ענערגיש און שנעל געצויגן מיט די ליפּן דעם ניט־אָנגעצונדענעם ציגאַר און אַ נעם טוענדיק פּלוצלונג מאירס אַ שטיקל אַרבעט, וועלכעס ער האָט באַטראַכט פון אַלע זייטן און פון וואָס מאירן איז איינגעפאַלן דאָס בלוט, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן:

— נו, און ארבעטן, ארבעט זי שוין ביי עפּעס? האָט אַ דזשאָב? אויב ניט, קען איך זי נעמען פאַר אַ מאָדעל־מיידל. ברענג זי מאָרגן אַרויף אין שאַפּ, וועלען מיר זען.

גליקשטיינס אָנבאָט האָט מאירן אין גאַנצן צעטומלט און ער איז באַהערשט געווען פון געמישטע געפילן. ער איז געווען צופרידן וואָס זיין באָס גיט זיין טעכטערל אַ שטעלע. „עפּעס אַ קלייניקייט היינטיקע צייטן אַ דזשאָב" — האָט ער ביי זיך געטראַכט — וואָס וועט זיין דער תכלית פון איר אַרומגיין שלינג און שלאַנג. זי איז שוין אויפן צוואַנציקסטן יאָר... ער האָט דען כוח איר אויסצוהאַלטן? אַ דער־וואקסענע מיידל, זי דאַרף אַזוי פיל האָבן"... ער איז אָבער שטאַרק ניט געווען צופרידן מיטן דזשאָב פון אַ מאָדעל־מיידל. איז ער געזעסן

אין אַ פאַרלעגנהייט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי אים דאַנקען אָדער ניט.

ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז עס פּאַסט ניט, האָט ער גליקשטיינען באַדאַנקט און פּרובירט אַ רעד טאָן מיט אים וועגן אַנ־אַנדערע ארבעט.

— אַ דאַנק אייך, אַ דאַנק אייך, זייער פיין פון אייך, מיסטער גליקשטיין, — האָט מאיר געשמייכלט צום באָס זיינעם מיט אַלע אָדערלעך און קנייטשעלעך פון זיין פּנים — באָט, מיסטער גליקשטיין, איך ווייס... אפשר עפּעס אַן אַנדער דזשאָב... זי וועט דען זיין גוט פאַר אַ מאָדעל־מיידל ?

— פאַרוואָס, מאיר ? — האָט גליקשטיין נאָך שנעלער און ענער־גישער אָנגעהויבן ציען מיט די ליפּן דעם ניט־אָנגעצונדענעם ציגאַר — וואָס איז ? אַ מאָדעל־מיידל טויג ניט ? אַ שלעכטער דזשאָב אפשר ?... סטייטש ? אדרבה. דו דאַרפסט זיך פילן גליקלעך, מאיר... מיט איר פיגור וועט זי מאכן אַ „היט"... (א פּוראָר) — און ער איז מיט שטילע טריט אוועק פון מאירן.

מאיר איז שוין דעם גאַנצן צווייטן האַלבן טאָג געזעסן אין שאָפּ ווי אַ צעמישטער און ניט געוואוסט ווי צו באַשטימען.

פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען אַהיים פון שאָפּ און דערציילט פון זיין באָס גליקשטיינס אָנבאָט, איז אויף דער פרוי זיינער, דאָבען, ניט געפעלן געוואָרן די שטעלע. זי האָט פאַרקרימט די נאָז און אַן אומצופרידענע אַ בורטשע געטאָן :

— הום, קיין בעסערן דזשאָב האָט ער שוין ניט פאַר איר ווי אַ מאָדעל־מיידל ? כדאַי טאַקע געווען צו געווינען דעם ביוטי־קאָנטעסט.

אָבער דעם טעכטערל זייערס, רעין, איז דוקא שטאַרק געפעלן געוואָרן די שטעלע און זי האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט.

— עס איז אַ גוטער דזשאָב, מאַ, און איך וועל אים אָננעמען, — האָט רעי פודערנדיק איר נעזל מיט באַגייסטערונג גערעדט אין שפּיגל אַריין, גאָר ניט קוקנדיק אויף טאַטע־מאַמע און גענומען אָנטאָן דעם הוט אויף אַוועקצוגיין.

קיין גאָר גרויסע דעה האָבן טאַטע־מאַמע ביי איר ניט געהאַט. איז זי אויף מאָרגן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס מאיר מיט זיין ווייב

זיינען ניט געווען צופרידן מיט דער שטעלע, אַוועק אין גליקשטיינס שאָפּ און געוואָרן אַ מאָדעל־מיידל.

3

די שאָו־רום איז פון שאָפּ געווען אָפּגעצאַמט מיט אַ דין הילצערן ווענטל, אָבער פאַר די אַרבעטער פון שאָפּ איז עס געווען ווי פאַר־צוימט מיט אַ דיקער און שטאַרק פאַרמויערטער וואַנט און די אַרבעטער האָבן זעלטן ווען אריינגעקוקט וואָס אויף דער צווייטער זייט פון ווענטל טוט זיך. און הגם זינט זיין רעי איז אָנגעקומען אַרבעטן ווי אַ מאָדעל־מיידל זיינען פאַר מאירן אַלע טירן און טויערן פון שאָפּ געעפנט געוואָרן און צוליב דעם זכות פון דער טעכטערל האָט ער געקענט פריי ארייגגיין אין שאָו־רום, ווען ער וויל, איז ער פונדעסטוועגן קיינמאָל דאָרט ניט אַריין. ער האָט שוין געוואוסט וואָס ער קען דאָרט זען. מישטיינס געזאָגט, וואָס וועט ער דאָרט זען, ווי זיין טעכטערל גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג אַ האַלב־נאַקעטע אין בלויזן „סליפּ" און האָט גאָר קיין חרפּה און בושה ניט? עך, זאָלן עס שוין בעסער זיינע אויגן ניט זען. איז ער טאַקע קיינמאָל ניט אַריין אין שאָו־רום און אַז איינמאָל האָט ער דאָרט עפּעס באַדאַרפט האָבן, און ער האָט דערזען ווי דער באָס, דער יונגער גליקשטיין, איז צו זיין טעכטערל געקראָכן מיט זיינע הענט און ווי זי, רעי, איז געשטאַנען ווי אַ קאַלב און נאָך געקוואַלן, נאָך אים פאַרקוקט מיט אַ געלעכטערל אין די אויגן, האָט ער געפילט ווי זיך צו באַגראָבן פון שאַנדע. ער האָט געהאַט אַ געפיל ווי צוצולויפן און ביידן גוט אויספּראַסקען, נאָר ער האָט צו דעם קיין מוט און קיין כוח ניט געהאַט, האָט ער אַ דער־צאָרנטער, אַן אָפּהענטיקער און א פאַרשעמטער, זיך קוים דערשלעפּט צוריק צו זיין מאַשין.

— וואָס קוועלט זי נאָך און וואָס שטשירעט זי נאָך מיט די ציין, וואָס? — האָט ער זיצנדיק ביי דער ארבעט זיך ניט געקענט בארויקן און פון זיין האַרצן האָט זיך געגאָסן בלוט.

יענעם אויפדערנאַכט, ווען זיין טעכטערל איז געקומען אַהיים, האָט ער איר געגעבן אַ שוואַרצע גאָב, אָבער זי האָט זיך פון אים

אויסגעלאַכט און זיך נאָך אויף אים צעשריען פאַרוואָס ער קומט גאָר אַריין אין שאָו־רום וואו מען באַדאַרף אים ניט.

— פאַ, — האָט זי, קייענדיק שנעל, שנעל די קיי־גומי, אים שטרענג געענטפערט — ס'איז ניט דיינע ביזנעס. איך האָב אַ סך פאַן און מיש זיך ניט וואו מען דאַרף ניט. איך וועל דיך ניט פרעגן...

— אויף אַזאַ גאָב פון זיין טעכטערל האָט ער זיך שוין גאָרניט געריכט.

„אַז פאַרברענט האָט באַדאַרפט ווערן דער קאָנטעסט מיט אַלץ און אַן אַנדער!" — האָט ער אַ צעצאָרנטער געטראַכט און ער איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער.

מילא, דאָס וואָס זי טוט אין שאָו־רום און ווי זי פירט זיך דאָרט אויף מיט די בייערס, מיט דעם וואָלט ער שוין אפשר שלום געמאַכט. וואָס קען ער זיך העלפן? אריינגעפאַלן און פאַרפאַלן. איז אָבער נאָך די צרה וואָס די טעכטערל זיינס האָט אָנגעהויבן אַזוי אַ מיטן בלויזן „סליפּ" און מיט איר האַלב־נאַקעטן הילוך אויך אריינקומען אין שאַפּ. זי איז ביי די בעלי־בתים זיינע, ביי די גליקשטיינס, דערהויפּט ביי דעם יינגערן גליקשטיין, ביי דעם אויסגעפּוצטן פראַנט מיט די גלאַט פאַרקעמטע האָר, געוואָרן אַ גאַנצע דעה זאָגערין. זי איז ביי אים געוואָרן די הויפּט מאָדעל־מיידל און אַז דער דעזיינער דאַרף אָנמעסטן אַ נייע מאָדע, מעסט ער דאָס אָן אויף איר און אז אַ פאַרטיקע קלייד איז עפּעס ניט גוט אויפגעארבעט און מען דאַרף עפּעס פאַרריכטן, ברענגט זי עס אריין אין שאַפּ. זי קומט אַריין אין שאַפּ אין איר האַלב־נאַקעטן הילוך מיט דעם קורצן „סליפּ" וואָס דערלאנגט ניט צו די קני, מיט די הוילע אָרעמס און האַלב־אָפּגעדעקטע בריסט. זי גייט דורך דעם שאַפּ, מאָלט שנעל, שנעל מיטן מויל די קיי־גומי, אויפן טאַטן גיט זי אפילו ניט אַ קוק, אַט אַזוי ווי ער וואָלט זיך גאָר ניט געפונען אין שאַפּ. מאיר פילט ווי די אויגן פון אַלע מענער אין שאַפּ שפּיזלען זיך אָן אויף איר. ער דערפילט זייערע טריפהנע גע־דאַנקען וואָס באַהאַלטן זיך הינטער זייערע בליקן און זייערע בליקן אויף זיין טעכטערל שטעכן אים דורך ווי מיט נאָדלען.

אָבער ערגער װי אַלץ זײנען די װערטלעך און די אָנצוהערענישן װאָס הױבן אָן פֿליען פֿון אַלע זײטן נאָכדעם װי זי גײט אַרױס פֿון שאַפֿ צוריק אין שאָו־רום.

אָט אַזױ זיך, װי גאָר ניט מײנענדיק און װי גאָר ניט האָבנדיק מאירן אין זינען, ניט קוקנדיק אפילו אויף אים, האָט איזי דער לאַנגער אַרױסגעלאָזן אַ זיפֿץ אײנמאָל, נאָכדעם װי דאָס טעכטערל זײנס, רעי איז מיט איר האַלב־נאַקעטן הילוך דורכגעגאַנגען דעם שאַפּ און אַ צװײטער אָפּערײטאָר, דער רױטער טשאַרלי, מיט די זומער־שפּרענ־קעלעך, האָט אים אַ פֿרעג געטאָן:

— װאָס זיפֿצסטו, איזי, װאָס איז, דײנע שיפֿן זײנען אונטער־געגאַנגען?

— איך זיפֿץ, — האָט דער לאַנגער איזי געענטפֿערט און זײן קאָסאַקע אױגל האָט ממזריש געשמײכלט — װאָס ס׳איז ניטאָ קײן מזל, װען איך האָב אַזאַ פּרױקעלע װאָלט איך שױן געקענט לעבן נאָך אַ פּופּציק יאָר אָן אַ װײב.

און אַלע אָפּערײטאָרס האָבן זיך צעלאַכט.

בײ מאירן האָט זיך דאָס בלוט געגאָסן פֿון האַרצן. ער האָט געפֿילט װי צוצולױפֿן צום לאַנגן איזי און אַזױ אָנהױבן שטיקן דעם גרױסן גאָרגל זײנעם, אַז די אױגן פֿון קאָפּ זאָלן אים אַרױסגעזעצט װערן צו אַלדי שװאַרצע יאָר. ער האָט זיך אָבער דערפֿילט עפּעס אַזױ מאָדנע אָפּגעשװאַכט, אַז די פֿיס זײנען אים געװאָרן װי געלײמט און די הענט װי אָפּגענומען, איז ער געבליבן זיצן הילפֿלאָז אױף זײן פּלאַץ. אָבער דאָס בלוט האָט אין אים געקאָכט.

— נאָ, מױד, דו בלײבסט אין הױז! מער װעט דײן פֿוס ניט געדאַכט װערן אין גליקשטײנס שאַפּ, הערסט װאָס מען זאָגט דיר, מױד?... אַז פֿאַרברענט זאָל דער שאַפּ װערן מיטן דזשאָב צוזאַמען...

— האָט מאיר יענעם אָװנט מיט ביטערניש און צעקאָכטקײט געזאָגט צו זײן טעכטערל, גלײך װי זי איז אַרײן אין שטוב.

און אָפּגעזאָגט זײנס האָט ער דערפֿילט גלײך װי אַ שװערע משא װאָלט אים אַרונטער פֿון האַרצן.

— און װער גיט עס מיר דעם באַפֿעל, האַ? דו? אַ, מאַך זיך ניט צום נאַר! — האָט אים דאָס טעכטעריל טראַציק אָנגעקוקט און

אַרויסגעלאָזן א קורץ אָפּגעהאקט געלעכטערל אין וועלכן עס איז געלעגן אַ גרינגשעצונג און אַ חוזק.

מאיר האָט זיך דערפילט, ווי מען וואָלט אים מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ געגעבן און ער האָט זיך אָנגעהויבן ווערגן מיטן אייגענעם אָטעם.

ער האָט זיין טעכטערל גאָר ניט געענטפערט, נאָר אויף מאָרגן, ווען ער האָט אין שאָפּ פאַרטיק געמאַכט זיין באַנדל אַרבעט, האָט ער מער קיין אַרבעט ניט גענומען. ער האָט צענויפגעקליבן זיין מאַשין־געצייג, האָט זיין גרויסע שער אריינגעשטעקט אין בוזים־קעשענע פון מאַנטל, האָט אַריינגעטראָגן דאָס פּעקעלע „פּעי־טיקעטס" אין אָפיס, עס איבערגעגעבן צום ייִנגערן מר. גליקשטיין און זיך צו אים אָפּגערופן:

— איך בין סאָרי, מיסטער גליקשטיין, איך מוז פאַרלאָזן דעם שאָפּ. ס'וועט זיין גענוג אַז אין אייער שאָפּ וועט זיך געפינען איינער פון דער רעלקין פאַמיליע... — און איז אַרויס פון שאָפּ.

**
*

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ שליכאָטנער. אַ נאַסער שניי איז געדיכט געפאַלן, און מאיר רעלקין, אַ דורכגענעצטער פון קעלט, האָט זיך געשלעפּט פון איין שאָפּ־געביידע צו דער צווייטער, האָט איבערגעקוקט אַלע טאָוועלנע „סיינס" וואָס זיינען אויף שטריקלעך אַרונטערגעהאַנגען ביים אַריינגאַנג פון יעדער געביידע און געזוכט צי מען פאַרלאַנגט אַן אָפּערייטאָר ביי דרעסעס.

# זיין שטעל־פּאַרטרעטער

1

אייזיק מירקין האָט געוואָלט, אַז זיין איינציקער זון, דעני, זאָל זיין אַ דאָקטאָר אָדער אַ לאָיער. צוליב דעם טאַקע האָט ער זיך יאָרן־לאַנג געפּלאַגט, געאַרבעט שווער, געשפּאָרט פון זיך דאָס לעצטע, זיך קיינמאָל ניט פאַרגונען אַ בעסערן ביסן און געקליבן אַ סענט צו אַ סענט כדי צו קענען שיקן זיין זון אין קאָלעדזש. נאָר מאָלע אויף וואָס אַ מענטש האָפט. האָט גראָדע דאָס זונדל זיינס ניט געוואָלט לערנען ניט פאַר דאָקטאָר און ניט פאַר לאָיער. עס האָט ניט געהאָלפן וויפיל רייד און טענות ער, אייזיק, האָט אין אים אריינגעלייגט. אַן אינזשעניר האָט זיך אים גאָר פאַרוואָלט זיין, און אַז ער האָט שוין אויסגעשטודירט פאַר אינזשעניר, איז וואָס האָט ער פון דעם? אָט איז שוין באַלד דריי יאָר אז ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ דיפּלאָמע אין קעשענע און ער דאַרף נאָך אַלץ אָנקומען צו דער מאַמען פאַר אַ ניקל אויף קאַר־פער, אָדער צען סענט אויף אַ פּעקל ציגאַרעטן, און דעם אָנצוג זיינעם וואָס גלאַנצט שוין פון אַלטקייט דאַרף ער, אייזיק, נאָך אַלץ פּרעסן און איבערפּרעסן.

„ס׳איז אַ רחמנות צו קוקן אויפן באָי! דרייט זיך אַרום פּוסט־און־פּאַס מיט זיין גאַנצער גבורה און זעקס־פוסיקער גרויס און קען אַפילו פאַר זיך אויף אַ נייע פּאָר שיך ניט פאַרדינען, שוין מיט דער דיפּלאָמע אין קעשענע״ — טראַכט ביי זיך אייזיק מיט ווייטיק און פאַרדרוס — ווייטיק פאַר זיין קינד און פאַרדרוס אויף זיינע אָפּגע־נאַרטע און ניט פאַרווירקלעכטע האָפנונגען, און צום ווייב זיינעם, ראָזע, רופט ער זיך אָפּ:

— נאָ, מען וועט דאַרפן אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס אַן ארבעט פאַר דענין; אויסלערנען אים עפּעס אַ טרייד. אַזוי אים לאָזן אַרומדרייען זיך, איז דאָך קיין תכלית ניט.

דערהערט דאָס וואָרט אַן אַרבעט, אַ טרייד, ווערט ראָזע אַן אויפגעציטערטע. עס רייסט זיך איר ווי עפּעס אָפּ אין האַרצן. אין איר פּנים בייטן זיך אַלע קאָלירן. אירע ליפּן ווערן ווייס און זי צעשרייט זיך:

— וואָס? ביזט פון זינען אַרונטער? וואָס פאַר אַ משוגעת איז דיר שוין עפּעס אַריין אין קאָפּ? הערט נאָר, אַ טרייד גאָר!... פאַר דעם האָבן מיר זיך געדאַרפט מאַטערן דאָס גאַנצע לעבן און שיקן אים אין קאָלעדזש?... אַ נייע אָנשיקעניש, אַ טרייד גאָר... אפשר מאַכן אים פאַר אַ פּרעסער ביי קלאָוקס, ער זאָל דאָס גאַנצע לעבן זיין אַזאַ קבצן ווי דו?

די לעצטע ווערטער זאָגט זי שוין אַרויס מיט איראָניע און מיט אַ בייזן שטעכעלע, און פון כעס און אויפרעגונג שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן.

אייזיק פילט זיך שטאַרק געטראָפן פון איר שטעכעלע און ער ענטפערט איר שוין טראַציק, אויך מיט אַ כעס און אויפגערעגט:

— און אַז אַ פּרעסער ביי קלאָוקס, איז וואָס פאַר אַן אומגליק וואָלט געווען? אַז מען וועט אים דאַרפן לערנען פאַר אַ פּרעסער ביי קלאָוקס, וועט מען אים לערנען. עס האָט דיר גאָר עפּעס געפעלט, אַז דו האָסט אַ מאַן אַ פּרעסער ביי קלאָוקס?...

עס גייט אַוועק אַ שטיקל צייט און ער דערמאָנט מער ניט וועגן לערנען דענין אַ פאַך. אָבער קעגן זייער ווילן איז עס ווידער אַרויסגעשוואומען. דעני האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, וואָס דאָס איז שוין סיי אייזיקן, סיי ראָזען גאָר ניט געווען צום האַרצן, ניט מחמת זיי האָבן עפּעס געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם מיידל. אדרבא, זי איז געווען אַ ליב, פיין קינד, אַ שטילע, אַ שיינינקע, האָט אויך געענדיקט קאָלעדזש פאַר אַ לערערין, און אַזאַ אײדעלע, אַזאַ צוגעלאָזענע. נאָר ווי קען דעני איצט זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ און זיך פאַרבינדן מיט אַ מיידל? און אויף וואָס קוקנדיק קען ער חתונה האָבן? — און זיי זינען שטאַרק געווען קעגן דעם שידוך.

נאָר צי זיי האָבן עס יע געוואָלט ליידן אָדער ניט, יוגנט און ליבע וויל ניט וויסן פון קיין תכליתים. פרעגט ניט קיינעמס ראַט, און אייזיק מיט ראָזען האָבן זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס צו טאָן מיט דענין.

אַרויפגעבראַכט דאָס מאָל וועגן לערנען דענין אַ מלאכה האָט אייזיקס יינגערער ברודער בעני, און ראָזע, דערהערנדיק דאָס פון בענין, האָט עס איר אזוי אויפגעקאָכט, דערהויפּט האָט איר אויפגע־בראַכט בעניס רואיקער און געלאַסענער טאָן, מיט וועלכן ער האָט עס ארויסגעזאָגט, אַז זי האָט שוין מער ניט געקענט איינזיצן אין בעניס הויז. זי האָט אייזיקן געשלעפּט אַהיים, און ערשט אַז זיי זיינען געקומען אַהיים, איז זי מיטן גאַנצן אָנגעקליבענעם פאַרדרוס און כעס אויף איר האַרצן ארויס מיט אַ ברען:

— אודאי, יענעם צו געבן עצות איז זייער לייכט. איך וואָלט נאָר וועלן וויסן, צי ער וועט זיינע קינדער אויך שיקן אין שאַפּ אַרבעטן? — האָט זי מיט גיפט און גאַל זיך געקאָכט, און פון אויפ־רעגונג און כעס האָט זי מער ניט געקאָנט ריידן, נאָר דער שפּיץ פון איר נאָז איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך און טרערן האָבן איר אָנגעהויבן שטיקן.

נאָר ראָזעס טענות און קאָכן זיך האָט ניט געהאָלפן. דעני אליין, ווען עס איז שוין מיאוס געוואָרן דאָס ארומדרייען זיך פּוסט־און־פּאַס, גאָרניט טאָן און אָנקומען צו דער מאַמען אויף אַ פּעקל ציגאַרעטן, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן פאָרשלאַג צו גיין אין שאַפּ ארבעטן און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אייזיק אויפשטייענדיק אין דער פרי אויך אויפגעוועקט דענין. אין דעם בלעכענעם שאַכטל, אין וועלכן אייזיק נעמט אַלע טאָג מיטאָק אין שאַפּ, איז דאָס מאָל צוגעלייגט געוואָרן נאָך אַ פּאָר פּאַסטראמא־סענדוויטשעס, מיט נאָך אַ געזייערטער טאָ־מייטאָ, און אָנשטאָט אליין האָט שוין אייזיק דאָס מאָל אין קאַלטן פרי־מאָרגן צוזאַמען מיט זיין זון, דעם געענדיקטן קאַלעדזש־סטודענט מיט דער דיפּלאָמע אין קעשענע, געשפּאַנט אין שאַפּ אריין.

2

צו דער אַרבעט האָט זיך בעני גוט גענומען און ער האָט זיך דעם פאַך אין אַ קורצער צייט גוט אויסגעלערנט. א הויכער, געזונטער יונג, מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס און שטאַרקע הענט, איז דער עלעק־טרישער פּרעס־אייזן געווען אין זיינע הענט ווי אַ קינדערשע שפּיל־צייג און דאָס פּעקל אויסגעפּרעסטע ארבעט איז אויף דער קאָזלע, וואָס איז לעבן אים געשטאַנען, געוואַקסן פון מינוט צו מינוט.

שטייענדיק ביים זעלבן פּרעס־טיש, אַ זייט לעבן אַ זייט ביי דעניען און זעענדיק ווי די אַרבעט ברענט אונטער זיינע הענט, האָט אייזיק אַ טראַכט געטאָן:

„וועל, איך ווער שוין אויסגעשפּילט... איך האָב שוין מיין לידעלע אָפּגעזונגען... מען דאַרף מאַכן פּלאַץ פאַר אַנדערע, פאַר יינגערע"...

דאָס האָט ביי אים ארויסגערופן טרויעריקע מחשבות. ער האָט זיך אָבער געטרייסט מיט דעם וואָס דער אַנדערער איז זיין אייגענער זונדל.

איין זאַך האָט אָבער אייזיקן שטאַרק געאַרט און געעגבערט זיין מוח: „צי וועט כאָטש דאָס זונדל זיינס, דעני, גיין אין זיינע וועגן? וועט ער זיין אַ גוטער יוניאָן־מאַן און אים ניט פאַרשעמען?"...

אייזיק איז פון שטענדיק אָן געווען אַן אָרענטלעכער אַרבעטער און אַ געטרייער יוניאָן־מאַן. אַ שטאַרקער, געזונטער מענטש מיט אַ פּאָר געזונטע הענט, איז ער אין יעדן סטרייק געווען פון די ערשטע אויף דער פּיקעט־ליין און וואו מען האָט געדאַרפט אַ קאָמיטעט אויף אַרונטערצונעמען סטרייק־ברעכער האָט ער זיך אין דעם קאָמיטעט געריסן, און אַז דעם יוניאָן־קאָמיטעט איז געלונגען אָפּצוטאָן אַ גוט שטיקל אַרבעט האָט עס אים אַזוי געפרייט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט פון דעם ריידן, און ער פלעגט עס פאַר די איבעריקע ארבעטער פון שאָפּ דערציילן און איבערדערציילן.

ער פלעגט אַ צעפרידענער, אַן אויפגעלייגטער, מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויפן פּנים שטיין לעבן דער „באַר" אין סטרייק־האָל; איינ־ציען אַלע ווילע און אָפּלאָזן דעם פּאַסעק פון די הויזן; גיסן אין זיך איין גלאָז קאַלטן ביר נאָכן צווייטן; ווישן דעם ביר־שוים פון די

ליפּן און פּאַר זיינע מיט־סטרייקער, די איבעריקע אַרבעטער פון שאַפּ, ווידער און אָבער דערציילן ווי אַזוי מען האָט אַרונטערגענומען אַלע סטרייק־ברעכער.

— הערט איר, ברידער, — פּאַסמאַקעוועט זיך אייזיק מיטן קאַלטן ביר און רעדט מיט באַגייסטערונג צו די אַרבעטער פון שאַפּ, — איז דאָס געווען אַ דזשאַב! פרעגט שוין גאָר ניט. איך האָב איינעם, הערט איר, געגעבן אַזאַ רוק אונטער דער לאָפּעטקע, און אַ צווייטן האָב איך גאָר ניט געטאָן, נאָר געשטעלט אַ פייג אונטערן נאָז, האָט איר באַדאַרפט זען ווי זיי האָבן גענומען שטעלן פיס...

אייזיק האָט זיך געגרויסט מיט דעם וואָס ער איז א גוטער יוניאָן־מאַן און האָט ניט קיין פלעק אויף זיין געוויסן, אַז ער זאָל אַמאָל האָבן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן דער יוניאָן, אָדער קעגן אַ צווייטן אַרבעטער אין שאַפּ, און ער וואָלט געוואָלט, אַז זיין דעני זאָל אויך זיין אַזאַ גוטער יוניאָן־מאַן ווי ער, איצט ווען ער איז געוואָרן אַן אַרבעטער אין שאַפּ. דאָס איז געווען אייזיקס הייסעסטער וואונטש.

3

אייזיקס פאַרגעפּיל און שרעק, אַז ער איז שוין אויסגעשפּילט און אַז ער דאַרף מאַכן פּלאַץ פאַר יינגערע, איז געוואָרן אַ טרויעריקער אמת פריער נאָך ווי ער האָט דערוואַרטעט. פּלוצלונג האָט אייזיק, איינמאָל שטייענדיק ביי דער אַרבעט, דערשפּירט אַ שאַרפן ווייטאָק אין די פיס. דער ווייטאָק איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שאַרפער, שטאַרקער, ביז ער איז אין גאַנצן אַוועקגעפאַלן אויף די פיס.

ער איז געלאָפן צו דאָקטוירים. זיי האָבן אים געגעבן פאַרשיידענע מיטלען און רפואות. זיי האָבן אים אָבער אַלע געזאָגט, אַז אַרבעטן, שטיין אַ גאַנצע טאָג ביים פרעס־אייזן וועט ער שוין ניט קענען, און ער איז ווי אַ קלאָץ געבליבן ליגן אין הויז מיט אָפּגענומענע פיס.

דער גאַנצער פאַרדינער אין הויז איז איצט געוואָרן דעני. ער האָט פאַרנומען דעם טאַטנס פּלאַץ אין שאַפּ, ביים פרעס־אייזן און אין הויז, ווי דער ברויטגעבער.

אייזיק האָט פון דעם געגוג געליטן. אַחוץ די קראַנקע פיס פילט ער נאָך אין זיך געגוג כחות צו אַרבעטן, צו פאַרדינען אויף אַ לעבן און צו זיין אַ מענטש מיט לייטן גלייך. דאַרף אים גאָר טרעפן אַזאַ אומגליק און ער דאַרף אויסקוקן אויף זיין זונס פאַרדינסטן. אים האָט ווײ געטאָן דאָס האַרץ פאַר דעניִן, וואָס צוליב זיין, אייזיקס, קראנקייט קען דעני ניט חתונה האָבן. דעני אליין וויל איצט פון דעם ניט הערן און וויסן. „ווי קען ער איצט גאָר טראַכטן וועגן חתונה האָבן, זיך פאַרבינדן מיט אַ פרוי, ווען דער טאַטע איז אַזוי קראַנק און הילפלאָז? וואָס, איבערלאָזן טאַטע־מאַמע אויף צדקה? ניין! ער וועט דאָס ניט דערלאָזן!" — און ער לייגט אָפּ זיין חתונה האָבן אויף שפּעטער, ווען דער טאַטע וועט געזונט ווערן.

„דעני איז אַ וואויל קינד", טראַכט אייזיק אי מיט צופרידנקייט, אי מיט ווייטאָק. פון דעניס גוטסקייט און איבערגעבנקייט איז אייזיק גערירט און דאָס האַרץ ווייטיקט אים נאָך שטאַרקער.

נאָר ווי ס'איז אים ניט גוט און ווי אים ווייטיקט דאָס האַרץ פאַר דעניִן, איז ער אָבער צופרידן וואָס ער האָט אים אויסגעלערנט אַרבעטן ביים פּרעס־אייזן. „וואָס וואָלטן מיר איצט געטאָן ווען דעני גייט אַרום פּוסט־און־פּאַס און פאַרדינט גאָרניט, אונדז וואָלט דאָך אויסגעקומען אויסצוציען די פּיס" — טראַכט אייזיק מיט שרעק און שוידער. און ער פילט זיך גליקלעך מיט דעם, וואָס אים איז איינגעפאַלן צו אויסלערנען דעניִן אַ פאַך.

„אַ גליקלעכער איינפאַל געווען", — טראַכט אייזיק, און ער קוקט אָן, מיט שטאָלץ אין זיין בליק, זיין ראָזען. ער זאָגט איר גאָר ניט, נאָר זיין שטאָלצער בליק זאָגט שוין גענוג:

— אַהאַ, נו, ווער האָט רעכט געהאָט?!

4

אין פאַך איז דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק און עס האָט אויך געסטרייקט דער שאָפּ, וואו אייזיק האָט די אַלע יאָרן, ביז ער איז קראַנק געוואָרן, געאַרבעט און וואו עס אַרבעט איצט זיין זון, דעני.

ווי נאָר אייזיק האָט דערהערט פון סטרייק איז אים די שטוב ענג געוואָרן. עס האָט אים געהויבן פון אָרט. נאָר גיי, הויב זיך,

לויף, אז די פּיס דינען ניט, זיינען געליימט, און אייזיק האָט פון דעם געהאַט גרויס עגמת־נפש.

ער האָט זיצנדיק אין הויז געלעבט און געאָטעמט מיטן סטרייק. ווי אַ שטאַרק־דורשטיקער כאַפּט זיך צו קאַלטע וואַסער, אַזוי פלעגט ער שלינגען די סטרייק־נייס אין צייטונג. ער פלעגט זיך קוים דער־וואַרטן ביז דאָס ווייב זיינס, אָדער אַ קינד, פלעגט אים ברענגען די צייטונג, און ווי נאָר ער פלעגט קריגן די צייטונג פלעגט ער זיך מיט אימפּעט אַ וואַרף טאָן אויף די סטרייק־נייס, עס לייענען אויפן קול און זיך ממש פאַרכלינען.

ער פלעגט זיך קוים דערוואַרטן אויפן פאַרנאַכט, ווען דער זון זיינער, דעני, אָדער אַ באַקאַנטער פרעסער פלעגט ארויפקומען אין הויז און אים דערציילן ווי עס האַלט מיטן סטרייק.

איינמאָל אין אַן אָונט איז צו אייזיקן אריינגעקומען אַן ארבעטער פון שאַפּ, דזשעק דער אונטערפרעסער. ער האָט אויסגעקוקט עפּעס גאָר געהויבן. אַ ליכטיק פייערל האָט געברענט אין זיינע אויגן און ער איז געווען פריילעך געשטימט.

— עפּעס קוקסטו מיר היינט אויס אזוי יום־טובדיק, דזשעק. וואָס איז מיט דיר די שמחה? דאָס ווייב דיינס האָט דיר געבאָרן אַ צווילינג אָדער וואָס? — האָט אים אייזיק געפרעגט מיט אַ געלעכטער.

— הערסטו, אייזיק, — האָט דזשעק מיט באַגייסטערונג אָנגע־הויבן ריידן. — איך בין טאַקע געקומען עס דיר זאָגן: הערסטו, האָסטו אַ זונדל, מעגסטו טאַקע מיט אים זיין שטאָלץ. אַי, האָט ער אַ פּיסקאָטש, האָט ער היינט פאַר די סטרייקער אין האָל אוועקגעלייגט אַ רעדע, אַז עס האָט אונדז אַלעמען פאַרטשמעליעט. הערסטו, אייזיק ברודער, איך זאָג דיר ניט קיין ליגן, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן, ווען ער האָט געענדיקט ריידן האָבן זיך אַלע יוניאָן־באַאַמטע אויפגע־שטעלט און מיט אַלע כחות אים אַפּלאָדירט... אַי, וואַקסט דאָס אַ כלי! וואו! — ער „ביט" דיך אין „פּיסעס!"... איך האָב שוין גע־טראַכט, ווי קומט צו דיר אַזאַ זונדל...

אייזיק איז געזעסן אויפן ברייטן, ווייכן פּאָטער־שטול, אויף וועלכן ער זיצט איצט כסדר זינט ער איז קראַנק. די קראַנקע פּיס אויס־געצויגן און אָנגעשפּאַרט אויף אַ נידעריקן בענקעלע, האָט מיט נחת

געדרייט אַ וואָנצע, זיינע אויגן האָבן געשמייכלט און זיין האַרץ איז אָנגעקוואָלן געוואָרן פון פאַרגעניגן און שטאָלץ.

— הערסטו, דזשעק ברודער, — האָט אייזיק אָנגעהויבן ריידן מיט אימפּעט און מיט שמחה. — איך האָב אָבער געוואוסט, אז מיין דעני וועט זיין א גוטער יוניאָן־מאַן. דאָס האַרץ האָט עס מיר שטענדיק געזאָגט. ווי דען, מיין זונדל וועט ניט זיין קיין גוטער יוניאָן־מאַן?!... — האָט ער שוין פאַרענדיקט מיט אַ שטאָלץ אין זיין בליק און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צום קיך צו, און זיך אַריבער־בויגנדיק מיטן גאַנצן אויבערשטן האַלבן קערפּער איבערן שטול האָט ער אריינגעשריען אין קיך:

— ראָזע, ראָזע! דערלאַנג דאָס פלעשל שנאַפּס מיט צובייסן!

— און זיך ווענדנדיק צוריק צום אונטערפּרעסער דזשעק האָט ער אַלץ מיט דער זעלבער שמחה אין קול און מיט דעם זעלבן פייערל אין די אויגן געזאָגט:

— נו, אַז שוין יאָ אַזוי, טאָ לאָמיר מאַכן אַ שנאַפּס!

— וואָס עפּעס אין מיטן דרינען שנאַפּס און צובייסן? וואָס פאַר אַ גליק האָט דיך געטראָפן? — האָט ראָזע, אַוועקשטעלנדיק דעם שנאַפּס און דעם אייגן געמאכטן טאָרט, מיט אומצופרידנקייט געפרעגט.

— אַהאַ! שוין גאָר אַ גליק! — האָט אייזיק מיט דער זעלבער געהויבנקייט גענטפערט און פריידיק געגעבן דעם ווייב זיינעם אַ שטיפעריש פּעטשעלע איבערן פּלייצע. — אָט הער וואָס דזשעק דער־ציילט, וואָס פאַר אַ רעדע דאָס זונדעלע אונדזערס האָט היינט געהאַלטן פאַר די סטרייקער. דער האַל האָט אַזש געשטורמט...

— נו, האָט דיך אַ מציאה געטראָפן! — האָט ראָזע, נאָך אַלץ מיט אומצופרידנקייט אין קול, געזאָגט — טאַקע פאַראַן פון וואָס אַזוי פריילעך צו זיין! בעסער וואָלט ער דעם שאַפּ אין גאַנצן ניט געקענט... — און איר שטים האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו ברעכן, ווי גרייט געוועזן צו וויינען.

— נו, וואָס איז מיט דיר פאַראַן צו ריידן? דיר פּאַסט נאָך אַלץ ניט וואָס דעני איז אַן אַרבעטער. דו האָסט דאָך דערלייגט צו דעם דער באָבעס ירושה! — האָט זיך אייזיק אָפּגערופן בייז, און אָנשפּאַרנ־דיק זיך פעסט מיטביידע הענט אָן ביידע זייטן פון שטול, האָט ער

זיך מיט שווערקייט אויפגעשטעלט, אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך שנאַפּס און געזאָגט צו דזשעקן:

— נו, מאַך אַ שנאַפּס! לחיים! — און ער האָט מיט איין זופּ אריינגעקערט דאָס גאַנצע גלעזל שנאַפּס.

דער שנאַפּס האָט אייזיקן צעוואָרימט און ער האָט זיך געפילט גוט און גליקלעך. ער האָט אויסגעהאָדעוועט אַ וואוילן זונדל... ער האָט א שטעלפּאַרטרעטער... זיין פּלאַץ איז ניט ליידיק געבליבן סיי אין שאַפּ און סיי אין דער יוניאָן... לכבוד דעם האָט ער אויס־געטרונקען נאָך אַ גלעזל שנאַפּס, און ער האָט מיט אַ וואַרימען און גליקלעכן שמייכל געקוקט אויף דעם פריינט זיינעם, דעם אונטער־פּרעסער דזשעק.

# וועבער

1

נייטן פרידמאַן איז אַן איינגעהויקערטער און אַן איינגענורעטער אין זיין אַלטן, אָפּגעטראָגענעם מאַנטל געשטאַנען לעבן טויער פון דער גרויסער גרויער פאַבריק־געביידע ערגעץ וואו אין אַ קליין שטעטל פון שטאַט ניו־דזשוירזי. דער קאָפּ זיינער איז געווען איינגעצויגן און איינגענורעט אין דעם צעדריפּעטן קאָלנער פון מאַנטל, דאָס היטל איז טיף געווען אַראָפּגערוקט איבער זיין פּנים, עס זאָל פאַרשטעלן און וואַרעמען זיינע אויערן. אזוי, אז מער ווי די נאָז און שמאָלע שפּעלטעלעך פון זיינע אויגן האָבן זיך ניט ארויסגעזען, און ער האָט אינגאנצן געציטערט פון קעלט.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ קאַלט־האַרבסטיקער. אַ דריבנער, שטעכיקער רעגנדל איז געפאלן פויל און שטיל. עס איז נאָך געווען זייער פרי. עס האָט נאָך ערשט אָנגעהויבן שאריען אויף טאָג און דורך די דיק־ברודנע וואָלקנס האָבן זיך גענומען דורכרייסן די ערשטע טאָג־ליכט־שטראַלן. דער גאַנצער הימל איז נאָך געווען איין שטיק חושך, נאָר ערטערווייז האָבן זיך פּאַסן טונקעלע ליכט באַוויזן, אַן אָנזאָג אויף טאָג. אַ טאָג א כמורנעם, אַ קאַלטן און אַן אומעטיקן, ווי אים נייטענען אויפן האַרצן.

ווען נייטן איז צוגעקומען צו דער פאַבריק־געביידע איז נאָך דאָרט קיינער ניט געווען. ער איז געווען דער ערשטער, האָט עס אים שטאַרק דערפרייט און אַ האָפנונג — אפשר וועט גאָט העלפן און ער וועט איצט קריגן ארבעט, האָט זיך צעוואקסן אין זיין האַרצן און ער האָט זיך א האפערדיקער געשטעלט דער ערשטער, גלייך נעבן פאַבריק־טויער.

עס איז אים זייער ניט גוט, נייטענען. אַלע צרות האָט זיך אויף זיין קאָפּ אויסגעגאָסן. אין אמעריקע האָט נייטן ניט געאַרבעט ביי וועבעריי. ער איז אַ היימישער וועבער, אָבער דאָ אין אמעריקע, כדי זיך צו געפינען אין ניו־יאָרק וואו זיין גאַנצע היימישע פאַמיליע געפינט זיך, האָט ער זיך אויסגעלערנט אנאנדער ארבעט. איז געוואָרן א פרעסער ביי קלאָוקס (פרויען־מאַנטלען). די לעצטע צייט האָט אָבער נייטן מער ניט געקאָנט ארבעטן ביים פרעס־אייזן צו פרעסן קלאָוקס. ער האָט אָנגעהויבן אונטערצוקרענקען. די אַסטמע, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשפּאָרט פון ארבעטן ביים פרעס־איזן, האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו מאַטערן און דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער טאָר מער ביים פרעס־אייזן ניט שטיין. אין שטוב האָט געהערשט די ביטערע נויט. דאָס ווייב זיינס האָט כסדר געקוקט אויף אים מיט אזוינע טיף־איינגעזונקענע און אומהיימלעכע אויגן און גערעדט מיט טרויער: — „וואָס וועט זיין, נייטן, מיר וועלן דאָך אויסגיין פון הונגער און א האָן וועט אפילו ניט א קריי טאָן. דאָס לעצטע קישן איז דאָך שוין באַלד פאַרזעצט. וואָס וועט זיין נייטן ?"...

עס איז אים ביטער אויפן הארצן נייטענען. פון דעם ווייבס אומהיימלעכע אויגן און פון איר כסדרדיקן טרויעריקן וואָרטשען האָט אַ פרעסטל זיין בלוט געקילט, און ער האָט באשלאָסן צו פּרובירן זוכן ארבעט ביי וועבעריי. נישקשה — האָט ער ביי זיך מיט בטחון געטראַכט, — ער געדענקט נאָך די אַרבעט פון דער היים און אים וועט זיין לייכט זיך צוגעוואוינען צו דער ארבעט. און אז ער האָט דערזען אין א צייטונג אן אַנאָנס אז מען דארף האָבן וועבער ערגעץ אין א שטעטל פון ניו־דזשוירזי שטאָט האָט אים שוין א גאַנצע נאכט קיין שלאָף ניט גענומען און נאָך אין מיטן נאכט כמעט, האָט ער ארויפגע־צויגן אויף זיך זיינע טראנטעס קליידער און מיט די לעצטע פאָר סענט, וואָס ער האָט אויסגעבעטלט אין זיין ווייבס טייסטער איז ער אוועק־געפאָרן צו דער פאבריק, וואו מען האָט פאַרלאַנגט וועבער.

2

נייטן איז געשטאַנען דער ערשטער נעבן פאַבריק־טויער א דורכ־גענעצטער און אַן אַדורכגענומענער פון קעלט און פון צייט צו צייט טיף אין זיך אָפּגעקרעכצט.

די שעהן האָבן זיך געצויגן נודנע און ווי פון פעך. די שורה הינטער אים פון נאָך וועבער, אזוינע איינגעהויקערטע און ציטערדיקע פון קעלט, ווי ער, איז געוואקסן און געוואקסן, און נייטענען האָט אָנגעהויבן ציטערן דאָס הארץ, צי ער וועט די ארבעט קריגן, צי אימעצער אנדערש פון די, וואָס שטייען הינטער אים וועלן בעסער געפעלן ווערן דעם באַלעבאָס, און ער וועט בלייבן מיט גאָרנישט.

פון אינווייניק, פון יענער זייט טויער איז צום טירל צוגעקומען אַן עלטערער מאַן אָנגעטאָן אין ארבעטס־קליידער. דער מאן איז געווען א דיקלעכער מיט א שווערן גאַנג און מיט ניט אויסגעשלאָפענע אויגן. ער האָט אַ קלינג געטאָן מיט א בינטל שליסלען, האָט ארויס־גענומען פון בינטל איין שליסל, האָט אויפגעשלאָסן דאָס טירל פון טויער און מיט א הייזעריקער, ניט אויסגעשלאָפענער שטימע א זאָג געטאָן:

— הו איז פוירסט? (ווער איז דער ערשטער) וואָן עט די טיים (קומט אריין איינציקווייז) — און ער האָט נייטענען דעם ערשטן אריינ־געלאָזן.

נייטענען האָט דאָס הארץ אַזש געגעבן אַ שפרונג פון שמחה... „ער איז דער ערשטער... אפשר וועט גאָט העלפן און ער וועט קריגן אַרבעט”...

ער האָט פאַרגעסן אָן דער קעלט, אָן זיין שוואַכקייט און אָן זיין הונגער און ער איז אונטערטענצלנדיק, מיט איילנדיקע טריט ווי ארייננגעלאָפן אין אָפיס פון פאַבריק.

אין אָפיס איז אויף א ברייטן מאַסיוון דריי־שטול, ביי א גרויסן טיש פון מאהאגאני־האָלץ געזעסן דער באָס, אַ פעסט־געבויטער דיק־לעכער און הויכער מאַן, מיט אַ פריש־געראַזירטן פנים, מיט באַקן, פון וועלכע עס האָט געשפּראָצט בלוט און קראַפט.

ווען דער באָס האָט אויף נייטענען אַ קוק געטאָן, האָט עס אויף אים א שלאָג געטאָן מיט באַקאַנטשאַפט און היימישקייט, עפּעס איז אים דאָס פנים אזוי באַקאַנט — האָט נייטן זיך אָנגעשטרענגט

צו דערמאָנען, וואו ער האָט דעם מאַן געזען — ער וואָלט געשוואָרן, אז ער האָט אים ערגעץ געזען, נאָר וואו קאָן ער זיך ניט דערמאָנען.

ווען דער באָס האָט נאָך אַמאָל אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט זיך די באַקאַנטשאַפט פון זיין פּנים נאָך בולטער אויסגעשיילט פאר נייטענען. אהא! ער דערמאָנט זיך. „דאָס איז דאָך יאָסל דער לאַנגער". אַ לאַנדסמאַן, וואָס איז מיט אים אין איין גאַס געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן און מיט וועמען ער האָט אין דער היים אין איין וועבעריי פיל יאָרן געארבעט. ער וואָלט שווערן, אַז דאָס איז ער — יאָסל דער לאַנגער. ער וואָלט וועלן אַ געשריי טאָן: יאָסל! און אים אָנכאפּן ביים האַנט, נאָר ער האָט מורא געהאט איינצושטעלן. טאָמער מאכט ער א טעות און טאָמער קאָן ער נאָך דורכדעם פאַרלירן די געלעגנהייט צו קריגן ארבעט... האָט ער געשוויגן און האָט דעם מאַן אויפן דריי־שטול איינמאָל און א צווייטן מאָל דורכדרינגלעך אָנגעקוקט.

— איר זענט אַ דערפאַרענער וועבער? — האָט אים דער באָס געפרעגט, זיך געדרייט מיטן גרויסן קרעפטיקן קערפּער אויפן דריי־שטול און זיך געשפילט מיט א בריוו־עפענער, געקלאַפּט מיטן בריוו־עפענער אויף דער לאדאָנע פון זיין לינקער האַנט.

— יא, א וועבער, — האָט נייטן שטיל און ניט דרייסט געענטפערט — נאָך אַ היימישער, א יוראָפּשער וועבער.

— אַ היימישער וועבער? — האָט שוין דער באָס מיט פאַראינ־טערעסירטקייט געפרעגט און אים דורכדרינגלעך אָנגעקוקט — פון וואַנען אַ לאַנדסמאַן?

נייטן האָט אים געזאָגט די שטאָט.

דערהערט דעם נאָמען פון דער שטאָט, האָט זיך דער באָס אַזש אַ הויב געטאָן פון דריי־שטול און מיט שמחה אויסגערופן:

— אך, א לאנדסמאן! ווי רופט מען אייך?

— נחמן — האָט נייטן נאָך אלץ אויף א שטיל קול געענטפערט.

— אה, נחמן לייזער עליעס, פון שלאָס־גאָס? הערט א מעשה, וואָס־זשע שוויגסטו?...

— איך האָב אייך... דיך... גלייך דערקענט — האָט נייטן ניט וויסנדיק ווי צו אים צו ריידן, צו אירצן אים אָדער דוצן — אָנגע־

הויבן ריידן מיט הכנעה, און אונטערטעניק, כמעט ווי מיט געבעט, געקוקט דעם באָס אין די אויגן.

— נו, אויב אזוי, טאָ שטעל זיך גלייך צו דער ארבעט, — האָט דער באָס גוטברודעריש א קלאַפּ געטאָן נייטענען אין פּלייצע און אריינ־געשריגן אין קאָרידאָר.

— העי, דזשאָן! — האָט ער אַ רוף געטאָן דעם אַלטן, וואָס האָט געעפנט דעם טויער — שאָ הים היז לום אין די שאָפּ! קאָל אין די נעקסט וואָן! (ווייז אים אָן זיין וועב־שטול אין שאָפּ! רוף אריין דעם צווייטן!).

דזשאָן וואָס איז געווען דער וועכטער פון פאַבריק האָט גלייכ־גילטיק אַ זאָג געטאָן.

— קאַם אָן מיסטער! האָרי אָפּ! (קומט מיט מיר מיסטער, נו, שנעלער!)

נייטן האָט ניט געהאַט קיין ווערטער מיט וועלכע צו דאנקען דעם באָס, זיין לאַנדסמאַן יאָסל דעם לאַנגן. און ער איז אַ פריילעכער און מיט דאַנקבאַרקייט אין האַרצן מיט איילנדיקע טריט כמעט ווי נאָכ־געלאָפן דעם אַלטן וועכטער צו זיין וועב־שטול אין פאַבריק.

3

ווען נייטן איז אריין אין דער גרויסער פאַבריק האָבן אויף אים די הוילע גראָע ווענט אָנגעוואָרפן אַ קעלט און א שרעק און עס האָט אויף אים א ווייע געטאָן מיט סומנעקייט און אומהיימלעכקייט. כאָטש ס׳איז שוין געווען א שטיק אין טאָג, האָט זיך פונדעסטוועגן אין דער גרויסער פאַבריק וויניק וואָס באַמערקט טעטיקייט און לעבן. כמעט אַלע וועב־שטולן זיינען געשטאַנען ליידיק. בלויז לעבן איניקע שטולן זיינען געשטאַנען עלטערע איטאַליענערינס, מיט געל־פּאַרמע־טענע און צערונצלטע פּנימער, אָנגעטאָן אין שוואַרצע יאַקלעך, מיט ברייטע פאַרטוכער ארום טאַליע. אויף זייערע קעפּ שיטערע, דינע, גראָע הערעלעך פאַרקעמט ארויפצו מיט א קנופּ אין מיטן קאָפּ. זיי זיינען געשטאַנען און האָבן זיך געפּאָרקעט ביי די וועב־שטולן.

נייטן האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין און עפּעס האָט זיך אים אין מח ניט פּאַטופּעט, פאַרוואָס זיינען עפּעס אזוי וויניק וועבער באַשעפ־

טיקט אין פאַבריק און ער האָט עס געפרעגט דעם אַלטן וועכטער. אָבער דער וועכטער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין מאָלן מיט די ציין און קייען דעם קיי־טאַבאַק האָט אויף אים בלויז אַ קוק געטאָן מיט זיינע וואָסערדיק־פאַרשלאָפענע אויגן, האָט שווייגנדיק אַ גרויסן שפיי געטאָן מיט אַ פולן מויל געל־ברוינלעכע פליסיקייט פון דעם צעקייטן קיי־טאַבאַק און ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט, איז ער פון אים אוועקגעגאַנגען.

אַז נייטן האָט אויסגעטאָן זיין רעקל, זיך אַוועקגעשטעלט לעבן וועב־שטול און דעם וועב־שטול גענומען צורעכט מאַכן אויף אים אוועקצולאָזן, האָט ער די זעלבע פראַגע געשטעלט דער שכנטע זיינער, אַן אַלטע איטאַליענערין מיט א צעקנייטשט, צערונצלט פּנים. אָבער זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט א פּאָר צעשראָקענע אויגן און ווי אָפּטרייסלענדיק זיך פון זיין פראגע האָט זי אויף א צעהרגטן איטאַליענישן ענגליש שנעל געענטפערט:

— מי דאָ נאָ נאָטינגא, (איך ווייס פון גאָרנישט) — און זיך פון אים, ווי פון אַ בייז אַנשיקעניש, אָפּגערוקט.

נייטענען איז די זאַך געוואָרן נאָך מער קשהדיק און די פראגע, — פאַרוואָס שטייען אַלע וועב־שטולן ליידיק ? — האָט נאָך שאַרפער אָנגעהויבן עגבערן זיין מח, נאָר ער האָט קיין צייט ניט געהאַט קיין סך צו טראַכטן, ווייל ווי נאָר ער האָט אוועקגעלאָזן זיין וועב־שטול און די שיף האָט זיך צעזונגען מיט דעם פּאָר אים אַזוי וואויל־קלינגענדיקן קלאַנג, איז נעבן אים, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואקסן דער באַלעבאָס, זיין לאַנדסמאַן יאָסל דער לאַנגער, ער האָט אים גוט־ברודעריש א קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און צו אים גערעדט שנעל און מיט אימפּעט:

— נו, נחמן, ווי גייט עס ? ניט געזאָרגט. עס וועט גיין! אַ וועררדע האָט עס די היגע לומס מיט דער היגער ארבעט... מען דאַרף עפּעס קענען די היגע וועבערייַ?... אָט אין דער היים דאָרט איז געווען וועבעריי... ביי די היגע לומקעלעך דאַרף מען אויך זיין א וועבער?... האָב קיין מורא ניט, וועסט ביי מיר פאַרדינען. דער סעזאָן הויבט זיך ערשט ביי מיר אָן... — און פאַררויכערנדיק אַ דיקן ציגאַר, איז ער פון נייטענען אַוועק, איז צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן וועב־שטול, ביי וועלכן עס האָט געאַרבעט איינע פון די אַלטע איטאַ־

ליענערינס, האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם אויסגעארבעטן טוך, וואָס איז שטייף ווי אַ סטרונע געווען אָנגעצויגן אויפן וועב־שטול און זיך צע־שריען:

— העי, פּרעסטא! פּרעסטא! וואָירק, וואָירק! (העי, שנעל, שנעל, ארבעט, ארבעט!) — און ער איז אַרויס פון פאַבריק.

אַ שווערער שטיין האָט זיך אראָפּגעקייקלט פון נייטנס הארצן. „נו, אבי עס איז איצט אָנפאַנג סעזאָן איז עפּעס אנדערש" — האָט נייטן מיט דערלייכטערונג געטראכט נאָכדעם, ווי דער באָס איז ארויס פון שאַפּ, — אַבי ניט דאָס, וואָס ער האָט פאַרדעכטיקט... אַבי ניט קיין סטרייק... ער וועט נאָך ארבעטן א גאַנצן סעזאָן. אין שטוב וועט זיין ברויט און קוילן און דירה־געלט און א שוך, א קלייד פארן ווייב און די קינדער... — און אַ גרויסע פרייד האָט זיך צעזונגען אין זיין האַרצן.

4

די ארבעט איז נייטענען ניט שטאַרק געגאנגען דעם ערשטן האַלבן טאָג. ער איז ניט געווען געאיבט צו אַרבעטן אויף א מעכא־נישן וועב־שטול און אויסער דעם איז די „וואָרפּ" (קעטע) געווען אַן אַלטע און צעפוילטע. די פעדים האָבן זיך געריסן. ער האָט זיי געהאַלטן אין איין צענויפבינדן און צענויפקניפּן.

נאָר דאָס האָט אים ניט געאַרט. ער האָט זיך צוליב דעם גאָרניט געזאָרגט. „זאָל נאָר זיין ארבעט, זאָל נאָר דער סעזאָן זיין אַ גוטער, וועט ער שוין פאַרדינען אויף א שטיקל ברויט פאַר די קינדער" — האָט ער אַ גליקלעך־צעשטראַלטער געטראַכט און האָט געדולדיק און מיט התמדה געבונדן און געקניפּט די צעריסענע פעדים און מיט דער גרעסטער צערטלעכקייט אָפּגערוימט אלע פאַרלאָזטע און צענויפ־געפּלאָנטערטע פעדים אין דער קעטע.

אז עס איז געקומען צוועלף א זייגער, די מיטאָג־שעה און די איטאַליענערקעס האָבן צעעפנט זייערע שאַכטלען מיט עסן און פאַ־נאַנדערגעלייגט זייערע איטאַליענישע מאכלים, האָבן אים די גע־שמאַקע מאכלים אָנגעהויבן קיצלען אין נאָז און גערייצט זיין הונגעריקן גומען. אין האַרצן האָט דער הונגער שטאַרקער גענומען נאָגן און ציען.

ער האָט נאָך היינט קיין זאַך אין מויל ניט געהאט און א פארחלשטקייט האָט באַשלאָגן זיין גאַנצן קערפּער.

אין קעשענע האָט ער געהאַט נאָך אַ פּאָר סענט — וואָס איז אים פאַרבליבן פון די באַן־הוצאות, האָט ער ביי זיך געטראַכט, ער וועט ארונטערגיין פאַר דעם קויפן אַ שטיקל ברויט אָדער א זעמל מיט וואָס אָפּצוכאַפּן דאָס האַרץ, און ער איז ארונטער אין גאַס.

אין דרויסן איז נאָך אלץ געפאַלן אַ געדיכטער רעגן. דער הימל איז נאָך אלץ געווען באַהאַנגען מיט געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס און האָט נאָך אלץ אויסגעקוקט ברודנע. אַ שטאַרקער האַרבסט־ווינט האָט מיט א געברום געבלאָזן און געשמיסן דעם רעגן אין פּנים. נייטן האָט פון דערווייטנס דערזען אן אָרימן רעסטאָראַנדל און ער האָט זיך צום רעסטאָראַנדל געלאָזן — צו קויפן עפּעס עסן.

ווען ער איז צוגעקומען צום רעסטאָראַנדל איז פאַר אים, ווי פון דער העלער ערד, ארויסגעוואקסן א וואַנט פון מענטשן. אלע אָרעם אָנגעטאָן, אין אַלטע אָפּגעטראָגענע קליידער, און אלע מיט אזוינע בייזע פינצטערע פּנימער און מיט ברענענדיקע שטעכנדיקע אויגן, און באַזונדערס האָבן די אויגן געברענט און געשאָטן פונקען פייער ביי איינעם א הויכן, א דאַרן, מיט געלע וואָנצעס און מיט אַ קאַשקעטל טיף אַריבערגערוקט איבער די ברענענדיקע, בייזע אויגן.

זיי האָבן קיינער צו אים קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט און איידער ער האָט צייט געהאט זיך ארומצוקוקן, באגרייפן וואָס דאָ איז, האָט ער דערפילט אַ שטאַרקן זעץ אין קאָפּ און אין פּנים מיט עפּעס אַ האַרטס און א קאַלטס און אין זיינע אויערן האָט אַ שניט געטאָן ווי מיט אַ שאַרפן קלינג:

— סקעב! (סטרייב־ברעכער).

ער האָט פון שאַרפן ווייטאָג ארויסגעלאָזן א געשריי. זיך געגעבן אַ וואַקל, אַ פאַל. דער געשריי זיינער איז אָבער ארויסגעקומען אזוי דומפּיק און פאַרשטיקט און דער ווינט האָט אַזוי שטאַרק געברומט, אַז דער געשריי איז פון ווינט ערגעץ ווייט פאַרטראָגן געוואָרן אין דער פוסטקייט אריין, און קיינער האָט קיין פּיפּס ניט געהערט.

נייטן איז א פארחלשטער, א האַלב באַוואוסטלאָזער געלעגן אויף דער קאַלטער האַרבסטיק־נאַסער ערד. דער קאָפּ האָט זיך אים געשפּאַלטן פון ווייטאָג. בלוט, וואַרימס, קלעפּיקס, האָט גערונען איבערן

פנים. ארונטערגערונען אין מויל, אין האַלדז. אים ווי מיט אַ גערדיכטער קלעפּיקייט פאַרלייגט דעם האַלדז אזש דערשטיקט צו ווערן. פאַרקלעפּט די ליפּן, די נאָז־לעכער און די אויגן, און אין די אויערן האָט געשניטן דער אויסגעשריי: „סקעב״! וואָס דאָס איז פאַר אים געווען נאָך שמערצלעכער ווי דער ווייטאָג אין קאָפּ.

ער האָט אין זיין האַלב־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד געפילט ווי הענט שלעפּן אים. הענט נעמען אים ארום, הויבן אים, טראָגן אים. דאָס וואָרט „סקעב״ האָט, ווי אַרויסגעריסן פון די מיילער פון טויזנטער ווילדע חיות, אים געשניטן אין קאָפּ, און, ווי פון טויזנטער גלאָקן ארויסגעקלונגען, אים געריסן אין די אויערן. ער האָט געוואָלט שרייען, זיך בעטן, דערקלערן, אז עס איז א טעות, אז ער איז ניט קיין סקעב, אַז ער איז אַלע זיינע יאָרן, ארבעטנדיק אלס פּרעסער ביי קלאָוקס, שטענדיק געווען א גוטער און אָרנטלעכער יוניאָן־מאַן, אַז ער האָט פון גאָרניט געוואוסט, אַז אין דער וועבעריי־פאַבריק סטרייקט מען. נאָר דער האַלדז איז אים געווען פאַרלייגט, די ליפּן פאַרקלעפּט, און ער האָט פון מויל קיין וואָרט ניט געקענט ארויס־ברענגען. ער האָט געפילט ווי מען טראָגט אים, מען שליידערט אים פון א שרעקלעכער הויך ביז ער איז אינגאנצן געוואָרן באַוואוסטלאָז.

5

אז נייטן האָט זיך אויפגעכאפּט, געקומען צום באַוואוסטזיין און געעפנט די אויגן, האָט ער זיך געפונען ערגעץ אין א קליין, אָרעם צימערל, איז געלעגן אויף א ריין בעט, מיט א פריש ריינעם ווייסן איבערבעט. זיין קאָפּ איז געווען פאַרבאַנדאַזשירט און איבער אים, האַלב אָנגעבויגן איז געשטאַנען א הויכער דאַרער מאַן, געהאַלטן זיין האַנט און צו אים געשמייכלט.

פון מאַנס פנים האָט צו נייטענען א שלאָג געטאָן מיט באַקאַנט־שאַפט. נייטן האָט אים דערקאַנט, דאָס איז דאָך דער זעלבער, מיט די געלע ארונטערגעלאָזטע וואָנצעס און מיט די שאַרף־ברענענדיקע און שפּיזיקע אויגן וועלכער האָט אים דערלאַנגט מיט דער האַרטער, קאַלטער זאַך איבערן קאָפּ און וועלכער האָט העכער פון אלע אויף אים געשריגן „סקעב״ — און נייטן האָט פון גרוילעכן פּחד זיך ווי

איינגעקאָרטשעט, ווי געוואָלט זיך באַהאַלטן און זיך איינגראָבן אין דער קאָלדרע, און ער האָט זיך מיטן קערפּער גערוקט צום וואַנט. ווי געזוכט דאָרט שוץ.

נאָר דער מאַן האָט אויף אים געקוקט מיט וואַרימקייט אין די אויגן. צו אים מילד געשמייכלט און צו אים וואַרעם גערעדט:

— האָב קיין מורא ניט נחמן, עס וועט דיר מער קיין בייז ניט געשען...

דערהערט ווי יענער רופט אים ביים היימישן נאָמען, האָט זיך אַ וואַרעמקייט צעגאָסן איבער נייטנס קערפּער. מיט אַ פּאָר ארויסגעשטאַרטשעטע אויגן פון פאַרוואונדערונג האָט ער נאָך אמאָל אָנגעקוקט דעם מאַן און האָט אויסגעשריען:

— אוי, דאכט זיך צאַלקע! צאַלקע גדליה דעם וואָרטעוויניקס! אַ לאַנדסמאַן!...

— יע, יע טאַקע צאַלקע... א לאַנדסמאַן... דער זעלבער טאַקע מיט וועמען דו האָסט אין דער היים געארבעט אין איין פאבריק, א שטול לעבן אַ שטול... געדענקסט?... דאָ הייס איך טשאַרלי... אָבער איך האָב דיך גלייך דערקענט... — האָט יענער פריידיק זיך פאַרכלינעט און געדריקט נייטנס האַנט.

אין האַרצן ביי נייטענען איז עפּעס לויז געוואָרן, זיך צעוואַרעמט און א שטראָם פון טרערן האָט זיך א גאָס געטאָן פון זיינע אויגן.

— גלויב מיר, צאלקע, איך בין ניט שולדיק—האָט ער מיט האַרץ און מיט טרערן אָנגעהויבן ריידן — איך בין ניט קיין סקעב... זאָל איך מיט מיין פאַמיליע אזוי ניט וויסן פון צער, ווי איך האָב ניט געוואוסט אז מען סטרייקט אין דער סילק פאַבריק... גלויב מיר אז איך האָב ניט געוואוסט... איך האָב געזען אן אדווערטייזמענט אין צייטונג... אין שטוב איז קיין ברויט ניטאָ... בין איך געגאַנגען זוכן אַרבעט אויף א שטיקל ברויט צו פאַרדינען פאַר די קינדער. גלויב מיר, איך האָב ניט געוואוסט... — און גרויסע טרערן האָבן גערונען איבער זיינע באַקן.

— מיר גלויבן דיר, מיר גלויבן דיר — האָט אים צאלקע גענומען טרייסטן. א פאַהיבל זאָל קומען אויף דעם לאַנדסמאַן אונדזערן, אויף דעם לאַנגן יאָסקע... נו, זאָג אליין, ווער עס איז אין אמעריקע געוואָרן אַ באָס... די ארבעטער פעכנען ביי אים פאַר הונגער. אַ

פּאָהיבל אויף אים... אַזאַ לאַנגאַטש... געוואָרן אַ באָס אין אַמע־ריקע...

— אָבער איך בין ניט שולדיק, איך בין ניט קיין סקעב... פֿאַרגיט מיר. — האָט נייטן נאָך אלץ זיך פֿאַרענטפֿערט און געבעטן מחילה.

— נו, מיר פֿאַרגיבן דיר — האָט אים צאַלקע געגלעט די האַנט — איך האָב דיך באַלד דערקענט, גלייך ווי מען האָט דיך געשלאָגן, און איך האָב באַלד געזאָגט די באָיעס, אז מיר האָבן געמאכט אַ טעות... איך קאָן דיך, דו ביזט ניט קיין סקעב. ביזט פֿאַר־פירט געוואָרן פון לאנגאטש, א פּאָהיבל אויף אים... האָב קיין מורא ניט. מען וועט דיר מער גאָרניט טאָן... מיר וועלן דיך נאָך היינט באַנאַכט אָפּשיקן אהיים... און נאַ דיר אַ פּאָר דאָלער... דאַרפֿסט זיך ניט פילן באַליידיקט... איך ווייס דיין לאַגע. מיר האָבן אַלץ אויסגעפונען... נו, זיי געזונט. מנע, באַשערט צו טרעפן דיך אונטער אזוינע אומשטענדן... אוי אמעריטשקע... נו פֿאַרגיב מיר... — און דריקנדיק נאָכאַמאָל נייטנס האנט האָט ער פֿאַרלאָזן דעם צימער.

***

צאַלקעס אָפּנהארציקע און וואַרימע רייד האָבן ווי אראָפּגעקייקלט א שווערן שטיין פון נייטנס האַרץ. די ווייטאָגן אין קאָפּ האָבן זיך געשטארקט. אין מויל האָט געברענט און די ליפּן האָבן געטריקנט. אָבער נייטענען האָט איצט דער ווייטאָג ניט געאַרט און אים איז געוואָרן ליכטיק און וואַרים אויף דער נשמה. — „אבי ס׳איז פון מיר דער פלעק פון סקעבן ארונטערגענומען געוואָרן" — האָט ער מיט דער־לייכטערונג, כמעט מיט פרייד געטראַכט און ער האָט שוין אפילו די קלעפּ, וואָס ער האָט היינט געקראָגן אָנגענומען פֿאַר ליב, און ווי אָן אויסגעלייטערטער פון א שווערער זינד איז ער א באַרואיקטער און אַ צופרידענער איינגעשלאָפן.

# אויף דער לערע

שווער איז דייוו בענדערן אָנגעקומען ביז וואַנען ער האָט ביי זיך געקאָנט פועלן אז דאָס ווייב זיינס זאָל גיין אין שאַפּ אַרבעטן. ער האָט דורכגעלעבט געגנוג פיינלעכע טעג און שלאָפלאָזע נעכט פון ביטערע אַנגסטן און פאַרצווייפלונג. און דאָס ראַנגלעניש מיט זיך אליין, צי ער זאָל לאָזן דעם ווייב זיינעם גיין אַרבעטן אין שאַפּ אָדער ניט, האָט שטאַרק געווירקט אויף זיין געזונט און ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון אַ שווערער קרענק.

צום אָנפאַנג, ווען דאָס ווייב זיינס, פעני, האָט אים געזאָגט וועגן גיין אין שאַפּ אַרבעטן, איז ער אויפגעשפרונגען ווי אימיצער וואָלט אים אָפּגעבריט מיט הייס וואַסער.

— אך, אומזין! וואָס נאָך וועט דיר איינפאַלן? — האָט ער אויסגעשריען מיט אַן אומנאַטירלעך קול, און ער האָט זיך אומנאַטירלעך גרילציק צעלאַכט.

— אָבער, דייוו, — האָט זי אים איינגענומען, — דאַרפסט ניט פילן אַזוי שלעכט וועגן דעם, דו ביזט היינטיקע צייטן ניט דער איינציקער, וועמעס פרוי עס ארבעט. געגנוג פרויען ארבעטן היינט, וואָס זאָלן מיר טאָן? מיר זיינען דאָך שוין פאַרזונקען אין חובות...

בענדער איז אָבער אַ צייט געבליבן איינגעשפאַרט. אין מח ביי אים האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פּאַטאָפּען דער געדאַנק, אַז זיין ווייב, דאָס ווייב פון דייוו בענדער, דעם דרעס דעזיינער, זאָל גיין ארבעטן אין שאַפּ. עס האָט אים ניט געפּאַסט און ער האָט געפילט אַז מיט לאָזן זיין ווייב גיין אַרבעטן גיט ער צו, אַז ער איז שוין אויסגעשפילט, קען שוין ניט דערנערן זיין פרוי און קינדער און טויג שוין אויף גאָרנישט. האָט ער זיך געראַנגלט, געקעמפט מיט זיך און אַלץ זי ניט געלאָזט גיין אַרבעטן אין שאַפּ. ער האָט אָבער מער קיין כח ניט געהאַט זיך צו ראַנגלען. די נויט האָט אים אָנגע־

נומען ביים גאָרגל און געשטיקט. און וואָס, טאַקע, האָט ער געקאָנט טאָן? אַז עס איז שוין באַלד א יאָר אז ער גייט אַרום אָן אַרבעט און ער האָט אפילו ניט קיין אויסזיכט צו קריגן אַ שטעלע. דאָס ביסל געלט, וואָס ער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט, איז שוין לאַנג אַוועק און זיי זיינען שוין פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ. ער האָט געפילט אז אָט־אָט און ער ווערט דערשטיקט, האָט ער רעזיגנירט איר נאָכגעגעבן און זי איז אַוועק ארבעטן אין שאַפּ.

***

די גאַנצע נאַכט איידער פעני האָט געדאַרפט גיין אין שאַפּ אַרבעטן האָט דייוו מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט. ער איז אַ גאַנצע נאַכט געלעגן מיט אָפענע אויגן און מיט אַ וואַכן מח און מחשבות ווילדע, איינע ווילדער פאַר דער צווייטער, האָבן אין זיין מח גאַלאַ־פירט.

און אויף מאָרגן פרי, ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז זיין פּנים געווען גרוי און צעקנייטשט און זיינע אויגן זיינען נאָך טיפער געווען איינגעזונקען אין קאָפּ.

ער האָט קיין האַרץ ניט געהאַט אויפצואוועקן פעניןָ, איז ער שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, ארונטער פון בעט, זיך געהיט ניט צו מאַכן דעם מינדעסטן גערויש, זיך אזוי שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, דערשלעפּט צום קיך און אָנגעהויבן עפּעס צוגרייטן פרישטיק פאַר זיין ווייב, איידער זי גייט אַוועק אין שאַפּ.

דאָס צוגרייטן עפּעס עסן איז אים ניט געגאַנגען. אַלץ איז אים געפאַלן פון די הענט: האָט ער גענומען אויסשווענקען דאָס קאַווע־טעפּל, איז עס אים ארויסגעפאַלן פון די הענט און אַריינגעפאלן אין סינק מיט אַ בראַזג; האָט ער גענומען אויסוואַשן אַ גלאָז, איז עס אַרונטערגעפאלן אויפן דיל און זיך צעבראָכן אויף פּיצלעך. אפילו דאָס וואַסער פון קראַן האָט זיך דאָס מאָל, ווען ער האָט דעם קראַן אָן עפן געטאָן, אַ גאָס געטאָן מיט אַ רעש און אַ טומל. ער איז פון דעם געוואָרן אויפגערעגט און אין כעס אויף זיך אליין. דער זייגער איז ערשט געווען זעקס. די האַרבסטיקע פרימאָרגן ליכט האָט זיך נאָך ערשט גענומען דורכברעכן דורך דעם נאַכטיקן פינצטערן שלייער און אין די צימערן איז נאָך געווען טונקל. דאָס ווייב זיינס האָט נאָך

געקענט שלאָפֿן אַ גוטע האַלבע שעה. צוליב דעם טאָקע איז ער געווען אזוי פּאַרזיכטיק ביים אויפשטיין און ביים ארויסגיין פון בעט, ניט אויפצואוועקן דאָס ווייב. זי דאַרף נעבעך גיין אויף אַ גאַנצן טאָג ארבעטן און פּראַצעווען אין שאָפּ. זאָל זי נאָך שלאָפֿן אביסל. דאַרף גאָר אַלץ פאַלן פון זיינע הענט און אָנמאַכן אַזאַ בראַזג און טומל. ער האָט זיך פון דעם אַ לעבעדיקער אויפגעגעסן.

נאָר דאָס ערגערן זיך און דאָס אין כעס זיין אויף זיך אליין האָט ניט געהאָלפן. פעני האָט פון טומל, וואָס ער האָט אָנגעמאכט אין קיך, זיך שוין אויפגעכאפּט. זי האָט זיך שטיל, ניט אויפצואוועקן די קינדער, אָנגעטאָן, שטיל זיך ארייגעשלייכט אין קיך, אזוי שטיל, אַז דייוו האָט זי גאָר ניט געזען ארייקומען, נאָר ער האָט פון הינטן, שטייענדיק לעבן סינק מיטן פנים צום וואַנט, דערפילט איר אָנוועזנ־הייט, זי דערפילט אויף זיין פלייצע און אויף זיין האַלדז און נאַקן.

דעם פרישטיק האָט זי אָפּגעגעסן אין איילעניש, געכאפּטערהייט. זי האָט מורא געהאט זי זאָל ניט פאַרשפעטיקן אין שאָפּ. האָט זי אַ זופּ געטאָן אַביסל ארענדזש־זאַפט, אַ ביס געטאָן אַ שטיקל זעמל און בלויז דאָס טעפל קאַווע האָט זי אויסגעטרונקען אין גאַנצן; די קאַווע האָט קיין טעם ניט געהאַט, נאָר זי האָט אים גאָר ניט געזאָגט. זי האָט, נאָך אלץ אין איילעניש, אַ כאַפּ געטאָן איר מאַנטל, הוט און פּאַקעטבוך און אַרויסגעלאָפן פון הויז.

ווען זיין ווייב איז אַרויס פון הויז האָט זיך דייוו ערשט דערפילט פאַרלוירן. ער האָט באַדאַרפט אויפוועקן די קינדער, זיי העלפן זיך אָנטאָן, געבן פרישטיק. זיי מיטגעבן עפּעס פאַר מיטאָג און זיי אַרויסשיקן אין סקול, און די הענט האָבן זיך אים צו קיין זאַך ניט גענומען... די קינדער זיינען געווען אויפגערעגט און דאָס יינגסטע קינד, דער אַכט־יאָריקער עדי, האָט געוויינט. דאָס עלטערע קינד, די צוועלף־יעריקע פלאָרענס, איז געווען אַ מילדע און אַ צאַרטע, האָט זי אים וויינינק שוועריקייטן פאַרשאַפט. זי האָט שטיל אויפגעגעסן איר שיסעלע קאַשע מיט דעם זעמל און מיט אַ שמייכל אין אירע בלויע אויגן, שטיל אַרויס פון שטוב.

אנדערש איז אָבער געווען מיטן יינגערן, מיט עדין. ער איז א קאַפּריזנער, אַ קאָכיקער, ווען עס איז פון שטענדיק אָן שווער

צופרידנצושטעלן. ער האָט זיך געוואָרפן און געשליידערט און געַ־האָט טענות:

— האָ, פאָ, דו טוסט ניט ריכטיק, די מאַמע טוט עס אַנדערש, — איז ער מיט יעדער זאַך וואָס דייוו האָט געטאָן ניט געוועזן צופרידן און געוויינט.

דייוו האָט זיך געפילט פארלוירן און דערשלאָגן און מיט וויטאָק אין הארצן, כמעט מיט טרערן אין די אויגן אים איינגענומען.

— סאָני דיר, זיי אַ גוטער באָי, מאָרגן וועל איך עס שוין טאָן בעסער, — האָט ער אים געגלעט איבערן קעפּל און אים צוגעזאָגט אַ ניקל פאַר אייז־קרים ווען ער וועט קומען פון סקול.

**
*

די אמתע ביטערקייט פון זיין לאַגע האָט דייוו דערפילט ווען די קינדער זיינען אַוועק אין סקול און ער איז געבליבן אליין אין הויז. פון אַלע ווינקעלעך אין הויז האָט עס אויף אים געווייט מיט אומעט און פוסטקייט און ער האָט זיך דערפילט אומגליקלעך און דערשלאָגן.

צום אָנפאַנג איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן הויז ווי אַ פאַרוויר־טער און האָט זיך צו קיין זאַך ניט געקאָנט נעמען. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט אַזוי פיל ארבעט, — אויפראַמען אין הויז, פאַרבעטן די בעטן, אויסקערן, אויפראַמען אין קיך, אָבער די הענט האָבן אים צו קיין זאַך ניט געדינט. נאָכדעם האָט ער זיך יע גענומען צו דער הויז־ארבעט. ער האָט עס אָבער געטאָן אָן לוסט און אָן לעבן. ער האָט אַלע ווילע זיך גענומען צו אַן אַנדער אַרבעט. געטאָן אַ האַלבע אַרבעט און עס אַוועקגעוואָרפן. זיך גענומען צו אַן אַנדער אַרבעט און קיין זאַך איז ניט געוועזן אָפּגעטאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

ער איז גיך מיד געוואָרן, האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען אויף דער סאָפע, זיך אליין באַטראַכט פון קאָפּ ביז צו די פיס אין שפּיגל און היסטעריש אַ לאַך געטאָן וואָס האָט זיך מיט אַן אומנאַטירלעכער גרילצעריי צעקלונגען איבערן שטוב.

פון דעם גרילצענדיקן לאַך האָט ער זיך אליין דערשראָקן, איז ער ווי אַן אונטערגעשאָסענער אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ, זיך ווידער

גענומען צו דער ארבעט. די ארבעט האָט זיך אָבער ביי אים געצויגן ווי פון פעך. ער איז ווידער גיך מיד געוואָרן און ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט רוען אויף דער סאָפע.

אַז די קינדער זיינען געקומען פון סקול איז אין שטוב קיין זאַך נאָך ניט געווען אָפּגעטאָן. די בעטן זיינען נאָך ניט געווען פאַרבעט, דער דיל נאָך ניט אויסגעקערט, דאָס געשיר פון פרישטיק איז נאָך געשטאַנען אין סינק ניט צעוואַשן און אויף דייווס פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט מידקייט און פאַרלאָרנקייט.

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ כמאַרנער. שוואַרצע פולע וואָלקנס זיינען איבערן הימל געהאַנגען. עס האָט געהאלטן ביים רעגענען. זיינען די קינדער ניט אַרונטער אין גאַס זיך שפּילן. האָט זיך עדי פאַרנאַנדערגעוואָרפן מיט אַלע זיינע צאַצקעס איבערן דיל פון זאַל און די אומאָרדנונג אין הויז איז געוואָרן נאָך גרעסער.

דייוו איז אַ פאַרצווייפלטער, אַן אָפּהענטיקער, מיט א מידן בליק אין די אויגן געבליבן זיצן ביים טיש אין קיך און ניט געוואוסט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן, צו וואָס ער זאָל זיך פריער נעמען. דער טאָג רוקט זיך. אָט ווערט שוין באַלד נאַכט, אין הויז איז נאָך ניט אויפגעראַמט, ער וואָלט וועלן עפּעס צוגרייטן סאַפער פאַר פעניץ ווען זי וועט אַ מידע קומען אַהיים פון דער אַרבעט. אמת, פעני האָט אים געזאָגט, ווען זי איז אין דער פרי אַוועק אין שאַפּ, אַז ער זאָל זיך ניט זאָרגן וועגן סאַפּער. „מען וועט עסן וואָס עס וועט זיין אין הויז". אָבער דאָס האַרץ האָט אים ניט דערלאָזן, אז דאָס ווייב זיינס זאָל נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט אין שאַפּ דאַרפן אָפּקומען מיט אַ טרוקענעם מאָלצייט. ער האָט געוואָלט כאָטש לכל הפּחות אָפּקאָכן אַ פּאָר קאַרטאָפל, מאַכן אַ סאַלאַד, ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי מען הייבט עס אָן צו טאָן און ער איז געווען פאַרצווייפלט.

אין שטוב איז געשטאַנען אַ טומל. פלאָרענסן האָט זיך פאַרוואָלט אָנשטעלן די ראַדיאָ און זיך צוהערן צו דזשעז מוזיק, און עדי האָט אַלע ווײַלע אָנגעדרייט אַן אַנדער מעכאַנישע צאַצקע, דאָ אַן אויטאָמאָ־בילטשיק, דאָ אַן אמניבוסל און דאָ גאָר אַן עראָפּלאַן און עס מיט אַ רויש און אַ רודערן אַ לאָז געטאָן איבערן דיל. דאָס ריטשען פון דער דזשעז מוזיק און דאָס רודערן פון די מעכאַנישע צאַצקעס איבערן

דיל האָבן דייוון ווי מיט האַמערס געזעצט אין די שלייפן און געצופּט זיינע נערוועז.

— קינדערלעך, פּליז, — האָט ער אַ פאַרצווייפלטער, כמעט מיט אַ געוויין ארויסגעשריען, — הערט אויף! די מאַמע דאַרף שוין באַלד קומען פון שאַפּ, און זעט וואָס אין הויז טוט זיך. העלפּט מיר בעסער אויפראַמען אין הויז און עפּעס צוגרייטן סאַפּער.

זיין מיד, פאַרלאָרן אויסזען, זיין מיט טרערן אָנגעזאָפּט קול און זיין פאַרצווייפלטער אויסגעשריי האָט אזוי געווירקט אויף די קינדער, אַז זיי האָבן ווי צעשראָקענע שעפּסן זיך גענומען טוליען צו אים און אים לאַשצען. עדי האָט צוגעטוליעט זיין קאָפּ צו דייווס בויך און מיט זיינע הענטעלעך גענומען גלעטן און צערטלען דייווס האנט, און פלאָרענס, אַ פאַררויטלטע, ווי זי וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אליין, האָט זי אויף שנעל ארויפגעכאַפּט אויף זיך דער מאַמעס פאַרטוך און בריהש זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. זי האָט פאַרבעט די בעטן מיט אַלע פּיטשעווקעס, ווי די מאַמע טוט עס. זי האָט אויפגעראַמט אין זאַל, אַלץ צוגענומען און אַלץ אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ. זי האָט מיט ברען געריינקט, צעוואַשן דאָס געשיר און אויסגעוואַשן דעם סינק, אז עס האָט געבלאַנקט.

דייוו איז איר, ווי אַ לערן־יינגל נאָכגעגאַנגען, זיך צוגעקוקט ווי זי טוט און עפּעס די הענט זיינע האָבן זיך אים גאָר פאַנאַנדער־געבונדן און עס האָט זיך ביי אים אויך גאָר אַנדערש געארבעט. נאָכדעם האָט אים פלאָרענס געוויזן ווי צו שאָבן די קאַרטאָפּל און צושטעלן צום פייער, ווי צוצוגרייטן דעם סאַלאַד. עדי, וועלכער האָט זיך שטענדיק צוגעקוקט ווי די מאַמע טוט די הויז־ארבעט, האָט אים אויך געלערנט ווי צו טאָן — „גיס אָן מער וואַסער און אַביסל זאַלץ אויך, שור, די מאַמע טוט אזוי,״ — האָט אים דער אַכט־יעריקער עדי געלערנט. דייוו האָט זיך, ווי אַ גוטער לערן־יינגל, געלאָזט לערנען פון זיינע קליינע קינדער. געטאָן וואָס זיי האָבן אים געהייסן. די שטוב איז שנעל אויפגעראַמט געוואָרן. עס איז געוואָרן ציכטיק אין אַלע ווינקעלעך. אויפן אויוון האָט זיך געקאָכט אַ טעפּל קאַרטאָפּל. דאָס וואַסער אין טעפּל האָט פריילעך געהוזשעט און געמורמלט און איבערן שטוב האָט זיך צעטראָגן דער פאַרעדיקער געשמאַקער ריח פון פריש געקאָכטע קאַרטאָפּל. איבערן טיש איז

שוין געווען אויסגעשפרייט אַ ווייס טישטוך. עדי האָט מיט פלייס אויסגעלייגט די גאָפּל־מעסער־לעפל און די סערוועטקעס. דער טיש איז געווען געגרייט מיט געשיר און ברויט און פון אַ גרויסן ווייסן טעלער האָבן מיט רייץ ארויסגעקוקט רויטע טאָמייטאָס, גרינע פעפערלעך, פּענעצער פריש־צעשניטענע אוגעראָק און גרין־ווייסער סאַלאַט.

**
*

ווען די גאַנצע ארבעט איז אין שטוב געווען אָפּגעטאָן און דער סאָפּער איז שוין געשטאַנען אויפן טיש, האָט זיך דייוו געשטעלט לעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט זיין ווייב זאָל שוין אָנקומען פון שאָפּ. ער האָט געוואָרפן אַ מידן בליק אויף דער אויפגעראָמטער שטוב, אויפן געגרייטן טיש און אויף די קינדער. עפּעס האָט אים פלוצים אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן און א שלאָג געטאָן אין קאָפּ. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין ביטערער, משונהדיקער לאַגע, צו וואָס ער איז געקומען, אז ער איז איצט ביי זיינע קליינע קינדער אויף דער לערע, ביי א גאָר נייעם פאַך... הויז־ארבעט... און עס האָט זיך אים געוואָלט אי ווײנען אי לאַכן. האָט זיך אַ פאַרקרימטער שמייכל צעלייגט אויף זיין פּנים און אין זיין האַרצן האָט עס אַ קליפּע געטאָן...

# אַ שניי איז געפאַלן

דער געגנט וואו זלמן האָט געהאַט זיין סטיישאָנערי קראָם איז געווען אַן אָרעמער, און אָפּגעלאָזטער. קליינינקע, אַלטע אָפּגעלאָזענע הייזלעך, די באַפעלקערונג, איז געווען א געמישטע, און איז באַשטאַנען פון אָרעמע יידן, איטאַלעיענער און אַביסל פּאָליאַקן. קיין גרויסע גליקן האָט ער פון דאָס קרעמל ניט געהאַט, נאָר פונדעסטוועגן אַ לעבן האָט ער געמאַכט און ער איז געווען צופרידן. אַלץ בעסער ווי אין שאַפּ. ער איז אַ שוואַכער מענטש, אַ קליינער פאַרדינער, האָט ער אין שאַפּ קיין לעבן ניט געמאכט, האָט זיך שרעקלעך געפּלאגט, צו־מאָל דאָס שטיקל טרוקענע ברויט צו זאַט ניט געהאט, און דערצו איז אים מיאוס געוואָרן דאָס זוכן אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אַ נייעם פּלאַץ. האָט ער צענויפגעקלאַפּט ביי פריינט און באַקאַנטע אַ פּאָר דאָלער און ער האָט געקויפט די סטיישאָנערי קראָם. קיין רייכע גרויסע קראָם האָט ער ניט געקענט קויפן. אויף אזוי פיל האָט ער קיין געלט ניט געהאַט. און ער האָט ניט געוואָלט מיט פרעמד געלט זיך גרויס צו פאַרנעמען.

— ווער וויים ? ביזנעס איז דאָך אן איינשטעלעניש ! ווער ווייס וואָס עס קאָן זיך אויסלאָזן ? — האָט ער ביי זיך געטראכט, און האָט דעריבער געקויפט אַ קליינע אָרימע קראָם פאַר עטלעכע הונדערט דאָלער בלויז, אין אַן אָרימן אָפּגעלאָזטן געגנט.

די לייזונג אין קראָם איז געווען א קליינע, אַ פּעני־לייזונג. קיין רייכע קונים וואָס זאָלן אריינגיין קויפן א פּאָר שאכטלעך ציגאַרן מיט אַמאָל אָדער איניקע טייערע קינדערשע צאַצקעס און אוועקלייגן א שיינע פּאָר דאָלער מיט אמאָל, אזוינע קונים האָט ער ניט געהאַט. זיינע קונדן זיינען מערסטנטיילס געווען אָרימע ארבעטער, וועלכע פּלעגן, בעת זיי פלעגן גיין צו און פון דער ארבעט זיך אריינכאַפּן

אין קראָם קויפן אַ פּעקל קעמעל פּאַפּיראָסן אדער א צייטונג, און קליינע קינדער, וועלכע פלעגן א גאַנצן טאָג די טיר ניט צומאַכן, און מחנות־ווייז אריינלויפן קויפן פאַר אַ פּעני צוקערקעס. די קינדער זיינען געווען די הויפּט קונדן.

אריינלויפן פלעגן זיי אלע מיט אמאָל. אַלע מיט אַמאָל פלעגן זיי אָנהויבן ריידן און אויף פאַרשידענע קוויטשעדיקע קולכעלעך פלעגן זיי אָנהויבן בעטן זייערע צוקערקעס.

— מיסטער, גיוו מי פאָר א פּעני קענדי, דהיס וואָן (מיסטער, גיט מיר פאַר אַ פּעני צוקערקעס, אָט אָ די), — פלעגט איין יינגעלע אין שמאַטעס, מיט אַ פאַרסמאַרעט נעזעלע, קוויטשען אויף זיין קינדערשן קולכעלע און פירן מיטן פינגערל איבער דעם קאונטער מיט קאָנפעקטן, אָנווייזנדיק וועלכע ער וויל.

— העי, מיסטער! גיוו מי א לאלא פּאָפּ. העי, מיסטער! גיוו מי פוירסט, איי קעים פוירסט. (העי, מיסטער! גיט מיר אַ לאַלאַ פּאָפּ, העי, מיסטער, גיט מיר צוערשט, איך בין געקומען פריער) — פלעגט א צווייטער יינגעלע איבערשרייען דעם ערשטן, און אין קראָם פלעגט ווערן אַ געשריי, אַ טומל, אַ יאַריד אַ גאַנצער, כאָטש די אויערן צו פאַרשטאָפּן.

זלמן און זיין פרוי גיטל פלעגן ווערן שטאַרק פאַרנומען, פלעגן ארומלויפן פאַרביי דעם קאונטער מיט קאָנפעקטן פון איין שאַפּקעלע צו אַ צווייטער. די קינדערלעך פלעגן זיי מושטירן, זיי ארומטרייבן פון איין ברעג קאונטער צום צווייטן. זלמן און זיין פרוי פלעגן פרעגן: וועלכע געבן: דאָס? דאָס? די קינדערלעך פלעגן זיך ניט קאָנען אַנטשליסן. אָט האָט אַ קינד געבעטן אַזאַ סאָרט צוקערקע, און אז זלמן אָדער זיין פרוי פלעגן שוין ארויסנעמען וואָס דאָס קינד האָט געבעטן, פלעגט דאָס קינד חרטה האָבן, פלעגט אָנהויבן שאָקלען מיטן קאָפּ אויף ניין, אַז ער וויל עס ניט, פלעגט נאָך צומאָל אָנשטעלן אַ פאָר פיסקעלעך אויף צו וויינען, און מיטן הענטעלע אָנווייזן אויף אַנאַנדער שטיקל צוקערקע, און אַזוי עטלעכע מאָל. און אז די קינדערלעך פלעגן זיך צעלויפן פון קראָם און דער טומל מיטן געשריי, מיטן יאַריד פלעגט זיך איינשטילן, האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די גאַנצע לייזונג איז געווען פינף אָדער צען סענט.

פונדעסטוועגן איז זלמן צופרידן געווען. טאַקע אָט דאָס פּאַדען און דאָס פאַרנומען זיין אַרום די קינדערלעך, טאַקע אָט דער טומל און יאַריד פון די קינדערלעך איז זיין צופרידנקייט און זיין חיות געווען. זלמן און זיין פרוי האָבן קיין קינדער ניט געהאַט, און קיין האָפנונג אויף צו האָבן קינדער האָבן זיי שוין אויך ניט געהאַט. שוין העכער צוואַנציק יאָר, אַז עס איז נאָך זייער חתונה,ביידע שוין ניט קיין יונגע מענטשן, און ווי האָט זייער האַרץ געהונגערט און אויסגעגאַנגען נאָך אַ קינד, נאָך קינדערשן טומל, נאָך קינדערשן פריילעכן, האַרציקן געלעכטער און אפילו נאָך קינדערשן געוויין... אַז ער האָט געאַרבעט אין שאַפּ איז זייער לעבן געווען טרוקן און פּוסט און האַרט. איינזאַם און עלנט ווי אַ שטיין. שטענדיק אליין, אָפּ־געזונדערט. אין הויז איז שטענדיק אַזוי שטיל און טויט, און די הויז־ווירטשאפט, דאָס מעבל, דאָס געשיר, איז שטענדיק אַזוי אין אָרדנונג און אויף אַ פּלאַץ. זיי האָבן עס ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. איצט אין קראָם איז אַביסל פריילעכער, מענטשן קומען אריין, מען רעדט אויס אַ וואָרט, מיט דעם, מיט יענעם, און דערהויפּט די קינדערלעך — אַ געזונט אין זיי! און זייער טומל, זייער געשריי, זייערע קווי־טשענדיקע קולכעלעך, האָט אין זלמנס אויערן געקלונגען ווי באַרוי־שענדיקע זיסע מוזיק.

דאָס ווייב זיינס גיטל איז פון מוטערלעכער אומפּרוכטבאַרקייט און פון מאַמישער ניט צופרידנגעשטעלטקייט, געבליבן אין זיך איינגע־שלאָסן, פאַרביסן. בייז, נערוועז־קרענקלעך און אומגעדולדיק. אַן איינגעדאַרטע, אַן איינגעשרומפּענע, א הויפּן הויט און ביינער, מיט אַן איינגעפאַלענער ברוסט און מיט טויטע, גרויע ערדענע אויגן, פלעגט זי אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין אַן אָנגעבלאָזענע, אַן אומצופרידענע, און וואָרטשען צו זיך אליין, און צו די פרעמדע קינדערלעך מיט זייער שטענדיקן טומל האָט זי גאָר קיין געדולד ניט געהאַט. זייערע גע־שרייען און זייער טומל פלעגן איר דעם קאָפּ פאַרדולן און נערוועז מאַכן. דער אנגעזיכט פון פרעמדע קינדערלעך פלעגט אין איר ארויס־רופן מוטערלעכע קנאה, פלעגט איר דערמאָנען אָן איר אייגענער אומפּרוכטבאַרקייט, פלעגט זי ווערן בייז, נערוועז און קיין געדולד ניט געהאַט מיט זיי זיך אָפּצוגעבן. אָבער זלמן איז געווען פאַרקערט. מיט דער גרעסטער געדולדיקייט, מיט דער גרעסטער צופרידנקייט

און האַרציקער גוטסקייט פלעגט ער ארום זיי אַרומפּאַדיען; זיי נאָכ־געבן זייערע קאַפּריזן, ניט געקוקט וויפיל צייט זיי האָבן ביי אים צוגענומען און ווי קליין די לייזונג איז געווען, און אז די קינדערלעך פלעגן אריינלויפן קויפן פאר אַ פעני צוקערקעס, איז ער עס זיי מיט צופרידנקייט און שמחה געלאָפּן געבן.

דערהויפּט פלעגט ער שיינען פון שמחה ווען אַ קינד איז אריינ־געקומען קויפן עפּעס אַ ביליקע מעכאַנישע צאַצקע פאר צען אדער פופצן סענט: אַ פערדעלע, אַ בלעכענעם אָטאָמאָבילטשיק וואָס גייט אליין ווען מען דרייט אים אָן; אָדער אַ שוואַרץ מענטשעלע, אַ נעגערל, וואָס אַז מען דרייט עס אָן טאַנצט עס אויף די בלעכענע פיסלעך. ער האָט דאָן גאָר פון קיין צייט ניט געטראַכט. ער פלעגט פאַרן קינד קענען אוועקגעבן ווער ווייסט וויפיל צייט. פלעגט דאָס קינד ווייזן איין צאַצקע, אַ צווייטע, פלעגט די צאַצקע אָנדרייען, לאָזן אויפן דיל, בעת מעשה, מיט דער זעלבער התפעלות און מיט דער זעלבער פרייד, ווי דאָס קינד, זיך אָנבויגן צום דיל און נאָכקוקן ווי די צאַצקע גייט, לויפט אָדער טאַנצט, און צוזאַמען מיטן קינד האַרציק און פריילעך לאַכן.

קיין גרויסע לייזונג איז דערביי ניט געווען. צען סענט אָדער, אַז פיל, א קוואָדער, אָבער הנאה און נחת האָט ער פון דעם א סך, א סך געהאָט.

***

דער זומער איז אוועק. דער הערבסט איז שוין אויך געווען ביים ענד. די בלעטער פון די בוימער זיינען געל געוואָרן, אַנדערע קופּער־רויט, פאַרטריקנט. דאָס מינדעסטע ווינטעלע האָט זיי הור־בעסוויז פון די בוימער געפּליקט, און צעטריקנטע זיי צעטראָגן אין אַלע עקן, אונטער מענטשלעכע פיס, וועלכע האָבן זיי געטראָטן און אין שטויב פאַרוואַנדלט.

עס זיינען אָנגעשטאַנען מיאוסע, חושכדיקע טעג, פוילע ווינטן האָבן מיט קעלט און אומהיימלעכקייט געבלאָזן, קאַלטע, איינגעגעסענע רעגנס האָבן כסדר געגאָסן, די קינדערלעך האָבן זיך אויפגעהערט צו ווייזן אַזוי פיל אין גאַס, אויפגעהערט אריינצולויפן אזוי פיל אין קראָם נאָך זייער פעני צוקערקע, און זלמנען איז געוואָרן אומעטיק

און לאַנגווייליק. עפּעס האָט אים געפעלט אָן די קינדערלעך, וואָס האָט אים זיין לעבן פּוסט און טרוקן געמאַכט.

ער פלעגט שטיין אזוי לעבן דער גלעזערנער טיר פון קראָם מיט לאַנגווייל אויפן פּנים, מיט אַ פּוסטקייט אין מח, די אויגן איינ־געגראָבן אין שויב פון קראָם־טיר. שטונדן־לאַנג פלעגט ער אזוי אָפּשטיין מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, גענעצן און אָן אַ ציל אַרויסקוקן אין דער פארלאָזטער אומעטיקער גאָס.

פלעגט ווען ניט ווען אריינקומען א קונה אין קראָם קויפן אַ פּעקל קעמעל פּאַפּיראָסן אָדער אַ צייטונג, פלעגט ער פויל, אָן גרויס חשק, דערלאַנגען דעם קונה וואָס ער האָט געבעטן, און אזוי אויך פויל, אָן חשק, מעכאַניש, אָט גלאָט פון יוצא וועגן, אַ זאָג טאָן צום קונה:

— טעריבל וועטער. (א שרעקלעכער וועטער).

עפּעס זאָגן צו אַ קונה מוז מען דאָך. און דער קונה, אבי אָפּצו־פּטרן אָן ענטפער, פלעגט פאַררויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס און אָנשטעלנ־דיק דעם קאָלנער פון מאַנטל, מיטן פּאַפּיראָס אין מויל, אויך אזוי מעכאַניש ענטפערן:

— יעס, איט׳ס טעריבל אוטסייד. (יאָ, ס׳איז א שרעקלעך וועטער),

— אין קראָם פלעגט ווידער שטיל ווערן. טויט ווערן. זלמן פלעגט זיך ווידער אַוועקשטעלן לעבן דער שויב פון קראָם־טיר און אין קראָם האָט זיך געפילט עפּעס אַזאַ פוילקייט, טויטקייט און נודנעקייט.

די פרוי זיינע, גיטל, פלעגט אָן אָפּגעלאָזענע, אַ פּאַרצרהטע מיט א זויערן פּנים, שטיין אַ גאַנצן טאָג לעבן דעם אייזערנעם קוילן־אייוועלע, זיך וואַרעמען און קרעכצן אויף אירע רומאַטעס, און זלמנען פלעגט זיין נודנע און קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. דאן האָט אים שוין פאַרדראָסן וואָס ער האָט דאָס קרעמל געקויפט. אין שאָפּ איז שוין געווען פריילעכער, לעבעדיקער און אינטערעסאנטער.

***

די וועטערן זיינען געוואָרן קעלטער, די רעגנס האָבן אויפגעהערט, די ווינטן זיינען געוואָרן שטאַרקערע און בייזערע און א פרעסטעלע האָט אָנגעהויבן צופּן און שטעכן אין די שפּיצן אויערן, אין די שפּיצן פינגער און אין שפּיץ נאָז.

אין קראָם האָבן אָנגעהויבן אריינקומען סיילסלייט מיט נייע ווינטערדיקע צאַצקעס, מיט שליטעלעך און גליטשערס און אָנגעהויבן צוצורײדן זלמנען ער זאָל אריינעמען אין קראָם אביסל פון דער דאָזיקער סחורה.

— קויפט איצט, איצט איז ביליקער, שפּעטער אין סעזאָן, וועט ווערן טייערער, אין דעם שטעקט א גרויסער ריוח, אַלע קרעמער באַשטעלן טוצנס גאַנצע, — האָבן די סיילסלייט מיט פלינקייט און כיטערקייט אָנגעהויבן איינריידן און שוין געהאַלטן גרייט די בלייפעדערס מיט די באַשטעל־בלאַנקן אויסצומאַכן די באַשטעלונג.

זלמן האָט זיך געקווענקלט, געקווענקלט, געטראַכט, געחשבונט, זיך געשלאָגן מיט דער דעה און צום סוף באַשטעלט א האַלבן טוצן שליטעלעך.

— טפו, משוגע מיינע שונאים! — האָט גיטל ווי אן אָפּגעבריטע זיך ארויסגעכאַפּט — האָסט ניט וואו אַהינצוטאָן געלט? ווער וועט ביי דיר קויפן שליטעלעך, אָט די קבצנים פון דעם געגנט וועלן ביי דיר קויפן אַזאַ טייערן אַרטיקל? אַז סך הכל, איז מער ווי אַ צען־סענטיקע צאַצקע פאַרקויפט זיך דאָ ניט. באַשטעלט ער גאָר שליטעלעך... מיר דאַרפן ניט קיין שליטעלעך. איר פאָלגט מיך, מיסטער, קריגט בעסערע קאָסטאָמערס, ווי מיר זיינען, — האָט זי זיך צולעצט ווי צושריען אויפן סיילסמאַן.

נאָר זלמן האָט זי ניט געהערט. האָט גוטמוטיק געשמייכלט און באַשטעלט די שליטעלעך.

— איר וועט זיך נאָר איינהערן וואָס א פרוי רעדט וועט איר א סך ביזנעס טאָן, — האָט ער, מיט ביטול וועגן זיין ווייב געזאָגט צום סיילסמאַן און אויף גיטלען האָט ער זיך שוין ווי צעשריען:

— יידענע דו! וואָס אַרט עס דיך אז עס וועט זיין אין קראָם אַ האַלב טוצן שליטעלעך, עס בעט ביי דיר עסן? געלט איז דאָך דאָס אַלעמאָל ווערט, וועט מען ניט פאַרקויפן דאָס יאָר, וועט מען עס פאַרקויפן איבעראיאָר. ס'איז דאָך אן ארטיקל וואָס קען שטיין.

און דער סיילסמאַן האָט אין זיין באַשטעל־ביכל פאַרשריבן אַ האַלב טוצן שליטעלעך.

נאָכדעם זיינען אנגעשטאַנען אַ פּאָר זייער קאַלטע טעג. די לופט איז געוואָרן שאַרף און קאַלט. אַ שטאַרק פרעסטעלע האָט געסמאַליעט,

און אויפן צווייטן טאָג פאַרנאַכט־צו, האָט א ווייסינקער, קליינינקער פוך זיך באַוויזן אין דער לופטן. דער ווינט האָט דעם פוך אויפ־געכאַפּט, אים געדרייט, געדרייט, און צום סוף אים אַרונטערגעבראַכט אויף דער ערד, און גלייך איז די ערד באַדעקט געוואָרן מיט א פרישענקן, ווייסינקן, ווייכענקן פוך ווי א מחנה יונגינקע, ווייסינקע קעצעלעך וואָלטן זיך אויף דער ערד אויסגעלייגט.

אַ גאַנצע נאַכט האָט געשנייט, האָט אָנגעיאָגט אַ היפּשן שניי, און אויף מאָרגן פרי איז די לופט געווען ריין, שאַרף און בלענדענדיק.

אַ שפּראָץ אויפן פרימאָרגן זיינען שוין די קרעמער און די דזשע־ניטאָרס געשטאַנען מיט רידלען און בעזימער. געראַמט דעם שניי פון די טראָטואַרן לעבן זייערע הייזער און קראָמען, און א סקריפּעריי און אַ קלאַפּעריי פון רידלען אָן האַרטן, שטיינערנעם אַספאַלט, צוזאַמען מיט אַן איבערוואַרפן זיך פון קורצע אָפּגעהאַקטע ווערטער צווישן די קרעמער און דזשעניטאָרס, האָט זיך געטראָגן אין דער שאַרפער, קאַלטער, שטיל־ווינטערדיקער פרימאָרגן־לופט.

מיט אַ פּאָר שטונדן שפּעטער האָט די גאַס אויפגעלעבט. קינ־דערלעך האָבן געטאָפּטשעט אין שניי, זיך געוואָרפן מיט שניי־קייקלעך, שטיפערישע, פריילעכע קינדערלעך האָבן געקוויטשעט, געשריען, און אַ פריילעך־קלינגענדיק קינדערשער געלעכטער האָט אָנגעפילט די לופט.

זלמן האָט אָפּגעראמט דעם שניי לעבן זיין קראָם און לעבן דער טיר־קראָם ארויסגעשטעלט זיינע שליטעלעך, נייאינקע, קליינינקע שליטעלעך, געפאַרבט געל און רויט.

גלייך האָבן קינדערלעך מיט רויט־אָנגעפרוירענע נעזעלעך זיך ארומגעקליבן ארום זיין קראָם, האָבן מיט הונגעריקע, זשעדנע אוי־געלעך געקוקט אויף די שליטעלעך. אַן אַנדערער, אַ מער דרייסטער, האָט אויך געוואגט מיטן הענטעלע אָנצורירן די שליטעלעך, און אלע אינאיינעם און יעדערער באַזונדער האָבן איינער צום אַנדערן גע־רעדט:

האַ, דזשי! — האָט א ייִנגעלע מיט צעפּלאַמטע בעקעלעך באַ־גייסטערט גערעדט, — פּאַפּאַ מיר צוגעזאָגט קויפן א „סלעד" (שליטל) ווען ער וועט האָבן געלט... הא, דזשי! ווען איך האָב אַ סלעד וואָלט איך זיך ארונטערגעגליטשט פון אַזאַ הויכן באַרג! —און ער האָט,

אויפהויבנדיק זײנע הענטעלעך איבערן קעפּל, אָפּגעמאָסטן פון וואָס פאַר אַ באַרג ער וואָלט זיך מיטן שליטעלע אַרונטערגעגליטשט.

— פון אַזאַ באַרג זאָגסטו? — האָט זיך א צווייטער ייִנגעלע אַרויסגעכאַפּט — האו מאטש יו וואנא בעט (אויף וויפיל ווילסטו זיך וועטן) אַז איך וואָלט זיך אַרונטערגעגליטשט פון אַ באַרג אַזוי ווי דאָס הויז, יעס סיר!...

אָ, גאו אָן! (אָה, גיי שוין גיי), — האָבן זיך אייניקע ייִנגלעך מיט אַמאָל ארויסגעכאפּט — יו דאָנט נאָו ווהאט יו אר טאָקינג עבאוט, נאָבאדי קענט דו איט... (דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט, קיינער קען עס ניט באווייזן) — און קריגנדיק מער מוט האָבן זיי שוין אַלע מיט אַמאָל מיט די הענטלעך אָנגערירט די שליטעלעך, זיי באַטאַפּט פון אַלע זייטן און זייערע אויגעלעך האָבן ווי ביי הונגעריקע וועלפּעלעך געבלישטשעט.

זלמן איז געשטאַנען אינעווייניק אין קראָם לעבן שויב פון קראָם־טיר, זיך צוגעקוקט צו די זשעדנע אויפגעפלאַמטע אויגעלעך פון די קינדערלעך, זיך צוגעהערט צו זייער געשפּרעך און האָט גוטמוטיק געשמייכלט.

נאָכדעם האָט ער פּלוצלונג געעפנט די טיר און איז ארויס פון קראָם. די קינדערלעך זיינען זיך פון שרעק צעלאָפן, אָבער זלמן האָט זיי מיט צערטלעכקייט און מיט פריינדלעכקייט גערופן צוריק. ער האָט פאַנאַנדערגעבונדן דאָס פּעקל שליטעלעך, ארויסגענומען איין שליטעלע, אַ צווייטס און אויספּרובירנדיק זיי און עקזאַמענירנדיק זיי, צי זיי ארבעטן, צי זיי זיינען גאַנץ, אין ערגעץ ניט צעבראָכן, האָט ער געגעבן אַ שליטעלע צו איין ייִנגעלע, צו א צווייטן און צו דער גאַנצער קאָמפּאניע קינדערלעך מיט מילדקייט געזאָגט:

— גאָ אהעד, העוו א ראַיד, עווריבאַדי א ראַיד, באָט בי קערפול, דאָנט הוירט יורסעלף, ענד דאָנט ברעיק איט, ענד ברינג איט בעק, יו היר?!... (נאַט, פאָרט זיך דורך, יעדערער זאָל זיך דורכפאָרן. אָבער זייט פאָרזיכטיק. צעקאַליעטשעט זיך ניט, און צעברעכט עס ניט, און ברענגט זיי צוריק, איר הערט?)

די קינדערלעך האָבן אַ כאַפּ געטאָן די שליטעלעך, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זיי, זיך אַ ציַ אויס געטאָן איבער דער גאַנצער לענג פון שליטעלע, האָבן זיך אויסגעצויגן צו צוויי אויף א שליטעלע,

איינער אויפן אַנדערן, און מיט אַ רעש, מיט א פרייד און מיט א קינדערשער קוויטשעריי זיך אַוועקגעלאָזט איבערן טיפן, ווייכן שניי. די איבעריקע קינדערלעך, וואָס האָבן זיך ניט ארויפגעכאפט אויף די שליטעלעך, זיינען נאָכגעלאָפן נאָך די שליטעלעך, זיי אונטערגעשטופט ווען מען האָט באַדאַרפט. נאָכדעם זיינען יענע ארונטער. און אַנדערע האָבן זיך אויף די שליטעלעך אויסגעצויגן. און פאַר א פאָר שטונדן צייט איז די לופט אין גאַס געווען אָנגעפילט מיט קינדערשן טומל, קוויטשעריי און פריידיקן געלעכטער.

זלמן איז געשטאַנען לעבן קראָם, מיט פרייד און מיט הנאה זיך צוגעקוקט ווי די קינדערלעך האָבן געשטיפט און זיין האַרץ האָט פון דעם אָנגעקוואָלן. ער איז געוואָרן ברייטער ווי לענגער.

און ווען זיין פרוי, גיטל, איז א פאַרקרימטע, אן איינגעשרומפּענע און אַ בלויע פון קעלט אַרויס פון קראָם און אַ אומצופרידענע, א פאַרביטערטע אָנגעהויבן וואָרטשען: „אָ, אָט האָסטו זיך מיין ביזנעס־מאַן, א סך ריוחים ועסטו פון אזוינע ביזנעס האָבן!", האָט ער זיך גאָר אויף איר ניט אומגעקוקט, האָט פאָכנדיק מיטן האַנט פון הינטן, זי געהייסן גיין אין קראָם אריין: „גיי, גיי אין קראָם אריין, וועסט זיך נאָך פאַרקילן", האָט ער, ניט קוקנדיק אויף איר, גערעדט צו איר און זיינע אויגן ניט געקענט אָפּרייסן פון די קינדערלעך און זייער לוסטיקן, פריידיקן שפּילן זיך מיט די שליטעלעך.

געלייזט האָט ער ניט אפילו פאר קיין איין שליטעלע, אָבער נחת־דיקע פרייד און צופרידנהייט האָט זלמן דעם טאָג אַ סך, א סך געהאט.

# בענקשאַפט

לייזערקע דער קליינער, אַ ייד, אַ זעכציקער, אַ נידעריקער, אַ ברייט־ביינערדיקער, מיט אַ ברייטער גרויער באָרד, איז פון קינדווייז אָן געווען אַ וועבער. האָט פון זינט ער געדענקט זיך, פאַרבראַכט אין פאַבריק ביים וועבשטול און אין זיינע אויערן האָט שטענדיק געקלונגען דער קלינג־קלאַנג פון די „שיצן" און דער טיק־טאַק, דאָס קלאַפּן פון דער „לאַדע" איבער דעם פריש־געוועבטן געוואַנט.

זיין גאַנצע משפּחה זיינען געווען וועבערס. זיין זיידע, זיין טאַטע, זיינע ברידער און פעטערס זיינען אַלע געווען וועבערס. אָפּגעפינצטערט זייער לעבן אין טוך־פאַבריק פון דעם שטעטלדיקן טוך־פאַבריקאַנט ראַטנער. פריער ביי אים און דערנאָך ביי זיינע ברידער. אין פאַבריק זיך אויפגעהאָדעוועט. חתונה געהאַט, קינדער געהאַט, צוגעשטעלט וועבער צו דער פאַבריק. דאָרט די כוחות געלאָזן און געשטאָרבן.

ס'האָבן דורות וועבער געאַרבעט ביי דורות פאַבריקאַנטן.

און אזוי צוגעבונדן און צענויפגעוואַקסן איז לייזערקע געווען מיטן פאַבריק, מיטן טיק־טאַק און קלינג־קלאַנג פון וועב־שטול, אַז ס'איז אין זיין בלוט אריין, מיט זיין בלוט זיך צעמישט און אינווייניק אין אים האָט זיך די אומרו פון וועב־שטול געיערט, געברויזט און געריסן.

אַז ער איז אַ פּיצל קינד געווען, פלעגט אים די מאַמע זיינע מיטנעמען אין פאַבריק, ווען זי פלעגט טראָגן דעם טאַטן עסן. די מאַמע פלעגט אַלע טאָג אַ פּאָר שעה בלייבן אין פאַבריק, העלפן דעם טאַטן אין דער אַרבעט. אים פלעגט זי ארומטערלאָזן אויפן הוילן דיל ער זאָל זיך אליין שפּילן. ער פלעגט זיך ריען אין די „קאַנצעס", זיך וואַלגערן אויף די אָפּגעוועבטע „שטיקער" און שוין ווי אַ פּיצל

קינד האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך דעם ריח פון פאַבריק, פון וועב־שטול.

דעם טאַטן זיינעם פלעגט ער אין הויז קיינמאָל ניט אָנזען. אויסער פון שבת צו שבת. אַ גאַנצע וואָך פלעגט דער טאַטע ניט קומען נעכטיקן אהיים, האָט געגעסן, געשלאָפן אין פאַבריק. געאַרבעט האָט מען אָן אַ אָפּרו, בייטאָג און ביינאַכט. פון שפּיץ פאַרטאָג ביז אין דער שפּעטערדיקער נאַכט־שעה, און די פּאָר שטונדן וואָס ס'איז אויס־געקומען צו שלאָפן האָט מען שוין איבערגעשלאָפן אין פאַבריק אויף די „שטיקער" טוך און נאָר פון שבת צו שבת פלעגט דער טאַטע קומען אַהיים. אָבער גלייך נאָך הבדלה, שבת־צו־נאַכט, פלעגט דער טאַטע ווידער אַוועקגיין אין פאַבריק ביז דעם קומענדיקן פרייטיק פאַר־נאַכט. און אַזוי אַלע יאָרן.

אין דעם קליינעם, נידעריקן שטיבעלע, איז שטענדיק געווען חושך און רויכיק. אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן, פלעגט די מאַמע זיצן ביי אַ קורניקל, פליקן פעדערן און זיך ראַנגלען מיטן שלאָף. די מאַמע איז שטענדיק געווען אַ פאַרצאָרגטע. דער טאַטע איז שטענדיק געווען אַ בייזער. יעדעס מאָל, ווען ער לייזערקע פלעגט בעטן עסן, אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט הערינג אָדער ציבעלע, פלעגט זיך די מאַמע צעשרייען: אז ער עסט אָפּ די הויט פון איר און אים אָנהויבן שילטן. דער טאַטע, אויב ער פלעגט זיין אין הויז, פלעגט אים נאָך גוט מכבד זיין מיטן פּאַסיק און לייזערקע האָט גאָט געבעטן און געהאָפּט אויף דער צייט, ווען ער וועט זיין אַ גרויסער, וועט אַרבעטן אין פאַבריק און די מאַמע וועט אים אויך, אַזוי ווי דעם טאַטן, ברענגען אין פאַבריק אַ קריגל געקעכץ מיט ברויט.

אַז לייזערקע איז נאָך קיין צען יאָר ניט אַלט געווען, איז ער שוין אָנגעקומען אין פאַבריק. צוערשט געהאָלפן דעם טאַטן, דערלאַנגט אים שפּולן, אריינגעטאָן די שפּולן אין די שיצן, געביטן די שיצן, ווען מען האָט באַדאַרפט. און נאָכדעם האָט אים שוין דער טאַטע צוגעלאָזן צום וואַרשטאַט, צום וועב־שטול. אים גענומען לערנען די מלאכה.

צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַזוי קליין, האָט ער צום „לאַדע" ניט געקענט דערלאַנגען און זיין טאַטע האָט געמוזט צוריכטן אַן עקסטרע בענקעלע אויף וואָס ער זאָל זיך שטעלן.

געוועזן איז ער אַ ייִנגל אַ ברעזן, האָט די ארבעט גיך אויסגע־לערנט און די איבעריקע וועבער פלעגן ווי אויף א בייז־וואונדער קוקן ווי ער וואַרפט מיט זיינע קלייניגקע הענטעלעך הין און צוריק מיט די שיצן, די שיצן פליען ווי די טייוואָלים און די אויסגעוועבטע שטיקער געוואַנט ווערן גרעסער, וואַקסן און וואַקסן.

און פון דאַן אָן איז לייזערקע מיטן וועב־שטול צענויפגעוואַקסן געוואָרן. ווי אַ צווילינג־ברודער איז אים דער וועב־שטול געוואָרן און פון אים ביזן גרויען עלטער זיך ניט געשיידט.

ווען ער איז שוין עלטער געוואָרן, זיינע קינדער זיינען אַוועק־געפאָרן אין דער וויטער אמעריקע און ער איז עלנט אליין אין שטעטל געבליבן, האָבן זיינע קינדער פון אַמעריקע וואָס זיינען דאָרט רייך געוואָרן, אים געבעטן ער זאָל צו זיי אין אַמעריקע קומען וואו ער וועט אויסלעבן זיינע עלטערע יאָרן אין עושר און אין כבוד, אָבער ער האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן און זען. — „קינדערלעך טייערע, האָט ער צו זיינע קינדער געשריבן, — „כל זמן מיינע הענט דינען נאָך מיר און דער וועב־שטול וועבט נאָך, וועל איך מיט מיינע אייגענע צען פינגער מיין שטיקל ברויט פארדינען".

און אין אַ צווייטן בריוול צו די קינדער האָט ער געשריבן:

— איך וויל שטאַרבן ווי מיינע עלטערן זיינען געשטאָרבן — ביים וועב־שטול. איך בין מיין גאַנץ לעבן פון שטעטל ניט ארויס, פון וועב־שטול זיך ניט אָפגעריסן. שווער צו שיידן זיך אויף די עלטערע יאָרן און פאַרוואַרפן דעם קאָפּ ווייס איך וואו...

דאָס האָט דער קלאַנג פון וועב־שטול אים פארכישופט, פון וועלכן ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפרייסן.

*
**

אין שטעטל זיינען שלעכטע און ביטערע צייטן אָנגעשטאַנען.

דורכן שטעטל האָבן זיך פארשידענע אַרמייען דורכגעצויגן. דאָס שטעטל איז אייניקע מאָל איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט און יעדע ארמיי האָט איבערגעלאָזן אירע שפורן פון טויט און פאַרוויס־טונג. די פאַבריקן זיינען חרוב געוואָרן. הוילע ווענט, בלויזע סקע־לעטן זיינען פון זיי איבערגעבליבן, וואָס האָבן דורך די אָפענע אויסגעזעצטע פענצטער, ווי דורך שוואַרצע לעכער, ארויסגעיאָגט אַן

אומעט אויפן גאַס. די פאַבריקאַנטן, די איינגעפונדעוועטע גבירים, די שטאָלצע יחסנים זיינען ווער פון זיי געשטאָרבן, ווער אַנטלאָפן און ווער געקומען צו בעטל־ברויט. און דאָס שטעטל, וואָס האָט געלעבט פון די פאַבריקן האָט געהונגערט, געליטן און קיין האָפנונג ניט געהאַט אויף בעסערע ציטן.

דער אַלטער לייזערקע האָט געליטן הונגער, זיינע באַקן זיינען איינגעפאַלן, געל געוואָרן. ער האָט פאַרלאָרן די כוחות און זיך געפילט עלנט און איבעריק, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך אליין.

ער פלעגט אַרומבלאָנקען ווי אַ שאָטן אַ גאַנצן טאָג איבערן שטעטל. פלעגט אַלע טאָג צוגיין צום פאַבריק, קוקן אויף די הוילע ווענט, אויפן פוסטן הויף. נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל אַ קוק טאָן אויפן פלאַץ וואו זיין וועב־שטול איז געשטאַנען, וואו ער האָט זיין גאַנצן לעבן פאַרבראַכט און אין האַרצן פלעגט אים צופן, אינווייניק אין אים פלעגט עפּעס וויינען.

דאַן האָט ער געשריבן צו זיינע קינדער, אַז אים איז שלעכט, אַז ער פילט זיך עלנט און אַז ער וויל קומען צו זיי אין אַמעריקע.

די קינדער האָבן זיך דערפרייט. האָבן אים גלייך ארויסגעשיקט געלט, די נויטיקע פאַפּירן און אַלץ וואָס מען דאַרף פאַר דער רייזע, און לייזערקע איז געקומען אין אַמעריקע.

***

אין אַמעריקע איז לייזערקע דעם וועבער געווען גוט. עס האָט אים פון קיין זאַך ניט געפעלט און עס האָט זיך אים געלעבט ווי דעם גביר פון שטעטל. די קינדער זיינען געווען רייך, פאַרמאָגט אייגענע גרויסע געשעפטן, אייגענע הייזער מיט אויטאָמאָבילן און האָבן זיך ביי לייזערקען געבעטן: „טאַטע עס, טאַטע טרינק, טאַטע לאָז זיך וואויל גיין, זשאַלעווע ניט, טאַטע, אַמעריקע איז ניט ווי אין דער היים, קיין פלייש פעלט דאָ ניט, מען קוילעט גענוג אָקסן יעדן טאָג".

און לייזערקע האָט זיך אָפּגעהיט, האָט געוואָלט אָפּגעווינען וואָס ער האָט פאַרלאָרן אין די הונגער־יאָרן אין דער היים. נאָר וויפיל ער האָט זיך ניט צוגעזעצן, האָט ער אַלץ ניט געקאָנט אָפּגעווינען דאָס פאַרלאָרענע. עפּעס האָט אים געפעלט. ער האָט נאָך עפּעס געבענקט,

וואָס אָן דעם איז אים זיין גאַנצער וואוילטאָג ניט איינגעגאנגען. אים האָט געפעלט דער קלינג־קלאַנג פון וועב־שטול, צו וועלכן ער איז געווען צוגעוואוינט פון זיין קינדהייט אָן.

ער איז אַרומגעגאנגען ווי אַ נעכטיקער, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. דער טאָג איז אים געווען שרעקלעך גרויס און לאנג־ווייליק, און אין גיכן האָט ער אין גאַנצן פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט, אויפגעהערט עסן.

די קינדער האָבן עס באַמערקט, זיינען געוואָרן אומרואיק און ניט געוואוסט וואָס מיטן טאַטן איז.

— טאַטע, הלמאי עסטו ניט! זעסט דאָך, אַז עס פעלט ברוך השם ניט. פילסט עפּעס, חלילה, ניט מיט אַלעמען? — האָט אים זיין עלטערער זון, שמואל, פאַרזאָרגט, געפרעגט.

— חלילה, מיין זון, וואָס פאַלט דיר עפּעס איין? איך פיל, ברוך השם, גאַנץ גוט אויף אַלע אברים, — האָט לייזערקע זיך גענומען פאַרענטפערן און זיך געפילט ווי שולדיק אין אָנטאָן עגמת נפש די קינדער.

— נאָר וואָס דען? — האָט שמואל ווידער געפרעגט.

— ס'איז גאָר ניט מיין קינד, באַאומרואיק זיך ניט. — ניט מער, ס'בענקט זיך אַביסל נאָכן וועב־שטול. ס'איז מיר שווער אַרומצוגיין ליידיק. אַזוי פיל יאָרן געוואוינט געווען צו ארבעטן, איז איצט שווער אַרומצוגיין פוסט און פּאַס. געדאַרפט זיך נעמען צו עפּעס אַן אַרבעט.

— וואָס רעדסטו, טאַטע, דו וועסט גיין ארבעטן? טראַכט גאָר ניט וועגן דעם. אַ שיין פּנים וועל איך האָבן ביי לאַנדסלייט און באַקאַנטע, — האָט דער עלטערער זון זיינער, שמואל, גאָר ניט געוואָלט הערן און זען פון דעם, און אַזוי איז עס געבליבן. לייזערקע איז אַלץ אַזוי אַרומגעגאַנגען ליידיק, געווען אויף קעסט ביי די קינדער. די צייט האָט זיך אים געצויגן לאַנגווייליק, האָט געבענקט נאָכן וועב־שטול. אין די אויערן האָט אים כסדר געקלונגען דער קלינג־קלאַנג פון וועב־שטול און ער איז פון טאָג צו טאָג איינגעגאנגען פון בענקשאַפט און לאַנגווייליקייט.

**
*

איינמאָל, ווען לייזערקע האָט אזוי א יום־טובדיקער, אַן אויס־געפּוצטער, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, זיך אַרומגעדרייט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, האָט ער פּלוצלונג דערהערט א קליק־קליק פון עפּעס אַ מאַשין, אין די אויערן האָט עס אים געקלונגען ווי דער קלאַנג פון אַ וועב־שטול און ער איז גאָר אַ לעבעדיקער געוואָרן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַרגאַפּט פאַרריסן די אויגן און זיך אַרומגעקוקט פון וואַנען דער קלאַנג קומט.

ער האָט דורך א פענצטער פון אַן אויבערשטן שטאָק דערזען אַ גרויסן שפּול־ראָד, אָט פּונקט אזא וואָס ער האָט געזען דאָס גאנצע לעבן זיינס אין די וועב־פאַבריקן פון זיין שטעטל, און ער איז אַנטציקט געוואָרן. פון גרויס שמחה און אַנטציקונג איז ער גאָר יינגער געוואָרן. די פיס זיינען אים לייכטער געוואָרן און ער איז ווי א יונגערמאַנטשיק לייכט אַרויפגעלאָפן די טרעפּ צום אויבערשטן שטאָק פון וואַנען דער קליק־קליק האָט זיך דערטראָגן.

דאָס איז געווען א שטריקעריי פאַבריק, וואו מען האָט אויסגע־אַרבעט פאַרשיידענע אויסגעשטריקטע זאַכן. די מאַשין איז געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי דער וועב־שטול צו וואָס זיין אויג האָט זיך צוגעוואוינט זיין גאַנץ לעבען. דער קלאַנג איז אויך געווען אַנ־אנדערער ווי פון וועב־שטול, אָבער עס האָט געהאַט אַן ענלעכקייט, און עס האָט אים דערמאָנט אַן זיין שטעטל, זיין וועב־שטול און אַן דעם קלינג־קלאַנג פון וועב־שטול. און דערהויפּט דאָס גרויסע שפּול־ראָד, פון אים האָט ער גאָר די אויגן ניט געקענט אָפּרייסן און ער איז א פאַרגאַפּטער, מיט אַן אָפן מויל געשטאַנען און מיט אַנטציקונג געקוקט אויף דעם שפּול־ראָד.

— וואָס ווינשטן זיי, מיסטער? — האָט אים געפרעגט אַן אויס־געדאַרטער יונגערמאַן, דער באַלעבאָס פון פּלאַץ, און אים אָפּגע־מאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס.

לייזערקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי ער וואָלט פון הינער־פּלעט אויפגעשטאַנען און האָט מיט אַן הכנעהדיק שמייכעלע זיך אָפּגערופן:

— כע־כע, איך וויל גאָר ניט. האָב דערזען אַ שפּול־ראָד פּונקט ווי אין דער היים, בין איך אַרויף אַ קוק טאָן. פופציק יאָר אָפּגעאַרבעט ביים וועב־שטול און שפּול־ראָד. עפּעס קיין קלייניקייט ניט. כע־כע...

דער באַלעבאָס האָט אים נאָכאַמאָל אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס, האָט אים גאָר ניט געזאָגט און איז שווייגנדיק אוועק פון אים, געלאָזט אים שטיין אליין.

דער אַלטער לייזערקע איז געשטאַנען א ווײַלע, וועגן עפּעס גע־טראַכט. האָט געטראַכט, אפשר בעטן דעם באַלעבאָס ער זאָל אים נעמען צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אָבער גלייך דערמאָנט אז ער איז שוין אַלט און אויסגעשפּילט... דער באַלעבאָס וועט זיך נאָר פון אים אויסלאַכן, האָט ער געוואָרפן אַ יאושדיק־פאַרבענקטן בליק אויף דעם גרויסן שפּול־ראָד און איז אַרויס פון פאַבריק.

ער האָט ניט געוואוסט וואוהין צו גייך און וואָס מיט זיך צו טאָן. ער האָט זיך דערפילט אַן איבעריקער און א נוצלאָזער. אהיים, צו די קינדער האָט זיך אים ניט געגלוסט גיין, האָט ער זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ באַנק אין אַ פּאַרק. געזעסן לאַנג און פאַרטיפט אין אומעטיקע מחשבות, האָט געטראַכט פון דער אלטער היים, פונעם שטעטל, פון וועב־שטול, און אין זיין האַרצן האָט ווי אַ זשאַווער געגעסן די בענקשאפט נאָכן קלאַנג פון וועב־שטול און נאָך זיין גאַנצן פאַרגאַנגענעם לעבן.

# איבעריקע

צום נייעם סעזאָן האָבן די גאָלדמאַנס באַשלאָסן איבערצורײדן מיט זייער פאַרהייראַטער טאָכטער, העלען, זי זאָל צושטיין ווי אַ שותפטע צום פאַרם. זיי האָבן געפילט, אַז אויב זיי וועלן עס ניט טאָן, אויב זיי וועלן ניט אריינברענגען אַ נייעם מענטשן, א יונגן, מיט ענערגיע, מיט יונגע כוחות, וואָס קען אריינלייגן שווערע אַרבעט, וועט דער גאַנצער פאַרם רואינירט ווערן און זייער גאַנצע פראַצע פון אַזוי פיל יאָרן וועט צו גרונט גיין. זיי ביידע, די אַלטע, זיינען שוין אויסגעשפּילט. זי, ציפּע, איז נאָך צו דערליידן, איז נאָך אַ שטיקל מענטש. אמת, די פּיס זיינען שוין געשוואָלן פון שטיין אזוי־פיל יאָרן אין קיך ביי די טעפּ. אָבער אָט אַזוי זיינען זיי שוין, אירע פּיס, געשוואָלן ניט פון איצטער אָן, — איז זי פאַר אַזוי פיל יאָרן געשטאַנען ביים אויוון מיט געשוואָלענע פּיס, וועט זי אויך ווייטער שטיין. אָבער ער, שלמה, טויג שוין אויף גאָרנישט. זינט ער האָט געהאַט די אָפּעראַציע אויפן אויער, איז ער גאָר אויס מענטש. ער איז גאָר ווי אַ צומישטער, און אַז מען רעדט צו אים, האַלט ער אַלע ווײַלע אין איין איבערפרעגן:

— האַ, וואָס? איר זאָגט עפּעס?...

— ס'איז שלעכט, — האָט ציפּע מיט טרערן אין די אויגן גערעדט צו איר טאָכטער העלען, — אויב דו וועסט ניט צושטיין צום פאַרם, וועט אונדזער גאַנצע האָרעוואַניע פון אַזוי פיל יאָרן אַוועקגיין מיטן רויך; פון אַלץ וועט ווערן אַ תל. אַז דער טאַטע איז אינגאַנצן אויסגעשפּילט. און פאַר וועמען האָבן מיר אַ גאַנץ לעבן געפּראַצע־וועט? — האָט ציפּע איינגעטענהט מיט איר טאָכטער, — אלץ פאַר דיר. ס'וועט דאָך אַלץ זיין דיינס. מיר זיינען דאָך שוין אַלטע מענטשן.

העלען איז פאַרהייראַט צו אַ דענטיסט. זיי האָבן אַ קינד, אַ מיידעלע פון אַכט יאָר. איר מאַן האָט אַ רייכע פראַקטיק. זיי וואוינען אויף ריווערסאַיד דרייוו, האָבן אַן אָטאָמאָביל, האַלטן אַ פרוי פאַר דער הויז־פירונג, אַזוי אַז העלען לעבט זיך פריי און גרינג. האָט זי לכתחילה ניט געהאַט קיין חשק צוצושטיין ווי אַ שותפטע. דער פאַרם, וואו זי איז געבאָרן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן, איז איר געגנוג אריין אין די ביינער, אַז פאַר די ניין יאָר וואָס זי איז פאַרהייראַט און וואוינט אין שטאָט, קען זי אים נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן. און פון דער אַנדערער זייט, האָט זי ליב באַקומען דאָס לעבן אין שטאָט, דאָס פריילעכע רוישיקע און שטורמדיקע לעבן. און האָבנדיק אויך די מיטלען, האָט זי גענומען פון דעם לוסטיקן און ווירבלדיקן שטאָטישן לעבן וויפיל נאָר עס האָט זיך געלאָזט — טעאַטער, אָפּערע, מוזיק, ברידזש־פּאַרטיס און אַזוי פּאַרטיס, און אַלע נאַכט איז זי געווען מיט עפּעס אַנדערש פאַרנומען. האָט זי צום אָנפאַנג גאָרניט געוואָלט הערן פון דער מאַמעס פאָרשלאַג זיך צו פאַרבינדן מיטן פאַרם. זי האָט אָבער סוף־כל־סוף ניט געקענט ווידערשטיין דער מאַמעס געבעט, איר איינטענהן און אירע טרערן, וואָס האָבן איר, העלענען, געשניטן ביים האַרצן; האָט זי ענדלעך נאָכגעגעבן דער מאַמען און איינגעוויליקט צו ווערן אַ שותפטע צו דעם פאַרם.

***

גלייך נאָך פסח איז העלען ארויסגעפאָרן אויפן פאַרם און אזוי גיך ווי זי איז דאָרטן אָראָפּגעקומען, האָט זי זיך מיט אַ ברען אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און אַלץ איז איבערגעקערט געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס ארויף.

העלען איז אַ קליין־געוויקסיקע און אַ מאָגערע, מיט אַ דראָבנעם שפּיציקן פּנימל, אין אַ הויפן אריינצוגעמען, מיט א קליינעם, עטוואָס האָרבאַטן נעזל און מיט אַ קליין מיילכל; זי איז אָבער אַ ברען, אַ שטיק קוועקזילבער. עס ברענט אונטער אירע הענט ווען זי טוט עפּעס. און אַלץ טוט זי שנעל: גייט שנעל — לויפט כמעט; רעדט שנעל — מאַלט, מאַלט מיטן קליינעם מיילכל, און זי רוט ניט אַ מינוט. און אַזוי רוען אויך ניט אויף אַ רגע אירע גרויסע, אַרויס־געפּוקעטע שוואַרצע אויגן. זיי האַלטן אין איין אַרומלויפן און אַלץ

און אַלעמען באַטראַכטן. אומעטום זיינען אירע אויגן פול און אלץ זעט זי און באַמערקט. קיין זאַך קען זיך פון אירע אויגן ניט אויס־באַהאַלטן.

אַ נײַ לעבן איז אָנגעשטאַנען אויף דעם פאַרם זינט העלען איז אָנגעקומען. אלץ איז געוואָרן איבערגעאַנדערשט; דער פאַרם איז געווען א שפּעדיקער, אַ גרויסער, האָט געהאַט אַ סך אַקער גוט לאַנד, און דאָס באָרדינג־הויז איז אויך געווען אַ גרויס, מיט אַ סך צימערן; אַלץ איז אָבער געווען אָפּגעלאָזן, פאַרלייגט מיט שימל און שפּינוועבס. די אַלטע האָבן שוין קיין כוח ניט געהאַט אזוי פיל ארבעט אַריינטאָן און אויפן פאַרם אַכטונג געבן ווי געהעריק. דערהויפּט אין די לעצטע פּאָר יאָר האָבן זיי דעם פאַרם אָפּגעלאָזן. העלען האָט אַרויסגעוואָרפן פיל זאַכן, אַלץ אָפּגערייניקט, געבראַכט אָרדנונג. דער פאַרם מיט דעם באָרדינג־הויז האָבן אַ נייעם אויסזען באַקומען. פון אַלע ווינ־קעלעך האָט געבלאַנקט אַנטקעגן און דער גאַנצער פאַרם האָט אויך געברויזט מיט טעטיקייט, מיט נייעם לעבן.

דאָס הויז איז איבערגעפאַרבט געוואָרן. די טישלעך אין עס־צימער האָט זי איבערגעשטעלט אין אַן אַנדער אָרדנונג, עס זאָל אויסזען מער האָטעל־מעסיק. זי האָט אַרונטערגעריסן דעם אַלטמאָדישן, גרויסן, פאַרגעלטן שענדעליער וואָס איז געהאַנגען אין מיטן סטעליע פון עס־צימער און האָט איינגעשטעלט קליינע לעמפּעלעך מיט קאָלירטע אָבאַ־זשורן ביי יעדן טישל. אין אָוונט איז דאָס ליכט געווען אַ טונקעלע, אַ ווייכע און אַ געהיימניספולע. זי האָט אויך אויפגעהאַנגען נייע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער, וועלכע האָבן געפּאַסט צום קאָליר פון די סערוועטקעס אויף די טישלעך. זי האָט געקויפט נייע שטולן, מאָדערנע, געפאַרבט אין רויט, ווייס און בלוי. זי האָט אויף דער וועראַנדע אַוועקגעשטעלט אַ טיש צו שפּילן פּינג־פּאָנג און אַ פּאָר טישלעך צו שפּילן ברידזש. אויף דער לאָנקע, פאַרן הויז, האָט זי דאָס גראָז אַרומגעשניטן קורץ און גלייך. האָט דאָרט איינגעפלאַנצט בלומען־בייטן, א פּאָר ביימלעך, האָט אַוועקגעשטעלט אַ פּאָר בענק געפאַרבט אין בלוי און ווייס, אָדער בלוי און געל. אויך אייניקע אָנלען־שטולן זיינען געווען אויף דער וועראַנדע. דער גאַנצער פּלאַץ האָט אויפגעלעבט און באַקומען אַ נײַ פּנים.

ביי די עלטערן האָט זי קיין דעות ניט געפרעגט. זי האָט מיט זיי פריער אויסגענומען, אַז זיי זאָלן זיך ניט מישן און איר קיין דעות ניט זאָגן ווי צו פירן דעם פאַרם מיט דעם באָרדינג הויז. אַז ניט — האָט זי געדראָט — וועט זי ניט זיין קיין שותפטע. שלמה מיט ציפען האָבן אויף דעם איינגעשטימט.

— דו, מאַמע — האָט זי מיט אַ באַפעל געזאָגט — גיב אכטונג אויף דער קיך. מיש זיך ניט, ניט אין עס־צימער און ניט אין קאַסינאָ. דאָס לאָז איבער צו מיר, און דו טאַטע זיץ אויפן וויג־שטול און וואַרים זיך אויף דער זון. דו האָסט זיך שוין אויף דיין לעבן גענוג אָנגעאַרבעט... — פאַרזיסט זי אביסל דעם ביטערן פיל. — אַז מען וועט גיין עסן, זאָלסטו זיך זעצן ביי טיש, וועט מען דיר סערווירן ווי אַלע געסט, „באָט פאַ״, — האָט זי אים געוואָרנט מיט א שמייכל, און הינטער דעם שמייכל האָט זיך געפילט שטרענגקייט און אַנטשלאָסנקייט — „זאָלסט זיך ניט דערוועגן זיך זעצן צום טיש אין די אָוועראָלס. זאָלסט קומען צום טיש „געדרעסט״ (פאָרמעל אָנגעטאָן).

ביידע עלטערן האָבן אָפגעזיפצט. אָבער ביי ציפען איז עס געווען אַ זיפץ פון תענוג, פון נחת, און אין אירע אויגן האָט געפינקלט אַ גליקלעכער שמייכל. זי האָט געקוקט אויפן הויז, אויף דער לאָנקע און אויפן גאַנצן פאַרם, ווי אַלץ קוקט אויס ניי, ווי אַלץ האָט אָפגעלעבט, ווי פון אלץ שמעקט מיט באַלעבאַטישקייט און בריהשקייט. זי האָט אויך געקוקט אויף דער קאָכעניש, אויף דער האַוועניש, ווי אַלץ שפרודלט מיט לעבן און טעטיקייט. זי האָט באַטראַכט דעם גרויסן עולם געסט וואָס האָט אָנגעפילט דאָס באָרדינג־הויז; געקוקט אויף די גרויסע בליאַסקענדיקע אָטאָמאָבילן, וואָס קומען אָן און פאָרן אָפּ. ווייל זינט העלען איז צוגעשטאַנען ווי אַ שותפטע האָבן אָנגעהויבן קומען גאָר אַ נייער סאָרט געסט: אלץ אמעריקאַנער, יונגוואַרג, און פראָפעסיאָנאַלן, דאָקטוירים, דענטיסטן, לאָיערס, פּאָבליק סקול לערער, העלענס פריינט פון שטאָט. זי האָט געקוקט אויף דעם אַלעמען. אויף איר פנים האָט זיך צעשפּילט אַ נחתדיקער און גליקלעכער שמייכל, און אַ טורע טוענדיק מיטן עלנבויגן שלמהן אין זייט, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— נו, האַ, וואָס זאָגסטו איצט, שלמה? האָב איך רעכט געהאַט וואָס איך בין דיר דערגאַנגען די יאָרן, אַז מיר זאָלן אריינגעמען העלע־

נען פאַר אַ שותפטע? אַי, שלמה, שלמה, ווען איך וואָלט זיך צו דיר צוגעהערט, וואָלט איצט אלץ געפוילט און עס וואָלט סוף כל סוף ארייגעפאַלן צו גוטמאַנקען, דעם טייערן שכן אונדזערן.

אָבער שלמה, וועלכער האָט זיך ניט געפילט אזוי גליקלעך מיט העלענס פאַראַנדקעס, און וועלכער האָט זיך, זינט העלען איז געוואָרן אַ שותפטע, דערפילט ווי אַן איבעריקער אויף דעם פאַרם, אויף זיין אייגענעם פאַרם, אויף וועלכן ער האָט אַ לעבן אָפּגעפּראַצעוועט, אז ער ווייס איצט ניט וואָס מיט זיך אליין צו טאָן, האָט מיט אַ בייזער שטימע זיך צעשריען:

— אַי, לאָז מיך צורו. ביי דיר איז דאָך אַלץ גוט. דו קוועלסט דאָך פון אַלץ אָן. אַ גליק האָט דיך געטראָפן... גיי טאַנצן... נו, וואָס שטייסטו, וואָס? פאַר וואָס לאָזטו זיך ניט אוועק א טענצל?... און דאָס וואָס איך האָב זיך ניט וואוהין אַהינצוטאָן, דאָס איז ביי דיר גאָרניט?... זיץ אַ גאַנצן טאָג אויפן ראָקינג טשער און קוק אויפן הימל. אַ נייע ארבעט אויף דער עלטער געקראָגן, אַ שטערנזעער געוואָרן... זיץ און זיץ. האָצקע זיך און האָצקע זיך. איך בין דאָך שוין באַלד אינגאנצן אַן איבעריקער...

ציפּען איז פון שלמהס רייד געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. זי האָט שוין אויף אַן אמת א זיפץ געטאָן, און זי האָט זיך אויף אירע געשוואָלענע פיס אַוועקגעשלעפּט צום קיך.

**
*

צוזאַמען מיט דעם אַלטן מעבל, מיט דעם שימל און מיט דעם שפּינוועבס אין הויז און אין די געסט־צימערן, האָט העלען אויך אַרויסגעוואָרפן די פריערדיקע ארבעטער און באַדינער פון פאַרם, און זיי פאַרביטן אויף נייע, אויסער איינעם, דעם אַלטן נעגער טאַם, וועלכער ארבעט שוין אויפן פאַרם, ביי די גאָלדמאַנס, די גאַנצע דרייסיק יאָר זינט זיי האָבן דעם פאַרם. אים האָט זי איבערגעלאָזן. זי האָט טאַמען אויך געוואָלט אוועקשיקן, נאָר דאָס האָבן שוין די אַלטע טאַטע־מאַמע ניט דערלאָזן. דערהויפּט האָט זיך פאַר טאַמען איינגעשטעלט דער אַלטער שלמה. ער האָט געשריען, אז ער וועט ניט דערלאָזן טאַמען אוועקשיקן. ער האָט געסטראַשעט אז ער וועט ניט שווייגן. ער וועט מאַכן אַ סקאַנדאַל.

— וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? — האָט זיך דער אַלטער שלמה געקאָכט און געקלאַפּט אין טיש. — ס'איז דאָך א לבבות, פּשוט עק וועלט. האָט ביי אונדז אָפּגעאַרבעט דרייסיק יאָר, האָט אונדז טריי אָפּגעדינט דעם גאַנצן לעבן, זאָל מען אים איצט אויף דער עלטער אַרויסוואַרפן! וואו וועט ער איצט גיין?

— פאַ, — האָט העלען זיך אויך געקאָכט, געוואָלט איבערשרייען דעם טאַטן — דו טוסט ביזנעס מיט רחמנות, דעריבער האָסטו באַלד רואינירט דעם פאַרם. נאָר זאָל זיין ווי דו ווילסט, — האָט זי אים נאָכגעגעבן. — ווילסט האָבן טאַמען, האָב אים. מיר וועלן שוין פון אים אָרימער ניט ווערן.

זי האָט אָבער טאַמען מער ניט געלאָזן מעלקן די קי, אָדער טאָן אַנדערע וויכטיקע ארבעט אויפן פאַרם. זי האָט אים איבערגעלאָזן אויף אַרויסצוטרייבן די קי אין פעלד אין פרימאָרגן און זיי צוריק אריינגעמען אין די שטאַלן פאַרנאַכט. צו קיין אַנדער ארבעט האָט זי אים ניט צוגעלאָזן.

טאַם איז שוין זייער אַלט. זיין קאָפּ איז ווייס. אין מויל האָט ער שוין ניט קיין איין צאָן, און זיין פּנים איז ווי געקנייטשטער טשוהון. ער האָט נאָך אָבער גענוג כח צו אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג.

פריער, איידער העלען איז געוואָרן א שותפטע צום פאַרם, פלעגט ער זיין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. די אַלטע גאַלדמאַנס האָבן זיך אויף אים מיט אַלץ פאַרלאָזן. פלעגט ער אויפשטיין אַ בליאַסק אויף טאָג, מיטן ערשטן קריי פון האָן, און זיין פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג: פלעגט מעלקן די קי, זיי געבן עסן, ארויסטרייבן זיי אין פעלד, אכטונג געבן אויף די פערד, אויפן גאָרטן, שלאָגן די פּוטער, שניידן דאָס היי, אריינברענגען דאָס היי אין שייער, אָנהאַקן האָלץ פאַרן אויוון, אָנטראָגן וואַסער אין קיך, און אז מען האָט באַדאַרפט האָט אים ציפּע אָנגעטאָן אַ פאַרטוך און אים געזעצט שיילן קאַרטאָפל, און אָפּשאָבן די מערן און די בוריקעס. טאַם האָט די אַרבעט זייער ליב געהאַט, האָט ער געאַרבעט מיט התמדה און איז א גאַנצן טאָג, פון אַ שפּריץ אויף טאָג, ביז טיף אין דער נאַכט, געווען פאַרנומען. העלען לאָזט עס אים אָבער ניט. זי האָט גאָר ניט געוואָלט, אז ער זאָל זיך ווייזן לעבן דעם באָרדינג הויז, די געסט זאָלן אים זען. האָט זי אים שטרענג אָנגעזאָגט, אז ער זאָל אין דער פרי ארויסטרייבן די קי אין פעלד, און

דעם איבעריקן גאַנצן טאָג זיצן הינטער דעם קי־שטאַל און זיך וואַ־רימען אויף דער זון.

— די זון איז גוט פאַר דיר, טאַם, — האָט צו אים העלען געזאָגט און אים גוטמוטיק געקלאַפּט אין פּלייצע.

— טהענק יו, מיס העלען, טהענק יו, — האָט זיך טאַם געבויגן און געבוקט פאַר העלענען; אָבער זיינע אויגן זיינען געוואָרן פייכט און אָנגעהויבן גלאַנצן מיט טרערן. ער האָט עס גאָרניט געקענט פאַרשטיין, דער אַלטער טאַם: סטייטש, מיס העלען, וועלכע האָט זיך אויף זיינע הענט אויפגעהאָדעוועט, זאָל אים אַזוי באַהאַנדלען... נאָר מסתמא איז שוין אַזאַ וועלט, האָט טאַם געטראַכט, און אין האַרצן געדאַנקט העלענען פאַר דעם, וואָס זי לאָזט אים כאָטש זיין אויפן פאַרם און אויסלעבן דאָ זיינע יאָרן.

יעדן טאָג, איז ער, ווי זיין געוואוינהייט, אויפגעשטאַנען פרי, מיטן ערשטן קריי פון האָן, האָט ארויסגעטריבן די קי אין פעלד און ניט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. איז ער געזעסן אויפן באַנק הינטער דער קי־שטאַל, זיך געוואָרעמט אויף דער זון, און דער טאָג איז אים געווען מוראדיק לאַנג, ער ווייסט גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט דער צייט וואָס ציט זיך אזוי לאַנגזאַם און נודנע.

אויך פאַרן אַלטן שלמה גאָלדמאַן האָט זיך דער טאָג געצויגן מוראדיק־לאַנג. ער האָט זיך ארומגעדרייט און אַרומגעדרייט איבערן פאַרם און ביז וואַנען די געסט זיינען אויפגעשטאַנען און מען האָט גענומען סערווירן פרישטיק, האָט זיך שוין פאַר אים פעכיק געצויגן די צייט. איז ער אריין אין עס־זאַל, פון געוואוינהייט אָנגעהויבן פאַנאַנדערזאָגן די קעלנערס, זיי זאָלן טאָן דאָס אזוי און דאָס אזוי. אָבער העלען איז גלייך אויסגעוואקסן לעבן אים, ווי פון אונטער דער ערד, און צו אים שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— פּאַ, מיש זיך ניט, ווען דער גלאָק וועט קלינגען, וועסטו זיך זעצןביים טיש און מען וועט דיר דערלאַנגען פרישטיק.

דער אַלטער שלמה האָט זיך אזוי אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג ווי אַן איבעריקער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט דער צייט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן וויג־שטול, זיך געוויגט און געוויגט. עס איז אים אָבער גלייך מיאוס און דערעסן געוואָרן צו זיצן אזוי און

גאָרניט טאָן, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון וויג־שטול, זיך אביסל אַרומגעדרייט און זיך ניט געפונען קיין פּלאַץ.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן פּאַרם, האָט אלץ באַטראַכט, פון קיין זאַך ניט געווען צופרידן, איבער יעדער זאַך א כעסדיקער געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ביז ער איז צוגעקומען צום קי־שטאַל און אָנגעטראָפן טאָמען זיצנדיק אויף אַן אַלטן שטול און דרעמלען.

— דרעמלסט טאָם, האַ? — האָט ער אַ טורקע געטאָן טאָמען אין זייט — ניטאָ וואָס צו טאָן, דרעמלסטו, האַ?... אָט אַזוי איז עס טאָם, אָלד פּיפּל גוד פאָר נאָטינג... (אלטע לייט טויגן צו גאָר ניט.)

— טאָם איז אויפגעשפּרונגען פאַר זיין באַלעבאָס, זיך פאַרנויגט פאַר אים, האָט מיטן אַרבל אָפּגעווישט דעם שטול, זיך נאָכאַמאָל פאַרנויגט און געבעטן דעם אַלטן שלמה זיצן.

די קנייטשן אויף טאָמס פּנים האָבן זיך געפּאַלבט און עס איז ניט קלאָר געווען צי ער לאַכט צי ער וויינט. אָבער אין זיינע אויגן איז געשטאַנען אַ פּייכטער גלאַנץ. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף הין און צוריק און ער האָט גערעדט מיט די הוילע יאָסלעס:

— יעס באָס, שור באָס, אָלד פּיפּל גוד פאָר נאָטינג, יעס סער... מיס העלען איז עי סמאַרט וואומען... כי־כי... (יע באָס, זיכער באָס, אַלטע לייד טויגן צו גאָר ניט. יעס סער... מיס העלען איז א קלוגע פרוי... כ־יכי.)

סמאַרט, סמאַרט, מנע... — האָט זיך דער אַלטער שלמה גאָלדמאַן א קאַך געטאָן, איז אָבער באַלד געבליבן שטיל און אומעטיק און צעווייטאָקט געקוקט שטאַר אויף דער ווייטער גרינקייט פון די הויכע בערג.

אויף אַ בוים האָט זיך צעטרעלט א פויגל. דאָס צוויסטשערן פונעם פויגל האָט שלמהן ווי אויפגעוועקט פון א טיפן שלאָף. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אָנגעהויבן גיין שנעל איבערן פּאַרם. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, זיך ארומגעדרייט און ארומ־געדרייט און זיך געפילט איבעריק אויף דער וועלט...

# זיידע און אייניקל

דער אַלטער נסים אַלגאַזאַ, אַ סירישער ייד, האָט אָנגעפּאַקט זיין קעסטעלע, אויף וועלכער ס'איז געווען אָנגעקלאַפּט אַן אייזערנער פּאָס־טראַט מיט אלערליי שיך־בערשטלעך, פאַרשידענע פּושקעס שוואַוואַקס און אַ סך שמאַטקעלעך. און נעמענדיק אין איין האַנט דעם קעסטעלע און אין דער צווייטער האַנט אַן אויפגעלייגטן שטול, איז ער ארויס פון הויז.

סאיז אים זייער ניט גוט, דעם אַלטן ניסים. ער האָט ניט קיין גוטע עלטער, און איבערהויפּט זינט דאָס ווייב זיינס איז אים אַוועק־געשטאָרבן. ער איז אַלט און עלנד און שוואַך. צו קיין ארבעט טויג ער שוין ניט און פאַרדינען קען ער ניט. כאָטש לייג זיך אַוועק און שטאַרב.

זינט ער איז אין אַמעריקע געקומען פון סאַלאָניקי, האָט ער שוין אַ סך שווערע ארבעטן איבערגעטאָן. אין דער יוגנט, גלייך ווי ער איז געקומען דאָ אין לאַנד, האָט ער געאַרבעט ווי אַ לאַסט־טרעגער אין האַפן ביים אויסלאָדן און אָנלאָדן שיפן. נאָכדעם האָט ער גע־פּעדלט מיט פאַרשידענע געהאפטענע שאַלן, טישטוכער און יילעכער, געשלעפּט דעם גרויסן שווערן פּאַק אויפן פּלייצע און געקראָכן מיטן פּאַק אויפן פינפטן און זעקסטן עטאַזש. נאָכדעם איז ער געוואָרן אַ גאַסן־קערער. שווערע ארבעט האָט אים קיינמאָל ניט אָפּגעשראָקן. אָבער איצט איז ער אַלט און שוואַך. די הענט טרייסלען זיך אים. אַרבעטן קען ער שוין ניט. דאָס ווייב איז אים נאָך דערצו אויך געשטאָרבן און אים איז זייער ניט גוט.

אויף די עלטערע יאָרן האָט ער זיך באַדאַרפט איינבעטן אַ ווינ־קעלע וואו דעם קאָפּ אָנצושפּארן, ביי זיין זון. איז אָבער די שנור אַ שלעכטע. זי טרייבט אים פון הויז און בייזערט זיך אויף אים.

— דו אַלטער, גיי ארבעטן! גיי פאַרדינען אויפן עסן! ביי מיר איז ניטאָ וואָס צו עסן. ביי מיר איז דאָ א פולע שטוב עסערס אָן דיר! — שרייט זי אויף אים און טרייבט אים פון הויז.

האָט דער אַלטער ניסים באשלאָסן: ער וועט אַרויסגיין אין גאַס פוצן שיך, וועט ער פאַרדינען אויפן ברויט.

ער האָט אָפּגעקליבן אַ גוטן פּלאַץ, וואו זיך אַוועקצושטעלן מיט זיין קעסטעלע און שיך־בערשטלעך. אין אַ פּאַרק, ניט ווייט פון הויז, לעבן אַ סאָבוועי סטאַנציע, און אין א ווינטערדיקן פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך זייער פרי געווען, און די קאַרגע ווינטערדיקע זון האָט נאָר־וואָס אין מזרח, איין מאָל און א צווייטן מאָל איר קאָפּ ארויס־געדרוקט אָ קוק צו טאָן אויף דער וועלט — אַ קוק געטאָן בלויז און גלייך פאַרשוואונדן — איז ניסים מיט זיין קעסטעלע און אויפגעלייגטן שטול אַרויס פון הויז און אַוועק צו זיין אָפּגעקליבענעם פּלאַץ אין פּאַרק.

ער האָט צווישן די אייזערנע שטאַכעטן פונעם צאַם, וואָס האָט ארומגענומען דעם פּאַרק, זאָרגפעלטיק אין אָרדנונג אויסגעלייגט די פאַרשידענע שיך־בערשטלעך, שמאַטקעלעך און פושקעס שוואוואַקס, האָט לעבן צאַם אוועקגעשטעלט דעם שטול, אים גוט ארומגעווישט, איבער זיין זיץ אויסגעשפּרייט אַ ווייך צאַראַטן קישעלע, עס זאָל זיין וויכער פאר די קונדן צו זיצן און געווען גרייט אויפצונעמען קונדן אָפּצופוצן זייערע שיך.

דער פרימאָרגן איז געווען זייער אַ קאַלטער און פּראַסטיקער. אַ שניידנדיקער ווינט האָט געבלאָזן און דער פראָסט האָט געביסן. ניסים, אָנגעטאָן אין אַ קורצער קאָרדעראָיענער קורטקע און אין א ווינטערדיקן היטל מיט קלאַפּן, איז געשטאַנען איינגענורעט אין זיין קורטקע, די קלאַפּן פון היטל אַראָפּגעלאָזן איבער די אויערן, די הענט אריינגעטאָן אין די ארבל, האָט געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס, עס זאָל אים זיין וואַרימער און האָט שוואַך, קוים וואָס מען האָט געהערט זיין שטימע, אויסגערופן:

— שאַין, גוד שאַין! פאַיוו סענט עי שאַין! (אָפּפוצן די שיך, אַ גוטער גלאַנץ, פינף סענט פאַרן אָפּפוצן.)

ווייל סאיז נאָך געווען פרי, זיינען קיין סך מענטשן ניט געווען אין גאַס. ווען־ניט־ווען און וואו־ניט־וואו, איז ווער, פון דער קעלט געטריבן, איילנדיק געלאָפן און האָט ניט נאָר ניט געהערט ניסימס קול, נאָר האָט אים אפילו ניט באַמערקט. די קעלט האָט ניסימען דורכגענומען און עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

„אַי, וואָלט ער איצט געזופּט אַ שיסעלע וואַרימע געקעכץ, כאָטש אַ טעפּעלע הייסע קאַווע" — טראַכט ניסים און די סלינע קומט אים אָן אין מויל. אָבער ער האָט ניט קיין צעבראָכענעם סענט ביי דער נשמה. ער האָט נאָך גאָרניט פאַרדינט. האָט ער, אַ דורכגעפראָ־רענער, זיך אָנגעשפאַרט אָן די אייזערנע שטאַכעטן פון פאַרק־צאַם און געלויערט אויף אַ קונד.

אַ יונג קולכל פון אַ יונגן ייִנגל, וואָס האָט זיך צעקלונגען אין דער לופט מיט אַ פריש־צאַפּלדיק אויסרופן: — שאַין! עי ניקל עי שאַין! — האָט ניסימען אויפגעטשוכעט. ער האָט, ניט טויט, ניט לעבעדיק, אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און האָט אָנגעהויבן צו מורמלען אויף זיין שוואַכן קול:

— שאַין! גוד שאַין! פאַיוו סענט עי שאַין!

ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע אויגן אויף דעם יונגן שנעקל, וואָס איז אַהער געקומען צונעמען פון אים דעם ביסן פון מויל, און ער האָט דערקענט זיין אייניקל, איבראַהים.

— גערראַרי־היר! גאָו האָום! (אוועק פון דאַנען! גיי אַהיים!) — האָט זיך ניסים צעשריגן אויפן אייניקל און דראָענדיק אָנגעהויבן צו אים פאָכען מיט אַ פויסט.

דאָס אייניקל, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לייכטן כאַלאַטל און פון וועמעס צעריסענע מייטקעס עס האָט זיך ארויסגעזען אַ נאַקעטע שמוציקע קני, האָט זיך צעלאַכט מיט אויסגעשטשירעטע ציין און זיך נאָך העכער און לעבעדיקער צעקלונגען מיט זיין קולכל:

— שאַין! פאַיוו סענט עי שאַין!

— העי, שאַין! — האָט אַ פאַרבייגייענדיקער מאַן אַ רוף געטאָן, און ביידע, דער אַלטער ניסים און זיין אייניקל, איבראַהים, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום מאַן. נאָר איידער דער אַלטער ניסים האָט גע־

שטעלט אַ פּוס, איז שוין זיין אייניקל געווען לעבן מאַן, איז שוין געלעגן אויף זיינע קני ביים מאַנס פיס און האָט שוין געאַרבעט מיט זיינע בערשטלעך און שמאַטקעס איבערן מאַנס שיך.

ניסים האָט מיט אַ קרעכץ זיך ווידער צוגעשלעפּט צו זיין פּלאַץ, זיך אָנגעשפּאַרט אָן די אייזערנע שטאַכעטן פון פּאַרק־צאַם און שטיל, אויף אַ שוואַך, אַלט קול, גערופן פאַרבייגייער צו פּוצן זייערע שיך.

דער פּראָסט האָט געקנאַקט, די גרויע, דיקע וואָנצעס פון אַלטן ניסים זיינען באַדעקט געוואָרן מיט פּראָסט און אַזש שניי־ווייס געוואָרן. די פינגער פון זיינע הענט זיינען געוואָרן פאַרגליווערט און שטייף ווי קלעצלעך. האָט ער די הענט צוגעטראָגן צום מויל און אויף זיי געהוקעט מיט זיין וואַרימען אָטעם. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן. די קעלט האָט אים דורכגענומען דורך־און־דורך. זיינע אויגן האָבן זיך געקלעפּט און ער האָט אליין ניט געפילט, ווי ער האָט ווידער איינגעדרעמלט.

ווען איבראַהים האָט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין אַ סך קונדן אָפּגעפּוצט די שיך און פאַרדינט אַ סך פינף־סענטיקע, דערזען ווי דער זיידע שטייט אזוי, א דורכגעפראָרענער און אָן איינגעקאָרטשעטער אָנגעשפּארט אָן די שטאַכעטן פון פּאַרק־צאַם, האָט עס אים שטאַרק פאַרנומען ביים הערצל. ער האָט שוין חרטה געקראָגן וואָס ער האָט ביים זיידן צוגענומען די קונדן, וואָס ער איז גאָר אינגאנצן געקומען אַהער אויף דעם פּלאַץ, וואו זיין זיידע שטייט, איז ער צוגעגאנגען צום זיידן, אים אָנגעהויבן ציען פאַרן אַרבל און רופן:

— גרענד־פּאַ, אָ, גרענד־פּאַ! (זיידע, אָ, זיידע!)

ניסים האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, און צעטומלט און אינסטינקטיוו, פון זיך אליין, האָבן זיינע ליפּן אָנגעהויבן מורמלען:

— שאַין! פּאַיוו סענט עי שאַין!

אַז ער האָט דערזען, אַז דאָס האָט אים געוועקט זיין אייניקל, האָט ער זיך צעשריען:

— גערערעהיר! געקומען ארויסרייסן דעם ביסן פון מיין מויל, גערערעהיר!

— אָ, פּאַפּ! — האָט זיך איבראַהים אָנגעהויבן בעטן ביים זיידן — זיי ניט בייז אויף מיר. פּאַפּ, דו ווייסט, לאָמיר ווערן שותפים. זעסט, פּאַפּ, איך האָב שוין פאַרדינט צען ניקלס. נאַ, נעם געלט! נאַ דיר פינף ניקלס און מיר פינף ניקלס. אָ, פּאַפּ, זיי ניט ברוגז...

— אַוועק, דו שנעק! — איך דאַרף ניט דיינע ניקלס. — האָט זיך ניסים געבייזערט און געטריבן זיין איינִיקל.

— אָ, פּאַפּ, דיר איז קאַלט, פּאַפּ? גיט, איך וועל לויפן ברענגען הייסע קאָפע מיט דאָנאַטס. וואַרט אַ ווייל, איך לויף שוין, פּאַפּ! — האָט איבראַהים מיט שמחה אויסגערופן, און איז פייל אויסן בויגן, מיט זיין קעסטל פאַרוואָרפן אויף זיין אויסגעדאַרטער פּלייצקע, געלאָפן צו דעם נאָענטסטן רעסטאָראַן.

— אַ טייער קינד, זאָל אים גאָט בענטשן, — האָט ניסים גערירט גערעדט צו זיך אליין, און אָנגעהויבן שוין לעבעדיקער און אויף אַ העכערער שטימע אויסרופן:

— שאַין! גוד שאַין! פאַיף סענט עי שאַין!

אַ מאַן איז צוגעקומען אָפּצופּוצן די שיך. ניסים האָט מיט אימפּעט און פרישער ענערגיע זיך אַ נעם געטאָן צו דער ארבעט, האָט מיט חשק און מיט אַלע זיינע כחות געריבן און געפּוצט דעם מאַנס שיך, אַז זיי האָבן אַזש געבלאַנקט און דער מאַן האָט, אויס רחמנות צום אַלטן, אים געגעבן צען סענט פאַרן שאַין.

ניסים האָט ניט געוואוסט ווי אים צו דאַנקען און האָט אים אָנגעוואונטשן אַ פולן קאָפּ.

— זעסט איבראַהים, — האָט דער אַלטער ניסים מיט פאַרכלי־ניטער שמחה, זיך אָנגעהויבן באַרימען פאַר זיין איינִיקל, ווי נאָר איבראַהים איז צוגעקומען מיט די קאָפע און דאָנאַטס — זעסט, איך האָב געמאַכט צען סענט, זעסט, צוויי ניקלס, נאַ איבראַהים, דיר אַ ניקל און מיר אַ ניקל.

— האַלט פאַר זיך די צען סענט פּאַפּ, — האָט איבראַהים געשטופּט דעם ניקל צוריק דעם זיידן אין האַנט — דער טאָג איז נאָך גרויס, מיר וועלן נאָך פאַרדינען גענוג ניקלס.

זיי האָבן געטרונקען די קאָפּע און פאַרביסן מיט די דאָנאַטס. פון דער הייסער קאָפּע איז דעם אַלטן ניסימען צעגאַנגען אַ וואַרים־קייט איבער אַלע גלידער און אַ קוק טוענדיק אויף זיין אייניקלס לייכטן כאַלאַטל און אויף זיינע צעריסענע מייטקעס האָט עס אים פאַרקלעמט ביים הארצן, האָט ער אַראָפּגענומען פון זיך דעם אויסגע־טראָגענעם געשטריקטן שאַל, וואָס איז שוין געווען ערטערווייז צע־לעכערט פון אלטקייט, אים אָנגעטאָן אויפן אייניקל, און ביידע, זיידע און אייניקל — איינער אויף אַן אַלט, כריפּענדיק הייזעריק קול און דער צווייטער אויף אַ יונג, פריש־קלינגענדיק קולכל — האָבן אָנגע־הויבן אויסצורופן:

— שאַין! גוד שאַין! פאַיף סענט עי שאַין!

# רעווערענד גאַרפינקל

דער חזן און מסדר קדושין, רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל, זיצט שבת נאָך וואַרמעס מיט רחבות אויף דער ווייכער סאָפע. אויף אַ קליין טישל, וואָס נעבן דער סאָפע, ליגט אויסגעשפּרייט אַן אָפענער ספר. — נעבן ספר אַ גלאָז הייסע טיי. ער מישט מיט אַ לעפעלע די טיי, קוקט אריין אין ספר און קרעכצט אָפּ פון תענוג.

עס איז אים גוט דאָ אין לאַנד, אין אמעריקע, דעם רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל. ער האָט אי פרנסה, אי כבוד, פאַרמאָגט אַ גאַנץ פיין הויז, פאַרוואוינט זיבן צימערן, אויסגעשטאַט מיט רייך מעבל. לעבט ווי א גביר, איז געשעצט און געאַכט ביי לייטן און, ניט צו פאַרזינדיקן, פאַרמאָגט אויך א שיינע פּאָר דאָלער אין דער באַנק.

און אַז ער גיט אַ טראַכט, ווער און וואָס ער איז געווען אין דער היים! משטיינס געזאָגט, ניט מער ווי אַ שוסטער. אמת, אַ גוטער שוסטער: א פּאָר גאָלדענע הענט געהאַט. פלעגט מאַכן די בעסטע אַרבעט פאַר די שענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל און איז געווען אַ משורר ביים שטעטלדיקן חזן דערצו. געהאַט אַ נאָמען אין שטעטל. אָבער פאַרט ניט מער ווי אַ שוסטער, און אַז ער גיט נאָך אַ טראַכט וועגן דעם, וואָס וואָלט פון אים געוואָרן, ווען ער בלייבט נאָך איצט אין שטעטל, גיט ער נאָך אַמאָל אַ פרום קרעכצעלע. ער גיט אַ פּאָר דורך מיט די פינגער איבער דער האַלב־שוואַרצער, האַלב־גרויער באָרד. גיט, מיט האַלב־צוגעזשמורעטע, פון פאַרגעניגן, אויגן, אַ קוק אויף זיין ווייב פייגע, אַ נ׳דעריקע, דיקלעך־ברייטע יידענע, וואָס זיצט נעבן פענצטער און לייענט אין דער צייטונג דעם נייעסטן ראָמאַן, און ער רופט זיך צו איר אָפּ מיט אַ צעפרידן קול אויף זיין באַריטאָן שטימע:

— פייגע, גיס אָן אַן אַנדער גלאָז טיי. די איז שוין קאַלט. דו ווייסט דאָך, איך האָב ליב הייסע, קאָכיקע טיי.

און אַז פייגע, וועלכע הויבט זיך אויף שווער און מיט אַ קרעכץ פון איר שטול, גיסט אים אָן אַ פריש גלאָז טיי און שטעלט עס אויפן טישל, גיט ער שוין אויף איר אַ קוק מיט ברייט־צעעפנטע, פעטינקע אויגן, וואָס שמייכלען פון נחת און זיי קוקן אויס, ווי זיי וואָלטן געשוואומען אין פוטער און ער רעדט שוין צו איר מיט זיסקייט אין קול:

— אַי, פייגע, פייגע, ווייסט גאָרניט ווי מיר דאַרפן צען מאָל אַ טאָג דאַנקען דעם, וואָס לעבט אייביק, וואָס ער האָט מיר אריינגעגעבן א געדאַנק אוועקצופאָרן קיין אַמעריקע... וואָס וואָלט איצט פון אונדז געווען, ווען מיר בלייבן אין דער היים? איך האָב היינט דערהאַלטן אַ בריוו פון דער היים, די שענסטע באַלעבאַטים זיינען אויפן בריוו אונטערגעשריבן. אַי, פייגע, איז זיי דאָרט נעבעך ביי־טער... אַי, איך זאָג דיר, אַ שטיין דאַרף וויינען, לייענענדיק דעם בריוו...

זינט עס איז אים אוועק גוט אין אַמעריקע, פאַרנעמט זיך רעווערענד גאַרפינקל א סך מיט זיין היימישן שטעטל. ער קלייבט געלט ביי לאַנדסלייט און שיקט עס אָפּ צו די אָרעמעלייט און נויט־באַדערפטיקע פון שטעטל. שיקט אים דאָס שטעטל לאַנגע בריוו מיט אונטערשריפטן פון אלע שיינע און חשובע בעלי־בתים און מען דאַנקט אים און מען שיקט אים א סך ברכות. די בריוו זיינען געשריבן אויף לאַנגע, ברייטע, בויגענס פאַפּיר מיט א געצוקטער געצירקלטער האַנטשריפט און זיי הויבן זיך אָן:

„לכבוד הרב, הנגיד, רעווערענד וש״ץ משה־לייב גאַרפינקל!"

רעווערענד גאַרפינקל לייענט איבער דעם טיטל א סך מאָל און ער דערפילט זיך פון דעם דערהויבן. אַ ברייטער, צופרידענער שמייכל צעשפרייט זיך אויף זיין פנים. ער ווערט פון נחת גאָר בריי־טער ווי לענגער. יעדעס מאָל, ווען ער דערהאַלט אַ בריוו פון דער היים, לייענט ער אים איבער זיין ווייב. ער איז ניט אזוי אויסן דעם בריוו, ווי דעם געהויבענעם טיטל, וואָס מען גיט אים. לייענט ער איר: — „לכבוד הרב, הנגיד, רעווערענד וש״ץ — לייענט עס פאָר איר איבער עטלעכע מאָל, פאַרקוקט איר מיט שטאָלץ אין די אויגן און כאַטש זי הערט זיך צו מיט אלע אירע חושים, פרעגט ער זי פונדעסטוועגן פיל מאָל איבער:

— דו הערסט זיך כאַטש צו, פייגע, צי דו שלאָפסט?

— איך הער, איך הער — שאָקלט פייגע מיטן קאָפּ — מישטיינס געזאָגט, פאַראַן וואָס צו הערן, אַז מער ווי צרות הערט מען ניט. אוי וויי איז מיר.

— אַי, דו ביזט אַ בהמה! — ברומט שוין דער רעוורענד גאַרפינקל ארויס מיט כעס און ער נעמט ווידער אריינקוקן אין ספר.

פייגע האָט פרום אָפּגעקרעכצט און איז אַוועק צוריק צו איר פּלאַץ נעבן פענצטער צו פאַרענדיקן לייענען דעם ראָמאַן אין דער צייטונג.

נאָר לייענען די צייטונג קען זי שוין מער ניט. די רייד פון איר מאַן און די שלעכטע נייס פון דעם היימישן שטעטל האָבן זי צערודערט און אינגאנצן צעמישט אירע געדאנקען. זי טראַכט: „וואָס וואָלט טאָקע פון זיי געוואָרן, ווען זיי זיינען איצט אין דעם קליינעם שטעטל אין דער אַלטער היים? מישטיינס געזאָגט, וואָס איז ער, דער מאַן אירער, אינגאנצן געווען אין דער היים? בסך הכל אַ שוסטער... אָבער דאָ, געלויבט דער אויבערשטער, איז ניט צו פאַרזינדיקן”...

זי דערמאָנט זיך גלייך, אַז ווען זיי זיינען געקומען קיין אמעריקע, האָט ער, דער מאַן אירער, צו איר אַ זאָג געטאָן: — פייגע, אין אַמעריקע וועל איך קיין שוסטער ניט זיין, אויס! — האָט ער צעשפּרייט די הענט — אויס מיטן קאַפּול און דראַטווע! אַ שטימע, ברוך השם, האָב איך. געזונגען אין דער היים ביים חזן האָב איך. נישקשה, מיר וועלן מיט גאָטס הילף אין אמעריקע ניט פאַרפאַלן ווערן”... — און ער האָט זיינס אויסגעפירט. אמת, ניט אזוי לייכט איז עס אים אָנגעקומען. זיי האָבן זיך די ערשטע פּאָר יאָר געגנוג אָנגעליטן. צום אָנפאַנג האָט ער זיך גענומען צו „קאָסטאָמער פּעדלערײ” (פּעדלען ביי פּריוואטע קונדן אויף אויסצאָלן) און נאָכדעם צו חזנות. פריער האָט ער געדאַוונט אין אַ קליין שולעכל, וואָס ער האָט אליין אָפּגעדונגען, בלויז ימים נוראים. אויפן צווייטן יאָר האָט ער שוין געדאַוונט אין אַ גרעסערער שול, ביז זיין נאָמען איז געוואָרן באַוואוסט איבער גאנץ בראַנזוויל און איצט, אויף אַלע אירע גוטע פריינט געזאָגט געוואָרן... איצט איז ער רעוורענד משה־לייב גאַרפינקל, חזן ומסדר קדושין, און עס פעלט זיי, ברוך השם גאָרניט...

היינט דער כבוד, וואָס די ווייבער אין שול גיבן איר אָפּ... זי רייסט אָפּ די אויגן פון דער צייטונג און זי גיט אַ קוק אויפן מאַן מיט שטאָלץ און יראת־הכבוד.

ווי ער וואָלט געלייענט זיין ווייבס איצטיקע מחשבות, כאַפּט דער רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל אויף די באַדייטונג פון זיין ווייבס בליק אויף אים. טוט עס אים גוואַלדיק הנאה. גיט ער אַ שטאָלץ באַרימעריש הוסטל: קכי־קכי... און ער זינגט זיך פאַנאַנדער אויף זיין הויכער שטאַרקער שטימע עפּעס אַ חזניש־שבתדיק שטיקעלע.

פייגע הערט זיך צו צו איר מאַנס חזנישן זינגען, צעגייט זיך אַ נחתדיקע וואַרעמקייט איבער איר האַרצן. זי קוועלט אָן פון תענוג, זי קוקט ארויס דורכן פענצטער אין דרויסן.

אירע אויגן פאַלן אויפן שילדל, וואָס הענגט נעבן פענצטער — אַ טונקל־ברוין פירקאַנטיק ברעטל, אויף וועלכן ס'איז מיט גלאַנציק־גאָלדענע און געצירקלטע אותיות אָנגעשריבן: „רעווערענד משה־לייב גארפינקל חזן ומסדר קדושין".

זי לייענט די ווערטער און איר האַרץ ווערט איר צעשפּאַרט פון גליק און גדולה.

— ווייסט משה־לייב? — רופט זי זיך אָפּ צום מאַן — די ווערטער פונעם סאַין (שילדל) זיינען שוין אַביסל אָפּגעבליאַקירט און אָפּגע־ריבן, מען דאַרף עס פיקסן. (פאַרריכטן).

— איך ווייס עס. איך ווייס עס, — גיט צו רעווערענד גאַרפינקל — מען דאַרף עס טאַקע פיקסן, דערמאָן מיך מירצעשעם נאָך שבת. וועלן מיר עס טאָן. — און ער זינגט עפּעס אָן אַנדער חזניש שטיקל.

ס'איז אים גוט דעם רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל. ער איז צופרידן מיט זיין לעבן, זינגט זיך אים און דאָס געזאַנג קייקלט זיך פריי און רחבותדיק פון זיין האַלדז און פילט אָן דאָס גאַנצע הויז.

***

איין זאַך נאָר פאַרשטערט אים זיין צופרידן לעבן און פאַרשאַפט אים עגמת נפש. זיינע קינדער גייט ניט גוט אין אַמעריקע. ער האָט קיין נחת ניט פון זיי. זיי זיינען דאָ פאַרבליבן שוסטער ווי אין דער אַלטער היים. ארבעטן אין שיך־פאַרבריקן און זיינען ביטערע

אַרימע לייט. ער מוז זיי אַרויסהעלפֿן. מילא, וואָלטן שוין די פּאָר דאָלער קיין אומגליק ניט געווען. עס פֿעלט אים, ברוך השם, ניט קיין געלט. דער רעכטער עיקר אָבער איז, וואָס עס פּאַסט אים ניט, הלמאי זיינע קינדער זיינען שוסטער און ער מוז זיך אויסהיטן די קאָנגרעגיישאָן (די שול־חברה) זאָל זיך פֿון דעם ניט דערוויסן. די קינדער זיינען עפּעס ווי א בייזע, פֿינצטערע דערמאָנונג פֿון זיין שוסטערשן לעבן אין דער אלטער היים. אַ דערמאָנונג, וואָס ער וואָלט געוואָלט פֿון זיך אַרויסרייסן און אויף שטענדיק פֿאַרגעסן.

— זאָג נאָר, פֿייגע, — ווענדט ער זיך צו דער ווייב — האָסט געהערט עפּעס פֿון בענין? וואָס טוט זיך דאָרטן? מען האָט אים דאָ שוין לאַנג ניט געזען. און היימי איז שוין דאָ אויך לאַנג ניט געווען, זיינען זיי כאָטש אלע געזונט?

פֿייגע נעמט ארויס די אויגן פֿון דער צייטונג, זי גיט אַ זיפֿץ און רופֿט זיך אָפּ.

— וואָס זאָל זיך ביי זיי הערן? ס'איז צרות... פּלאגן זיך... בעני סטרייקט שוין ווידער און היימיס יינגעלע, דזשייקעלע, איז די וואָך קראַנק געווען. זיי מאַטערן זיך נעבעך...

זי ווישט אָפּ אַ טרער.

רעווערענד גאַרפֿינקל זיפֿצט אָפּ און רעדט ארויס שטיל, ווי צו זיך אליין.

— ניט גוט, ניט גוט, די קינדער האָבן קיין מזל ניט צו אַמעריקע, נעבעך גרויסע אַרימעלייט... אַז מען האָט ניט געוואָלט פֿאָלגן דעם טאַטן... האָב זיך ביי זיי געבעטן צו גיין מיט מיר אין די „קאָסטאָם פּעדלער ביזנעס", איז נייך, האָט מען מיך ניט געפֿאָלגט... נאָר אַרבעטער האָט זיך זיי געוואָלט זיין... שוסטער...

און אַז ער דערמאָנט זיך אָן דעם וואָרט שוסטער, גיט ער זיך אַזש אַ טרייסל, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרונטערגעשלונגען א פֿול גלאָז ריצנאייל.

דאָס טיר־גלעקל האָט זיך פּלוצים צעשריגן מיט אַ געקלינגערייי און איידער נאָך פֿייגע איז געגאַנגען עפֿענען, האָט זיך די טיר געגעבן אַ פּראַל אויף און עס זיינען, מיט אַן אימפּעט און אַ טומל אריינגעלאָפֿן בעניס קינדער, זיינען צוגעלאָפֿן צום זיידן און צו דער באָבען, זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף זייערע קני און אויסגערופֿן:

— העלאָו, גרענד פּאַ! (זיידע) העלאָו גרענד מאַ! (באָבע).

גלייך זיינען אריינגעקומען בעני מיט זיין פרוי. אַ חושך איז געווען אויסגעלייגט אויף זייערע פּנימער און איידער נאָך רעוורענד גארפינקל האָט צייט געהאַט אויסצוריידן מיט זיי אַ וואָרט, האָט זיך דאָס טיר־גלעקל ווידער צעקלונגען און עס זיינען אריינגעקומען היימי מיט זיין פרוי און קינדער.

אין שטוב איז געוואָרן טומלדיק און לעבעדיק. דערזען די קינדער און די אייניקלעך, איז פייגען געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן. אויך ביים רעוורענד גארפינקל האָט זיך צעשמייכלט דאָס פּנים און ער האָט אָנגעהויבן מיט גדלות זיך גלעטן די באָרד.

פייגע האָט דערלאַנגט כיבוד. טיי מיט פאַרשידענע וואַרענעס, היימיש־געבאַקענעם שטרודל, פּרוכט, ניס; די קינדער עסן דעם כיבוד, קוויקן זיך, זאָגן מבינות, מען רעדט.

ווי געוויינלעך, האָבן זיך בעני און היימי צערעדט וועגן שאָפּ, וועגן דער אַרבעט, ווי שווער עס קומט אָן צו מאַכן אַ לעבן. עס איז אַוועק אַ גערעדעריי וועגן שאָפּ, וועגן שיך.

— נו, אַ יאָגעניש אַביסל האָט מען עס איינגעפירט אין די שעפּער, שוין גאָר ניט אויסצוהאַלטן, — קאָכט זיך בעני און רעדט מיט היץ און אויפרעגונג צו היימין — מיר פּלעגן „לאַסטן״ צוואַנציק פּאָר שיך א טאָג, איז דאָס נאָך אונדזער באָס געווען ווייניק, ער האָט נאָך געוואָלט מער. נו, זיינען מיר אַרויס אין סטרייק.

דער רעוורענד גאַרפינקל זיצט ווי א זייטיקער. קוקט אריין אין ספר און מישט זיך ניט אין געשפּרעך, ווי ער וואָלט דערביי גאָר ניט געווען. אין האַרצן הייבט אים אָן צו זידן א כעסל אויף די קינדער, למאי זיי האָבן זיך צערעדט וועגן שוסטעריי. ער וואָלט גאָר ניט געוואָלט, מען זאָל עס אים דערמאָנען און פאַרן מויל ברענגען. — „מנע — טראַכט ער מיט אומצופרידנקייט און וואַרפט בייזע בליקן אויף די קינדער: — נאַ דיר אַ שמועס, אום שבת, גאָר וועגן שיך און שוסטעריי״... — און הויבט זיך אָן שטאַרקער צו שאָקלען איבערן ספר. נאָר וואָס מער זיי ריידן וועגן שיך און מאָדעס, וועגן „לאַסטן״ (קאַפּולן), וועגן פאַרשידענע סאָרטן לעדער און פאַרשידענע מאָדעס קנאָפּל — אַלץ אויפגערעגטער שפּיצט ער אָן זיינע אויערן. ער הויבט שנעלער אָן פינטלען מיט די אויגן,

צעשפּרייט די נאָזלעכער און זופט שנעל די לופט, ביז ער קען זיך שוין ניט איינהאַלטן און מישט זיך אריין:

— זאָגט מיר נאָר, קינדער, איך בעט אייך, וואָס מיינט עס אזוינס דאָס לאָסטן, אַרויפציען אויפן קאָפּול, האָ?

— יע אַרויפציען אויפן קאָפּול און אָנקלאַפּן די פּאַדעשוועס, — ענטפערט בעני.

— ווילסטו מיר זאָגן, אַז מען ציט דאָ טאַקע ארויף אויפן קאָפּול צוואַנציק פּאָר שיך אַ טאָג? — פרעגט רעווערענד גאַרפינקל פאַר־חידושט.

— צוואַנציק איז נאָך אונדזערע באָסעס ווייניק, זיי ווילן מער...

— ענטפערט בעני אָנגעדראָלט.

— נו, אַזאַ פּנים האָבן טאַקע די היגע שיך, — האָט זיך דער רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל צערעדט מיט היץ און מיט אַ בייזער — אַ טעם האָט די גאַנצע היגע שוסטעריי. אין דער היים — האָט ער זיך שוין צעוואַרימט — אַז איך פלעג אָפּאַרבעטן אַ שיכעלע, פלעגט עס ארויסקומען ווי אָפּגעטאָקט... געדענקסט היימי, — ווענדט ער זיך צום עלטערן זון — ווי עס פלעגט ארויסקומען מיינע אַ פּאָר אַרבעט? מען האָט זיך דאָך אין זיי געקאָנט שפּיגלען, — האָט ער זיך צערעדט מיט שטאָלץ און זיינע אויגן האָבן זיך צעפינקלט.

— זע נאָר, זע נאָר, ווי דאָס האָט זיך צערעדט פון שוסטעריי,

— האָט פייגע, דערהערנדיק ווי איר מאַן, דער רעווערענד, האָט זיך מיט אַזאַ היץ צערעדט וועגן שיך און שוסטעריי, זיך אויף אים צעשריגן — וואָס פאַר אַ שוסטעריי אין מיטן דרינען אויף דיין קאָפּ?... וואָס איז, האָסט זיך שוין פאַרבענקט נאָכן קאָפּול מיט דער דראַטווע?... מער וואָלט ניט געפּאַסט עמיצער זאָל איצט גראָדע אָנקומען...

די לעצטע ווערטער האָט זי שוין ארויסגעזאָגט שטיל, כמעט ווי מיט אַ שושקע, ווי זיי וואָלטן שטיין־געבליבן אין האַלדז — און זי האָט געוואָרפן צעשראָקענע בליקן צו דער טיר, אז א שכנה, אָדער עמיצער פון שולכל זאָל חלילה ניט אָנקומען.

רעווערענד גאַרפינקל פילט אז ער האָט זיך דאָ באַנאַרישט. פאַר־שעמט ער זיך, ווערט רויט איבער די אויערן ווי אַ חדר יינגל, וועמען מען האָט געכאַפּט ביים אָפּטאָן אַ נאַרישקייט און ער אליין צעשרייט זיך אויך מיט כעס:

— טאַקע, וואָס איז דאָ פאַר אַ רייד וועגן שאַפּ און שוסטעריי אום שבת? — און ער האָט מיט אַ שטיל קול, ווי אַ פאַרשולדיקטער, הכנעהדיק זיך אָפּגערופן צום ווייב.

— וועסט אפשר זיין אזוי גוט, פייגע, און מיר דערלאַנגען נאָך א גלאָז טיי, אָבער אַ הייסע, ווי איך האָב ליב.

***

ער האָט געזופּט די טיי, פאַרביסן מיט קיכל, אריינגעקוקט אין ספר און צוגעברומט א ניי חזניש שטיקעלע. אָבער פון צייט צו צייט האָט ער, פאַרגנבעט פון ספר ארויס, געוואָרפן אומעטיקע בליקן אויף זיינע קינדער און אָפּגעזיפצט.

ער האָט געזיפצט, דער רעווערענד משה־לייב גאַרפינקל איבער דעם, וואָס ער האָט ניט קיין נחת פון די קינדער זיינע.

# הייליקע בילדער

פון זינט גיטל, די פרוי זיינע, איז געשטאָרבן, איז דער אַלטער סיימאן אינגאנצן אויס מענטש געוואָרן. ער איז אַ שוואַכער און אַן אויסגעארבעטער, קוים וואָס ער שלעפּט זיינע אַלטע, מידע פיס. נאָר אַז די אלטע זיינע האָט געלעבט, האָט זי אים אָפּגעהיט, געגעבן אים מיט זיך אין שאַפּ טעפּעלעך פאַר מיטאָג, און אזוי גיך ווי ער פלעגט קומען אהיים פון דעם שווערן טאָג ארבעט, פלעגט זי אים שוין אונטערטראָגן די שטעק־שיך, מיט דער ריינער, אויסגעפּרעסטער העמד, אים העלפן אויסטאָן די שיך, און אז ער פלעגט זיך אביסל ארומוואַשן, ארונטערנעמען דעם שטויב פון זיך און אָנטאָן א ריינע העמד און די לייכטע שטעק־שיך, פלעגט ער גאָר א נייער, פרישער מענטש ווערן. ס׳פלעגט ווי א צען פודיקע משא ארונטער פון זיין קערפּער און ער פלעגט גאָר לעבעדיקער ווערן.

אָבער איצט, אז דאָס ווייב זיינס איז געשטאָרבן, פילט ער זיך צעבראָכן, פילט זיך נאָך שוואַכער און מידער. אין הויז, אין זיינע פּאָר צימערלעך, איז שטענדיק אָנגעוואָרפן, אָפּגעלאָזן און אומהיימלעך. די ווענט, דוכט זיך, וויינען. ער האָט ניט זיין עסן, האָט ניט זיין ריינעם געלעגער, פלאגט זיך אין די רעסטאָראַנען און ס׳ווילט זיך אים גאָר אהיים ניט קומען.

פון זיינע קינדער האָט ער דאָ בלויז איין קינד, זיין זון מאריס, אַ פּאָליסמאַן. זיינע טעכטער וואוינען ווייט אין דער וועסט. שרייבן אים האָרציקע בריוו, שיקן אים צו פון צייט צו צייט א פּאָר דאָלער, אָבער זיי זיינען פאָרט ווייט פון אים. דער איינציקער וואָס איז נאָענט, איז דער זון מאָריס. ער האָט אָבער פון אים קיין נחת ניט. טאָטע און זון לעבן ניט גוט צווישן זיך. זיינען פון צוויי וועלטן, און לעבן ניט בשלום. סיימאן איז זיינע אלע יאָרן, די באַלד פערציק

יאָר, וואָס ער איז אין אמעריקע, אַן ארבעטער, אַ גוטער, געטרייער יוניאָן־מאַן און א סאָציאליסט. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געברענט אַ וועלט, געוועזן פון די טעטיקסטע און פון די איבערגעבנסטע יוניאָן־לייט און סאָציאַליסטן. האָט טאָג ווי נאַכט, זיין גאַנצע ענערגיע און געזונט, יעדע פרייע מינוט אוועקגעגעבען זיין נייעם גלויבן, זיין נייעם גאָט, צו וועלכן ער האָט געדינט מיט זיין גאַנצן האַרצן, מיט זיין גאַנצער תמימותדיקער אויפריכטיקייט און מיט דעם גאַנצן ברען און פייער פון זיין גלויביקער נאַטור. און אפילו אויך איצט, אויף די עלטערע יאָרן, איז זיין גלויבן אין זיין נייעם גאָט ביי אים ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. נאָר ער קען שוין אזוי טעטיק ניט זיין. דאָס געזונט דערלויבט אים שוין ניט, די פיס דינען שוין ניט. גייט ער זעלטענער צו די מיטינגען. באַדויערט וואָס ער קען קיין אנטייל ניט נעמען, און איז מקנא די יונגע. אָבער יעדעס פיצעלע און ברעקעלע, וואָס איז פאַרבונדן מיט זיין סאָציאַליסטישן גלויבן, איז ביי אים טייער און הייליק און ער היט עס אָפּ ווי א הייליקטום.

אַנדערש איז זיין זון מאָריס. ער האָט פון אים קיינמאָל קיין נחת ניט געהאַט. ער איז ניט געגאַנגען אין די וועגן וואָס ער, סיימאָן, האָט געוואָלט ער זאָל גיין. אין דער יוגנט, איז ער געווען אַ גאַסן־יינגל, זיך געחברט מיט אַלע לאָבוסעס, האָט ניט געוואָלט לערנען, האָט שטענדיק אָפּגעלאַכט פון טאַטן מיט זיינע „קרייזי סאָשעליסטס" און איז ניט געווען קיין לייט. איינמאָל איז ער גאָר פאַר אַ לאַנגער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען. נאָכדעם האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז געוואָרן א מאַטראָז און איצט איז ער אַ פּאָליסמאַן.

ניט איינמאָל פלעגט זיך סיימאָן אויפעסן אַ לעבעדיקער, וואָס זיין איינציקער זון איז ניט קיין לייט, גייט ניט אין זיינע וועגן. ער פלעגט זיך אליין באַשולדיקן אין דעם, און דאָס ווייב זיינס פלעגט אים יאָדן און צו אים טענהן:

— ווי דען־זשע? וואָס האָט מען געקענט אנדערש דערוואַרטן ס'זאָל פון אים ווערן, אַז אַ טאַטע זאָל זיך אזוי ווייניק אָפּגעבן מיט א קינד. צי האָסטו דען אמאָל צייט אכטונג צו געבן וואָס ער טוט, מיט וועמען ער חברט זיך, וואו ער גייט, — אז דו ביזט שטענדיק ביזי מיט די מיטינגען. ס'איז נאָר אַ וואונדער, אז ער איז ניט ערגער ווי ער איז.

סיימאָן פלעגט פילן, אַז דאָס ווייב זיינס איז גערעכט. ער האָט געזען, אַז ס׳וואַקסט ביי אים א זון, וואָס איז אים פרעמד, א ווילד־פרעמדער צווייג אויף זיין בוים. פלעגט ער ניט איינמאָל באַשליסן אויפצוגעבן זיין טעטיקייט מיט די מיטינגען. ווערן אַ שטוב־מענטש און זיך אָפּגעבן מיט די קינדער. אָבער ער האָט זיין באַשלוס קיינמאָל ניט דורכגעפירט. ווי אַ מאַגנעט האָבן אים די מיטינגען געצויגן און וואָס אַ יאָר ווייטער אַלץ מער איז זיין מאָריס פון אים דערווייטערט און פאַרפרעמדט געוואָרן. טאַטע און זון זיינען צוויי ווייטע, פרעמדע וועלטן געוואָרן.

ניט בעסער איז געווען מאָריסעס פרוי, פון וועלכער סיימאן האָט אויך קיין פיל נחת ניט געהאַט. זי איז געווען א פוסטע אַמעריקאַנער מיידל, וואָס האָט נאָר געוואוסט ווי צו פאַרבן די ליפּן, דרייען מיטן קערפּער, קייען קיי־גומי מיט עפּעס אַזאַ ספּעציעלן מאָדנעם קנאַקן מיט די ליפּן בעתן קייען, און חוזק מאַכן פון די „פאַריינערס" און די „קרייזי סאָשעליסטס".

קיין גרויס פריינטשאַפט פלעגט צווישן טאַטן און זון ניט עקזיס־טירן. פלעגט מען זיך ווען צוזאַמענקומען, פלעגט מען זיך גלייך אָנהויבן אַמפּערן און קריגן. דער זון פלעגט אָפּלאַכן, חוזק מאַכן פון טאַטן און זיינע „סאָשעליסטס". דער טאַטע פלעגט פון דעם ווערן אַן אויפגעקאָכטער, אַן אָנגעצונדענער. זיין גאַנץ פּנים פלעגט אַ שטיק פייער ווערן, און ציטערנדיק מיט די הענט און מיטן גאַנצן קערפּער, פלעגט ער זיך צעשרייען:

— שווייג! שווייג, זאָג איך דיר! זאָלסט מער ניט וואַגן דיין טריפהנעם פּיסק צו עפענען, דו הערסט? וואָרים איך וועל דיך...

— און פון אויפרעגונג און אויפקאָכעניש פלעגט אים אויספעלן אי ווערטער, אי אָטעם.

ביידע פלעגן שרייען, זיך קאָכן. פון די קולות פלעגט די אלטע, ניט־טויט, ניט־לעבעדיק אריינלויפן און זיי פּרובירן איינשטילן:

— שאַ, שאַ, מען קריגט זיך שוין אין אַ נאָווינע. מ׳איז זיך שוין צוזאַמענגעקומען און מ׳רייסט זיך שוין פאַר די נעזער! מ׳קען זיך מיט דער ירושה ניט צעטיילן! — פלעגט די אַלטע, אומצופרידן, פאַרביטערט, זיך אויף ביידן צעשרייען און ווי־ניט־איז זיי איינשטילן.

נאָר סיימאַן פלעגט נאָך אַזאַ קריג מיטן זון זיך לאַנג ניט קאָנען באַרואיקן. ער פלעגט זיין בייז און אויפגערעגט אויפן זון, און נאָך מער ווי אויפן זון פלעגט ער זיין אויפגערעגט און אין כעס אויף זיך אליין, און ער פלעגט מיט א בייזקייט צו זיך אליין מורמלען:

— נו, נו — א זון האָב איך עס אויסגעהאָדעוועט, ניטאָ וואָס צו ריידן!

— ס׳איז דיין אייגענע שולד, — פלעגט גיטל פּרובירן ווייכער מאַכן זיינע געפילן צום זון — אז ער האָט זיך געהאָדעוועט אָן דיין השגחה. איך פלעג ריידן און ריידן, וואָרענען און וואָרענען, נאָר וואָס האָט דאָס געהאָלפן?...

סיימאָן פלעגט צוגעבן, אז זי איז גערעכט און ער פלעגט זיך אויפעסן אַ לעבעדיקער.

דעריבער, אז זיין אַלטע איז געשטאָרבן און ער איז געבליבן איינזאַם און עלנט, און קיין אנדער פּלאַץ ווי נאָר צום זון איז אים ניט געבליבן צו גיין, סיידן אין מושב זקנים, איז אים טאַקע געווען גאַנץ ביטער אויפן האַרצן. ער האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה און זיך קיין עצה ניט געקאָנט געבן.

ער האָט אָבער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. בפרט נאָך, אַז דער זון און די שנור זיינען נאָכן טויט פון דער אַלטער צו אים געוואָרן באַזונדערס גוט און צוגעלאָזן, און אים שטאַרק געבעטן, אז ער זאָל צו זיי זיך אריינקלייבן און אים צוגעזאָגט, אז זיי וועלן אים אָפּהיטן און צוזען, אַז אים זאָל אויף די עלטערע יאָרן קיין זאַך ניט פעלן, האָט ער באשלאָסן אויפצוגעבן זיינע חושכדיקע פּאָר צימער־לעך און אריינציען צום זון.

**
*

סיימאַן איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער א קופערט, געפּאַקט זיינע זאַכן און אין דער שטיל צו זיך געקרעכצט.

קיין סך צו פּאַקן האָט ער ניט געהאַט. קיין גרויסע, רייכע הויז־ווירטשאַפט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט, און דאָס, וואָס ער האָט געהאַט, איז שוין געווען אלט, צעבראָכן און אלטמאָדיש. האָט ער דאָס, וואָס האָט נאָך געהאַט עפּעס א ווערט פאַרקויפט און דאָס איבע־

ריקע ארויסגעוואָרפן. אויסער זיינע אלטע, אָפּגעטראָגענע קליידער, אַביסל וועש און איניקע סאָציאַליסטישע ביכלעך — אלטע, צעריסענע, פאַרגעלטע ביכלעך — האָט ער קיין זאַך ניט מיטגענומען.

מיט די סאָציאַליסטישע ביכלעך, כאָטש ער האָט זיי שוין לאַנג אויסגעלייענט, אז ער קען זיי שוין כמעט אויף אויסווייניק, האָט ער זיך ניט געוואָלט שיידן. זיי זיינען אים געווען ליב און טייער. און מיט נאָך עטוואָס האָט ער זיך ניט געוואָלט שיידן, וואָס איז אים געווען נאָך ליבער און נאָך טייערער: דאָס זיינען געווען א פּאָר בילדער פון באַרימטע סאָציאַליסטן, בילדער פון קאַרל מאַרקס, פון לאַסאַל און פון בעבעל. די בילדער האָבן שטענדיק באַצירט און באַשיינט זיין אָרעמע, איינפּאַכע וואוינונג, און זיי זיינען ביי אים געווען ווי אַ הייליקטום. זיי זיינען שוין געווען אַלט, פאַרגעלט, אָפּ־געריבן און פאַרפלעקט פון פליגן. די שוואַרצע ראַמען זיינען שוין געווען אַזש גרוי פון שטויב; ערטערווייז אָפּגעבראָקלט און צעבראָכן און פול מיט אויסגעגעסענע לעכלעך. אָבער זיי זיינען געווען זיין איינציקער גייסטיקער נחת און דער קוואַל פון זיסע און ליבע דערי־נערונגען פון זיין גאנצן לעבנסלויף; און שטייענדיק איצט איינגעבויגן איבער זיין קופערט און פּאַקנדיק זיינע בעבעכעס, האָט ער אָט די פּאָר זאַכן פון זיין ווירטשאַפט, די בילדער, מיט באַזונדערער ליבע און צערטלעכקייט און מיט א באַזונדער הייליקן געפיל פאַרזיכטיק אריינגעלייגט אין קופערט צווישן זיינע זאַכן.

אז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פּאַקן און ער האָט דעם קופערט צוגעמאַכט, האָט ער זיך אַ מידער און מיט א פולן אָנגעדראָלטן קאָפּ שווער אַוועקגעזעצט אויף א שטול און מיט זיינע אויגן נאָך אמאָל און ווידער אַמאָל געוואָנדערט איבער די הוילע שוואַרצע ווענט פון זיין וואוינונג.

ספּעציעל האָבן זיך זיינע אויגן אָפּגעשטעלט אויף די עטוואָס ווייסערע פליאַמעס אויף די ווענט, אויף די פלעצער, וואו די בילדער זיינען געהאַנגען. ער האָט אויף די פלעצער געקוקט מיט אַזאַ פאַר־בענקטשאַפט און טרויער, און זיינע ליפּן האָבן אזוי געצוקט און געציטערט, אז ס׳האָט אויסגעקוקט ווי ער וואָלט מיט זיי געוואָלט

צופאַלן צו די ווייסלעכע פּליאַמעס און קושן דאָס אָרט, וואו זיינע הייליקע בילדער זיינען געהאַנגען.

*

דער צימער, וואָס דער זון האָט אים אוועקגעגעבן, איז געווען אַ גרויסער, א שיינער און אַ ליכטיקער. דאָס איינציקע פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען צום גאַס און פון דערוויטנס האָט מען דורך איר געזען די גרינע ביימער־שפּיצן פון אַ פּאַרק.

דער אַלטער סיימאָן איז געווען צופרידן פון זיין צימער, און איז אין זיין האַרצן דאַנקבאַר געווען דעם זון מיט דער שנור. אים איז אָבער ניט אין גאַנצן צום הארצן געווען, ווי אזוי דער צימער איז געווען צוגעקליבן. „עפּעס צופיל פליטערלעך און אלץ אזוינע נאַרישע פליטערלעך" — האָט ער מיט א ביטול געטראַכט וועגן דעם אופן ווי אזוי די שנור האָט פאַרפּוצט דעם צימער. ער האָט אָבער ניט געוואָגט קיין זאַך אַוועקצונעמען אָדער צו רירן פון אָרט. „די שנור קען זיך נאָך אַמאָל באַליידיקן און בייז ווערן, זי האָט אַזוי אַוועק־געשטעלט, טאָ זאָל עס אזוי בלייבן„ — האָט ער ביי זיך געטראַכט, און ער האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט דעם צימער ווי ער איז.

ער האָט אויסגעפּאַקט דעם קופערט, אויפגעהאַנגען אין אָרדנונג זיינע קליידער אין שאַפע, זיך געהיט, אַז אין צימער זאָל ניט אָנגע־האַרפּן ווערן פון זיינע זאכען. ס'זאָל קיין שפּרינקעלע ניט פאַלן, און ער האָט אַלץ אוועקגעלייגט אויף אַ פּלאַץ.

מיט באַזונדערער פאַרזיכטיקייט אָבער האָט ער זיך באַשעפטיקט ארום די באַוואוסטע סאָציאַליסטישע בילדער. ער האָט זיי פריער מיט אַ טיכעלע גוט ארומגעווישט. אויף וויפיל מעגלעך, אראָפּגע־נומען דעם שטויב פון זיי, עס זאָל פון זיי אין צימער ניט אָנגע־שמוצט און אָנגעשטויבט ווערן; די שנור זאָל ניט האָבן קיין איבעריקע אַרבעט. און דורכמעסטנדיק מיטן אויג דעם גאַנצן צימער, אַלע פיר ווענט, און טראַכטנדיק וואו ס'איז בעסער אויפצוהענגען די ביל־דער, האָט ער צום סוף באַשלאָסן זיי אויפצוהענגען אויף דער אַנטקעגנ־דיקער וואַנט פון טיר, אז מען זאָל זיי דערזען גלייך ווי מען קומט אריין אין צימער.

און אז ער האָט אויפגעהאַנגען זיינע סאָציאַליסטישע בילדער, האָט שוין ביי אים דער גאַנצער צימער געקראָגן אַן אַנדער פּנים, און אים האָט שוין מער ניט געאַרט די נאַרישע פליטערלעך, מיט וועלכע די שנור זיינע האָט פאַרפּוצט דעם צימער.

***

אין אָוונט, נאָך וועטשערע, איז סיימאָן אביסל אַרונטער אין גאַס זיך דורכצושפּאַצירן.

וואוהין צו גיין, האָט ער ניט געוואוסט. דער געגנט איז אים געווען פרעמד, פרעמד פארן אויג און אויך פרעמד צום הארצן. דאַון־טאַון, דאָרט, וואו ער האָט געוואוינט אַלע זיינע יאָרן, האָט ער שוין געהאַט זיינע באַקאַנטע יוניאָנלייט און סאָציאַליסטן. צו דעם איז אויך ניט ווייט פון זיין הויז געווען דער יוניאָן אָפיס און די קלוב־צימערן פון די סאָציאַליסטן, פלעגט ער שוין האָבן וואו אריינצוגיין און פאַרברענגען אַן אָוונט. פלעגט ער אַמאָל הערן אַ לעקציע, אָדער אַ גוטע רעדע, אַמאָל שפּילן מיט באַקאַנטע א דאָמינאָ, און אַמאָל זיצן אזוי און ריידן און דערציילן דערינערונגען פון די אַמאָליקע יאָרן, ווי מען האָט צום ערשטן מאָל געגרינדעט די יוניאָן, אָדער ווי מען פלעגט אַמאָל פירן סטרייקס. אָבער דאָ איז אים אלץ געווען פרעמד. אַ גאַס מיט מויערן, איין מויער איז פאַר אים ניט אַנדערש ווי דער צווייטער — און אַלץ איז אים אַזוי פרעמד, האָט ער זיך אַביסל גלאַט אזוי, אָן א ציל, ארומגעדרייט אַ פּאָר שטונדן אין גאַס, דורכגעגאנגען די גאַס איינציקע מאָל הין און צוריק, אביסל אריינגעקוקט, גלאַט אַזוי אָן אַ ציל און אָן אַ פּאַרוואָס, אין די פענצטער פון די געשעפטן, אפילו ניט געוואוסט, וואָס ער האָט דאָרטן געזען, און נאָכדעם, אַז ער האָט זיך שוין געפילט מיד, איז ער ארויף צוריק אין הויז.

אַז ער איז אריין צוריק צו זיך אין צימער, האָט ער דאָרט געטראָפן אַ גאַנצע איבערקערעניש. די בילדער פון זיינע סאָציאַ־ליסטישע פירער און רביים האָט ער ניט געטראָפן. זיי זיינען געווען ארונטערגענומען פון וואַנט און פאַרוואָרפן הינטערן טישל. און אויף די ווענט, אויפן פּלאַץ פון זיינע הייליקע בילדער, וואָס האָבן דעם גאַנצן לעבן זיינעם באַשיינט און באַצירט זיין אָרימע וואוינונג, זיינען

געהאַנגען אַ פּאָר בילדער פון מוּאווי אַקטריסעס און פּרייז־פייטערס. די בילדער זיינען געווען אויף בילִיקן, כּמעט צעריסענעם ראָזעווען פּאַפּיר און זיי האָבן עפּעס אַזוי ווי פאַרשייט געשמייכלט, ווי זיי וואָלטן אַרונטערגעלאַכט צו אים.

גלייך ווי ער האָט עס דערזען, האָט אים אַ ברען געטאָן אין האַרצן, ס׳האָט אים אַזוי אויפגעקאָכט און אויפגעבראַכט, אַז וואו אַביסל בלוט אין קערפּער האָט אים געגעבן אַ זעץ אין פּנים און ער האָט פון אויפגעבראַכטקייט אַ לאַנגע צייט צו זיך ניט געקענט קומען.

ער האָט זיך, אין זיין צאָרן און אין זיין אויפגעבראַכטקייט, געגעבן אַ ריס צום טיר, געוואָלט אַריינלויפן צום זון און שנור און זיי זידלען, זיי מאַכן צו דער בלאָטע גלייך, פאַר דער באַלידיקונג וואָס זיי האָבן אים אָנגעטאָן. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט, אַז אפשר וואָלט בעסער געווען, אַז ער זאָל עס איצט ניט טאָן. עס לאָזן אויף אַנאַנדערש מאָל. ער האָט גוט געוואוסט, אַז איצט, ווען ער איז אַזוי אויפגעבראַכט, וועט ער זיך ניט קאָנען קאָנטראָלירן און קיין גוטס וועט ניט אַרויס־קומען. און געפילט האָט ער, אַז איצט איז אַנדערש ווי אַמאָל, אַז איצט איז ער ביים זון, דאַרף צו אים אָנקומען און ער קען זיך אויף אים אַזוי ניט צעשרייען און קען אים אַזוי ניט זידלען ווי אַמאָל.

סיימאָן איז אַ פּאָר מינוט געשטאַנען לעבן טיר, נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעקערט, זיך אָנגעשפּאַרט אָן טישל, געשטאַנען מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ, זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי ער זאָל איצט אַריינגיין צום זון און אים גוט אָנזידלען, אָדער ניט, און האָט שווער געאָטעמט.

סיימאָן האָט ניט באַמערקט און ניט געפילט, ווי זיין זון און די שנור זיינען אַריינגעקומען אין צימער, ביידע מיט ברייטע שמייכלען אויף די פּנימער און דער זון איז צו אים פון הינטן צוגעגאַנגען, אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, און לעבעדיק אויסגעשריען:

— העלאָ, פּאַפּס! וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מיין ווייבעלע, וואָס פאַר אַ רומקעלע זי האָט פאַר דיר אויסגעפּוצט, האַ? וואָס פאַר אַ פּאָר שיינע פּיקטשעלעך זי האָט אויפגעהאַנגען? זע נאָר, פּאַפּס! אָ, דזשי וויזז! און זעסט פּאַפּס, אָט דעם פּרייז־פייטער! אָ, פּאַפּס, קען

ער דערלאַנגען אַ כמאַל, אַ באַי, אַ באַי!... אָט דאָס פּאָפּס הייסט פּיקטשעלעך, ניט אזוי ווי דיינע אלטע סאָשיאַליסטן מיט די לאַנגע וויסקערס. פּע! א מענטש געפינט עס אויס בילדער אויפצוהענגען אין אַזאַ רומקעלע וואָס מיין ווייבעלע האָט אַזוי אויסגעפּוצט. — און ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פעטן צופרידענעם געלעכטערל.

זיין ווייב האָט זיך אויך צעלאכט מיט דעם זעלבן פעטן געלעכטערל און מיט אַן אויגל געוואונקען צום מאַן.

דער אַלטער סיימאָן איז פון זונס רייד און פון זיין פעטן געלעכטערל געבליבן שטיין אַ צעמישטער און א דערשלאָגענער. די רייד פון זון, דאָס חוזק מאַכן זיינער פון זיינע הייליקע בילדער, האָט אים נאָך מער דערשלאָגן, ווי דאָס וואָס די בילדער זיינען אַרונטערגענומען געוואָרן פון וואַנט. אים האָט שוין ניט פאַרדראָסן אויפן זון, נאָר אויף זיך אליין. אויף זיך אליין האָט אים אינווייניק די שאַנד געברענט למאי ער האָט אַזאַ זון אויפגעהאָדעוועט.

ער האָט דעם זון גאָר ניט געענטפערט. ער האָט בלויז אויף אים אַ שטאָלצן דורכדרינגענדיקן קוק געטאָן און ווי א געצוואונגענעם שמייכל געטאָן.

און ביי דער נאַכט, ליגנדיק אויפן געלעגער, האָט ער לאַנג ניט געקאָנט שלאָפן. איז געלעגן מיט אָפענע, וואַכן אויגן און געטראַכט וועגן זוכן א פּלאַץ אין א מושב זקנים...

# די באַליידיקטע

אין דעם גרויסן טענעמענט הויז וואוינען זיי, די מאַמע מיט דער טאָכטער, שוין אַ לאַנגע צייט. אַזוי לאַנג, אַז ווען די עלטסטע שכנים פון הויז האָבן דאָרט אריינגעצויגן, האָבן זיי שוין דער מאַמע מיט דער טאָכטער דאָרט געטראָפן.

זיי זיינען זייער עלנט, די אַלטע מאַמע מיט דער טאָכטער, און שטענדיק אליין. שטענדיק פלעגט מען זיי זען ביידן זיצן איינינקע אליין. די טאָכטער צוגעטוליעט צו דער אַלטער מאַמע, און ביידע שווייגן.

זיי פאַרוואוינען צוויי קליינע צימערלעך אויפן אונטערשטן עטאַזש פאַר וועלכע זיי צאָלן זייער ווייניק דירה־געלט און זיי דערנערן זיך פון דעם, וואָס די טאָכטער בעקי, אַ מיידל שוין אין די יאָרן, פאַר־דינט פון אַכטונג געבן אויף קליינע קינדער.

די מערסטע איינוואוינער פון דעם טענעמענט הויז זיינען אָרימע מענטשן, וואָס קענען ניט האַלטן קיין דינסטן. די פרויען מוזן אליין טאָן די גאַנצע הויז־אַרבעט און זיינען צופרידן, אַז זיי קאָנען כאָטש אַמאָל, פאַר אַ פּאָר סענט, אַריינגעמען אַ מיידל אויף אַ פּאָר שטונדן אַכטונג צו געבן אויף זייערע קליינע קינדער. איז בעקי זיי גוט צונוץ געקומען. זי איז פאַר זיי געווען ווי געוואונטשן. בעקין האָבן זיי געקאָנט קריגן פאַר זייער ביליק. פאַר אַ האַלבן דאָלער און אַמאָל נאָך אָפּצועסן דערצו, האָט זי אַכטונג געגעבן אויף זייערע קינדער ווי לאַנג מ׳האָט געדאַרפט, און בעקי האָט טאַקע געהאַט געגוג קינדער אויף אַכטונג צו געבן.

ווי אַלט זי איז געווען, האָט קיינער אין הויז ניט געוואוסט. די אַלטע מאַמע אירע האָט קיינמאָל וועגן איר מיט קיינעם ניט גערעדט. די פרויען שכנטעס, וואָס וואוינען שוין לאַנג אין דעם טענעמענט

הויז, פלעגן צווישן זיךריידן, אַז בעקי מוז שוין זיין ניט קיין יונגיטשקע, ווייל ווען זיי האָבן זיך אין דעם הויז אַריינגעצויגן — און אין דעם איז שוין אַ היפּש ביסל יאָרן — האָט זי, בעקי, אויסגעקוקט אַט פּונקט ווי איצט, אויף אַ האָר ניט אינגער.

— זי איז שוין ניט קיין יונגינקע, נאָר עפּעס אַ ניט־דערבאַקענע, — האָבן די פרויען פון הויז צווישן זיך גערעדט.

אויפן אויסקוק אָבער האָט בעקי אויסגעזען נאָך גאָר ווי אַ קינד. זי איז אַ נידעריקע, אַ שצופּלינקע, אַ ניט־דערוואַקסענע, מיט אַן אויסגעדאַרטן, טרוקן פּנימל, מיט אַן איינגעפאַלן, פלאַך ברוסטל, ווי אַ ברעטל, און מיט אַ שמאָלן, שאַרף־שפּיציקן נעזל. אירע שמאָלע, קליינע אויגעלעך, ווי צוויי שמאָלע פּאַסיקלעך, האָבן שטענדיק אויסגעקוקט פאַרטרויערט און ווי כעסדיקע, ברוגזע, און אירע דינע, בלוטלאָזע ליפּן זיינען שטענדיק געווען געשלאָסן. מ׳האָט קיינמאָל פון איר ניט געהערט אַ וואָרט אויסריידן.

שטענדיק האָט זי זיך ווי געאיילט. איז געגאַנגען גיך, גיך, מיט אירע דינע ווי שטעקלעך, פיסעלעך, ווי זי וואָלט קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט; און שטענדיק, סיי זומער, סיי ווינטער, האָט זי געטראָגן אַ געשטריקטע קעפּקע אויף איר קאָפּ און אירע קליידלעך אָדער מאַנטלען זיינען שטענדיק געווען אַלטע, אָפּגעטראָגענע.

פריער, איידער די פרויען פון הויז האָבן איר אָנגעהויבן דינגען אַכטונג צו געבן אויף זייערע קליינע קינדער, האָט מען איר זעלטן ווען געזען אין גאַס, פאַרן הויז, אָדער אין גרויסן הויף פון הויז. ווינטער האָט מען איר קיינמאָל ניט געזען אין גאַס. זומער פלעגט מען איר שוין אַמאָל יאָ זען זיצן לעבן דער אַלטער מאַמע אויף אַ שטול לעבן הויז, אָדער אין הויף. זי פלעגט זיצן אַן איינגעטייטע, אַן איינגעצויגענע אין זיך. דעם קאָפּ אַריינגערוקט צווישן די שפּיציקע אַקסלען. קוקן שטאַר מיט אירע שמאָלע, אומעטיקע אויגעלעך גלאַט אין דער וועלט אריין, און שווייגן...

זינט אָבער מען האָט איר אָנגעהויבן דינגען אַכטונג צו געבן אויף קליינע קינדער, זעט מען זי שוין שטענדיק לעבן הויז, אָדער אין הויף, דאָס מיט איין קינדער־וועגעלע, דאָס מיט א צווייטן, און מיט דער גרעסטער געטרייקייט און זאָרגפעליקייט גיט זי אַכטונג אויף די קליינינקע קינדערלעך, וועלכע מען טרויט איר אָן.

אָנגעהויבן זי צו דינגען אַכטונג צו געבן אויף זייערע קליינע קינדער האָבן די פרויען פון דעם טענעמענט הויז טאַקע אויף דער בקשה פון איר אַלטער מאַמע. זי, די מאַמע, האָט זיך איינמאָל פאַר אַ פרוי אויסגערעדט: אַז ווען די פרויען וואָלטן גענומען איר בעקין אַכטונג צו געבן אויף זייערע קליינע קינדער, וואָלט זי עס געטאָן פאַר אַ קלייניקייט. „און מען קען זיך אויף איר גוט פאַרלאָזן", האָט זי פאַרלויבט איר טאָכטער און פאַרזיכערט דער פרוי, אַז זי דאַרף קיין מורא ניט האָבן און זי מעג רואיק נעמען איר טאָכטער אַכטונג צו געבן אויף איר קליין קינד.

די פרוי צו וועלכער בעקיס אַלטע מאַמע האָט גערעדט, האָט מיט בעקין געמאַכט אַ פּראָבע און זי איז געווען צופרידן, האָט זי איר שוין רעקאָמענדירט צו אַנדערע פרויען פון דעם גרויסן טענעמענט הויז און פון דאַן אָן גיבן איר די פרויען זייערע קינדער אויף אַכטונג צו געבן.

ווען בעקיס אַלטע מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז זי האָט גערעדט מיט פרויען און זיי זיינען צופרידן איר צו געבן זייערע קינדער אַכטונג צו געבן, האָט בעקי, ווי איר שווייגנדיקע טבע איז געווען, גאָר ניט געזאָגט. נאָר די שוואַרצאַפּלען פון אירע שמאָלע, אומעטיקע אויגן האָבן זיך שמחהדיק צעגלאַנצט און אַלע געפילן פון פרויענ־שער און מאַמעשער ניט אויסגעלעבטקייט האָבן זיך מיט אַזאַ האַסט און אימפּעט אַ שפּאַר געטאָן אין איר האַרצן, אַז זי האָט אַזש דעם אָטעם ניט געקענט כאַפּן. זי האָט אָנגעהויבן שנעל, שנעל צו אָטעמען. ס'האָט איר אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן אין האַרצן און דאָס האַרץ אירס האָט זיך האַסטיק געהויבן, אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.

זי האָט שטענדיק אַ באַגער צו האַלטן אין אירע אָרעמס אַ קינד, עס אַרומנעמען, עס צודריקן צו זיך, אָנרירן מיט אירע פינגער דאָס פּוכקע, וואַרימע לייב פון אַ קינד, און זי פלעגט מיט אַזוינע זשעדנע אויגן קוקן אויף די ווייבלעך אין פּאַרק, ווען זיי פלעגן זיך שפּילן מיט זייערע קינדער, אַז פיל מאָל, ווען זי פלעגט זען ווי אַ מוטער טוליעט צו זיך אַ קינד, פלעגט איר אָן אומרואיקייט באַפאַלן. זי פלעגט דערפילן אַ שטאָך אין האַרצן און עפּעס ניט קענען איינזיצן אין פּאַרק. זי פלעגט שווייגנדיק אַ שלעפּ טאָן דער מאַמען און אַנטלויפן פון פּאַרק. דער מאַמעס אָנזאָגן איר, אַז פרויען ווילן איר

געבן זייערע קינדער זי זאָל אויף זיי אַכטונג געבן, האָט זי דעריבער אויפגענומען מיט אַזויפיל דאַנקבאַרקייט, אַז טרערן האָבן אָנגעפאַנגען צו גלאַנצן אין אירע אויגן.

ווען זי האָט צום ערשטן מאָל גענומען אַ קינד אַכטונג צו געבן און זי האָט מיט אירע פינגער אָנגערירט דעם קינדס לייבעלע, איז אַזאַ הייסער שטראָם דורכגעגאַנגען איבער איר גאַנצן קערפּער, אַז זי האָט דאָס קינד מיט אַ גיריקייט ארייגעכאַפּט אין אירע אויסגעדאַרטע, כמעט קינדערשע שטעקלעך־אָרעמס און עס אַזוי שטארק געדריקט צו זיך, ווי זי וואָלט געוואָלט דאָס קינד אינגאַנצן אַריינדריקן און אַריינקנעטן אין זיך. און כאָטש זי האָט אויפן קינד אַכטונג געגעבן בלויז אַ פּאָר שעה, און נאָכדעם עס איבערגעגעבן צו דער מוטער, איז זי שוין פונדעסטוועגן יענעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אַן אויפגע־לעבטע, אַן אויפגעהייטערטע. אין אירע שטענדיק אומעטיקע אויגן האָט געפינקלט א פריילעך פייערל און זי האָט, גאָר ניט ווי איר טבע, אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין ריידן צו דער מאַמען. זי האָט צו איר גערעדט פון וואָס ס'איז איר נאָר אין מויל אריינגעקומען.

פון דאַן אָן זעט מען שוין שטענדיק בעקין מיט אַ קינדער־וועגעלע לעבן הויז אַכטונג געבנדיק אויף עמיצנס אַ קינד.

ווי אַ געטרייע מאַמע שטייט זי צוגעשמידט לעבן קערידזש און לאָזט ניט אָפּ פון אויג, ניט דעם קערידזש און ניט דאָס קינד, וואָס אין קערידזש. זי האַלט אירע אויגן וואַך אויף די קינדערלעך. איר גאַנצע ליבע, וואָס ליגט באַגראָבן אין איר פאַרשלאָסענער און באַ־לײדיקטער האַרץ, גיט זי אַוועק די קינדערלעך. זי זוכט שטענדיק אויס אַ שטילן, רואיקן פּלאַץ, וואָס איז ווייט פון טומל, זיך אוועק־צושטעלן מיטן קערידזש. ווינטער זוכט זי אויס אַ זוניקן פּלאַץ, וואו די וואַרימע זון וואַרפט אירע וואַרימע מחיהדיקע שטראַלן און זי שטעלט אַוועק דעם קערידזש אַזוי, אַז די זון־שטראַלן זאָלן פאַלן גלייך אויפן קינדס פּנימל, און זומער ווידער קלייבט זי אויס א קיל, שאָטנדיק פּלאַץ, אויסצוהיטן דעם קינדס פּנימל פון די שטאַרקע, שרפהדיקע זון־שטראַלן, און זי דעקט איבער דעם קערידזש מיט אַ שטיק טול, אַז די פליגן זאָלן דאָס קינד ניט דאַקוטשען.

ווי נאָר אַ קינד הויבט זיך אָן צו וועקן, הויבט זיך אָן צו קרימען, מאַכן גרימאַסן מיטן פּנימל, דרייען דאָס קעפּעלע הין און צוריק

אויפֿן קישעלע אין קערידזש, און אָנשטעלן פּיסקעלעך צום װײנען, אַזוי איז בעקי שוין גלײַך לעבן קינד, הויבט עס אָן צו װיגן, גיט עס אין מײַלכעלע דאָס פּלעשל מיטן זיסן װאַסער, ביז דאָס קינד שלאָפֿט װידער אײַן. און אַז דאָס העלפֿט ניט, גיט זי אַ כאַפּ דאָס קינד, און אויב דאָס קינד איז נאַס, נעמט זי עס מיט דער גרעסטער ליבע און זאָרגפֿעליקײט „דײַפּערן". דאַן נעמט זי דאָס קינד אין אירע הענט, טוליעט דאָס גלאַט־סאַמעטענע לײַב פֿון קינד צו איר אײַנגעטריקנט דאַר פּנים, צו איר אײַנגעפֿאַלענער, פֿלאַכער ברעטל־ברוסט, באַרירט דאָס לײַב מיט אירע דינע, בלוטלאָזע ליפּן, און אין איר האַרצן הויבט עפּעס בעת מעשה אָן צו רעגן, ציטערן און קלאַפּן.

פֿאַר די יאָרן זינט זי האָט אָנגעהויבן אַכטונג צו געבן אויף פֿרעמדע קלײנע קינדער, האָט בעקי שוין אויסגעהאָדעװעט אַ סך קינדער. די קינדערלעך זײַנען אונטערגעװאַקסן, לויפֿן שוין אַלײן אַרום און שפּילן זיך שוין אַלײן אין הויף אָדער לעבן הויז. בעקי גיט שוין אַכטונג אויף אַנדערע זויג־קינדערלעך, אָבער זי איז די מאַמע פֿון אַלע קינדערלעך אויף װעלכע זי האָט אַכטונג געגעבן. אַלע קינדערלעך קענען זי, קלעפּן זיך צו איר און קומען צו איר װען זײ דאַרפֿן עפּעס. אָט קומט צו איר צולויפֿן אַ מײדעלע מיט אַ פֿאַרשמוצט נעזעלע און בעקי װישט איר אָפּ דאָס נעזעלע; אָט קומט צו איר צולויפֿן אַן ײנגעלע און בעט איר אים אָפּשפּיליען די מײט־קעלעך; אָט קומט צולויפֿן אַ פֿאַרװײנט קינד מיט אַ צעבראָכן צאַצ־קעלע און בעט איר עס צו פֿאַרריכטן; און אָט קומען גאָר צולויפֿן אַ גאַנצע כאַפּטע קינדערלעך מיטאַמאָל, װײנענדיקע און שרײַענדיקע, מיט טענות און מיט קלאָגן אײנער אויפֿן אַנדערן.

און בעקי, אַ שװײַגנדיקע, מיט פֿאַרחתמעטע ליפּן, הערט אַלע קינדערלעך געדולדיק אויס און טוט פֿאַר זײ אַלץ װאָס זײ פֿאַר־לאַנגען. און די קינדערלעך לויפֿן אַװעק פֿון איר צופֿרידענע און פֿרײלעכע.

װי שטענדיק, װי אַלע יאָרן, אַזוי זײַנען אויך איצט אירע דינע, בלאַסע ליפּן געשלאָסן. זי פֿילעװעט די קינדערלעך, אָבער רעדט ניט אויס צו קײנעם אַ װאָרט. זי זיצט לעבן אַ קערידזש אויף אַ צענויפֿגעלײגטן שטולכל, האַלט אירע אויגן אויפֿן קערידזש און שװײַגט.

אַרום איר רוישט דאָס לעבן און עס זשומעט פון ווייבערשע רייד. יונגע ווייבלעך, לייביקע, צופרידענע, מיט פּייערלעך אין די אויגן, זיצן אין גרופּעס לעבן הויז, מיט זייערע קינדער און קערידזשעס לעבן זיי, און ריידן וועגן זייערע מענער. מיט בעקין רעכענען זיי זיך ניט, אָט ווי קיינער וואָלט איצט לעבן זיי ניט געווען. און מיט אָנגעצונדענע פּייערלעך אין די אויגן, מיט אַ סודותדיקן שושקען זיך, מיט אַ פּעטינקן כיכיקען און אָפּטמאָל מיט אַ פּלוצימדיקן אַרויס־געפּלאַצטן געלעכטער, דערציילן זיי זיך איינע די אַנדערע סודות פון זייער פאַרהייראַטן לעבן. בעקי הערט זיך צו אַלץ צו און שווייגט. אָבער אין האַרצן ביי איר רעגט זיך עפּעס און עס ציטערט, און פון איר האַלדז טראָגט זיך אַ שטיל ברומען, ווי זי וואָלט זיך געשטיקט מיט דער לופט.

ווען נאָך אַזאַ סודותדיקן שושקען זיך פון די פרויען, וועגן זאַכן פון פאַרהייראַטן לעבן, קומט בעקי אַהיים, איז זי בייז און אויפ־געגעגט און אַן אומצופרידנהייט גריזשעט איר דאָס האַרץ. אַלע אירע ניט־אויסגעלעבטע און דערשטיקטע געפילן ווערן לויז און זי ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. איר גאַנץ ביטער האַרץ לאָזט זי דאָן אויס צו דער מאַמען. זי איז דאַן מיט קיין זאַך, וואָס די מאַמע טוט, ניט צופרידן און זי רוקט פון זיך אָפּ מיט אַ רוגזה דאָס עסן, וואָס די מאַמע דערלאַנגט איר.

עס פלעגט טרעפן, אַז אַן עופּהלע אויף וועלכע בעקי פלעגט אַכטונג געבן, פלעגט זיך שטאַרק צעוויינען און צעשרייען, און אַלץ וואָס זי האָט געטאָן דאָס קינד איינצושטילן, האָט ניט געהאָלפן. דאָס קינד פלעגט זיך רייסן און פאַרגייך פון וויינען, אַזש בלוי ווערן. פלעגט בעקי פאַרשטיין, אַז דאָס קינד איז הונגעריק. פלעגט זי, שטייענדיק אין הויף, אַרויפשרייען צו דער מוטער פון קינד און זי רופן. די מוטער פלעגט גיך קומען צולויפן, זיך איבערבויגן איבערן קערידזש, אַרויסנעמען אַ פולע מיט מילך, ווייסע, קיילעכדיקע ברוסט, עס ארייַנ־שטופּן צום קינד אין מיילכעלע, דאָס קינד פלעגט שנעל, שנעל נעמען ציען און זויגן די ברוסט און פלעגט באַלד איינגעשטילט ווערן. אַ זאַטס, אַ צופרידנס, פלעגט דאָס קינד אָנהויבן פאַרגלייזלען די אויגעלעך און איינשלאָפן.

בעקי פלעגט דאַן מיט אירע שמאַלע, אומעטיקע אויגן קוקן אויף דער מוטערס פולער ברוסט און פון קנאה פלעגט איר אין האַרצן אָנהויבן ציטערן און שנעל צו קלאַפּן. און אי צו דער מוטער, אי צום קינד פלעגט זי דערפילן אַ כעס. פון קנאה און כעס פלעגט זי גאָר ניט וועלן שטיין און צוקוקן, ווי די מוטער זויגט דאָס קינד און אַן אויפגערעגטע, אַ כעסדיקע פלעגט זי אַנטלויפן צו זיך אין הויז.

איינמאָל האָט זיך אַ פּיצל קינד אַזוי צעוויינט און צעשריען, אַז אַלץ וואָס בעקי האָט געטאָן עס איינצושטילן, האָט ניט געהאָלפן. זי האָט אַרויפגעשריען דורכן הויף צו דער מוטער פון קינד און איר גערופן, איז אָבער יענע אין הויז ניט געווען און דאָס קינד האָט זיך אַלץ געריסן, געדריגעט מיט די פיסעלעך, זיך אַזש פאַרגאַנגען און בלוי געוואָרן.

בעקי איז אַ צערודערטע און פאַרצווייפלטע אַרומגעלאָפן איבערן גרויסן הויף פון הויז און אַרום דער הויז, געזוכט דער מאַמען פון קינד און געווען אויפגעבראַכט אויף יענער, הלמאי זי איז אַוועק און איר איבערגעלאָזן אַ הונגעריק קינד.

אַז דאָס קינד האָט זיך אַלץ געריסן, און בעקי האָט זיך מיט דעם קיין עצה ניט געקאָנט געבן, האָט זי דאָס קינד ארויסגענומען פון קערידזש און עס אַריינגענומען צו זיך אין הויז. זי האָט געטראַכט, זי וועט זיך מיט דעם אַוועקלייגן אויפן בעט, אפשר וועט דאָס העלפן און דאָס קינד וועט איינגעשטילט ווערן.

זי איז מיטן קינד אריין אין שלאָף־צימער, זיך מיט דעם אַוועקגעלייגט אויפן בעט, עס געטוליעט צו איר קערפּער, עס גע־האַלדזט, געוויגט און צו דעם, אויף אַ הויך, כמעט וויינענדיקן קול, געזונגען:

— אַ־אַ־אַ, בעיבי, לו־לו־בעיבי, נו, נו, שוויג, שוויג דאַרלינג... מאַמע באַלד קומען...

אָבער אַז דאָס האָט אַלץ ניט געהאָלפן און דאָס קינד האָט זיך נאָך אַלץ געריסן און געשריען, האָט בעקי דאָס קינד צוגעדריקט און צוגעטוליעט צו איר האַרצן, און ווען זי האָט דאָס קינדס וואַרים לייב דערפילט צוגעדריקט צו איר האַרץ, איז בעקין עפּעס איינגעפאַלן פון וואָס אַ פריילעך פייערל האָט אַ בליץ געטאָן אין אירע שטענדיק אומעטיקע אויגן, און אויף אירע בלייכע טרוקענע באַקן האָט זיך אַ

רויטלעכע פּאַרב באַוויזן. זי האָט אַרויסגענומען איר קליינע, איינ־געדאַרטע ברוסט און אָנגעהויבן רוקן דעם נאָפּל פון איר ברוסט דעם קינד אין מיילכעלע.

דאָס קינד האָט מיט אַן אימפּעט אַריינגעכאַפּט אין מיילכעלע בעקיס אויסגעדאַרט טרוקענע ברוסט, האָט אָנגעהויבן מיט די ליי־פּעלעך ציען, ציען, האָט עס געצויגן מיט אַזאַ אימפּעט און הונגער, אַז עס האָט אַזש אַרויסגעלאָזט אַ הנאהדיק ברומען פון מיילכעלע, און איז באַלד איינגעשטילט געוואָרן.

בעת מעשה האָט אַ זיסער ציטער און אַ חיות דורכגעשטראָמט דורך בעקיס גאַנצן קערפּער. זי האָט אַ שטאַרקערן דריק געטאָן דעם קינדס קערפּערל צו איר האַרצן, און מיט אַ ברייט־צעגאָסענעם שמייכל איבער איר גאַנצן אומעטיקן פּנים האָט זי אַרויסגעפּליס־טערט:

— אַך, דו פּרעסער, דו!

דאָס קינד האָט אָבער בלויז אַ פּאָר סעקונדן געצויגן בעקיס ברוסט. גלייך האָט עס מיט אַ פאַרקרימט פּנימל אַרויסגעשטופּט פון מיילכעלע בעקיס אויסגעדאַרט ברוסט און זיך פאַרגאַנגען אין נאָך אַ שטאַרקערן געוויין.

בעקי האָט זיך דערפילט טיף באַליידיקט פון דעם פּיצל קינד, האָט זי אַ דערצאָרנטע אָפּגעשטויסן פון זיך דאָס קינד, איז אַראָפּ־געשפּרונגען פון בעט און זיך צעשריען אויפן קינד:

— שלעכטס!...

און זי האָט זיך צעוויינט...

# די עלנטע פרוי און איר הינטל

די פרוי, וואָס האָט געוואוינט אין דעם „אַפּאַרטמענט נומער עלף" פון דעם גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז, איז געווען אַן עלנטע און אַ צוריק־געצויגענע פון לעבן. ווער זי איז, וואָס זי טוט, און אפילו ווי זי הייסט, — דאָס האָט קיינער פון די שכנים ניט געוואוסט. נאָר דער דייטשער דזשעניטאָר פון הויז האָט געוואוסט, אַז זי הייסט מיס עלסי מאַנדעל, און אַז פונקט דעם פופצענטן פון יעדן חודש דאַרף ער אַנקלאַפּן אין איר טיר, וועלכע זי עפנט נאָר אויף אַ שפּעלטעלע, רוקט ארויס א שטיקל קאָפּ, אַ פּיצל פּנים און א האנט, און אין האַנט געפינט זיך צענויפגעלייגט אַ בינטל דאָלערס — איר דירה־געלט פאַרן חודש.

אז זי איז שוין ניט קיין יונגע, דאָס האָבן אַלע געזען, נאָר וואָס זי איז — אַ פאַרזעסענע, פאַרעלטערטע מיידל, אָדער האָט שוין אַמאָל געהאַט אַ מאַן און איז אַן אַלמנה — אָדער אַ גרושה — דאָס האָט קיינער פון די שכנים ניט געוואוסט. זי איז אַ הויכע, אַ דאַרע און אַ טרוקענע, ווי אַ דאַרער, טרוקענער שפּאָן. אירע האָר זיינען טונקל־בלאָנד, שלאָגן אַזש אריין אין קופּער־רויט און זיינען שטענדיק גלאַט און זאָרגפעלטיק פאַרקאַמט. איר פּנים איז אַ גרויסער, אַ מאַנסבילשער און אַ קנאָכיק־שפּיציקער, די הויט פון געזיכט איז טרוקן און גערונצלט און פון יאָרן־לאַנג נוצן פאַרשידענע פּודערס און שמינקע האָט שוין די הויט פונעם פּנים געקראָגן אַ ציגל־רויטן קאָליר און די קנאָכיקע קינבאַקן, ווי אויך איר גרויסע בערגלדיקע נאָז וואָס איז באַזאָטלט מיט פּענסנע, גלאַנצן מיט א שאַרף־שפּיגלדיק גלאַנץ. אירע אויגן זיינען אַש־גרויע, מיט בלאָנדע, לאַנגע, שיטערע וויעס און שיטערע בלאָנדע ברעמען. אירע ליפּן זיינען דינע און געשלאָ־סענע און איר מאָרדע איז אונטן, ביים ענדיקן זיך, ברייט ווי אַ

לאַפּעטע און צוליב דעם שטייפן קאָרסעט וואָס זי טראָגט תמיד, גייט זי שטענדיק גלייך און שטייף ווי אַ סאָלדאַט אין מאַרש.

זי האָט פּאַרוואוינט צוויי ניט גאָר קיין גרויסע און ניט גאָר קיין ליכטיקע צימערלעך וואָס זיינען ארויס צום הויף און האָט געלעבט עלנט, איינזאַם און פאַר זיך. זי האָט זיך מיט קיינעם פון די שכנים אין דער גרויסער הויז ניט געמישט, איז צו קיינעם ניט געגאַנגען און קיינער איז צו איר ניט געגאַנגען. מען האָט קיינמאָל ניט געזען, אַז עמיצער זאָל צו איר קומען צו גאַסט, זאָל אָנקלאַפּן אין איר טיר און זאָל זיך אויף איר פרעגן.

נאָר איינאיינציקן פריינט און איינאיינציקן לעבעדיקן נפש האָט זי געהאַט אַרום זיך, וועלכער איז פון איר ניט אָפּגעטראָטן און איר שטענדיק באַגלייט: דאָס איז געווען אַ קליין הינטל, אַ ווייסינקער פּודעלע, אַ באַוואָקסענער מיט לאַנגע צעפּעלעך ווייסן וואָל, מיט לאַנגע אַראָפּהענגנדיקע אויערן, מיט אַ ברייטן, פּייכטן נעזל, מיט קורצע, אַביסל ביי די קני אויסגעבויגענע פיסעלעך, און מיט אַ נידעריקן אַראָפּהענגענדיקן בויך. און אז דאָס הינטל פלעגט גיין, אָדער לויפן, פלעגט עס זיך ווי שאַרן, כמעט ווי קאַטשען אויפן בויך. דאָס איז געווען אַ זי, און האָט געהייסן נעלי.

דעם הינטלס נאָמען האָבן שוין די שכנים גראָדע יע געוואוסט, ווייל אַלע אינדערפרי פלעגט די מיס מאדעל עס ארונטערלאָזן אין הויף צו טאָן איר באַדערפעניש און ווען דאָס הינטל פלעגט פאַרטיק ווערן, פלעגט זי עס דורכן פענצטער רופן צוריק אין הויז. פלעגט אַן עפּן טאָן פון אונטן די פענצטער אויף אַזוי פיל, אַז עס זאָל פאַר איר זיין גענוג ארויסצושטעקן אַ שטיקל קאָפּ און עס רופן:

— נעלי, נעלי, קאַם אפסטערז! קאַם קוויק, יו רעסקעל! (נעלי, נעלי, קום אין הויז אריין. קום שנעל, דו פּאסקודסטווא!) און גלייך פלעגט איר שטיקל קאָפּ פאַרשווינדן פון פענצטער און נעלי האָט טאַקע איר געהאָרכזאם געפאָלגט. זי פלעגט גלייך שנעל, שנעל אויף אירע קורצע פיסעלעך זיך אָנהויבן קאַראַבקען אויף די שטיגן און שוין, זי איז שוין צוריק אין הויז.

יעדן טאָג, צוויי מאָל אַ טאָג, פאַר מיטאָג און פאַרנאַכט, מעג דער וועטער זיין שיין אָדער כמאַרנע, וואַרעם אָדער קאַלט, אויב נאָר עס גיסט ניט אַ גוס־רעגן, פוצט זי זיך אויס און נעמט איר

הינטל אויף אַ שפּאַציר. אַ גלייכע, אַ שטייפע, שפּאַצירט זי, האַלט אין האַנט שטייף און פעסט דעם רימענדל פון הינטלס ציימל, און די צויג, אַ זויבערע און אַן אויסגעוואַשענע, די לאַנגע, ווייסע, וואַלענע קודלעס צעקאַמט און דאָס עקל, פּאַריסן און צענויפגעדרייט ווי אַ פּראַגע־צייכן, שפּרינגט פריילעך אונטער, און דרייט זיך אין אַ קרייז, ווייל אין מויל אַריינכאַפּן דעם אייגענעם עקל און קען ניט. שפּרינגט עס און דרייט זיך, ווערט בייז און צעהאַוקעט זיך און פאַרגייט זיך אַזש אין אַ געוואַי.

ווען זי גייט אַרויס אויפן שפּאַציר מיטן הינטל און גייט דורך דעם גרויסן הויף און דעם טראָטואַר פאַרביי דעם גרויסן הויז, קערט זי ניט אַפּ איר קאָפּ ניט אויף רעכטס און ניט אויף לינקס. זי קוקט ניט אויף קיינעם און זי באַגריסט זיך ניט מיט קיינעם, פּונקט ווי זי וואָלט גאָר ניט געוואוינט אין דעם הויז און וואָלט קיינעם ניט געקענט. און זי גייט אוועק אין נאָענטן פּאַרקל.

אין פּאַרקל זיצט זי אויך איינזאַם און אַליין. זי זעצט זיך אַוועק אַן אַ זייט, ווייט פון די בענק וואו עס זיצן געוויינטלעך די שכנים פון הויז. זי זיצט און קוקט שטאַר פאַר זיך, נעמט אָבער ניט אַרונ־טער די אויגן פון הינטל. גיט אַכטונג אויף יעדן קער און ווענד פונעם הינטל.

דאָס הינטל האַלט זי אויך איינזאַם און אָפּגעזונדערט. לאָזט זיך קיינעם צו דעם ניט צורירן און לאָזט עס מיט קיינעם זיך ניט שפּילן. זי וויל דאָס הינטל האָבן אין גאַנצן פאַר זיך.

דאָס הינטל איז דוקא א פריינטלעכס און אַ צוגעלאָזטס, פריינדלט זיך און לאַסטשעט זיך צו יעדן פאַרבייגייער, לויפט צו צו יענעם, רייבט איר נאָסע מאָרדעטשקע אָן יענעמס פוס, שפּילט זיך און דרייט זיך אין אַ קרייז, וועלנדיק כאַפּן מיטן מויל דעם עק און לאָזט פון שמחה אַרויס אַ קוויטש. אָבער אַז זי, די באַלעבאָסטע, דערזעעט עס צעשרייט זי זיך אויף איר.

— קאָם היער, טוץ! קוויק!

נעלי לאָזט אַרונטער איר קאָפּ און פּאַמעלעך, ווי ניט ניחהדיק, שאַרט זי זיך אויף אירע נידעריקע פיסלעך צו איר באַלעבאָסטע, כאַפּט זיך אַרויף אויפן באַנק לעבן איר, זעצט זיך אויף די הינטערשטע פיסלעך, פאַררייסט דעם קאָפּ, קוקט מיט גלאַנציק־פייכטע אויגן (ווי אין

זיי וואָלטן געשטאַנען טרערן) צום הימל, פּאַטשט מיט די לאַנגע, שטענדיק אַרונטערגעלאָזענע אויערן־דעקלעך. הויבט זיי אויף און לאָזט זיי אַרונטער. הויבט זיי און לאָזט זיי ארונטער און פארגייט זיך אין וויינענדיק האַווקען.

— אַ מרוק אַ מענטש — ריידן די ווייבער צווישן זיך.

— אַן אומאַנגענעמער מענטש...

— עפּעס א פאַרריסענע פּאַנענקע...

— אַן אָנגעצויגענע פּאַווע...

— איז ניט געפידלט... — זאָגן איניקע מיט אַמאָל.

— אפשר איז איר נעבעך ניט גוט, — וואַרפט אריין א וואָרט אַן עלטערע פרוי און קרעכצט אָפּ — ווער ווייס וואָס ביי יענעם אין האַרצן טוט זיך ?...

דער עלטערער פרויס באַמערקונג מאַכט אַלע פרויען טרויעריק. זיי הויבן שוין אָן אויף דער מיס מאַנדעל צו קוקן מיט מיטלייד און זיי ווערן שטיל. זיי הערן גלייך שוין אויף זי צו באַריידן.

***

איינמאָל האָט זיך אין פּאַרקל באַוויזן אַ צווייט הינטל. אַ פאַרבלאָנדזשעטס און אַ פאַרוואָגלטעס. צי דאָס הינטל האָט געהאַט אַ היים און אַ באַלעבאָס, אָדער ניט, דאָס איז ניט געווען באַוואוסט.

דאָס צווייטע הינטל איז געווען אַ ער. אַ הויכער, מיט לאַנגע, גלייכע און דינע פיס, מיט אַ געל־גלאַנציקע פעל און די מאָרדעטשקע אַ טונקל־ברוינע און אַ פייכטע.

צו אָנפאַנג, ווען די צוויי הינטלעך האָבן זיך דערזען, האָבן זיי מיט אַ האַווקען און אַ ברומען זיך געגעבן אַ יאָג איינער נאָכן אַנדערן און אַ שפּרונג איינער אויפן אַנדערן מיט אַזאַ כעס און ברומעריי, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט, אָט און זיי צערייסן זיך איינע די אַנדערע אויף פּיצלעך. אָבער עס האָט לאַנג ניט גענומען און זיי האָבן פריילעך אָנגעהויבן ארומשפּרינגען און אַרומפּאַדען איינער אַרום אַנדערן און זיך איינער דעם אַנדערן באַשמעקן. דאָס פרעמדע הינטל האָט זיך ווי אין אַ קרייז געדרייט אַרום נעלין, זי באַשמעקט פון אַלע זייטן, און ווי קענטיק, אַז נעלי האָט ביי אים זייער אויסגענומען, האָט ער ארויסגעלאָזן אַ פריילעכן קוויטש, האָט מיט אַ פריידיקן האַוו־

קען און שפּרינגען, פּייל אויסן בויגן אָפּגעלאָפּן פון נעלין א שטיקל וועג און טאַקע באַלד, תוך כדי דיבור, געקומען צולויפן צוריק צו איר, זיך נאָך מיט מער אימפּעט און שמחה אָנגעהויבן דרייען ארום איר אין אַ קרייז, און פאַררייסנדיק דעם גלייכן שיינעם קאָפּ זיינעם, אָנגעהויבן מיט מער אימפּעט, אַזש פאַרכלינענדיק זיך, צו האַווקען. און נעלי, ווי זי וואָלט זיך געחנדלט, האָט זי זיך אוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע פיס, די פאָדערשטע פיסלעך פאַרריסן אין דער הויך און אַרויסגעלאָזן פון האַלדז אַ שטילן ברומען, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ לאַנגן, פאַרכלינעטן קוויטשל.

נאָכדעם האָבן זיך די הינטלעך אַ לייג געטאָן אויף דער ערד, זיך אַ קאַטשע געטאָן אין זאַמד מיט די בייכלעך און פיסלעך אַרויף. דאָס פרעמדע הינטל האָט געלעקט נעליס בייכל און נעלי האָט ארויסגעשטעלט אַ לאַנג רויט צינגל, האָט דעם צינגל מיט וויברירנדיקער שנעלקייט געטרייסלט, און געהעשעט.

פלוצים האָבןביידע הינטלעך זיך געגעבן אַ שטעל אויף, זיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע מיט פייכטע אויגן, האָבן ביידע אַ שפּרונג געטאָן איינע קעגן די אַנדערע מיט די פאָדערשטע פיסלעך אַרויף, זיך אַרומגענומען מיט די פאָדערשטע פיסלעך און אַזוי ארומגענומענערהייט, זיך אַ לייג געטאָן אויפן זאַמד. דאָס הינטל האָט מיט זיין פייכטער מאָרדעטשקע און מיט זיין לאַנגן רויטן צינגל גענומען לעקן נעליס פנים און האַלדז, און נעלי איז אַן אונטערטעניקע, אַ צופרידן־נאָכגיביקע געבליבן ליגן און אַזוי שנעל געהעשעט, אַז איר בייכל איז ווי אַרומגעלאָפן אונטער איר פעל, זיך געהאַלטן אין איין אייניציען און אויסציען.

וואָס מיט איר איז געשען, קען זיך די מיס עלסי מאַנדעל אליין קיין חשבון ניט אָפּגעבן. צי דאָס איז געווען די מורא צו פארלירן די פריינטשאַפט און איבערגעבנקייט פון איר הינטל, וואָס זי האָט אין גאַנצן געוואָלט האָבן פאַר זיך אליין און מיט קיינעם זיך ניט געוואָלט טיילן, אָדער עס האָט איר אַ שלאָג געטאָן איר אייגענער עלנטער און טרוקענער לעבן, אַ לעבן אָן די לאַסקעס, צערטלעכקייטן און ליבע פון אַ מאַן. נאָר אַז זי האָט דערזען איר הינטל אזוי ליגנדיק ארומגענומען פון פרעמדן הינטלס פיסלעך און איינגאַנצן אַזאַ צופרידן־נאָכגיביקע, האָט דאָס גאַנצע בלוט וואָס

זי פאַרמאַגט איר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. עס האָט איר אַ צינד געטאָן אין קאָפּ, אויף איר פּנים האָט זיך צעשפּרייט אַ בייזקייט פון וועלכער דאָס גאַנצע געזיכט איז גאַליק־גרין געוואָרן, זי האָט זיך מיט כעס און אויפרעגונג אַ פּאָר מאָל געגעבן הין און צוריק אַ שאַר אויפן באַנק וואו זי איז געזעסן, האָט זיך אַ פּאָר מאָל געגעבן שנעל, שנעל אַ הויב אויף פון אָרט און אַ זעץ צוריק, אַ הויב און אַ זעץ און אַן אויפגעקאָכטע מיט אַ שיפּען אויסגעשריען:

— נעלי, קאַם היער אַי טעל יו! קאַם היער קוויק! יו אַט טו שעים יור סעלף, יו רעסקל. (נעלי, קום אַהער, זאָג איך דיר! קום אַהער שנעל! דאַרפסט זיך שעמען דו פּאַסקודסטוואַ.)

און ווען נעלי האָט איר אַזוי גיך ניט געפאָלגט און איז אַלץ אַזוי געלעגן אַרומגענומען פון פרעמדן הינטלס פּיסלעך און צופרידן געמרוקעט, איז די מיס עלסי מאַנדעל צוגעלאָפן צו איר הינטל, זי גוט אָנגעפּאַטשט איבערן הינטער־חלק און אַ כאַפּ טוענדיק דעם רימענדל פון נעליס ציימל, זי מיט אַ ריס און מיט גוואַלד אַוועקגעשלעפּט פון פרעמדן הינטל, איז אַנטלאָפן פון פּאַרק אין הויז און זיך פאַרהאַקט, פאַרשלאָסן מיט נעלין אין אירע צוויי צימערלעך.

אַז זי האָט זיך, ווי איר געוואוינהייט איז געווען, אַוועקגעזעצט אויפן שטול לעבן פענצטער, האָט אַן אומעט און אַ דריקונג ארומ־גענומען איר האַרץ. עס האָט איר אַרומגעכאַפּט אַזאַ עקל צו איר וויסטן און עלנטן לעבן, אַז זי האָט געפילט ווי צו רייסן שטיקער פון זיך. אין דרויסן איז פּלוצים געוואָרן פינצטער. אויפן הימל האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן און זיך יאָגן וואָלקנס. עס האָט זיך געקליבן אויף רעגן. דורך אַ ווינקל פון פענצטער האָט די מיס מאַנדעל אַרויסגעקוקט אין דרויסן און גרויסע טרערן זיינען געשטאַנען אין אירע אויגן.

# צו שפּעט

דעם ערשטן מאָל האָט זי אים באַגעגנט ביי אַ קאָנצערט פון אַ גרויסן פידל־שפּילער. זי איז נאָך דאַן קיין צוואַנציק יאָר ניט אַלט געווען. אַ פרישע און אַ זאַפטיקע, ווי אַ צייטיקע פרוכט, און אין אירע באַקן איז שטענדיק געשטאַנען א געזונטע רויטקייט. זי איז געוועןביים קאָנצערט מיט אירער א חברטע און ביים ארויסגיין פון קאָנצערט־זאַל, נאָכן קאָנצערט, האָט איר חברטע אים, אוירווינג קאַנטער, אָנגע־טראָפן. ער איז געווען איר חברטעס אַ באַקאַנטער. האָט זי אים פאַר איר פאָרגעשטעלט, און זיין שלאַנקע פיגור, זיין סימעטריש־גלייכער שטאָל־צער קאָפּ, מיט שוואַרץ־געקרויזטע האָר, זיינע טיפע אויגן און זיין ווייכע, מעלאָדישע שטים האָבן איר באַצויבערט. זי האָט מיט אויפגע־ריסענע אויגן אויף אים געקוקט און זי האָט דערפילט אַ מאָדנע באַ־רוישונג און אַ קלאַפּונג אין האַרצן ווען ער האָט פּלוצלונג אויף איר אַ קוק געטאָן. זי האָט דערפילט אַ היץ איבער איר גאַנצן קערפּער.

לאַנג זיינען זיי ניט געשטאַנען לעבן אַרויסגאַנג פון קאָנצערט־זאַל. דער גרויסער, געדיכטער עולם, וואָס האָט געשטראָמט פון זאַל, האָט זיי געשטויסן, געשטופּט. האָט איר חברטע שנעל זיך אָפּגעזעגנט מיט אים און זיי זיינען אַוועק. און ווען זיי זיינען זיך צעגאַנגען, האָט זי, אסתר, דערשפּירט אַזאַ שאַרפע נאָגעניש אין האַרצן, אַז זי האָט אַזש געפילט ווי צו וויינען. ווען זי קען וואָלט זי איבערגעלאָזט איר חברטע און אים נאָכגעגאַנגען. עס האָט איר אָבער ניט געפּאַסט, איז זי מיטגעגאַנגען מיט איר חברטע, אָבער זי איז געגאַנגען אַ צעטראָגענע און ווי אין א חלום. זי האָט אַ פּאָר מאָל, בגנבה פון איר חברטע, א קוק־געטאָן אויף צוריק. אים געזוכט מיט אירע אויגן. א פּאָר מאָל טאַקע האָבן זיך אירע בליקן פאַרטשעפּעט אָן זיין שיינעם, שטאָלצן קאָפּ, האָט דאַן איר הארץ ווי א שפּרונג געטאָן פון אויפרעגונג און פרייד, אָבער באַלד איז ער איינגעשלונגען געוואָרן פון דעם געדיכטן עולם און איז פאַרשוואונדן.

מער האָט זי אים ניט געזען. זי האָט א פּאָר מאָל געפּרובירט,

דורך זייטיקע וועגעלעך, זיך נאָכפרעגן אויף אים ביי איר חברטע, אָבער יענע האָט איר געענטפערט, אַז זי זעט אים ניט. איז זיין גע־שטאַלט שטענדיק געשטאַנען פאר אירע אויגן און זי האָט געבענקט נאָך אים און געלעבט מיט דער האָפנונג אים צו טרעפן.

***

דעם צווייטן מאָל האָט זי אים באַגעגנט שוין מיט יאָרן שפּעטער. זי איז שוין געווען פאַרהייראט, אָבער אין איר האַרצן האָט זי נאָך אויפ־געהיט איר ליבע צו אוירווינגן און איר טרוים — אים נאָך אַמאָל צו זען...

געטראָפן האָט זי אים ביי אַ קאַרניוואַל אין קוני־איילאנד. מענטשן, ווי זאַמדביים ברעג־ים, האָבן זיך געשטויסן און געשטופּט, געטומלט, געטרומייטערט מיט טרובעס, און די לופט איז געווען אַ טומלדיקע, אַ בריענדיקע, א געדיכט־שווערע און אַן אויסמאַטערנדיקע.

זי האָט אים פון דערווייטן דערזען און אים באלד דערקענט, און ווען זי האָט אים דערזען האָט זיך איר ווי אָפּגעשטעלט דער אָטעם. און ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער געדיכטער וואַנט פון מענטשן, וואָס האָט זיי ביידן צוטיילט, האָט זי זיך מיט אַלע אירע כחות געגעבן אַ שפּאַר און אַ לאָז צו אים און אַ באַגייסטערטע אויסגערופן זיין נאָמען.

אָבער דער רוישיקער טומל האָט איינגעשלונגען און פאַרטראָגן איר קול און וואָס האַסטיקער און שטאַרקער זי האָט זיך געשטופּט צו אים, אלץ דיקער איז געוואָרן די וואַנט פון מענטשן צווישן איר און אים. אָט איז זי שוין לעבן אים, פּלוצלונג גיט זיך אַ שפּאַר אַ דיקער קנויל פון מענטשן, דער קנויל גיט איר אַ שטויס און אַ טראָג אויף צוריק און פאַרטראָגט איר ווייט־ווייט פון אים. זי רייסט זיך, שפּאַרט זיך, די הענט אויסגעשטרעקט אין דער הויך. אַ פאַרשוויצטע, א פאַרסאָפּעטע שטופּט זי זיך צווישן געדיכטן מענטשן־קנויל און רייסט זיך פאָרויס, אָבער וואָס מער זי רייסט זיך פאָרויס, אַלץ מער דערווייטערט זי דער מענטשן־קנויל פון אים, ביז זי האָט אים אינגאנצן פאָרלאָרן פון אויג.

אַן אויסגעמאַטערטע און א צעערגערטע איז זי געפאָרן אהיים, און פון פאַרדרוס און ערגעריש האָט זי געפילט ווי צו רייסן שטיקער פון זיך.

***

עס זיינען אוועק נאָך יאָרן. זי האָט שוין געהאט דערוואַקסענע קינדער. אויף איר פּנים און שטערן האָבן זיך שוין געלייגט טיפע קנייטשן, און אין אירע האָר האָבן זיך שוין דורכגעשטרייפט גראָע פּאַסמעס. אָבער אין איר האַרץ איז נאָך אלץ וואָך געווען איר ניט־דערפילטע ליבע צו אים, אוירווינגן, און עס האָט נאָך אלץ אין איר

געטליעט א האָפנונג אים נאָך אמאָל צו טרעפן און דערציילן אים פון איר ליבע צו אים.

זי האָט אים באַגעגנט אַ דריטן מאָל. דאָס מאָל אין וואַרט־צימער פון א דאָקטאָרס אָפיס. זי האָט געוואַרט אויף אריינגערופן צו ווערן צום דאָקטאָר און ער, אוירווינג, איז אַרויסגעקומען פון דאקטארס אָפיס. ער איז שוין אויך געווען פאַרעלטערט, מיט דיקע געשוואָלענע קישעלעך אונטער די אויגן און די האָר שוין מער גראָ ווי שווארץ. זיין קאָפּ האָט ער שוין אויך ניט געטראָגן אַזוי גלייך און שטאָלץ ווי אַמאָל, און ער האָט אויסגעקוקט אָפּגעלעבט און שוואַך.

נאָר פונדעסטוועגן, ווען זי האָט אים דערזען, האָט אין איר א ציטער געטאָן דאָס האַרץ און זי איז מיט אויפגעלויכטענע גלאַנציקע אויגן צו אים צוגעלאָפן.

— העלאָו, מיסטער קאַנטער! וואָס מאכט איר?...

זי האָט אים געזאָגט ווער זי איז און וואו זי האָט אים געטראָפן.

— אָ, יעס, אָ, יעס, איך דערמאָן זיך — האָט ער שוין מיט מער וואַרימקייט אין קול זיך אָפּגערופן — איך געדענק אייך... אייער נאָמען איז... אָ, לאָזט מיך זיך דערמאָנען...

— אסתר! — האָט זי א גליקלעכע אים אונטערגעזאָגט, און אירע אויגן האָבן זיך שמחהדיק צעלויכטן. אַ באַרוישטע פון פרייד, פון דער אומדערוואַרטעטער באַגעגעניש איז זי געזעסן לעבן אים און געוואָלט צו אים ריידן און ריידן, נאָר איידער זי האָט צייט געהאט צו אים אויסריידן אַ וואָרט האָט זיך געעפנט די טיר פון דאָקטאָרס פריוואַט אָפיס און די נוירס מיט די העל־בלאָנדע האָר און פאַרריסן נעזל האָט ארויסגערוקט איר טשעפּיק־ווייסן קעפּל און אויסגערופן:

— מיסעס אסתר מארקוס, איט׳ס יור נעקסט, קאָם ראַיט אין! (עס איז אייער נעקסט, קומט גלייך אריין!)

אסתר איז אויפן שוועל פון דאָקטאָרס פריוואַט אָפיס געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענע, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. זי האָט געוואָלט צו אים אויסרופן, אַז ער זאָל אויף איר וואַרטן ביז זי וועט פון דאָקטאָר ארויס־קומען, אָבער זי האָט זיך געשעמט דאָס צו טאָן—„ווי פּאַסט דאָס פאַר די איבעריקע פּאַציענטן,”—האָט זי געטראַכט, און זי האָט אַזוי ניט געוואָלט פלוצלונג, אָט־אַזוי־אָ, אים ווידער פאַרלירן. איז זי אַ צעקלעמטע און מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ נאָכגעגאנגען דער נוירס, מיט א האָפנונג אין האַרצן, אז ער וועט ניט אוועקגיין און וועט אויף איר וואַרטן. און ווען זי איז צוריק אריינגעקומען אין וואַרט־צימער און אים שוין ניט געטראָפן, האָט זי געפילט ווי צו וויינען.

**
*

עס זיינען ווידער אַוועק יאָרן און זי האָט אים צום פערטן מאָל געטראָפן. דאָס מאָל אין אַ פּאַרק. זיי זיינען שויןביידע געוועזן עלטערע מענטשן. ביי קאַנטערן איז די ווייב געשטאָרבן און ער איז איינגעשטאנען ביי זיין טאָכטער. די טאָכטער איז געוועזן אַן אָרעם־מענטש און קיין גרויס נחת האָט ער ניט אין הויז. איז זיין איינציקע שטיקל פרייד אין לעבן זיין אָנדערהאלבן יעריקער אייניקל, און ווי נאָר ער האָט א פרייע שעה נעמט ער דעם קינדער־וועגעלע מיטן אייניקל און גייט אוועק אין פּאַרק.

איינמאָל האָט זיך אויף דער זעלבער באנק לעבן אים אַוועקגעזעצט אַן עלטערע פרוי, אויך מיט א קינדער־וועגעלע און א קינד. קאנטער האָט מורא געהאט, אז דאָס קינד אין צווייטן קינדער־וועגעלע זאָל זיך ניט צעוויינען און אויפוועקן זיין אייניקל, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון פלאץ אוועקצוגיין, און ווי ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אויס־געדרייט מיטן פּנים צו דער פרוי, האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט און זי האָט באגייסטערט אויסגעשריען:

— דוכט זיך, מיסטער קאנטער!... אייער נאָמען איז קאנטער, ניט אזוי?... איר דערקענט מיך?...

— יעס, יעס, לאָזט מיר זיך דערמאָנען... דוכט זיך, אייער נאָמען איז אסתר... — האָט ער, אויך א באגייסטערטער און א צעוואָ־רעמטער פון דעם וואָס ער האָט געטראָפן א באַקאנטן מענטשן אָנגעהויבן ריידן — נו, וואָס מאכט איר? — און ער האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט אויפ׳ן באנק לעבן איר.

זיי זיינען שוין איצט איינע לעבן די אַנדערע לאַנג געזעסן. זי האָט אים דערציילט פון איר לעבן און ער פון זיין לעבן. ער האָט זיך באקלאָגט, אז עס איז אים ניט גוט צו זיין אליין... אז ער האָט ניט קיין גוטע עלטער... זי האָט עס אויסגעהערט מיט אַ שווער האַרץ און שטיל אין זיך געזיפצט.

זי האָט אים געוואָלט זאָגן דאָס וואָס זי האָט אַ לעבן־לאַנג אזוי הייס געגאַרט אים צו זאָגן... פון דער הייסער ליבע צו אים וואָס האָט אין איר געטליעט די אַלע יאָרן זינט זי האָט אים צום ערשטן מאָל דער־זען. נאָר אַז זי האָט א קוק געטאָן אויף זיין גראָען קאָפּ, אויף זיין אָפּ־געלעבטן פּנים און אויף זיינע מידע, אויסגעלאָשענע אויגן, האָט זי אין אים, ווי אין אַ שפּיגל, זיך אליין דערזען, איר אייגן אָפּגעלעבט לעבן, און אירע ליפּן האָבן שטיל, ווי צו זיך אלייך, געמורמלט:

— צו שפּעט... צו שפּעט...

# צוויי מעת־לעת אויפן שלאַכט־פעלד אַ פּאַרוואונדעטער

1

דאָס איז געווען אַ שבת אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטיק. מיר האָבן נאָך אַ ביסערן און פאַרצווייפלטן שלאַכט, און מיט פיל קרבנות פאַרנומען א וויכטיק בערגל. מיר זיינען אויפן בערגל אַרויפגעקראָכן און דאָרט זיך אָפּגעשטעלט.

מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דר׳ערד און גערוט.

די זון האָט געשיינט און געוואַרימט.

צייטנווייז פלעגט א הילכיקער סווישטש פון א פליענדיקן גראַנאַט דורכשניידן די לופט. באַם־באַם־טראַך־טראַך... דאָ און דאָרט ווערט אַ שטיק ערד אויפגעריסן, און ערד, און רויך, און שטיקלעך האָלץ און שטיקלעך אייזן און שטיין און אַמאָל אויך מענטשלעכע גלידער, מענטשלעכע הענט און פיס און קעפּ, הויבן זיך אויף אין דער לופטן, מישן זיך צוזאַמען, און באַלד ווערט ווידער שאַ־שטיל, ניט מער וואָס פון די ערטער וואו דער גראַנאַט האָט געפּלאַצט שפּאַרט, ווי פון דר׳ערד ארויס, אַ גרויער, דורכזיכטיקער רויך.

איך ליג אויסגעצויגן אויף דר׳ערד, בין מיד, שלעפעריק און הונגעריק.

אַ קלאַנג טראָגט זיך אַרום, אַז מיר האָבן שוין דערגרייכט אונדזער ציל און אַז היינט ביינאכט ווערן מיר פריי־געלאָזן און ווערן געשיקט אין דער „ריער", (הינטער־אָפּטיילונג פון דער ארמיי), און כאָטש דער קלאַנג, ווי אַלע קלאַנגען אין דער ארמיי, איז אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען, קיינער קען ניט קאָווירן פאַר זיין ריכטיקייט, דאָך ווילט זיך אים גלויבן, און עס פילט זיך גוט און האָפנונגספול.

איך ליג און טראַכט. טראַכט וועגן שרייבן אַ בריוו אַהיים, אָנזאָגן די בשורה, אַז איך בין איבערגעקומען די שלאַכט, ארויס אַ גאַנצער. איך טראַכט וועגן די פריינט און באַקאַנטע פון דער היים, און וועגן די נייע פריינט און באַקאַנטע דאָ. איך טראַכט און וואָרף איבער אין קאָפּ אַלע די וועלכע זיינען געפאַלן טויט אָדער געוואָרן פאַרוואונדעט, און זייער אַ סך זיינען זיי, גרויס און לאנג איז דאָס צעטל. איז דאָך פון אונדזער גאַנצער ראָטע איצט ניט מער ווי אַ העלפט פאַר־בליבן...

אַזוי זיינען מיר עטלעכע שטונדן געלעגן. דערווייל האָט דער מאָגן שטאַרק אָנגעפאַנגען פאָדערן זיין חוב. מיר האָבן שוין אַ צייט ניט געגעסן.

מיט אַמאָל דערזעען מיר ווי ס׳קומט אָן פּריוועט יאנסאן מיט א פולער פאַלע מיט קעפּלעך קרויט. אַ דענער איז ער האָט דער יאנסאן, א גערטנער, האָט ער גלייך דערשמעקט וואו עס וואקסט דער קרויט. ער האָט אונדז פשוט דאָס לעבן געראַטעוועט מיט דעם קרויט.

ווי היישעריקן האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם קרויט, און געשלונגען די רויע בלעטער מיט אַ ווילדן אַפּעטיט.

און אַזוי ווי מיר האָבן געהאַלטן אין קוויקן זיך מיט דעם קרויט, דערהערן מיר דעם מאַיאָרס קול:

— „פאָל אין". (שטעלט זיך אויס אין ריי.)

פויל, אומצופרידן הויבן מיר זיך אויף. יעדער איינער בורטשעט אונטער אַן אַנדער קללה דעם מאַיאָר... און מיר צעשטעלן זיך אין ריי.

מען גיט אונדז יעדערן צו צוויי האַנט־גראַנאַטן, און דער מאַיאָר באַפעלט אונדז צו גיין און אָפּרייניקן אַ שטעטל. דאָס שטעטל איז שוין גענומען, מען דאַרף עס נאָר אָפּרייניקן, דאָס הייסט, מיט די גראַנאַטן אויפרייסן די קעלערן, גריבער אָדער אַנדערע פאַרבאַ־האַלטענע פלעצער, טאָמער געפינען זיך דאָרט פאַרבאַהאַלטן דייטשן.

און אַזוי זיינען מיר אַוועק.

מיר זיינען געווען צוזאַמען אַ מאַן אַכציק, אָדער נײַנציק.

דער וועג איז געווען אַ שווערער, אַ צעדרייטער, און באַרג אַרויף. דער באַרג איז געווען אַ באַוואַקסענער, געדיכט אָנגעפּיקעוועט מיט קליינע קוסטאַרניעס, אַ שמאָל סטעזשקעלע האָט זיך געשלענגלט אַרום

באַרג און האַרט, פּאַזע דער סטעזשקע, איז געווען אַ דייטשער דראָטן־צאַם.

דאָ איז נאָך פלוצים דער הימל פאַרוואָלקנט געוואָרן. גרויע, בלײערנע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל. אַ רעגן האָט אָנגעהויבן צו גיסן, די לײמיקע ערד איז געוואָרן ווייך, און די שווערע טרענטש שיך האָבן געטאָפּטשעט און געזונקען אין דער ליים, אָנגענעמענדיק וואָס אַ טראָט ווייטער אַלץ מער ליים און בלאָטע אויף זיך.

פלוצים — טאַ־טאַ־טאַ, און זים־זים־ם... און פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן פליען אויף אונדז קוילן פון מאַשין־ביקסן.

אייניקע זײנען געפאַלן.

מיר ווערן ווייניקער.

די מאַשין־ביקסן הערן ניט אויף צו שיסן.

ס'ווערט נאַכט, פינצטער, און מיר קריכן, קריכן פאַרצווייפלט, פאַרעקשנט.

און אָט מיט אַ געשריי, מיט אַ ליאַרעם, לויפן מיר אַריין אין שטעטל.

מיר צעלויפן זיך, צעשפּרייטן זיך אין אַלע זייטן, טראַך־טראַך... דאָס רייסן אויף אונדזערע האַנט־גראַנאַטן... און באָם־טראַך... באָם־טראַך... דאָס פאַלן אייניקע דייטשע שראַפּנעלן.

און נאָכדעם איז עס שטיל געוואָרן.

ס'איז שוין גוט פינצטער געוואָרן.

און דער רעגן איז גרעסער און געדיכטער געוואָרן.

מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן שוין דאָ בלײבן די נאַכט. נאָר דאָ קומט אָן ווידער דער מאַיאָר. ער איז אויך אויסגעווייקט, פאַרבלאָטיקט. ער שרייט אויס:

— „באָיעס, וויט עי האללאָו אָווער דהי טאָפּ!" (חברה, מיט אַ געשריי אין שלאַכט).

די געשרייען און קולות ווערן גרעסער, דראָענדיקער, פאַרצווייפלטער... מיר לויפן ווידער... איך לויף מיט די לעצטע כחות... מיר לויפן, לויפן... און מיר זײנען אַרויפגעלאָפן אויף אַ ברייט אָפן פעלד, אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיט וואַלד.

דער שונא האָט זיך צוריקגעצויגן אין וואַלד, און באַלד ווי מיר זיינען ארויסגעקומען אויפן אָפענעם פעלד, האָט מען אויף אונדז אָנגעהויבן שיסן פון דריי זייטן.

נאָכט איז געווען, פינצטער איז געווען, האָבן מיר זיך אַ לייג געטאָן אויף דר'ערד, און אין אייניקע מינוטן אַרום איז שטיל געוואָרן.

מיר זיינען געבליבן ליגן אויף דער נאַסער, בלאָטיקער ערד, אין לוזשעס וואַסער.

פון אויבן האָט דער רעגן געגאָסן.

מיט וואָס זיך איבערצודעקן און זיך צו באַשיצן פון רעגן איז אויך ניט געווען. דאָס איינציקע שטיקל שוץ וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט איז געווען מיין „סליקער" (רעגן מאַנטל), האָב איך זיך אין אים איינגעדעקט און איינגענורעט און זיך אביסל ווי ניט איז באַשיצט פון רעגן.

2

וואו זיינען מיר אין דער וועלט?... און וויפיל זיינען מיר?...

קיינער ווייסט ניט.

מיר ווערן פאַרצווייפלט.

די פאַרצווייפלונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ווען מיר ווערן געוואָר, אַז מיר האָבן ניט מיט זיך קיין קאָמאַנדירנדיקן אָפיציר, אפילו קיין סאַרדזשענט איז צווישן אונדז ניטאָ. — ווי בלינדע פארלאָרענע שעפּסן.

איך הויב זיך אויף פון מיין אָרט, הויב אָן אין דער פינצטער צו קריכן און טאַפּן, אפשר וועל איך געפינען אַ גראָבן, אַ לאָך אויסגעריסן פון אַ גראַנאַט, וואו זיך אריינצורוקן. דאָרט איז פאַרט אַביסל זיכערער ווי אויפן הוילן אָפענעם פעלד.

און טאַקע, אזוי קריכנדיק און טאַפּנדיק האָב איך געפונען אַ גראָבן, אָבער דער גראָבן איז שוין פול געווען מיט סאָלדאַטן.

איך האָב קיין קשיות ניט געפרעגט, צי עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר מיר אָדער ניט, איך האָב זיך אריינגערוקט.

אין דער פינצטערניש האָב איך אויף אייניקע אַרויפגעטראָטן. זיי שילטן, מאַכן סאָלדאַטסקע „מי שברכס". נאָר ווער הערט זיי, גע־

קראַגן א ווינקעלע זיך אוועקצוזעצן, האָב איך זיך ארײנגעשפּארט און אוועקגעזעצט.

די גרוב איז פול מיט וואַסער, די ערד פון די ברעגן פון אַרום די ווענט ווערט ווייך, פאַלט אָפּ, און דער גראָבן ווערט פול מיט א שיטערער בלאָטע.

איך זעץ זיך אַריין אינעם וואַסער און בלאָטע, אָבער ס'ווערט אוממעגלעך צו זיצן. איך זינק וואָס ווייטער אלץ מער אין דער שיטערער בלאָטע, ווי אין אַ זומפּ. איך זיץ שוין איבער די קני אין בלאָטע. איך נעם אַרונטער מיין אַמוניצע גאַרטל. דער גאַרטל איז פול מיט קוילן. דאָס מאכט אים שטייף. איך דריי אים צענויף ווי אַ בייגל און זעץ זיך אויף אים. איך פיל אַ האָרעלע באַקוועמער.

איך זיץ, און פאַרשידענע געדאַנקען, כלערליי מחשבות מישן זיך מיר אין קאָפּ, מישן זיך, פּלאָנטערן זיך אָן אַ סדר, אָן אַ טאָלק... און אַזוי זיצנדיק אויסגעמאַטערט, מיד, הונגעריק, פיל איך ווי דער קאָפּ ווערט מיר שווער, ווי מיט שווערן בליי אָנגעגאָסן, קוים וואָס איך האַלט אים אויף מיינע אַקסל. די אויגן קלעפּן זיך, מאַכן זיך אַליין צו.

איך ווער אַנטשלאָפן.

די נאַסקייט נעמט דורך מיינע גלידער, איך ציטער, איך פיל היץ, איך פיל ווי דער קאָפּ פייערט, און איך כאַפּ זיך אויף יעדע מינוט.

נאָר זייענדיק מיד מאכן זיך מיינע אויגן ווידער צו.

איך שלאָף ווי אין א הינער־פּלעט.

איך הער טריט צוקומען, שטימען ריידן, נאָר וואו? וואָס? ווער? ווייס איך ניט. איך בין ווי אין א קאָשמאַר.

אַזוי האָב איך איבערגעדרעמלט די גאַנצע נאַכט, זיך אויפגע־כאַפּט אפשר הונדערט מאָל, געשלאָפן וואַכנדיק.

נאָכדעם איז טאָג געוואָרן.

אַ גרויע, פאַרמרה־שחורהדיקע ליכטיקייט.

דער רעגן האָט אויפגעהערט, נאָר דער הימל איז נאָך אַלץ פאַר־כמאַרעט, איז ווי אַ בליי געהאַנגען.

איך דערזע, אַז מיר האָבן מיט זיך אַ ליוטענאַנט און אַ סאַר־דזשענט און ס'ווערט אביסל לייכטער אויפן האַרצן.

— וואָס גייען מיר איצט טאָן? — פרעגן מיר דעם ליוטענאַנט.

דער ליוטענאַנט פרעגט ווער ס׳האָט אַ פייפ (ליולקע) טאַבאַק אים צו געבן. געקראָגן דעם טאַבאַק פאַררויכערט ער, און רופט זיך אָפּ, ציענדיק דעם רויך:

— איך רעכן, אַז מיר זאָלן זיך איצט צוריקציען, נאָכדעם קומען מיט פאַרשטאַרקטע כוחות. וואָס זאָגסטו, סאַרדזשענט?

נאָר דער סאַרדזשענט איז מיט דעם ניט געווען איינשטימיק, ער האָט זיך אפילו צעבייזערט אויפן ליוטענאַנט:

— וואָס? — האָט ער מיט אַן אָנגעדראָלן פנים בייז אַרויסגע־בורטשעט — מיר זאָלן אַנטלויפן ווי פּחדנים?... נאָ סער!...

דער ליוטענאַנט איז פאַרשעמט געוואָרן און איז אַנטשוויגן געוואָרן, מער גאָרניט געזאָגט.

3

מיר זיינען ווידער געבליבן זיצן, זיצן און וואַרטן מיט דער האָפנונג אפשר וועט צוקומען פאַרשטאַרקונג, אפשר וועלן זיך „טענקס״ באַווייזן.

אַ ווינטעלע האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן. אַ קאַלטער, פוילער הערבסט ווינטעלע.

ס׳ווערט קאַלט, ס׳קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן פון קעלט. מיר טוליען זיך איינער צום אַנדערן, וועט אפשר אביסל וואַרימער זיין.

דאָס וואַסער פון פעלד שטראָמט שוין אריבער דעם גראָבן, ס׳ווערט געפערלעך צו זיצן. מיר נעמען זיך צו אונדזער טרענטש־געצייג, צו די רידלען און פאַנגען אָן גראָבן אַ שמאָלן קאַנאַל דאָס וואַסער אָפּ־צוציען. איך גראָב אויס אין וואַנט פון גראָבן אַ לאָך און זעץ זיך אַהין אַריין, און איך זיץ ווידער. נאָר די פיס בלייבן נאָך אַלץ שטעקן איינגעזונקען אין דער שיטערער בלאָטע.

פלוצלונג דערהערן מיר אַ גערויש פון אַן עראָפּלאַן.

אַ האָפנונג בליצט אויף, אפשר אַן אמעריקאַנער, וועלן מיר אים געבן סיגנאַלן, אים לאָזן וויסן פון אונדזער געפאַר, וועט פאַרשטאַר־קונג קומען.

מיר שטרעקן אַלע אויס אונדזערע אויגן צום הימל. דער עראָפּלאַן קומט נעענטער, נעענטער. אָבער אומזיסט אונדזער פרײ־צײטיקע פרייד, אונדזער פרייד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שרעק. ס'איז דער שוואַרצער קאָליר... אַ דייטשער עראָפּלאַן...

— העדס דאַון! (בויגט איין די קעפּ) — גיט אַ רוף אויס דער ליוטענאַנט.

מיר רוקן זיך אַרונטער טיפער אין גראָבן, נורען איין, פאַר־באַהאַלטן אונדזערע קעפּ אין דער בלאָטע און ליגן מיט איינגע־האַלטענעם אָטעם...

דער עראָפּלאַן לאָזט זיך אַרונטער נידעריקער, נידעריקער, גיט א קוק אויף אונדז, גיט זיך א דריי אויס און פליט אוועק.

מיר אָטעמען אָפּ פרייער.

אָבער ס'געדויערט ניט אַ פערטל שטונדע, און טראַך־טראַך... גראַנאַטן פאַלן אין דער לינקער זייט פון אונדז, און ערד מיט רויך מישן זיך צענויף אין דער לופטן.

עס געדויערט ניט א פּאָר סעקונדן, און מיר דערהערן אַ פאַר־טויבנדיקן קראַך. אַ שראַפּנעל האָט אויפגעריסן גלייך ביי אונדז אין גראָבן.

די ערד ווערט אויפגעריסן פון אונטער מיר... איך ווער באַ־שאָטן מיט ערד... לעבעדיק באַגראָבן... אַ טומל... געשרייען ווילדע, משונהדיקע... הימל און ערד מישן זיך צוזאַמען... איך הער קולות, קרעכצן... איך זע, ווי אַ קאָפּ, אָפּגעריסן פון אַ קערפּער, פליט אין דער לופטן... איך הויב זיך אָן דראַפּען, קלעטערן, ארויס־צוקריכן פון גרוב... איך שטעל ארויף אַ פוס, וויל זיך אויפהויבן — דאָס שטיקל ערד ברעכט זיך אָפּ און איך פאַל צוריק אריין אין גרוב... און ווידער באַם־טראַך... נאָך אַ שראַפּנעל גלייך אין גראָבן.

איך דראַפּע זיך ווידער, קאַראַפּקע זיך און איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען, דאָס מאָל געלינגט עס מיר, איך דראַפּע זיך אַרויס פון גרוב און הויב אָן לויפן... די כוחות פאַרלאָזן מיך... איך לויף... די פיס ווערן מיר ווי אונטערגעזעגט און איך פאַל... הויב זיך אויף און לויף ווייטער...

אַ טומל, אַ מיש־מאַש, געשרייען, אַלע ווילע גיט אימעצער אַ געשריי: — אוי! לויפט פון אימפעט עטלעכע טריט און גיט אַ פאַל... אַ קייקל... און אויס...

דאָס פעלד איז פול מיט געפאַלענע.

און די טרענטש מארטארס שיסן, הערן ניט אויף, זיי יאָגן אונדז נאָך, און פון אַלע זייטן וואַלד האָט זיך געעפנט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן.

איך לויף.

פלוצים גיט מיר אַ קלאַפּ אין פוס, ווי אימיצער וואָלט מיר מיט אַ בולאווע אַ זעץ געגעבן. ס'ווערט מיר הייס אין פוס און איך פאַל אַוועק...

איך וויל זיך אויפהויבן, לויפן ווייטער, נאָר איך קען דעם פוס ניט רירן, ער איז ווי פאַראַליזירט...

איך שריי נאָך הילף... נאָר קיינער קומט ניט.

די איינציקע, די ווינציקע, וועלכע זיינען נאָך ניט געפאַלן, וועלכע לויפן נאָך, לויפן ווי פארסמטע, הערן זיך ניט צו... זיי ווילן דאָס לעבן זייערס ראַטעווען.

איך בין געפאַלן אויפן אָפענעם פעלד, ביי אַ גראָבן פאַזע וועג, און אויף יענער זייט וועג אין גראָבן זיינען אַ סך, אַ סך אונדזעריקע געפאַלן. לויפנדיק אין גראָבן איינגעבויגן האָט זיי די קויל געכאַפּט, און זיי זיינען דאָרטן געבליבן ליגן געדיכט אַנגעלייגט איינע נעבן די אַנדערע.

אַ סך זיינען טויט. אָבער אַ סך לעבן נאָך און זיי קרעכצן, שרייען נאָך הילף...

4

אומגעפער אַ שטונדע האָט דער פייער אויף אונדז אָנגעהאַלטן. נאָכדעם איז געוואָרן שטיל. נאָר די געשרייען און דאָס קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע האָבן ניט אויפגעהערט.

איך בין געלעגן מיטן פנים אַראָפּ, דאָס פנים מיינס אין בלאָטע און האָב געציטערט פון שרעק און קעלט. נאָר פלוצלונג האָט א

מאָדנער געפיל פון האָפנונג זיך צעוואקסן אין מיין האַרצן... איך האָב זיך דערפילט כמעט ווי גליקלעך.

„נו — האָב איך געטראַכט — וועט שוין איצט א סוף נעמען צו מיינע צרות און יסורים... מען וועט מיך באַלד אויפהויבן, ברענגען אין א שפּיטאָל... איך וועל ליגן אין אַ בעט... אויף א ווייס ליילעך... עס האָט זיך מיר שוין אזוי געוואָלט ליגן אין אַ בעט אויף אַ ווייס ליילעך... ווי אַ מענטש... און מענטשן זאָלן מיר שענקען זייער אויפמערקזאַמקייט, מיין לעבן זאָל באַקומען אַ שטיקל ווערט...

איך בין אזוי געלעגן אַ שטונדע, צוויי, דריי, די שמערצן זיינען געוואָרן גרעסער. דערצו מוטשעט מיך נאָך די קעלט, און דער הונגער און דאָרשט מאַטערט... און קיין הילף איז ניטאָ... איך וואַרט אָבער מיט געדולד, ווער ניט פאַרצווייפלט. יעדער מלחמה־סאָלדאַט ווייסט, אז עס נעמט אַמאָל זעקס, אַכט שטונדן ביז מען קומט צונויפקלייבן די פאַרוואונדעטע. איך בין זיכער, אַז מען וועט מיך באַלד קומען אויפהויבן.

די ווייטאָקן שטאַרקן זיך. איך קרעכץ, אנדערע פאַרוואונדעטע העלפן מיר אונטער, און דאָס פעלד איז פול מיט ווייען און קרעכצן.

פלוצים — אַ לאַנגער פייף שניידט דורך די לופט. דאָס איז דער באַקאַנטער סווישץ פון די לויפנדע קאַנאָנען־קוילן. און טראַך־טראַך... גראַנאַטן פלאַצן אין אלע זייטן, און ארום מיר. די ערד ווערט אויפגעריסן. גריבער גרויסע ווערן אין אַן אויגנבליק ווי פון א ריזיקער מאַשין אויסגעריסן אין אַלע זייטן... דאָס מאַכן אונדזערע א „באַראַדזש"... (אַן האַרמאַטן אַטאַקע).

די שראַפּנעלן פליען, פלאַצן. שטיקער ערד פאַלן אויף מיר, פאַרשיטן מיך. און דאָ געפין איך זיך נאָך אלץ אַ פאַרוואונדעטער אויפן שלאַכטפעלד... קען זיך ניט אַ ריר טאָן.

נאָכן סוויסטש דערקענט שוין א סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד וואו דער שראַפּנעל וועט פאַלן, נאָענט אָדער ווייט. און אַז איך פיל, אַז דער גראַנאַט וועט דאָ נאָענט פלאַצן, ווילט זיך מיר, אַז די ערד זאָל זיך שוין אויפעפענען און מיך איינשלינגען...

איך דערוואַרט דעם טויט יעדע רגע.

דער „באַראַדזש״ האָט געדויערט אייניקע שטונדן, און די גאַנצע צייט האָב איך יעדע רגע געזען דעם טויט פאַר די אויגן.

נאָכדעם האָט אויפגעהערט. עס איז שטיל געוואָרן.

אַז איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיך ארומגעקוקט, האָב איך דערזען גריבער אויפגעריסן פון אַלע זייטן... אַ גרויסער רויך שפּאַרט פון די גריבער... און אויף דעם פלאַץ, וואו פריער זיינען געלעגן פאַרוואונדעטע און געקרעכצט, און זיך געבעטן מען זאָל זיי ראַטעווען, זיינען איצט ניט מער ווי טיפע אויסגעריסענע גריבער, און די מענטשן זעט מען שוין מער ניט... זיי זיינען צעריסן, צעפליקט, צעפּיצלט אויף שטיקלעך, צוזאַמענגעמישט מיט צעריסענע שטיקער ערד...

5

וואָס גרעסער די געפאַר פון טויט, אַלץ שטאַרקער דער געפיל, דער אימפּולס צום לעבן.

איך באַטראַכט זיך, אַז אייגנטלעך וואָס נידעריקער מען ליגט, אַלץ זיכערער איז מען ניט געטראָפן צו ווערן פון אַ שטיקל שראַפּנעל. איך ליג ניט ווייט פון אַ גראָבן, און ס׳פאַלט מיר איין אַ געדאַנק זיך אין אים אריינצוקייקלען. אָבער דער גראָבן איז פול מיט וואַסער. מיינע גלידער זיינען שוין ווי פארגליווערט פון נאַסקייט און קעלט. ווי לייגט מען זיך אריין אין וואַסער?!... נאָר די געפאַר פון די שראַפּנעלן איז גרעסער. איך מאַטער זיך, מאַטער זיך, קריך אויפן בויך און קייקל זיך ווי עס איז אריין אין גראָבן, אין אַ לוזשע וואַסער...

איך ליג און ליג און קרעכץ. די קרעכצן פון די איבעריקע זיינען קלענער, ווינציקער געוואָרן. א סך זיינען שוין טויט... נאָר דאַך הערט זיך פון דאָ און דאָרט אַ קרעכץ, אַ געשריי:

— העלפט!... העלפט!...

איך ליג און דער דורשט מוטשעט מיך. דער הונגער אַרט מיך ניט אַזוי ווי דער דורשט. אין מויל טריקנט מיר, שרפהט מיר, די צונג איז ווי א שטיק האָלץ, אין האַלדז שטיקט. איך קען דאָס שפּייעכץ ניט דערשלינגען. און קיין לעק וואַסער האָב איך ניט.

דער קאַנטין איז אַ טרוקענער. איך ווער פֿאַרברענט פֿון דורשט... איך רייס די גראָזן, אַנגעצויגן פֿון וואַסער און איך עס זיי... זויג זיי... איך טונק די פֿינגער אין דעם שמוציקן, בלאָטיקן וואַסער פֿון גראָבן און לעק זיי... אָבער ס׳קען מיר דעם דאָרשט ניט לעשן.

ס׳הויבט זיך אָן שוואַרצן אויף נאַכט. שוין באַלד א טאָג אָפּגעלעגן...

„וואָס קען דאָס זיין, וואָס קיינער קומט ניט אונדז אויפֿהויבן?"... ווער איך זייער אומרואיק.

איך הויב זיך אָן צו טרייסטן, אפשר קענען זיי איצט ניט צוקומען, ס׳איז א געפֿאַר, דער שונא איז נאָענט, ביינאַכט, עס וועט זיין פֿינצטער, די געפֿאַר געזען צו ווערן וועט ניט זיין, וועלן זיי קומען...

איך דערוואַרט די נאַכט ווי מיין משיח.

אַ רעגן האָט ווידער אָנגעהויבן צו פֿאַלן.

וואַסער אונטן, א רעגן פֿון אויבן. עס ציטערט אין מיר יעדער גליד פֿון קעלט.

איך קער זיך אום, דריי זיך אויס מיטן פּנים ארויף, עפֿן אויף דאָס מויל. דאָס רעגן־וואַסער קאַפּעט מיר אריין אין מויל... און עס דערקוויקט מיך...

נאָר שאַ!... וואָס הער איך? איך הער טריט, איך הער שטימען, מענטשלעכע שטימען... איך זע מענטשן אָנקומען... דאָס האַרץ גיט אין מיר אַ שפּרונג פֿאַר פֿרייד... איך הויב אָן מיט אלע כוחות שרייען, רופֿן נאָך הילף.

נאָר מיין פֿרייד געדויערט ניט לאַנג. איך דערזע אז די אָנקומענדיקע זיינען דייטשע סאָלדאַטן.

אַ שוידער גייט מיר דורך פֿון די האָר־וואָרצלען ביז די שפּיץ פֿינגער.

איך בלייב שטיל.

איך נורע איין מיין קאָפּ, שפּאַר זיך, דריק זיך צו דער ערד, וויל זיך אַזוי ווי אין דער ערד ארייננשפּאַרן, זאָל מיך די ערד פֿאַרבאַהאַלטן, זיי זאָלן מיך ניט זען... מען האָט דאָך אונדז אָנגעדערציילט גענוג מעשיות וועגן דעם ווי דייטשן דערשטעכן די פֿאַרוואונדעטע, וואָס זיי געפֿינען.

מיין פּאַנטאַזיע אַרבעט א גרויל... מיין אָטעם איז ווי אָפּגע־האַקט געוואָרן. איך האָב זיך איינגעהאַלטן ניט צו אָטעמען. זאָלן זיי מיך ניט זען, זאָלן זיי מיך ניט הערן.

אָבער זיי האָבן מיך שוין באַמערקט.

— ווער איז דאָס, אַן אַמעריקאַנער פּאַרוואונדעטער ? — האָט איינער געפרעגט.

איך האָב שוואַך געענטפערט :

— יע.

— פּאַרויס גיין ! — האָט זיך דערהערט דעם זעלביקנס שטימע, זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, האָבן מיך לעבן געלאָזן.

6

שטיל איז געווען, פינצטער איז געווען.

נאַכט, קאַלט, טויט, פינצטערניש...

דאָס קרעכצן פון די איבעריקע האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט.

ווען־ניט־ווען פלעגט זיך א שוואַכער קרעכץ צו מיר דערטראָגן.

איך פלעג מיט אַ קרעכץ ענטפערן.

ווען ניט ווען פלעגט א פייף פון א גראַנאַט דורכשניידן די לופט.

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט פלעגט דער פליענדיקער שראַפּנעל ווי אַ מעטעאָר דעם הימל אָנצינדן. דער הימל פלעגט ווערן ווי אַ שטיק פייער. דער שראַפּנעל פלאַצט מיט א קראַך און וויית און טיף אין וואַלד קייקלט זיך דער ווידערקול פון אויפגעריסענעם שראַפּנעל.

וואָס אַ מינוט ווער איך אַלץ שוואַכער. פון שוואַכקייט דרעמלט זיך מיר, די אויגן קלעפּן זיך, זיי מאַכן זיך מיר אליין צו. נאָר איך האַלט זיך איין מיט געוואַלד ניט איינצושלאָפן — טאָמער וועט די הילף אָנקומען, זאָלן זיי מיך דערהערן. מיט אַלע כוחות קרעכץ איך, שריי נאָך הילף. און גאָרניט, קיינער ווייזט זיך ניט.

אַרום האַלבע נאַכט האָב איך ווידער דערהערט טריט דערנענ־טערן זיך, שטימען ריידן.

איינער האָט אין דייטש געפרעגט :

— וואו איז דער פּאַרוואונדעטער ?

איך האָב זיך אָפּגערופֿן. איך האָב דערזען לעבן זיך שטיין אייניקע דייטשע סאָלדאַטן, א פֿינף־זעקס.

— וואו זייט איר פֿאַרוואונדעט?

איך האָב געענטפֿערט.

— ליגט ניט מיטן געזיכט אַראָפּ, דרייט זיך אום אויפֿן רוקן, וועט איר קענען אָטעמען פֿרישע לופֿט.

— איך קען ניט. — האָב איך שוואַך געענטפֿערט.

— דרייט אים אום, — האָט איינער פֿון זיי אַ באַפֿעל געגעבן — אָבער פֿאָרזיכטיק, פֿאָרזיכטיק.

זיי האָבן מיך איבערגעקערט אויפֿן פּלייצע, געגעבן אַ טרונק וואַסער. איך האָב אַן אָטעם געטאָן די פֿרישע לופֿט און איך האָב זיך דערפֿילט בעסער.

זיי האָבן צווישן זיך עפּעס גערעדט, וואָס איך האָב ניט גוט פֿאַרשטאַנען, און נאָכדעם האָט דער זעלביקער זיך אָפּגערופֿן:

— גוט, אַן אַמבולאַנס וועט אייך באַלד קומען נעמען.

און זיי זיינען אַוועק.

איך בין געלעגן און געוואַרט אויפֿן אַמבולאַנס.

נאָר דער אַמבולאַנס איז ניט געקומען.

איך בין געלעגן און געוואַרט און געהאַפֿט, און אזוי וואַרטנדיק בין איך אפּנים איינגעשלאָפֿן, וואָרים, אַז איך האָב געעפֿנט די אויגן איז שוין געווען טאָג.

7

און ס׳איז געווען טאָג, און ס׳איז געווען נאַכט, און ס׳איז ווידער טאָג. און איך ליג נאָך אַלץ אויפֿן פֿעלד, און ראַנגל זיך צווישן לעבן און טויט.

ווי אַ צווילינגס־ברודער איז דער טאָג צו דעם פֿריערדיקן ענלעך געווען.

דיזעלבע גרויע, מרה־שחורהדיקע ליכטיקייט, ווי נעכטן.

און די שווערע געדיכטע וואָלקנס האָבן ווי נעכטן, אַזוי געשראָקן, איך קרעכץ, שריי:

— העלף! העלף!

איך בין איצט דער איינציקער וואָס קרעכצט נאָך, וואָס בעט נאָך הילף.

קיינער ענטפערט מיר ניט. פון קיינעם הערט זיך קיין קרעכץ ניט, ס'איז שטיל.

און די שטילקייט וואַרפט אויף מיר אָן אַ שרעק. ס'איז, דוכט מיר, געוועזן היימלעכער, ווען אַלע האָבן געקרעכצט. נאָר פאַרוואָס קרעכצט ניט מער קיינער? שלאָפן זיי? ווי קענען זיי שלאָפן? נאָר אפשר... אפשר... טוט מיר פלוצלונג אַ קלאַפּ אין קאָפּ... איך קען ניט רוען, איך הויב אויף מיין קאָפּ, פארקוק זיך אויף יענער זייט, קיין באַוועגונג פון קיינעם, אַלע זיינען קאַלט, טויט, באַוועגלאָז...

און דער געפיל, אַז איך בין געשלאָפן צווישן טויטע, אַז די מענטשן זיינען אויסגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן, פייניקט מיך אזוי, אַז איך קען ניט אויסהאַלטן.

איך וויל זיך איבערצייגן. אפשר איז דאָס ניט ריכטיק, אפשר לעבט נאָך ווער. מיט מיינע לעצטע קרעפטן הויב איך אָן קריכן אויף אַלע פיר, אויף די הענט און פיס, און אויפן בויך. איך ווייס ניט, ווי לאַנג ס'האָט מיר גענומען, נאָר איך בין אריבערגעקראָכן דעם וועג, צוגעקראָכן צו זיי, און... אַלע זיינען געווען טויט... ביי אַלעמען די אויגן אויסגעגלאָצט.

איך האָב ווי אַ צעמישטער געקוקט אַרום און אַרום. און איך ווייס אליין ניט פאַרוואָס, נאָר איך האָב פלוצלונג אָנגעהויבן שרייען מיט אַלע מיינע כוחות... אָן ווערטער שרייען... איך האָב ניט געקרעכצט, ניט געוויינט, נאָר געשריען, געשריען...

מיינע קולות האָבן מאָדנע סטראַשנע אָפּגעקלונגען אין דער טויטער, אָפּגעשטאָרבענער לופט... איך האָב זיך אליין דערשראָקן פאַר זיי... און איך האָב אויפגעהערט שרייען.

אין מויל האָט מיך געברענט און דער דורשט האָט דאָס לעצטע ביסל לעבנס־זאַפט פון מיינע ביינער אויסגעזויגן.

איך בין צוגעקראָכן צו די טויטע און האָב אָנגעהויבן זוכן אין זייערע „קענטינס", אפשר וועל איך געפינען אַביסל וואַסער...

איך האָב אַלעמען באַזוכט. ביי איינעם האָב איך געפונען אַ פולן „קענטין" מיט וואַסער. און איך האָב זיך צו דעם וואַסער צוגע־כאַפּט.

איך האָב פלוצלונג דערהערט א שוואַכן קרעכץ:

— גיוו מי איי דרינק... אַי עם דייאינג... (גיב מיר אַ טרונק איך שטאַרב...) איך האָב זיך אַ צאַפּל געטאָן. דער „קענטין" איז מיר פון די הענט אַרויסגעפאַלן.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט, פון וואַנען דער קרעכץ קומט. און דערזען אויף דער צווייטער זייט גראָבן אַ פאַרוואונדעטן. ער קען מיט אַ גליד ניט רירן. קוים וואָס ער אָטעמט און איז געל ווי וואַקס.

איך האָב אָנגעהויבן קריכן צו אים... דערקראָכן, האָב איך אים אַ טרונק געגעבן, און ס'איז מיר געוואָרן פריילעכער. געטראָפן נאָך אַ לעבעדיקן מענטשן. אפילו אַ גוססדיקער, אָבער דאָך אַ לעבעדיקער מענטש.

— וואו ביזטו פאַרוואונדעט, פריינט? — האָב איך אים געפרעגט.

— אין אָרעם.

— נו, אַז דו ביזט פאַרוואונדעט אין אָרעם, האָסטו ניט געקענט אַוועקגיין אין שטעטל צו אונדזערע? רעטן זיך און אויך אנדערע...

— האָב איך אים פאָרגעוואָרפן.

— איך האָב מורא געהאַט, — האָט ער קרעכצענדיק געענטפערט און געבעטן נאָך אַ טרונק וואַסער.

איך האָב אים געגעבן נאָך אַ טרונק און בין אַוועקגעקראָכן צו מיין פריערדיקן פּלאַץ, וואו איך האָב איבערגעלאָזן מיין ביקס, שטאַלענע היטל און גאַז־מאַסקע פון וועלכע איך האָב מורא געהאַט זיך צעשיידן.

8

איך בין געלעגן נאָך אַ פּאָר שעה.

דער טויט פון די איבעריקע האָט נאָך מיין פאַרצוויפלונג פאַרשטאַרקט, גרעסער געמאַכט. איך האָב פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג ניט געזען ווי נאָר דעם טויט. איך האָב קלאָר פאַר מיינע אויגן געזען דעם זעלביקן סוף וואָס זיי, די איבעריקע האָבן געהאַט... און לעבן האָט זיך אַזוי געוואָלט...

ס'איז מיר פלוצלונג איינגעפאַלן אַ מאָדנער, משוגענער געדאַנק, ס'איז מיר איינגעפאַלן אַוועקצוקריכן אויף אַלע פיר אין דער שטעטל,

וואו די אַמעריקאַנער געפינען זיך. דאָס שטעטל, האָב איך אויסגערעכנט, דאַרף ניט זיין ווייט פון דעם פּלאַץ, וואו איך האָב זיך געפונען. איך האָב מיינע פיס ניט געקענט רירן. די פיס זיינען מיר געווען ווי קלעצער. איך האָב אָבער געטראַכט: זאָל דאָס אפילו דעם גאַנצן טאָג געדויערן, איך וועל קריכן מיט מיינע לעצטע כוחות, ביז איך וועל אַהין דער־גרייכן. איך האָב געוואוסט פון דער געפאַר וואָס מיר שטייט פאָר, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז סיי ווי סיי האָב איך ניט וואָס צו פאַר־לירן, טאָ לאָמיך פּרובירן, אפשר וועט מיר געלינגען זיך צו ראַטעווען.

איך האָב גענומען צוויי ביקסן, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אויפן פעלד, באַנוצט פאַר אַ פּאָר קוליעס, האָב אַראָפּגעוואָרפן פון קאָפּ דאָס שטאָלענע היטל און אָנגעהויבן קריכן מיט מאַטערניש און יסורים.

ס׳איז געווען שטיל, טויט שטיל. קיין שיסעריי האָט זיך שוין ניט געהערט. דער רעגן האָט אויפגעהערט, דער הימל האָט זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן.

איך האָב געזען דעם סאָלדאַט, וואָס האָט נאָך אין דער פרי געזשיפּעט, אַז ער גוסט שוין, ער הויכט אויס זיין לעצטן אָטעם. זיין פּנים איז געווען ווייס ווי קאַלך, די אויגן פאַרגלאָצט, ווי אַרויס־געקראָכן פון די לעכער. דאָס פּנים איז געווען פאַרקרימט פון גסיסה־שמערצן. ריידן האָט ער ניט געקענט, האָט ער מיר אָנגעוויזן מיטן האַנט אויף זיין מויל, ווי ער וואָלט זיך געבעטן: „זע, איך שטאַרב, ראַטעווע מיך”... און זיינע אויגן!... אָ, ווי זיי האָבן זיך געבעטן...

אַז איך בין אָפּגעגאַנגען אַ צען־פופצן יאַרד האָט פּלוצלונג עפּעס מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים ברוסט, און האָב אויף מיינע פינגער דערפילט וואַרימע בלוט.

איך בין געשאָסן אין האַרצן.

איך בין אַ פאַל געטאָן מיט אַ געשריי! דער סוף!

איך בין שטיל געוואָרן. נאָר מיינע ליפּן האָבן שוואַך געמורמלט: „בעסער, בעסער, אַזוי איז בעסער”... אַ סוף צו די ליידן. נאָך אַ פּאָר מינוט, און איך וועל אויסגעלייזט ווערן. איך בין געווען זיכער, אַז די קויל האָט מיין האַרץ דורכגעלעכערט. פון מיין מויל האָט אָנגעהויבן שטראָמען בלוט... מיינע הענט האָבן זיך געקרעמפּע־וועט... די פיס זיינען מיר פאַרגליווערט געוואָרן... איך האָב געפילט,

אַז מיין סוף איז נאָענט, ס׳איז א פראגע בלויז פון מינוטן... דאָס לייד איך איצט די גסיסה־שמערצן...

איך בין געוועז רואיק, זייער רואיק.

אַ מין רעזיגנאַציע, אַ גלייכגילטיקייט האָב איך דערפילט צו מיין לעבן... „מיט וואָס בין איך דאָס מער יחסן פון די אנדערע?״ — האָב איך געטראַכט — אזוי פיל זיינען צעשטאָרבן, וועט נאָך איינער שטאַרבן״...

און אין יענער רגע האָב איך געזען מיין גאַנצן פאַרגאַנגענעם לעבן ווי אין אַ שפּיגל — פון מיין פריסטער קינדהייט, ביז דער לעצטער מינוט... מיין גאַנץ לעבן איז פאַר מיר קלאָר געשטאַנען, אַלץ האָט זיך אין מיין מח איבערגעחזרט, זיך איבערגעקוליעט, זיך אָפּגע־ריסן און ווי אַ שוואַרצער פּינטל ציטערדיק געבליבן הענגען אין דער לופטן. שנעל, שנעל, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, האָבן זיך איינע נאָך די אַנדערע די פּנימער און געשטאַלטן פון אַלע מיינע פריינט און באַקאַנטע פאַר מיינע אויגן דורכגעטראָגן, איבערהויפּט די גאָר נאָענטע. די מאַמע, דער טאַטע, די ברידער, שוועסטער.

נאָר פון דעסטוועגן האָט דער דערהאַלטונגס־אינסטינקט, דער פאַרלאַנג צו לעבן אויך דאַן מיר ניט פאַרלאָזן.

איך האָב גלייך פאַנאַנדערגעריסן מיין רעקל, אויפגעריסן מיין העמד, האָב אריינגעגאָסן אין מויל וואַסער, איך זאָל ניט פאַרחלשט ווערן. און מערקווירדיק — וואָס איז דאָס?... איך ליג אזוי לאַנג און איך לעב נאָך!... דאָס אָטעמען איז אַן שווערקייטן. איך אָטעם רעגלמעסיק, אַ פּנים ניט קיין טויטלעכע וואונד, ניט דורכגעלעכערט דאָס הארץ, די קויל איז ניט מער ווי דורכן פלייש דורכגעלאָפן. און האָפנונגען שפּראָצן ווידער אויס... זאָל מען נאָר קומען און מיך אויפהויבן, וועל איך זיין געראַטעוועט... אָבער קיינער קומט ניט... און די דערוואַרטונג... דאָס אומגעדולד ווערט נאָך שטאַרקער און שמערצ־לעכער.

די זון האָט אָנגעהויבן צו שיינען. אַ שטיקל חסד. נאָר אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן, און דער ווינט אויף מיינע נאַסע, אויס־געווייקטע קליידער האָט די קעלט אין מיינע ביינער נאָך מער פאַר־שטאַרקט.

איך האָב זיך געפילט אַזוי שוואַך, אַז איך האָב מיט קיין גליד ניט געקאָנט רירן.

איך האָב זיך אָנגעהערט מעשיות פון דעם, ווי אזוי ביינאכט, ווען די וואָגנס, פערד, לאַסט־אויטאָמאָבילן און די טאַנקן פאָרן, פאָרן זיי איבער די פאַרוואונדעטע, וואָס ליגן אויפן מיטן וועג... קנאַקן, טרעשטשען זייערע ביינער... און איך ליג אויפן מיטן וועג. די נאַכט דערנענטערט זיך... האָב איך זיך — ווי וויניק כוח איך האָב געהאַט — געהויבן, געהויבן, זיך געשאַרט, גערוקט, ביז איך האָב זיך ארייגעשאַרט אין רינע — ארונטער פון וועג...

איך בין געלעגן אין רינע און געוואַרט אויף דער נאַכט... אויף דער נאַכט מיט אַלע אירע שרעקן און האָפנונגען... וואָס וועט מיר די נאַכט ברענגען: טויט אָדער לעבן?...

מיין רעכנונג איז געווען, אַז אין דער נאַכט מוזן מענטשן אָנקומען, אַמעריקאַנער אָדער דייטשן. אויב אמעריקאנער — איז געוויס גוט. אויב אפילו דייטשן, וועל איך צו זיי צושטיין. אַהער אָדער אַהין, אָדער דערשיסט מיך אָדער נעמט מיך מיט זיך...

די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט.

עס איז געווען שטיל, אָבער אזוי שטיל, אַז אַלץ איז געווען ווי אָפגעשטאָרבן. און דאָס גופא האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן אימה... איך האָב געוואָלט הערן כאָטש אַ שאָרך, אַ מורמל פון לעבן... זאָל עס זיין דורך דעם קרעכצן פון פאַרוואונדעטע... אָבער עפּעס פון לעבן...

9

און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן די נאַכט און ס'האָט אָנגעהויבן ווערן פינצטער.

איך בין אַזוי שוואַך, אז איך קען שוין ניט אַ ריר טאָן מיט אַ גליד. איך ליג ווי אין אַ הין־הער פלעט.

פלוצים באַמערק איך ווי דער הימל ווערט שוואַרץ. אַ מחנה ווילדע קראָען איז אָנגעקומען און זיך אָנגעהויבן ארונטערלאָזן אויף די טויטע. איך הויב אָן ציטערן מיט אלע גלידער. אָט דערנענטערן

זיך שוין אייניקע צו מיר, גיבן זיך אַ דריי אין אַ קרייז און הויבן זיך אָן אַרונטערצולאָזן.

אין מיין אָנגעצונדענעם מח האָט זיך מיר מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ שוין פאָרגעשטעלט ווי זיי הויבן אָן מיט זייערע שאַרפע שנאָבלען מיך צו פּיקן, עסן, פּיקן מיר אויס די אויגן, רייסן מיין פלייש... איך וויל זיך אויפזעצן, כאַפּן אַ שטיין און אין זיי וואַרפן, זיי פאַרטריבן, נאָר איך קען ניט, האָב קיין מאַכט ניט אַ ריר צו טאָן מיטן האַנט. האָב איך מיט אַלע מיינע כוחות אַ געשריי געטאָן. האָב אַזוי ליגנדיק, אָנגעהויבן צו דרייען מיט מיין קאָפּ הין און צוריק. די רויב־פויגלען האָבן דערשפּירט אין מיר נאָך א פונק לעבן, זיינען זיי פון מיר אַנטלאָפן.

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, האָב ארויסגעלאָזן א דערלייכ־טערונגס־קרעכץ און פון דעם וואָס איך בין ניצל געוואָרן אויפ־געגעסן צו ווערן אַ לעבעדיקער פון די רויב־פויגלען, האָבן טרערן אָנגעהויבן שטראָמען פון מיינע אויגן.

איך ווער שוואַכער פון מינוט. איך פיל ווי די לעצטע כוחות פאַרלאָזן מיך. די הענט און פיס זיינען מיר ווי אָפּגעשטאָרבן. איך בין שוין מער ווי העלפט טויט, מער ווי דער אָטעם אַרבעט ניט... איך האָב שוין קיין כוח ניט צו קרעכצן, צו רופן נאָך הילף. איך נעם צוזאַמען די לעצטע ביסל קרעפטן און הויב אָן שרייען. מיינע קולות קומען אַרויס שוואַך, ווי פון אַ פאַרשטיקטן קבר...

די נאַכט איז אַ שיינע. דער הימל איז קלאָר און אויסגעשטערנט. נאָר עס איז קאַלט, און די קעלט פרירט איין מיינע גלידער. איך וויל אויסציִען אָדער צוזאַמענציען מיינע פיס, נאָר איך קען ניט, איך וויל זיך איבערדרייען אויף דער אַנדער זייט — איך קען ניט... איך קען זיך ניט רירן. דער קאָפּ ווייטאָגט, פייערט, אין מויל טריקנט, ברענט...

איך ווער פאַרזונקען ווי אין א הין־הער פלעט. מיר דוכט זיך, אַז איך הער טריט דערנענטערן זיך, שטימען ריידן... איך שריי מיט מיינע לעצטע כוחות... אָבער ס'איז ניט מער ווי א מיראַזש...

מיר דוכט, אַז איך בין ניט איינער, נאָר פיר באַזונדערע, דאָס האַרץ באַזונדער, דער קאָפּ אַ באַזונדערער, די הענט, די פיס באזונדער... און די פיס זיינען עפּעס אזוי לאַנג... אזוי לאַנג... האָבן זיך עפּעס

אזוי צעוואקסן... אַז דאָס פעלד ווערט פאַר זיי ענג... און אזוי אין ווילדע קאָשמאַרן, אין האַלוציגאַציעס, האַלב טויט, האַלב לעבעדיק, האַלב דרעמלענדיק, האַלב וואכעדיק, און קרעכצנדיק, בין איך אָפּגע־לעגן אַ גאַנצע נאַכט, ביז... ביז איך האָב דערהערט שטימען... דאָס מאָל שוין אויף אמת... מענטשלעכע שטימען...

— הו איז דהער? אן אַמעריקאן? — (ווער איז דאָס, אַן אַמערי־קאַנער?) האָט אַ שטימע אויסגערופן.

— יעס, יעס, אן אמעריקאן... איך בין פאַרוואונדעט... — האָב איך געענטפערט, און איך ווייס אליין ניט, וואו עס האָבן זיך ביי מיר גענומען די כוחות צו ענטפערן, נאָר איך האָב אויסגערעכנט מיין גאַנצן יחוס, מיין נאָמען, רעגימענט, דעוויזיע א. א. וו.

אין אייניקע סעקונדן האָב איך דערזען לעבן זיך פיר אמעריקאנער — טאָקע פון מיין ראָטע — מיט ביקסן אין די הענט און מיט אַ סטרעטשער.

— זיינען דאָ פאַראַן נאָך פאַרוואונדעטע? — האָבן זיי מיר געפרעגט.

— געווען, א סך געווען, נאָר זיי זיינען אַלע טויט, — האָב איך געענטפערט.

— וויפיל איז דער זייגער, פריינט? — האָב איך געפרעגט.

— האַלב נאָך פינף.

— האַלב נאָך פינף? הייסט עס, אַז איך בין קנאַפּע צוויי מעת־לעת דאָ אָפּגעלעגן א פאַרוואונדעטער...

— איז דהעט סא? (אַזוי?) — האָבן זיי זיך געוואונדערט און מיך אַרויפגעלייגט אויפן סטרעטשער.

צוויי האָבן געטראָגן דעם סטרעטשער, און צוויי האָבן די ביקסן אָנגעשטעלט געטראָגן. און אזוי האָבן זיי זיך געביטן די גאַנצע וועג.

ווען זיי האָבן מיך געבראכט צו דעם „פוירסט עיד סטיישאן" (ערשטע הילף סטאַנציע) איז שוין געווען ליכטיק.

איך בין ענדלעך אין זיכערע הענט. איך בין געראַטעוועט.

# סאַרדזשענט דזשעק

דעם סאַרדזשענט דזשעק האָבן אַלע אין דער ראָטע ליב געהאַט.

אַלט איז ער געווען אַרום די זעכציקער און געדינט אין דער אַרמיי האָט ער שוין איבער דרייסיק יאָר.

— צוויי און דרייסיק יאָר אָפּגעגעסן אָנקל סעמס ברויט, — פּלעגט ער אַרויסזאָגן אַמאָל מיט שטאָלץ און אַמאָל מיט פאַרדרוס, ווי עפּעס וואָלט אים באַנק געטאָן, און עפּעס וואָלט אים אין האַרצן געגריזשעט, למאי ער האָט זיין לעבן אַזוי אָפּגעפּטרט...

ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער איז דזשעק נאָך פון דעסטוועגן געווען געזונט און שטאַרק ווי א שטיין, קיין איין ווייסע האָר ניט געהאַט אין קאָפּ; זיין ברוין־בראָנזענער געזיכט האָט געהאט א געזונט אויסזען. און פּלעגט ער אין גוט־ברודערשאַפט דערלאַנגען וועמען אַ פּלעם איז שוין אויף יענעם אָרט קיין האָר ניט געוואָקסן. עסן פּלעגט ער פאַר צען, און האָט, אין אלגעמיין, פון אויבן אויף געשיינט צו זיין אָן דאגות, אָן סענטימענטן, אַ פאַרהאַרטעוועטער, קיינמאָל ניט צו ערנסט, ווי קיין זאַך גייט אים אין לעבן ניט אָן אויסער עפּעס גוט אָפּצועסן. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס עסן איז ביי אים געווען דער עיקר אין לעבן, וואָרים יעדעס מאָל בעת ער פּלעגט ריידן פון עסן פּלעגט ער זיך אַזש באַלעקן.

דזשעק פּלעגט באַצייטנס זיך סטאַרען אויסצוגעפינען ביים קאָמ־פּאַני־קוכער וואָס עס איז דאָ אויף מיטאָג. און טאָמער האָט מען צוגעגרייט עפּעס גוטס, פּלעגט ער אויפזשמורקען זיינע אויגן, שמייכלען אין זיך און אויף זיין באַסאָווע שטימע שרייען צו די סאָלדאַטן: „העי, באָיס, טשיר אַפּ, פּיגס העד פאָר דינער!" (העי, יאַטן, פריילעך, חזיר־פלייש אויף מיטאָג). און דערביי האַלטן אין איין פּיפּקען זיין ליולקע.

אין עס־זאַל פלעגט דזשעק זיין דער ערשטער אין ריי, און טאָמער איז דאָס עסן נאָך ניט פאַרטיק געווען, דער קוכער האָט זיך פאַרשפעטיקט, פלעגט ער ווי פון אומגעדולד קלאַפּן מיטן „מעסקעט״ (כלי, פון וועלכער די סאָלדאַטן עסן) און שרייען צום קוכער: — העי, דזשימי, שעיק עי לעג, דזשימי! שעיק עי לעג!״ (הע, דזשימי, גיב זיך אַ ריר, דזשימי, גיב זיך א ריר.)

איינמאָל ליגנדיק אזוי אויסגעצויגן אונטערן שאָטן פון אַ בוים און רוענדיק נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר, האָב איך זיך צו אים אָפּגערופן:

— נו, דזשעק, מסתמא גלייך נאָך דער מלחמה וועסטו זיך שוין צוריקציען צום פּריוואַטן לעבן, איז דאָס דען א תכלית צו שטיין פאַר יעדן מאָלצייט אין ריי און קלאַפּן מיטן „מעסקעט?״

דזשעק האָט פאַררויכערט זיין ליולקע, האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט, אפשר צום ערשטן מאָל, וואָס איך האָב דזשעקן געזען אזוי ערנסט, זיך פאַרקוקט אויפן פאַרוואָלקענטן הימל און לאָזנדיק קנוילן רויך זיך ערנסט אָפּגערופן:

— וועל, וועל מאַי באָי... איך וועל דיר זאָגן... ניין!... אָנקל סעם וועט מיך שוין דאַרפן פאַרזאָרגן מיט אַ טרונגע אויך. איך וועל שוין מסתמא אזוי אָפּלעבן מיינע ביסל יאָרן אין דער ארמיי... איך טויג שוין מער ניט פאַרן ציווילן לעבן. — דזשעק האָט מיך פּלוצים פעסט אָנגענומען פאַרן האַנט, מיר געקוקט שאַרף אין די אויגן און ווייטער גערעדט. — „הערסט! דעם אמת זאָגנדיק האָב איך שוין אַ סך מאָל געטראַכט וועגן בעטן אַ „דיסטשארדזש״, (באפרייאונג), נאָר איך באַטראַכט זיך, ווען האָב איך דען אין ציווילן לעבן, קיינעם ניט, ניט קיין פריינט, ניט קיין משפחה, ניט קיין פרוי, ניט קיין קינד, עלנד ווי אַ שטיין... און וואָס קען איך טאָן אין ציווילן לעבן? אַרבעטן אין אַ פאַבריק? עך! איך בין שוין גאָר ניט געוואוינט צו דעם, סיידן גיין אין א „האָום״. טראַכט איך: עך, שוין בעסער בלייבן מיט די באָיעס״... — און דזשעק האָט שווער אָפּגעזיפצט; גרויסע טראָפּנס שוויס האָבן ארויסגעשפּאַרט און באַדעקט זיין בראָנ־זענעם געזיכט, ער האָט אַרויסגענומען אַ נאָז־טיכל און זיך אַרומגע־ווישט דעם שוויס, האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, פאַררויכערט צוריק זיין ליולקע, וועלכע האָט זיך שוין אויסגעלאָשן, האָט זיך אויפגעזעצט אָנגעבויגן, די הענט אריינגעשטעקט צווישן די קני, און אזוי אָן אומע־

טיקער, אַ פּאַרטראַכטער געבליבן זיצן. ער האָט זיך אָבער באַלד — ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיך אליין וואָס ער, דזשעק, איז געוואָרן אומעטיק — זיך געגעבן א דריי אויס צו מיר מיט אַ ברייטן שמייכל אויפן פּנים, מיר אַ פּאַטש געטאָן איבערן קני און לעבעדיק ארויסגערעדט:

— הער אויף טשיקאַוועס וואָס מיט מיר האָט אנומלט פּאסירט. איך האָב געהאט א „פּוירלאָו" (אורלויב) אויף זונטיק. נו, גייט מען אין שטאָט אריין. וואָס קען אַזאַ איינער ווי איך טאָן אין שטאָט? אַז קיין באַקאַנט הויז וואוהין אריינצוגיין איז ניטאָ, האָב איך זיך אַרומ־געדרייט איבערן שטאָט, זיך אריינגעכאַפּט אין א וואָדעוויל און אָפּ־געזעסן אַ פּאַר שטונדן, און נאָכדעם אריין אין א „פּענסי" (רייכן) רעסטאָראַנט עפּעס אָפּצועסן א „לייטישן" מאָלצייט. איך נעם דעם „ביל אָוו פעיר" קוק, קוק, דריי אהער, דריי אַהין פון אויבן אראָפּ, און פון אונטן ארויף. צום טייוול! וואָס טוט זיך דאָ! הויב ניט אָן צו וויסן וואָס מען נעמט צום עסן, הויב ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס דאָ שטייט אָנגעשריבן... — צום טייוול — טראַכט איך מיר — וואָס איז דאָ ביי איך פאַר אַ שפּראַך עפּעס?... עפּעס אַ קאַטשקע שפּראַך... איך לייען נאָך אַמאָל איבער דעם גאַנצן „ביל אָוו פעיר", און וויים אַלץ ניט... און דאָ שטייט שוין איבער מיין קאָפּ דער קעלנער. מיט אַזאַ הכנעהדיק, זיס שמייכעלע שטייט ער און וואַרט אויף מיין באַשטעלונג. „גיי אוועק, דו הינטישע נשמה, וואָרים איך צעטרענצל דיר דיין פאַרדאַמטע צורה" — טראַכט איך ביי זיך אויפגערעגט, און פיל ווי אים אונטערצוהאַקן אַן אויג... און ער, דער קעלנער, שטייט נאָך אלץ אזוי ווי אַ גולם, שטייף אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, און איך פיל ווי זיינע בליקן בריען מיר אין פּלייצע, אין האַלדז... איך ווער רויט, פאַרשוויצט און איך פּראַל ארויס:

— העי, ווייטער, איי דאָבל פאָרשאָן העם ענד עגס! (א דאָפּלטע פּאָרציע שינקע מיט אייער).

„אָט האָסטו זיך, אַ סאָלדאַט בלייבט א סאָלדאַט... איך האָב שוין פאַרגעסן ווי אָנצורופן ביים נאָמען עפּעס אַ מענטשלעכן עסן... כאַ־כאַ־כאַ!... — און דזשעק האָט זיך פאַרכלינעט פון געלעכטער, זיך צעוויגט מיטן גאַנצן קערפּער און מיך געפּאַטשט איבערן קני...

**
*

די סאָלדאַטן אין דער ראַטע, פלעגן אַלע ליב האָבן זיך אַרומצו־קלייבן אַרום דזשעקן און הערן פון אים מעשות. און צו דערציילן האָט ער געהאַט אַ סך. פלעגט ער אונדז דערציילן פון אַלץ וואָס ער האָט שוין דורכגעמאַכט פאַר די איבער דרייסיק יאָר זינט ער איז אין דער ארמיי. אָדער אַמאָל גאָר אַזוי ווי לעבעדיק אָפּמאָלן·פאַר אונדז זיינע פאַרשידענע אָפיצערן, ליוטענאַנטן, קאַפּיטאַנען, מאַיאָרן און קוירנעלס. ער פלעגט דערביי יעדן איינעם איבערמאכן מיט אַלע פּיטשעווקעס. מיר פלעגן זיך צוהערן, הנאה האָבן און אמאָל אויך זיך קייקלען פון געלעכטער.

קיין גרויסע ליבע צו די אָפיצערן האָט דזשעק ניט געהאַט.

— אַז ניט, — פלעגט ער שטענדיק טענהנען, — וואָלט איך שוין לאַנג געווען קאַפּיטאַן. און אז מען האָט מיך אַמאָל געוואָלט מאַכן פאַר אַן אָפיצער, האָב איך זיך פון דעם ארויסגעדרייט. יעס סיר, איך האָב זיך ארויסגעדרייט. — האָט ער מיט שטאָלץ אונדז דער־ציילט.

— וואָס הייסט ? ווי אזוי האָסטו זיך אַרויסגעדרייט ? מען האָט דען אַ רעכט זיך פון דעם אָפּצוזאָגן ? — האָבן מיר פאַרוואונדערט, אזוי ווי ניט גלויבנדיק אים געפרעגט.

— טאָ הערט־זשע, באַיעס ווי אזוי דאָס איז געווען. — האָט דזשעק אונדז אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער פּאַסירונג. — ס'איז געווען אַזוי. איינמאָל איז אונדזער רעגימענט געווען אויף א „רעוויו", דער מאַיאָר־גענעראל אליין איז צום „רעוויו" געקומען. איך בין דאן געווען ערשטער סארדזשענט, האָב איך געגעבן אַ קאָמאַנדע מיין אפּטיילונג, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט. גלייך נאָך דעם רופט מען מיר אין די „רעדזשימענטאל העדקוואָטערס". איך קום צעגיין. דער קוירנעל העדזשעט אליין רופט מיך צו, באַדאַנקט מיר און זאָגט, אז דער מאַיאָר־גענעראַל רעקאָמענדירט מיך צום ראַנג פון צווייטן ליוטענאַנט און איך זאָל זיין גרייט צום עקזאַמען. איך באַדאַנק אים, אָבער עס ווערט מיר קאלאמוטנע אויפן הארצן. איך האָב זיך אזוי ניט געוואָלט שיידן מיט די באַיעס. און דער מוח ברעכט מיר: ווי דרייט מען זיך ארויס פון דעם ? געווען צום עקזאַמען, אויסגע־האַלטן... און דאָ קומט שוין אָן דער טאָג, ווען איך באַדאַרף באַ־קומען מיין ראַנג. מילא, יענעם טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען אין גאַנצן

אַ צורודערטער, און געפילט ווי דאָס האַרץ גייט מיר אויס נאָך די
באַיעס. האָב איך ביי זיך אַ טראַכט געטאָן: נייך, איך וועל ניט
זיין קיין ליוטענאַנט... איך בין ארויס פון קעמפּ, געקראָגן אַ פול
פלאַש שנאַפּס און זיך גוט אָנגעזשלאָקעט. כאַ־כאַ־כאַ, מען איז מיך
געקומען רופן אין די „רעדזשימענטאל העדקוואָטערס״ אויף צו געבן
מיר מיין ראַנג. ווייס איך וואָס! וועמען קען מען דאָ רופן, אז איך
ליג טויט־שיכור?... ווייסט איר וואָס עס איז געווען? מען האָט
מיך „געבראָכן״, געמאכט פאַר אַ פּראָסטן סארדזשענט. נו, בין איך
צעבראָכן... כאַ־כאַ־כאַ! אזוי דרייט מען זיך אַרויס, אז מען וויל
ניט. — האָט דזשעק פאַרענדיקט, פארזשמורנדיק זיינע אויגן און
פּיפּקנדיק זיין ליולקע.

איין מאָל האָט אונדז דער קאַפּיטאַן פאַררופן אין עס־זאַל און
פאָרגעלייענט זיינע באַפעלן: — „פאַר די „נאַן־קאָמס״ (קליינע ארמיי
בעאַמטע, ווי קאָרפּאָראלס און סארדזשענטס) זאָל מען שטיין „עט
אטענשאָן״, ווען מען רעדט צו זיי״. — נו, איז עפּעס ווערט געווען
צו זען, וואָס דזשעק האָט אָנגעגעבן, ווען מיר זיינען צוריק אריין אין
די באַראַקן. ער איז שיר ניט צעפּלאצט געוואָרן פון געלעכטער: —
„כאַ־כאַ־כאַ! ביי דזשיזוס, סאם פאָן! ביי דזשיזוס — האָט ער,
שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, גערעדט און אָנגעהויבן פאַרצושטעלן
זיין נייע ראָלע... — ער איז, מיט געמאַכטער שטרענגקייט צוגעגאַנגען
צו איינעם, אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר ביסטרע אויגן און זיך
צעשריען: — „גאַד דעם איט! וואַי דאָנט יו סטעי עט אַטענשאָן?!״
(גאָט פאַרדאַמטער! פאַרוואָס גיסטו מיר ניט אָפּ טשעסט?!)—און גלייך
אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

***

כמעט אין יעדער ראָטע פון אונדזער רעגימענט האָט זיך גע־
פונען עפּעס אַ בעל חיים, וואָס די ראָטע האָט געהאָדעוועט און אָן
וועלכן זי האָט זיך ניט געגעבן אַ ריר. אין איין ראָטע איז עס געווען א
הינטל, אין אַ צווייטער אַ קעצל; אין אונדזער ראָטע האָט זיך געהאָ־
דעוועט אַ טייבעלע מיט ברוין־גאָלדענע פליגעלעך און מיט אַ שניי־
ווייס קעפּעלע.

אַלע האָבן זיך מיט דעם טייבעלע אָפּגעגעבן. אַלע פלעגן זיך מיט אים שפּילן, נאָר צום מערסטן פלעגט זיך מיטן טייבעלע אָפּגעבן דזשעק. ער האָט עס געהאָדעוועט און עס אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. ער האָט עס געקאָרמעט, געבאָדן, אויסגעבעט דאָס שטייגעלע, עס געטראָגן אויפן אַקסל, עס געטוליעט צו זיין באַק, און האָט ער נאָר געהאַט ליידיקע צייט, האָט ער זיך מיט דעם טייבעלע געשפּילט.

***

שפּעט ביי דער נאַכט.

דער קעמפּ איז איינגעהילט אין נאַכטיקן חשך.

וואו ניט וואו בלישצעט שוואַך אַ פייערל און זיין שוואַכער שיין צעגיסט זיך אין לאַנג־צעצויגענע טונקעלע שאָטנס.

ס׳איז שטיל, פינצטער און אלץ איז איינגעוויגט אין שלאָף, נאָר ווען ניט ווען, פון ערגעץ ווייט, דערטראָגט זיך דאָס טאָפּטשען פון פערדישע פיס און דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס: טיאפּ, טיאפּ, טיאפּ...

ס׳איז שאַ... שטיל און פינצטער...

נאָר אין איין ווינקל איז לעבעדיק, דאָרט גייט אָן אַ פיבער־האַפטע טעטיקייט, דאָס איז אין אונדזער ראָטע. מיר קלייבן זיך אין וועג, אָפּצופאָרן נאָך פראַנקרייך, צום פראָנט.

שוין איניקע טעג גייט אָן די טעטיקייט, און באַזונדערס אין דעם היינטיקן לעצטן טאָג; דער גאַנצער באַגאַזש איז שוין אָפּגעשיקט געוואָרן צום שיף. די באַראַקן זיינען פּוסט, און ציכטיק אויפגעראַמט. ניט אומזיסט האָבן מיר דעם גאַנצן טאָג אזוי שווער געאַרבעט.

די גאַנצע ראָטע שטייט אויסגעשטעלט אויפן הויף אין פולער אויסשטאַטונג. דער יונגער, ענערגישער קאַפּיטאַן לויפט ארום הין און צוריק איבערן הויף, מיט דער האַנט די גאַנצע צייט ביים שיידל פון זיין רעוואָלווער. לויפט ארום אַ פאַרשוויצטער, קוקט אלץ איבער און גיט באַפעלן זיינע ליוטענאַנטן.

מיר דערוואַרטן יעדע מינוט אָפּצוגיין.

דערווייל זעצן מיר זיך צו אַביסל אָפּרוען. ווער ס׳ליגט אויס־געצויגן מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן ראַנעץ און כאַפּט א דרעמל, און ווער ס׳זיצט אַזוי מיט צענויפגעצויגענע קני, די אויגן צוגעמאכט, און

איז פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען. אַנדערע קלייבן זיך צוזאַמען אין אַ רעדל, שמועסן, דערציילן מעשיות, זאָגן וויצן. צו אַ סך זיינען היינט פריינט, עלטערן, געליבטע געקומען, זיך געזעגענען, דעם לעצטן „זיי געזונט” געזאָגט. דעם לעצטן קוש געגעבן. זיצן זיי איצט פאַרקלעמטע, פאַרבענקטע, שווייגנדיקע, די הערצער פול און אין די אויגן שטייען טרערן.

גאַנץ אליין און אָפּגעזונדערט זיצט דזשעק, האַלט דאָס טייבעלע אין האַנט, גלעט עס איבערן קעפּעלע, טוליעט עס צו זיך, דריקט זיין שנעבעלע צו זיין באַק און רעדט צו אים:

— האַ, לוסי (אַזוי האָט ער דאָס טייבעלע גערופן) יעדער הונט האָט זיין טאָג. געקומען אַ טאָג, ווען איך דאַרף זיך מיט דיר שיידן... נו, טאָ גיב מיר אַ קוש, אַ גוטן קוש...—און עפּענענדיק דאָס שנעבעלע, האָט ער דאָס טייבעלע צוגעטראָגן צו זיין מויל און עס געגעבן אַ הייסן קוש.

דאָס טייבעלע האָט געגעבן אַן עפן אויף זיינע פליגעלעך, זיך געגעבן אַ צאַפּל, אַ טרייסל ביי דזשעקן אין די הענט און זיך צע־פּיסטשעט, ווי עס וואָלט דזשעקן זיין ליבע און בענקשאַפט אויס־דערציילט.

פון צייט צו צייט קומט ווער צו צו דזשעקן, נעמט ארויס דאָס טייבעלע פון זיין האַנט, גלעט עס איבערן קעפּעלע, און גיט עס א לאָז אַוועק אין דער לופטן...

דאָס טייבעלע טוט אַ פלי, זיך אַ דריי אַרום אין דער לופט און קומט גלייך צוריק צופליען צו דזשעקן, פליט אריין גלייך צו אים אין שויס אריין; אָדער עס שטעלט זיך אויף זיין אַקסל און פּיסטשעט, רעדט, רעדט צו אים.

דזשעק ווערט דאַן איבערפילט מיט באַגייסטערונג. ער גיט עס אַ כאַפּ אין זיינעביידע הענט, דריקט עס שטאַרק און טוליעט עס צו זיך. עפּעס ווערט אים דאַן אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט בענקשאפט. די קאָפּ ווערט אָנגעלאָדן מיט שווערע רעיונות, און ער הויבט אָן ווי צו זיך אליין צו בורטשען אויף זיין גראָבער באַסאָווער שטימע:

— וועל, וועל... צוויי און דרייסיק יאָר אָנקל סעמס ברויט געגעסן, צוויי און דרייסיק יאָר... — אנו, רהאָודס, — ווענדט ער זיך צום סאַרדזשענט רהאָודס — וויפיל, א שטייגער דענקסטו, האָב איך

אויפגעגעסן בעבלעך אין די צוויי און דרייסיק יאָר? וועל, וועל, צייט מיט עפּעס אָפּצודינגען פאַרן ברויט...

ער ווערט שטיל, פאַרטראַכט זיך, פאַרקוקט זיך אויפן טיפן, שוואַרץ־פינצטערן הימל און עס דוכט זיך, אַז אין זיין האַלדז האָט זיך אַ טרער געשטעלט פאַפּעראַק.

ס׳דערהערט זיך דעם קאַפּיטאַנס יונגע, קרעפּטיקע שטימע:

— פאָל אין!... (שטעלט זיך אויס אין ריי).

אַלע גיבן זיך אַ כאַפּ, ניט טויט, ניט לעבעדיק, אַ שטעל אויף געשווינד, א נעם ארויף אויף זיך דעם ראַנעץ. אַנדערע גיבן זיך אַ בויג, אַ קרעכץ אונטער דער שווערער משא, און געשווינד לויפט מען אין ריי, יעדערער צו זיין סקוואַד. און גלייך הערט זיך ווידער דעם קאַפּיטאַנס יונגע, קרעפּטיקע שטימע, וועלכע קלינגט הילכיק אָפּ אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט פון קעמפּ:

— רייט דרעס! רייט פייס! פאָרוואַרד מאַרטש! (פאָרויס, מאַרש!)

אין דער פינצטער האָט זיך די ריי פון מענטשן, ווי אַ וואַנט פון שוואַרצע, טונקעלע סילועטן, שטיל באַוואויגן... יעדערער מיט זיין בענקשאַפט, יעדערער מיט זיין שמערץ, און מיט אַ פראַגע ביי יעדערן אויף די ליפּן: „וועל איך נאָך אַמאָל צוריקקומען?”...

דזשעק האָט צום לעצטן מאָל אַרומגענומען זיין ליב טייבעלע, האָט עס מיט פאַרבענקטע אויגן גוט אָנגעקוקט, און צוטראָגנדיק דאָס שנעבעלע צו זיין מויל, האָט ער עס דעם לעצטן קוש געגעבן, אויפ־געהויבן דאָס טייבעלע אין דער לופט, פון זיינע הענט עס ארויסגעלאָזן און אין דער לופטן אויף גאָטס באַראָט אַוועקגעשיקט.

דאָס טייבעלע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פליגעלעך, האָט אַ וואָרקע געטאָן, זיך אויסגעדרייט און צווישן דער גייענדיקער באַ־וועגנדער מאַסע זיין דזשעקן דערקענט, און אויפפראַלנדיק די פלי־געלעך, ווי מיט שמחה, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דזשעקס קאָפּ.

דזשעק האָט עס אויך מיט פרייד אַ כאַפּ געטאָן, עס לייכט און מילד געקלאַפּט איבערן קעפּעלע און געמורמלט: „נו, דיערי, גוד באַי, גוד באַי, דיערי”... (אַ גוטן טאָג טייערע, א גוטן טאָג...) — און קושנ־דיק עס, ווידער עס אַוועקגעלאָזן אין דער לופטן.

מער האָט אים שוין דאָס טייבעלע ניט געפונען. עס האָט גע־וואָרקעט, געוואָרקעט זיך ארומגעדרייט און פאַרשוואונדן.

שטיל איז געווען אין קעמפּ, שטיל און פינצטער... און אין דער שטילקייט האָבן זיך הילכיק געהערט דאָס קלאַפּן פון זעלנערישע פיס צום טאַקט, נאָך דער יונגער, קרעפטיקער און ענערגישער שטימע פון קאַפּיטאַן:

— וואָן, טו... וואָן טו... רייט, לעפט, רייט, לעפט... (איינס צוויי, איינס, צוויי, רעכטס, לינקס...).

***

ערגעץ וואו אין פראַנקרייך.

ס׳איז געווען סוף אויגוסט.

די טעג זיינען געווען שיינע און זוניקע, און די נעכט וואַרעמע, רייצנדיקע און עפּעס אזוי פיל מיינענדיקע און אזוי פיל צוזאָגנדיקע.

זיצן מיר ערגעץ אין אַ פראַנצויזישן דערפל, פאַרברענגען די טעג אין שווערער שווייסיקער אַרבעט — אין גראָבן טרענטשעס און אין מושטירן, און אונדזערע נעכט פּטרן מיר אָפּט אין שטיין אויף דער וואַך. איז דאָס לעבן פּוסט, נודנע און אומדערטרעגלעך. געפינט מען דאָס איינציקע שטיקל טרייסט אין דעם ביטערן טראָפּן... פאַר־טרינקט מען די צרות...

שוואַכע געטראַנקען איז אין דער אַרמיי געווען דערלויבט צו קויפן. פלעגט מען זיצן אין דער פרייער צייט אין שענקל פון דאָרף און זופן „ווען רוזש", „ווען בלענק", סיידער, און אַז מען איז געווען גראָם אין געלט — אפילו אַ פּאָר גלעזלעך קאָניאַק.

דער שענקער, דער פראַנצויזישער פּאַרמער, אַנדרע באנאאיסט, איז, צי ווייל ער איז געווען בטבע אַ גוטער, צי ווייל ער האָט טאַקע ביי די סאָלדאַטן גוט פאַרדינט. אזוי צי אזוי, ער איז געווען פריינדלעך און צוגעלאָזן צו אונדז. און באַזונדערס זיינען געווען גוט צו אונדז זיין פרוי און איר שוועסטער, לואיז, א יונגע, בילד־שיינע אלמנה, וועמעס מאַן ס׳איז געפאַלן אין שלאַכט. זי האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אונדז. די גאַנצע שיינקער משפחה איז געווען צוגעלאָזן צו אונדז, פאר וועלכן מיר האָבן זיי אונדזער דאַנק געגעבן.

איינמאָל פאַרנאַכט, נאָך אָונט־ברויט, זיינען מיר זיך אַלע צו־זאַמענגעקומען אין שענקל. דאָס קליינע נידעריקע שטיבעלע איז פול געווען מיט מענטשן. אַ גערודער, אַ טומל, געלעכטערס... קאָרקענע סטאַפּקעס שפּרינגען מיט אַ קנאַק פון די פלעשער... מען רויכערט, דאָס קליינע פייער פון נאַפּט לעמפּל איז ווי מיט אַ דיקן שלייער פאַרדעקט פון דיקן רויך... מיר האָבן גוט אריינגעטרונקען, און אז מיר זיינען געוואָרן גוט שיכור, האָבן מיר זיך צעזונגען, זיך געריסן אויף די העלדזער, אַזש טויב צו ווערן.

לואיז, די יונגע שיינע לואיז, אַ צעפּלאַמטע, אַ פאַררויטלטע שטעלט זיך אויף אַ שטול, אירע אויגן ברענען, אירע שוואַרצע האָר פאַרפּלאָכטן אין אַ דיקן צאָפּ, די הענט פארלייגט אויף הינטן. די יונגע הויכע ברוסט איז אויסגעשטרעקט און כוואַליעט זיך ארויף און אַראָפּ, ארויף און אראָפּ ביי יעדן אָטעם וואָס זי טוט. זי הויבט אָן מיט א געזונטער שטאַרקער סאָפּראַנאָ שטימע זינגען די „מאַרסעליעזע“. זי זינגט מיט ברען, מיט פרייד, מיר אלע העלפן איר מיט, נאָכדעם זינגט זי, „די סטאר ספּענגלד בענער“. די שטימונג איז גאָר אַ געהויבענע.

איך מיט נאָך צוויי סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געזעסן גאַנץ באַ־זונדער ביי אַ זייטיקן טישל און געטרונקען וויין, האָבן צו אונדזער טישל צוגערופן סאַרדזשענט דזשעק וועלכער איז געזעסן איינזאַם און אומעטיק און אים אָנגעבאָטן אַ טרונק.

— קאַם היר דזשעק! העוו עי דרינק!... — (קום אַהער, דזשעק, נעם אַ טרונק!)

דזשעק האָט זיך ניט געלאָזן בעטן. איז גלייך צוגעשטאַנען צו אונדז. מיר האָבן אים אָנגעגאָסן אַ גלאָז וויין, וועלכע ער האָט מיט איין זופּ אויסגעטרונקען און זיך גלייך אָנגעגאָסן נאָך א גלאָז.

איך האָב זיך צו אים אָפּגערופן.

— זאָג נאָר דזשעק, זעסט עפּעס אויס אומעטיק, וואָס עפּעס? בענקסט אהיים?...

דזשעק האָט מיט א נאָז־טיכל אָפּגעווישט זיין פאַרשוויצטן שטערן און זיך אָפּגערופן.

— וועל מיי באָי, איכל דיר זאָגן דעם אמת. ריכטיק. דו האָסט געטראָפן. ס׳בענקט זיך טאַקע.

— גיי, שוין גיי, — האָב איך אים געפּרואווט אָנציען — נאָך וועמען האָסטו צו בענקען! האָסט דען א היים? סיידן דו בענקסט נאָך דעם טייבעלע... כאַ־כאַ־כאַ...

דזשעק האָט נאָכאַמאָל אָפּגעווישט דעם שטערן, האָט אָנגעבויגן זיין קאָפּ, אָנשטעלנדיק זיינע אויגן שאַרף אויף מיר און געבנדיק מיר אַ פּאַטש איבערן קני האָט ער זיך אָפּגערופן.

— וועל, באָי, האָסט געטראָפן... ביי גאָט, האָסט געטראָפן... ס׳בענקט זיך מיר טאַקע נאָך מיין לוסין. די גאַנצע צייט בענקט זיך מיר נאָך דעם ווי נאָך א געליבטער... — און אַ טורע טוענדיק מיר מיט צוויי פינגער אין זייט אריין, האָט ער זיך צולעצט צעלאַכט — כי־כי־כי — פאַרשטייסט, ווער ס׳בענקט נאָך אַ מיידל, און איך נאָך אַ טייבעלע, כאַ־כאַ־כאַ...

נאָר ניט געקוקט אויף זיין לאַכן און פריילעכן שפּאַסן האָבן מיר אָבער געפילט ווי זיך האַרץ וויינט און בענקט נאָך זיין באַליבטער טייבעלע. מיר האָבן עס פון זיינע אויגן ארויסגעלייענט.

*
**

יענעם פרימאָרגן האָבן מיר די ערשטע ריי טרענטשעס גענומען ביי די דייטשן.

פיר שטונדן לאַנג דורך דער גאַנצער נאַכט האָט אָנגעהאַלטן אַ שרעקלעכע אַרטילעריע־שיסעריי פוןביידע זייטן, און ווען עס האָט אָנגעהויבן גרויען אויף טאָג און טונקל גרויע כוואַליעס ליכט האָבן זיך פון הימל אָנגעהויבן שפּאַרן, אָפּשטופּנדיק און פאַרטרייבנדיק די שוואַרצע נאַכט־שאָטנס, דאַן האָבן מיר, די אינפאַנטעריע, אָנגעהויבן צו אַדוואַנסן. (גיין פאָראויס).

מיר זיינען געגאַנגען און געגאַנגען, נידעריק, בידעריק צו דער ערד איינגעבויגן זיינען מיר, שטיל, אויף די שפּיץ פינגער געקראָכן, באַרג ארויף און באַרג אראָפּ, געלאָפן, און זיך א לייג געטאָן, זיך אויפגעשטעלט, און ווידער געלאָפן, געשפּרונגען איבער גריבער, איבער גראָבענס, זיך דורכגעריסן דורך דייטשע דראָטן־צאַמען און געהאַלטן אין איין גיין, גיין אלץ ווייטער און ווייטער.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון אַ מאַשין־ביקס — טאַ־טאַ־טאַ־טאַ — און זשים־זשים־זשים — מיר גיבן זיך אַ לייג, מיר ציען זיך אויס פלאַך אויף דער ערד און ליגן.

דאָס קלאַפּן פון די מאַשין־ביקסן האָט זיך פאַרשטאַרקט, זיך פאַר־מערט, עס שיסן שוין ניט איינע נאָר עטלעכע, און די קוילן דרייען זיך, דרייען זיך אין דער לופטן מיט אַ זשום, ווי אַ מחנה זשומענדיקע בינען.

שלעכט... און דאָ זיינען מיר אליין, איין פלאַטון, אָפּגעשניטן פון דעם גאַנצן רעגימענט... און קיין פאַרשטאַרקונג זעט מען ניט אָנקו־מען... ס'איז שלעכט...

רעכטס פון אונדז, ניט מער ווי איין‏יקע יאַרד פון אונדז, באַמערקן מיר איז אַ ליידיקער דייטשער טרענטש, אין טרענטש איז זיכערער, נאָר ווי קען מען צוקומען צום טרענטש? דער וועג צום טרענטש איז פאַרשטעלט מיט אַ דייטשער דראָטן־צאַם און קיין דראָט־צעשניידער האָבן מיר גראָד אויך ניט אין אונדזער פלאַטון.

סאַרדזשענט דזשעק, ווי אונדזער פירער, קלערט און קלערט און ברעכט זיך דעם מח, שפייט, שילט, צולעצט באַשליסט ער זיך אויף אַ געוואַגטער זאַך — מיר זאָלן פּרובירן איינציקווייז דורכקריכן די דראָטן און זען אריינלויפן אין טרענטש און ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געגעבן:

— סינגל פייל! ביי דהי רייט פלענק! מאַרטש!... (איינציקווייז, צו רעכטס, מאַרש.)

דער ערשטער סאָלדאַט הויבט זיך אויף, גייט אָנגעבויגן, קריכט דורך די דראָטן און לויפט בשלום אריין אין טרענטש. נאָכדעם דער צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער. מיר זיינען שוין אַלע, דער גאַנצער פלאַטון, געווען אין טרענטש. אלע גאַנץ.

צולעצט שפּרינגט אריין דזשעק, שפּרינגט אריין, גיט אַ פאַל, גיט אַ קרעכץ און רעדט קוים ארויס:

— קוויק, באָיעס (שנעל חברים) שפּיליעט מיך פּאַנאַנ־דער... איך דענק איך האָב עס אריינגעקראָגן... עפּעס איז מיר אין לינקן זייט נאַס געוואָרן. — און גלייך איז ער געוואָרן בלייך, און עס האָט אים אָנגעהויבן וואַרפן אין קעלט.

מיר זיינען גלייך צו אים צוגעלאָפן, האָבן אים געגעבן די ערשטע הילף, פאַרנאַנדערגעריסן זיינע קליידער און מיטן „פוירסט אייד פּע־קעדזש״ (ערשטע הילף פּעקל) פאַרבונדן זיין וואונד אין זייט פון וועלכער עס האָט שטראָמען בלוט געפּלייצט, אים ארויפגעלייגט אויף א סטרעטשער און זאַלבעפערט האָבן מיר אים אויף שנעל גענומען צו דער „פוירסט אייד סטיישאָן״ (ערשטע הילף סטאַנציע).

סאַרדזשענט דזשעק איז געלעגן אויפן סטרעטשער, די אויגן צו־געמאכט, זיך געטרייסלט פון קעלט, שווער געאָטעמט, זיך געראַנגלט מיטן טויט און שווער און אָפּגעהאַקט גערעדט:

— באָיעס... אי עם עי גאנער״... (איך בין א פאַרלאָרענער) איך פּיל עס... נו, צוויי און דרייסיק יאָר געגעסן אָנקל סעמס ברויט... נו, האָט ניט געדאַרפט זיין אומזיסט... אָבער באָיעס... איך בעט אייך, אַז איר וועט קומען צוריק אין קעמפּ... זאָל אייך גאָט העלפן... זאָלט איר פון מיינעטוועגן גריסן לוסין... מיין לוסין... פארגעסט ניט אין מיין לוסין... גיט אויף איר גוט אַכטונג, זאָגט איר עס מיר צו, באָיעס? אייער אַלטן דזשעק?

דזשעק איז שטיל געבליבן, האָט פּלוצים געגעבן אַ כאָרכל, אַ צאַפּל מיטן גאַנצן קערפּער און איז געבליבן שטייף... קאַלט, טויט...

**
*

מיט איינגעבויגענע קעפּ האָבן מיר אים צום „פוירסט אייד סטיישאן״ געבראַכט. אַ פּאָר דאַרע, פאַרוועלקטע ריטלעך, וואָס מיר האָבן דאָרט געקענט געפינען, האָבן מיר צוקאָפּנס פון זיין טויטן קערפּער געלייגט ווי אונדזער א בלומען קראַנץ, און באַטריבטע, מיט פאַרקלעמטע הערצער און איינגעבויגענע קעפּ פון אים אָפּשיד גע־נומען...

# אין דער לעצטער שעה

אין אונדזער ראָטע זיינען מיר געווען זעקס יידן און מיר זיינען איינער צום אַנדערן זייער שטאַרק צוגעבונדן געווען.

באַזונדערס צוגעבונדן בין איך געווען צו איינעם פון די זעקס, סידני איז געווען זיין נאָמען. ער איז געווען אַ נידעריקער, א טונ־קעלער, מיט שוואַרצע אומרואיקע אויגן און עפּעס זייער אַן אומעטיקער און אַ דערשלאָגענער; האָט אויסגעזען צו זיין א שרעקעדיקער. די שרעקעדיקייט האָט ארויסגעשריען פון זיין גאַנצן וועזן, פון זיין נעבעכדיקן דערשלאָגענעם אויסזען, פון זיינע אומעטיקע אויגן און פון זיינע פאַרטרויערטע, בלאָנדזשענדיקע בליקן.

אין דער ראָטע איז ער דערפאַר געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען דער „טרוס״, און צוליב אים האָבן אונדזערע קריסטלעכע חברים ניט איינמאָל אונדז אלעמען, אלע יידן, באַטיטלט מיט דעם זעלבן נאָמען.

מיר פלעגן זיך פון דעם פילן באַליידיקט, געקרענקט, און האָבן געקוקט מיט פאַרדרוס אָבער שטענדיק מיט מיטלייד אויף דעם שרעקעדיקן סידנין.

באַקאַנט האָב איך זיך מיט סידנין אויפן צווייטן טאָג ווען איך בין אריין אין דער ארמיי. מיר זיינען ביידע אין איין טאָג אריינ־געקומען אין דער ארמיי. איך האָב זיך איבערגעגעבן צום שיקזאל, ביי זיך אָפּגעמאַכט, זאָל זיין וואָס עס וויל זיך... פאַרפאַלן... און זיך גלייך גענומען צו מאַכן זיך באַקוועם אויף מיין נייעם פּלאַץ, אונטער די נייע אומשטענדן. ער אָבער איז געווען זייער דערשלאָגן, האָט זיך ניט געקאָנט צוגעוואוינען צום נייעם לעבן; איז געווען אָפּגעלאָזן, געגאַנגען ארום זיך נאַכלעסיק און פלעגט די גאַנצע צייט וואָס מען איז געווען פריי פון „טריינינג״ (מושטירן) ליגן א טרויע־ריקער אויפן בעטל און אין זיך זיפצן.

אין אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי ער איז געווען אין קעמפּ, איז אים געקומען באַזוכן זיינע א מומע, אַ היסטערישע, פאַרזעסענע עלטערע מיידל מיט אַן איינגעצויגענעם, איינגעשרומפּענעם פאַרוואָלקנטן פּנים און בייזע, אויסגעלאָשענע, ערדענע אויגן. זי האָט די גאַנצע פּאָר שטונדן, וואָס זי איז לעבן אים אין קעמפּ געווען, קיין איין וואָרט ניט ארויסגערעדט, האָט נאָר שטיל־שווייגנדיק געקוקט אויף אים, אים באַדויערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט באַוויינט אַ צום־טויט פאַרמשפּטן.

איך האָב עס ניט געקאָנט פאַרטראָגן און בין צו איר צוגעגאַנגען מיט א טענה:

— וואָס באוויינט איר אים אזוי, — האָב איך זיך אויף איר צעבייזערט — דערווייל לעבט ער דאָך נאָך!...

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע ערדענע, גרויע אויגן און זיך צו מיר אָפּגערופן:

— יונגערמאַן, איך זע, אַז איר זייט א מוטיקער. איך וועל אייך בעטן א טובה. ווערט מיט אים חבר און מונטערט אים אויף אביסל, דערמוטיקט אים. ער איז נעבעך אזוי דערשלאָגן. אינגאנצן א פאַר־לאָרענער. העלפט אים, — און זי האָט איר נאָזטיכל צוגעטראָגן צו אירע אויגן.

איך האָב זיך צו אים דערנעענטערט און מיר זיינען אינגיכן הייסע פריינט געוואָרן.

אין אַ וואָך ארום האָב איך זיך דערוואוסט די סיבה פון זיין אומעטיקייט און דערשראָקנקייט. אין קעמפּ איז אים געקומען באזוכן זיין ווייבל מיט וועלכן ער האָט ערשט מיט א פּאָר חדשים צוריק חתונה געהאט. זי איז געווען א שלאַנקע, מיט א ווייך צאַרט געזיכט, מיט בלאָנדע האָר, מיט א פּאָר לאָכעדיקע אויגן, א קליין נעזל און רויטע זאַנפטע לײדנשאַפטלעכע, אביסל פאַרקאָטשעטע, ליפּן און דערצו איז זי געווען אַ לוסטיקע, פול מיט לעבן און געלעכטער. פון איר יעדן קער האָט געווייעט און געשטראָמט מיט ליבלעכקייט.

אז מיר, סאָלדאַטן, האָבן זי דערזען, האָבן מיר די אויגן אויפ־געריסן פון פאַרוואונדערונג. מיר האָבן פון איר די אויגן ניט געקאָנט אָפּרייסן און זיך געוואונדערט ווי קומט זי צו אים, און יעדעס מאָל ווען זי איז געקומען אין קעמפּ, פלעגן מיר זי אויפעסן מיט די אויגן.

געקומען איז זי אין קעמפּ גאַנץ אָפּט. זי פלעגט מיט אונדז פּאַרברענגען, צו אונדז שמייכלען און מיט אונדז שפּאַסן, און יעדעס מאָל וואָס זי פלעגט קומען אין קעמפּ פלעגט זי אריינברענגען פרייד און דערלייכטערונג אין אונדזער לעבן. איר קומען פלעגט ווי אָפּ־פרישן אונדזער אַזוי טרוקענעם גרויען לעבן.

סידני האָט ניט געוואָלט לידן וואָס זי רעדט און שפּאַסט מיט אונדז, סאָלדאַטן. ער איז געווען שטאַרק אייפערזיכטיק אויף איר, און יעדער בליק, יעדער שמייכל וואָס זי האָט געוואָרפן צו א פרעמדן מאַנסביל האָט אים אַ שטיק געזונט געקאָסט.

איך האָב דאָן גוט פאַרשטאַנען זיין פאַרטרויערקייט און דער־שלאָגנקייט. זי, זיין יונג ווייבעל, איז געווען די אורזאַך דערפון. אים האָט זיך ניט געוואָלט שיידן פון איר. אים האָט זיך ניט געוואָלט שטאַרבן און זי איבערלאָזן פאַר אַן אַנדערן.

זיין האָפנונג איז געווען, אַז ער וועט צום פראָנט ניט גיין, אַז ביז וואַנען אונדזער רעגימענט וועט אויסקומען צו גיין, וועט זיך די מלחמה ענדיקן. פלעגט ער מיט אַזאַ מאָדנער גיריקייט און זשעד־נעקייט זיך וואַרפן אַלע טאָג אויף די צייטונגען, שלינגען די מלחמה־נייס, און מיט די אויגן זוכן אין די ווינקלען פון צייטונג, אפשר איז ערגעץ אין אַ ווינקל פאַרשטופּט אַ שטיקל ידיעה וועגן אַ שלום.

מיך האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן דיפּלאָמאַט, פלעגט ער זיך כמעט אלע טאָג צו מיר ווענדן:

— איר זיינט דאָך עפּעס א פּאָליטיקער. זאָגט, ווי איז אייער מיינונג, האַלט עס אין גיכן ביי א שלום?

איך פלעג אים טרייסטן און אויפווייזן, אז גאָר אין גיכן וועט זיין שלום. און הגם ער האָט פון מיר אלע טאָג געהערט דאָס זעלבע, פלעגט ער פונדעסטוועגן מיך אַלע טאָג איבערפרעגן און ער פלעגט זיך ווי א קליין קינד פרייען מיט מיינע טרייסטונגען, ריכטיק ווי דאָס וואָלט געווען זיין איינציקער אָנהאלט אין לעבן.

אָבער ניט זיינע האָפנונגען און ניט מיין טרייסטן אים האָבן עפּעס געהאָלפן. אונדזער רעגימענט איז אוועקגעשיקט געוואָרן קיין פראנק־רייך און אין א פּאָר וואָכן אַרום האָט מען אונדז געשיקט צום פראָנט.

**
*

יענעם טאָג, איידער מיר זיינען געגאַנגען „אָוועր דהי טאַפּ״ (אין שלאַכט) צו מאַכן אַן אַטאַקע אויף די דייטשן, איז געווען א צער און א שרעק אויף אים צו קוקן. אַן אומרואיקער איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק לעבן זיין ביידל אין וואַלד. זיינע אויגן זיינען משונה גרויס געוואָרן ווי זיי וואָלטן פון די לעכער געהאַלטן ביים ארויס־שפּרינגען. דאָס פּנים זיינס איז געוואָרן איינגעפאלן, שוואַרץ, אין ערד זיך פאַרוואַנדלט און ער האָט אַ גאַנצן טאָג מאָדנע עקשנותדיק געשוויגן. קיין וואָרט איז פון זיין מויל ניט ארויסגעקומען. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין אָפּבינדן און צענויפבינדן דאָס פּעקל בריוו וואָס ער האָט פון זיין ווייבל באַקומען; האָט די בריוו געהאַלטן אין איין לייענען און איבערלייענען; בעת מעשה געהאלטן אין האַנט א קליין פאָטאָגראַפיש בילד פון זיין פרוי, האָט דאָס בילד ליידנשאפטלעך געקושט און זיינע אויגן זיינען פול געווען מיט טרערן.

ס׳איז געווען הערבסט. די לופט איז געווען פייכט און קאַלט. ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט. די זון האָט זיך אָנגעהויבן זעצן, איז נעלם געוואָרן הינטער די בערג און פון אלע זייטן האָבן זיך אָנגעהויבן שפּאַרן, רוקן טונקעלע נאַכטיקע שאָטנס.

מען האָט אונדז געהייסן זיך גרייט מאַכן צום גאַנג. וואו און צו וואָס מיר גייען, האָבן מיר ניט געוואוסט, נאָר לויט די פאַראָרד־נונגען האָבן מיר פאַרשטאַנען אז מיר גייען אויף אַן אַטאַקע. ס׳איז געוואָרן אומעטיק און קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. יעדער איינער האָט אָנגעהויבן אָפּצוקלייבן די סאַמע נויטיקע זאַכן וואָס מען באַדאַרף, און דאָס איבעריקע אוועקגעוואָרפן, עס זאָל זיין וואָס גרינגער. סידני האָט נאָכאַמאָל צענויפגעוויקלט דאָס בינטל בריוו פון זיין יונג ווייבל, האָט נאָכאַמאָל א קוש געטאָן זיין ווייבס בילד און עס אריינגערוקט אין זיין בוזעם־קעשענע.

איך האָב באַמערקט זיין אומרואיקייט און דערשלאָגנקייט, בין איך צו אים צוגעגאַנגען, אַרויפגעלייגטביידע הענט אויף זיינע אַקסלען, אים פאַרקוקט אין די אויגן און זיך אָפּגערופן:

— סטעדי, באָי, האָב מוט, סידני, פאַרליר נאָר ניט די האָפנונג. דו וועסט זיך נאָך מיט דיין ליזען עלטערן.

פון דאַנקבארקייט האָט ער געכאַפּט קושן מיין האנט און זי באַנעצט מיט זיינע טרערן.

עס איז געוואָרן פינצטער און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן.

מיר זיינען געגאַנגען שטיל מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. מען האָט געקאָנט הערן דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער.

מיר זיינען אָפּגעגאַנגען ביי א פּאָר שטונדן און מיר זיינען ארויס־געקומען אויף אַן אָפענעם פרייען פעלד. עס האָט אויף אונדז א בלאָז געטאָן מיט אַ פייכטן, קאַלטן הערבסטיקן ווינט. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן איינוויקלען, איינטוליען אין אונדזערע מאַנטלען. פּלוצים האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און מען האָט אונדז געהייסן זיך אוועקלייגן פלאַך אויף דער ערד און ליגן שטיל, ניט אויסריידן קיין וואָרט.

און דאָס בלוטיקע שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

עס האָט אַ זעץ געטאָן, א דונער געטאָן, אַ בליץ געטאָן, אַ שטיק פייער איז מיט א סווישץ דורכגעלאָפן, באַלד נאָך איינס און נאָך איינס. און גלייך האָט עס ווי דאָס ווילדע שרייען און רעווען פון הונדערטער טויזנטער ווילדע משונהדיקע חיות אָנגעהויבן צו שרייען און רעווען. הימל און ערד האָבן זיך צענויפגעמישט. דער הימל האָט זיך שטי־קערווייז געריסן צו דער ערד. די ערד האָט געשפּרונגען צום הימל. אַלע רגע האָט זיך דערהערט א מאוימדיקער סווישץ, און בום, טראַך, בום, טראַך. בליצנדיקע שראַפּנעלן האָבן אלע רגע פון פאַרשיידענע זייטן און אין פאַרשיידענע ריכטונגען דורכגעשניטן די לופט און גע־פאַלן מיט אַ פאַרטויבענדיקן קראַך דאָ, דאָרטן און אין אַלע זייטן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר האָבן אַזאַ מאוימדיקן רעווען געהערט און מיר זיינען ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע שעפּסן געלעגן צוגעטוליעט צום נאַסן, בלאָטיקן באָדן, זיך איינגעקלאַמערט אָן באָדן און זיך געוואונשן, אז די ערד זאָל זיך עפענען און אונדז איינשלינגען, אונדז באַהאַלטן.

איך האָב זיך צוגערוקט צו סידנין. ער איז געלעגן מיטן פּנים אינגאַנצן איינגענורעט אין דער ווייכער ערד. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן. זיינע קני האָבן געציטערט, קעגן זיין ווילן האָבן זיי זיך געוואָרפן, געשליידערט. ער האָט זיי ניט גע־קענט איינהאַלטן. זיינע ציין האָבן זיך געטרייסלט און געקלאַפּט איינער אָן דעם אַנדערן. ער האָט שטיל געקרעכצט.

איך האָב אים א גלעט געטאָן איבערן פּלייצע און זיך שטיל אָפּגערופן:

— פאַרליר ניט דעם מוט, סידני, זיי בראַוו! זיי אַ מאַן!

און נאָכדעם זיינען מיר געגאַנגען „אָווער דהי טאָפּ".

און מערקווירדיק. דער שרעקענדיקער סידני האָט זיך דער ערשטער געריסן אין פייער. דער ערשטער אין דער ריי געווען. איינגעבויגן, איינגעבויגן, נידעריק צו דער ערד מיטן ביקס און באַיאָנעט אָנגעשטעלט, איז ער שטענדיק, די גאַנצע צייט וואָס מיר זיינען געווען אויפן שלאַכטפעלד, דער ערשטער אין דער ריי געווען, גלייך מיטן סארדזשענט. מיט פאַרשטשעמעטע ציין, מיט פאַרביסענע ליפּן, מיט א מאָדנעם אימפּעט, מיט אן אויסערגעוויינלעכער אָנשטרענגונג, ווי מיט די לעצטע כחות, פלעגט ער זיך אלץ רייסן פאָראויס, פאָראויס, איבעריאָגן אַלעמען און גיין פאָראויס, אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט די געפאר אַריבעריאָגן, דעם טויט איבערשפּרינגען.

אומגליקלעך און פארלאָרן איז ער געווען, ווען מען האָט ניט „אדוועַנסד" (געגאַנגען פאָראויס), ווען מען איז געבליבן ליגן אויף איין אָרט, ביי דער נאַכט, אָדער ווען מען האָט געוואַרט אויף הילף. ער פלעגט דאַן ווערן נערוועז און פארצווייפלט פון שרעק, פלעגט זיך קיין אָרט ניט געפינען. די אויגן אין קאָפּ פלעגן ביי אים ווערן גרויס, אָט, אָט און זיי שיסן ארויס פון קאָפּ. און אַ פאַרצווייפלטער פלעגט ער זיך בעטן:

— פאַרוואָס ליגט מען אויף אן אָרט? פאַרוואָס גייט מען ניט ווייטער?...

אָבער נאָך אומגליקלעכער און פאַרצווייפלטער פלעגט ער ווערן, ווען ער פלעגט דערזען אַ טויטן. ער פלעגט אויפציטערן מיט יעדן אבר. אין האַלדז פלעגט אים אָנהויבן שטיקן און ער פלעגט אנטלויפן וואו די אויגן פלעגן אים טראָגן.

איינמאָל, דאָס איז געווען פאַרנאַכט, נאָך אַ טאָג פון א ביטערער שלאכט. מיר זיינען אריינגעקומען אין א שטעטל. דאָס גאנץ שטעטל איז געווען חרוב ביזן גרונט. אלע הייזער פון שטעטל זיינען געווען צעריסן, פאַרניכטעט; פון אַנדערע זיינען געבליבן ניט מער ווי הוילע, צעלעכערטע ווענט און פון אַנדערע דאָס אויך ניט. ניט מער ווי בערגלעך אַש געבליבן. אין אַנדערע פוסטקעס האָט נאָך אַ

שוואַך פייער געברענט און אַ רויך האָט געזעצט. דער פאַרנאַכט איז געווען א שיינער. די זון האָט זיך פאַררוקט הינטער די בערג און דער הימל האָט זיך אין קופּער רויט געצונדן. איך האָב געצוואונגען סידנין, מיר זאָלן זיך אַביסל צוזעצן אָפּרוען, און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף א פריזבע פון אַ הויז, ארום א הונדערט יאַרד ווייט פון פּלאַץ וואו אונזער ראָטע האָט זיך געפונען.

איך האָב באַמערקט, ווי ניט ווייט פון אונדז ליגן צוויי טויטע. איינער איז געווען אן עלטערער דייטש. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בויך, די הענט פאַרריסן, פון זיין מויל האָט זיך געצויגן א פאַר־טריקנט שנירל בלוט און לעבן אים איז געלעגן אן עוואנגעליום; קאָנטיק, אז ער האָט אין די לעצטע סעקונדן פון זיין לעבן ביי גאָט מחילה געבעטן פאַר זיין נשמה. א פּאָר טריט פון אים, פּונקט אנטקעגן אים, איז געלעגן א יונגער אמעריקאנער סאָלדאט. האָט אויסגעקוקט צו זיין א הויכער, א קרעפּטיקער. ער איז געלעגן אויף א זייט, די קני צענויפגעצויגן, אזוי ווי ער וואָלט געשלאָפן.

איך האָב סידנין אָנגעוויזן אויף די דערהרגעטע און זיך אָפּ־גערופן:

— זעסט, סידני, ביי זיי איז שוין שלום.

סידני האָט אָפּגעקערט די אויגן, האָט אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער. זיין קערפּער האָט זיך אָנגעהויבן אזוי ווי וויגן און ער האָט זיך געכאַפּט ביים האַרצן.

— וואָס איז דיר? סידני? — האָב איך צעשראָקן געפרעגט.

— האַ, גאָר ניט, גאָר ניט. קום אַוועק פון דאַנען. איך בעט דיך, קום אוועק! — האָט ער זיך מיט אַ וויינענדיק קול צעשריען, זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַנטלאָפן, ריכטיק ווי וועלף וואָלטן אים נאָכגעיאָגט...

***

עס איז געקומען דער 11טער נאָוועמבער (דער טאָג פון וואָפן־שטילשטאַנד). מיר, די סאָלדאַטן אויפן שלאַכטפעלד האָבן נאָך פון גאָר־ניט געוואוסט. עפּעס האָבן מיר יאָ געהערט, אָבער דאָס זיינען ניט מער געווען ווי קלאנגען, און מיר האָבן זיך צו דעם באַצויגן ווי צו פיל אנדערע קלאַנגן, וואָס האָבן זיך נאָכדעם אויסגעלאָזן א בוידעם.

דער טאָג איז געווען א קאַלטער און א כמורנער. אזוי ווי אַלע טעג זיינען מיר אין דער פרי געשטאַנען פאַררוקט ערגעץ אין א וועלדל, געטרונקען פון בלעכענע קענדלעך שוואַרצע, הייסע קאַווע און זיך געמאכט גרייט צו אן אַטאַקע.

פלוצים האָט דאָס געררויש און דאָס הוזשען פון א מאָטאָר־ציקל זיך צו אונדז דערנענטערט. גלייך טאַקע איז אָנגעלאָפן אַ מעסענ־דזשער (שליח). דער מעסענדזשער איז שנעל אראָפּגעשפּרונגען פון מאָטאָר־ציקל, ארויסגעכאפּט פון היטל עפּעס א פּאַפּיר און ארויס־געשריען צו אונדז:

— גוד ניוס, באָיעס! טשיר אַפּ! איט איז פּיעס!... (גוטע נייס, ס'איז שלום) — און איז מיטן פּאַפּיר אריינגעלאָפן אין אָפיצירןביידל.

שנעל האָט זיך די נייס צעטראָגן איבערן לאַגער. „פּיעס! פּיעס! הורא! הורא!” האָט זיך פון אַלע זייטן אויפגעהויבן א יובל געשריי. די סאָלדאַטן האָבן ביז הייזעריק ווערן געשריען, געליאַרמט, געריסן די העלדזער, געטרובעט מיט די קולאקעס, געוואָרפן היטלען אין דער לופטן, געקלאפּט מיט די ליידיקע בלעכענע קענדלעך און זיך צעריסן שרייענדיק „הורא!”

ביי סידנין זיינען די נערוון אינגאנצן צעשרויפט און לויז געוואָרן. ער האָט ניט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. ער האָט זיינע אייגענע אויערן ניט געגלויבט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. ער האָט זיך שוין גאָר ניט געקאָנט קאָנטראָלירן. ער האָט געוויינט, געלאַכט, געשפּרונגען, געטאנצט, געכאפּט יעדן קושן, זיך געריסן מיט אַלע זיינע כוחות „פּיעס! פּיעס!”... האָט פון בוזים־קעשענע ארויסגעכאַפּט זיין ווייבס בילד, עס אָן אויפהער ליידנ־שאפטלעך גענומען קושן און צולויפנדיק צו מיר, האָט ער מיך געכאפּט קושן און פאַרכלינעט אָנגעהויבן צו ריידן:

— נו, האַ! ענדלעך דערלעבט... וואָס שטייסטו אזוי? קום, לאָמיר טאַנצן, לאָמיר שפּרינגען, הורא! ”פּיעס”!... און אַ כאַפּ טוענדיק מיך האָט ער מיט מיר זיך אָנגעהויבן דרייען אין א קאַראַהאָד.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט א פאַרטויבענדער קראַך, טראַך, בום! טראך, בום! אַ שראַפּנעל איז געפאלן און אויפגעריסן. א געדיכטער רויך האָט אַ שפּאַר געטאָן. שטיקער ערד, בלאָטע, שפּענדלעך און שטיינדלעך האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען אין דער לופטן. מיר זיינען

אַ פֿאַל־צו געטאָן צו דער ערד. איך האָב געפּילט ווי שטיקער ערד, שטיקער האָלץ, שטיינדלעך שיטן זיך, פֿאַלן אויף מיר און באַשיטן מיך. גלייך האָט זיך דערהערט נאָך א טראַך. מיר האָבן זיך אויפֿגעהויבן און גענומען לויפֿן... „אַדוואַנס, פֿאָרוואָרד!" האָט זיך דערהערט דעם קאַפּיטאַנס געשריי און דאָס שפּיל האָט זיך נאָכאַמאָל, צום לעצטן מאָל, אָנגעהויבן.

אַ פּאָר שעה האָט אָנגעהאַלטן יענע שלאַכט, ביז מיר האָבן דערהערט אונדזער קאַפּיטאַנס שטימע, דאָס מאָל א מילדע, אַ ווייכע און א פֿריילעכע:

— „סיעז פֿייערינג" (הערט אויף שיסן), „איט איז פּיעס" (ס'איז שלום).

איך האָב סידנין אין דער שלאַכט ניט געזען, און איך בין אוועק אים זוכן.

נאָך אַ שטונדע ארומזוכן האָב איך אים געפֿונען ליגנדיק א טויטן אין אַ לוזשע בלוט, מיט אַן אויפֿגעריסענעם בויך. זיינע אויגן זיינען געווען אָפֿן און האָבן אזוי שרעקלעך געקוקט און צו זיינע ליפּן האָט ער געהאַלטן צוגעפּרעסט דאָס בילד פֿון זיין ליזעטשקען...

# פאַרשפּעטיקטע בריוו

מיט דזשעק בלום בין איך אין דער אַמעריקאַנער קאַזאַרמע, אין דער מלחמה צייט, געשלאָפן אַ בעט לעבן אַ בעט.

ער איז געווען אַ געזונטער, קלעצלדיקער בחור, א קורץ געוויקסיקער און אַ געפּאַקטער, מיט א קאָפּ טונקל־בלאָנדע האָר, מיט אַ פולן, גוטמוטיקן און אָפענעם פּנים און מיט א פּאָר גרויסע, בלויע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געשמייכלט. ער איז געווען א פריילעכער לונג און לעבער. דער לץ פון דער ראָטע. שטענדיק גרייט אָפּצוטאָן שטוקעס וועמען ניט איז, און, אז ער האָט אימיצן אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, אָדער אריינגעזאָגט א ווערטל, האָט ער אליין פון דעם אַזאַ הנאה געהאַט, אז ער פלעגט שיעור ניט צעזעצט ווערן פון געלעכטער.

און ניט קוקנדיק, וואָס פון זיינע שטוקעס פלעגט אימיצער ליידן, און עס פלעגט יענעם, וועמען ער האָט דאָס שפּיצל אָפּגעטאָן, פאַרגיין אין דער זיבעטער ריפּ, האָט קיינער אויף אים קיין כעס ניט געטראָגן. אלע אין דער ראָטע האָבן אים ליב געהאַט. מען האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין פריילעכקייט און גוטמוטיקייט און טאַקע פאַר די שפּיצלעך אליין.

דערהויבט פלעגט דער באַראַק קראַכן פון פריילעכקייט און געלעכטער, אַ דאַנק בלומס שפּאַסן און ווערטלעך, ביי דער נאַכט, ווען מען פלעגט זיך לייגן שלאָפן. ס'איז ניט געווען די נאַכט, אז בלום זאָל אימיצן פון די סאָלדאַטן ניט אָפּטאָן אַ שפּיצל און „צופּיקסן" יענעמס בעט אַזוי, אז יענער זאָל האָבן צו זינגען און צו זאָגן. אַלע האָבן שוין געוואוסט, אז דאָס איז בלומס ארבעט. אנדערע פלעגן עס אָננעמען גוטמוטיק, ווי א שפּאַס, און מאַכן א שוויג. דאָן פלעגט עס אריבערגיין אָן פיל געלעכטער. אנדערע פלעגן אָבער ווערן אָנגעצונדן און זיי פלעגן אָנהויבן בורטשען און שפּייען און זיך בייזערן.

— גאָד דעם איט, דזשו בעסטערד! (גאָט פאַרדאַמט, אַט דער ייד, דער ממזר!) — און זיי פלעגן אין דער פינצטער אָנהויבן שליידערן און וואַרפן אָן דער ערד די אַלע זאַכן, שיך, בערשטלעך, שטיקער האָלץ און אייזנס מיט וועלכע בלום האָט „אויפ־געפיקסט" יענעמס בעט און דאַן פלעגט שוין דער באַראַק גאָר צע־זעצט ווערן פון געלעכטער.

נאָך דעם, ווען דאָס געלעכטער פלעגט זיך איינשטילן, פלעגט זיך אָנגעהויבן א סדרה מיט שטעכווערטלעך וואָס די סאָלדאטן פלעגן זיך איינע די אַנדערע אָנהויבן אריינזאָגן, און זאָגן פלעגט מען די שטעכ־ווערטלעך נאָכן ריי, ווי פסוקימוויז; דער אַ ווערטל, יענער א ווערטל, און אויך ביי די שטעכווערטלעך האָט בלום געשפּילט די ערשטע פידל. ער האָט געשאָטן מיט ווערטלעך מער ווי אלע. ער איז קיינעם ניט שולדיק געבליבן קיין ענטפער און יעדעס שטעכווערטל זיינס איז געווען אזוי שארף און האָט אזוי געטראָפן אין פינטל, אַז דער באַראַק פלעגט זיך אַזש וויגן פון געלעכטער.

צוליב דעם וואָס איך בין געשלאָפן מיט בלומען א בעטל לעבן אַ בעטל, בין איך געוואָרן זיין נאָנטסטער פריינט און האָב אים געקענט בעסער ווי אַלע.

פאר מיר האָט ער אויסדערציילט זיין האַרץ, פארטרויט זיינע סודות, און איך האָב געוואוסט, ניט נאָר ווען ער איז געווען פריילעך, נאָר אויך ווען ער איז געווען אומעטיק, און א שווערקייט האָט געדריקט זיין האַרץ.

דזשעק האָט אין דער היים איבערגעלאָזן אַ געליבטע, און זיין האַרץ איז צעריסן געוואָרן פון בענקעניש נאָך איר.

פון זיין געליבטער פלעגט אים קיינמאָל ניט מיאוס ווערן צו ריידן צו מיר, דערהויפּט ביי דער נאכט אויפן בעט, ווען די געלעכ־טערס פלעגן אין באַראַק איינגעשטילט ווערן און די מערסטע סאָלדאַטן פלעגן שוין געזונט שנאָרכן, דאַן פלעגט ער צו מיר מיט באַגייסטערונג און בענקשאַפט ריידן פון זיין געליבטע און לויבן אירע מעלות.

און עס פלעגט אים אויך ניט מיאוס ווערן מיר צו וויזן איר בילד וואָס ער האָט שטענדיק מיט זיך געטראָגן. און קוקנדיק אויפן בילד מיט פארליבטע און פאַרבענקטע אויגן, פלעגט ער צו מיר אלע־מאָל דאָס זעלבע זאָגן:

— איזנ'ט שי סוויט ? (איז זי ניט זיס ?)

און ער פלעגט אַנקוועלן קוקנדיק אויף איר.

נאָר כל זמן מיר זיינען נאָך געווען אין די קאַזאַרמעס דאָ אין לאַנד און ער האָט פון איר כמעט אלע טאָג געקראָגן בריוו און האָט אויך געהאט די געלעגנהייט צו קריגן אן אורלויב צו פאָרן זי זען, האָט די נאַטירלעכע פריילעכקייט זיינע איבערגעוועלטיקט זיין בענקעניש נאָך דער געליבטער און ער איז געווען פריילעך און לעבע־דיק, און האָט תמיד געטריבן זיינע קאַטאָוועסן. אזוי גיך אָבער ווי מיר האָבן געקראָגן אַ באַפעל אָפּצופאָרן נאָך פראנקרייך צום שלאכט־פעלד, איז די פריילעכקייט פון אים ווי אָפּגעטאָן געוואָרן. זיין פנים איז געוואָרן באַצויגן מיט א שוואַרצן טרויער און ער איז ארומגע־גאַנגען א שווייגנדיקער און אן אומעטיקער.

די סאָלדאַטן וואָס האָבן ניט געוואוסט פון זיין בענקענדיקער ליבע, און האָבן ניט געוואוסט די אורזאַך פון זיין אומעטיקייט, האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז מיט אים פלוצלונג געוואָרן. זיי האָבן אָנגענומען אז זיין פלוצלונגדיקע אומעטיקייט קומט פון דעם וואָס ער האָט מורא פארן שלאַכטפעלד, זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר א טרוס. זיי האָבן אים אָנגעהויבן פאַראַכטן און ער האָט פון דעם שטאַרק געליטן...

***

נאָך טעג פון וואַלגערן זיך אויפן שיף, וואָס האָט אונדז געפירט קיין פראנקרייך און פון מאַרשירן נאָכדעם טעג אין גוס רעגן און אין ברענענדיקע היצן איבער די פראנצויזישע פעלדער, זיינען מיר אין מיטן זומער געקומען צו אונדזער אָפּשטעלונגס פּלאַץ, אַ קליין פראנצויזיש דערפל פון א צענדליק הייזער.

מען האָט אונדז צעשטעלט אין די שטאַלן ביי די פראַנצויזישע פויערים און ס'האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן א נודנע און אומע־טיק לעבן פון אַ גאַנצן טאָג מושטירן, און אין די אָוונטן ליגן אין דער פינצטער אויסגעצויגן אויפן שעניק אין שטאָל און גענעצן.

דאָס איינציק שטיקל טרייסט אין אונדזער אומעטיקן און נודנעם לעבן זיינען געווען די בריוו וואָס מיר פלעגן באַקומען פון דער היים.

מיט דער גרעסטער אומגעדולד פלעגן מיר וואַרטן אויף די טעג ווען די פּאָטשט פלעגט אָנקומען.

און אומעטיקער און אומגליקלעכער פון אלעמען האָט זיך געפילט דזשעק בלום. ער איז פשוט אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך זיין געליבטער.

צו דעם נאָך האָט ער די גאַנצע צייט וואָס ער איז געווען אין פראנקרייך קיין איין בריוו ניט געקראָגן פון זיין כלה. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ און ניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטן... צום אָנפאַנג האָט ער נאָך געפּרואווט געפינען א טרייסט: „אפשר זיינען די בריוו פאַרלעגן געוואָרן״ — און ער פלעגט א באַטריבטער מיך פרעגן:

— קען עס טאַקע געמאָלט זיין, אַז אַלע אירע בריוו זיינען אין ערגעץ פאַרלעגן? האָ, וואָס זאָגסטו?

איך האָב געפילט, אז ער וואָלט זייער וועלן, אז דאָס וואָס ער מיינט, אז די בריוו זיינען ערגעץ פאַרלעגן געוואָרן, זאָל זיין, אמת און איך פלעג אים ענטפערן:

— ס׳איז נאָך ביי דיר אַ צווייפל, אַז די בריוו זיינען אינערגעץ פאַרלעגן? אין דער ארמיי, בפרט נאָך אין מלחמה צייט, איז אלץ מעגלעך.

מיין ענטפער פלעגט אין אים אויפוועקן אַ האָפנונג און זיינע אויגן פלעגן אויפלייכטן.

נאָר וואָס ווייטער ס׳איז אוועק און ער האָט נאָך אלץ קיין בריוו פון זיין געליבטער ניט געקראָגן, אַלץ שטארקער האָט אים אָנגעהויבן עסן א ווערימל פון פאַרדאַכט, אַז די געליבטע זיינע האָט אים אוועקגעוואָרפן און אים פאַרביטן אויף אַן אַנדערן און ער איז פשוט ארומגעגאַנגען ווי משוגע. ער איז פון טאָג צו טאָג איינגעגאַנגען.

— דו מיינסט וואָס, זי איז אין דעם ניט שולדיק, — האָט ער זיך צו מיר איינמאָל אָפּגערופן, ווי וועלנדיק געפינען א זכות אויף זיין געליבטער, אָדער פאַר זיך אַ טרייסט — אויב זי האָט מיך אוועקגעוואָרפן, איז עס ניט איר שולד. דאָס איז געוויס די ארבעט פון אירע ברידערלעך. דאָס זיינען זיי צו איר צוגעשטאַנען און זי געצוואונגען, זי זאָל מיך אוועקוואַרפן. דאַרפסט זיי קענען, אירע

ברידערלעך... — און אין זיינע אויגן האָבן געברענט בייזע, גרינע פייערלעך.

איך פלעג אים פּרובירן טרייסטן און ארויסשלאָגן פון זיינע אומעטיקע געדאַנקען.

— אָט, ווייס איך וואָס דו האָסט זיך אריינגענומען אין קאָפּ. זי האָט דיך ניט אוועקגעוואָרפן. זי שרייבט דיר געוויס בריוו. און וויפיל ווילסטו זיך וועטן, אַז זי שרייבט דיר, נאָר אירע בריוו זיינען אין ערגעץ פאַרלעגן?

ער פלעגט מיך אָנקוקן מיט דאַנקבאַרקייט און טרערן פלעגן שטיין אין זיינע אויגן.

***

מיר זיינען אַוועק צום שלאַכטפעלד. ס׳זיינען אָנגעשטאַנען טעג און וואָכן פון שלאָגן זיך, טעג פון גיין, גיין, גיין איבער ברייטע, פאַרוויסטעטע פעלדער אָן אַ זין און אָן אַ ציל... מיט פאַרטעמפּטע געפילן, מיט בלוט פאַרגאָסענע און רציחהדיקע אויגן... מיט ביקס און באַיאָנעט אָנגעשטעלט, גרייט צו שיסן, שטעכן און מאָרדן... עס זיינען אויף אונדז אָנגעשטאַנען ביטערע טעג פון זען יעדע מינוט דעם טויט פאַר די אויגן... און נעכט פון ליגן צענויפגעקאָרטשעט פון פּחד אין די טרענטשעס, אָדער אין אויסגעגראָבענע גריבער אויפן אָפענעם פעלד, און פון ציילן די פאַרלאָרענע אין שלאַכט און די לעבעדיק איבערגעבליבענע פון אונדזער ראָטע...

בריוו פלעגן אונדז דאַן זייער זעלטן אָנקומען, אָבער אין דעם טאָג ווען די בריוו פלעגן אונדז אָנקומען, האָבן מיר זיך געפילט פאַר די גליקלעכסטע אויף דער וועלט. אין טרענטש פלעגט דאַן ווערן שטיל, אַלע פלעגן זיצן מיט די אויגן איינגעגראָבן אין די בריוו און אַלע זיינען פאַרטיפט געווען אין לייענען די בריוו וואָס זיינען אָנגעקומען ווערן פון טאַטע־מאַמע, פון געליבטע און פון שוועסטער ־ברידער. אויף די האַרטע, פאַרשטיינערטע פּנימער פלעגט זיך אַ שמייכל באַווייזן; אין קאַלטע, אויסגעלאָשענע און אויסגעטריקנטע אויגן פלעגט אַ טרער אָנהויבן בליסטשען און מיט קינדערשער, גרענעצלאָזער שמחה פלעגט מען זיך פרייען מיט די בריוו.

איין דזשעק בלום פלעגט א פאַראומערטער און מיט א פאַרביסן, פאַרשטיינערט פּנים זיצן און קוקן מיט אַ שטומן פינצטערן בליק צו דער פייכטער ערד צו. ער האָט זיך ניט געהאט מיט וואָס צו פרייען.

צו אים פלעגט אויך אַמאָל אָנקומען אַ בריוו פון אַ ברודער, אָבער די בריוו זיינען אים ניט אָנגעגאנגען און האָבן ניט דערפרייט זיין הארץ. די אמת'ע בריוו, די בריוו פון זיין געליבטער, נאָך וועלכער ער האָט אזוי געבענקט — די זיינען אים ניט אָנגעקומען.

ער איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער און אַן אומגליקלעכער. ער האָט פאַרלאָרן דעם אינטערעס צום לעבן און איז געוואָרן גלייכ־גילטיק צום טויט.

— דו ווייסט, — האָט ער זיך איין מאָל צו מיר אָפּגערופן — ס'איז ניט מער וואָס איך ווייס ניט. אפשר שיקט זי מיר בריוו, נאָר ס'קומט מיר ניט אָן, נאָר אויב זי האָט מיך ווירקלעך אוועק־געוואָרפן און האָט שוין אַן אַנדערן, וואָלט מיך ניט געאַרט ווען איך וועד אפילו גלייך דערהרגעט... — און דער גאָרגל אין זיין האַלדז האָט אָנגעהויבן ארומלויפן, זיך הויבן און אַראָפּלאָזן, ווי ער וואָלט זיך געוואָרגן מיט טרערן.

— אָ, הער אויף צו ריידן נאַרישקייטן, — האָב איך זיך שוין בייז און אומגעדולדיק אויף אים צעשריען — ביזט ווי אַן אַלטע יידענע. איך זאָג דאָך דיר, אַז די בריוו זיינען ערגעץ פאַרלעגן געוואָרן...

אָבער סיי מיין אָנשרייען אויף אים און סיי מיין טרייסטן אים האָט גאָר ניט געהאָלפן. וואָס אַ טאָג ווייטער, איז ער געוואָרן אַלץ געדריקטער, מרה שחורהדיקער און מוטלאָזער.

***

איינמאָל, נאָך א נאָכט פון ליגן אויסגעצויגן אויפן אָפענעם פעלד און שלאָפן ווי אין אַ פיבער, זיך אויפכאַפּן און אַנטשלאָפן ווערן, זיך ווידער אויפכאַפּן און ווידער אנטשלאָפן ווערן, — האָט מען אונדז אויפן פאַרטאָג אויפגעוועקט און מען האָט אונדז אָנגעזאָגט צו זיין גרייט פאַר אַן אַטאַקע.

גלייך האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און מיר האָבן אָנגעהויבן גיין. מיר זיינען געגאנגען שטיל. קיינער האָט קיין וואָרט

ניט אויסגערעדט און אין טונקל־גרויען פּרימאָרגן האָבן זיך אונדזערע פיגורן באַוואויגן ווי שטומע שוואַרצע שאָטנס.

בלום איז געגאַנגען אַקסל אין אַקסל לעבן מיר. ער איז גע־גאַנגען מוטלאָז, מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און איז געווען ווי פאַר־זונקען אין פינצטערע מחשבות.

פּלוצלונג האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו מיר. ער האָט אויסגעקוקט צעטראָגן, זיינע אויגן האָבן פיבעריש געברענט און אָנ־כאַפּנדיק מיר פאַרן האנט, האָט ער צו מיר ווי ארויסגעשריען:

— הערסט, היינט ווער איך דערהרגעט. ווערסט זען... מיר האָט זיך ביי דער נאכט אַזוי געחלומט... נאָר מיך אַרט ניט. איי דאָנ׳ט גיוו עי דעם... סיי ווי סיי האָט זי שוין אַן אנדערן...

— וואָס נאָך פאַר אַ משוגעתן ווערסטו זיך ארייננעמען אין קאָפּ?! חלומות גאָר. טפו! סטאָפּ יור נאנסענס! (הער אויף מיט דיינע נאַ־רישקייטן) — האָב איך זיך אויף אים צעשריען.

ער האָט מיר ניט געענטפערט, האָט אוועקגעדרייט זיין קאָפּ פון מיר און האָט נאָר צו זיך אליין עטלעכע מאָל ארויסגעבורטשעט:

— דו ווערסט זען, דו ווערסט זען... איך ווייס עס... נאָר מיך אַרט ניט... מיך אַרט ניט...

די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן, שראַפּנעלן זיינען מיט אַ סווישע געפלויגן און מיט אַ קראַך אויפגעריסן דאָ און דאָרט לעבן אונדזע־רע פיס, און מענטשלעכע קעפּ, הענט, פיס, צוזאַמען מיט שטי־קער ערד, שטיקער האָלץ, שטיינער, האָבן זיך ווי אין אַ ווירוואַר געדרייט און געטאַנצט אין דער לופטן... קוילן פון מאַשין־ביקסן האָבן ווי מחנות זשומענדיקע בינען מיט אַ ביז־ביז, זיך געדרייט אין דער לופט און געשניטן מענטשלעכע לעבנס... פון אַלע זייטן טויטע און פאַרוואונדעטע... אַ טומל, אַ כאַאָס. קולות, קרעכצן, געשרייען: „העלפּט! העלפּט! אָ, פאָר גאָדס סייק, העלפּ!״... מיר געפינען זיך אויף אַן אָפענעם פעלד. עס באַגעגנט אונדז אַ האָגל פון קוילן... דער אָפיצער באַפעלט אונדז זיך אַוועקצולייגן... מיר לייגן זיך פלאַך אויף דער ערד... דער האָגל פון קוילן הערט ניט אויף... מיר ליגן און ליגן... אַ פערטל שעה, אַ האַלבע שעה. שוין אַ שעה... און דער האָגל פון קוילן הערט אַלץ ניט אויף...

פלוצלונג גיט זיך דזשעק בלום אַ שטעל אויף, לאָזט אַרויס אַ געשריי: — דעם איט!... — און לאָזט זיך לויפן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, גלייך אַנטקעגן דעם שונאס קוילן.

איך בין געוואָרן אַ פאַרציטערטער און האָב אויסגעשריען פאַרצווייפלט:

— דזשעק! דזשעק! וואָס טוסטו?... דער ליוטענאַנט האָט אַ געשריי געגעבן: — לאַי דאַון, יו דעם פול!... (לייג זיך אַנידער, דו פאַרדאַמטער נאַר) אָבער דזשעק הערט אונדז ניט... זיינע אויגן ברענען ווילד... און ער לויפט...

אַ קויל האָט געגעבן אַ סוויסטש. אַ געשריי: „אוי״ פון בלומען האָט דורכגעשניטן די לופט, און ער איז, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, געגעבן אַ פאַל צו דער ערד — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיינען אַזוי געלעגן נאָך אַ שטיקל צייט. דער האָגל פון קוילן האָט אויף א שטיקל צייט אויפגעהערט. פון אונדזער לינקער זייט איז געווען אַ טרענטש, און איינציקווייז, פויזענדיק האַרט ביי דער ערד, האָבן מיר זיך אַלע געראַטעוועט אין טרענטש.

אַז מיר זיינען געלעגן אַ שטיקל צייט אין טרענטש, איז געקומען צולויפן אַ שליח פון די העדקוואָטערס מיט א בשורה, אַז אונדזער רעגימענט ווערט צוריקגערופן פון דער פראָנט ליניע שלאַכטפעלד אויף אָפּרו אין רעזערוו, און מיר זאָלן טאַקע גלייך מאַרשירן צוריק צו די העדקוואָטערס.

ווען מיר זיינען פאַרנאַכט צוגעקומען צו די העדקוואָטערס, הינטער דער ליניע, האָט מען אונדז די ערשטע זאַך דערוואַרימט מיט אַ געקאָכטן מאָלצייט און נאָך דעם האָט דער העדקוואָטער קלוירק אָנגעהויבן אויסרופן בריוו, וואָס זיינען פאַר דער צייט צו אונדז אָנגעקומען.

— דזשעק בלום! — האָט דער קלוירק מיט אַ געזונטער שטימע ארויסגערופן — דזשעק בלום. אַ גאַנצער פּעקל פאַרלעגענע בריוו פאַר דיר, נעכטן אָנגעקומען פון די „דזשענעראַל העדקוואָטערס״... בלום!... — נאָר בלום האָט שוין ניט געענטפערט... איך האָב די בריוו צוגענומען. דאָס איז געווען א פּעקל בריוו פון זיין געליבטער... אַלע בריוו וואָס זי האָט אים געשיקט די גאַנצע צייט זינט ער איז

געוועזן אויפן פראָנט און וועלכע זיינען דורך א קליינעם טעות אין אַדרעס פאַרלעגן געוואָרן.

איך האָב איבערגעלייענט אַ פּאָר בריוו און זיי האָבן געאָטעמט מיט הייסער ליבע און איבערגעבנהייט...



איך האָב געבעטן דעם רעגימענט קאָמאַנדיר, ער זאָל מיך שיקן מיט דער אָפּטיילונג צו באַגראָבן די געפאַלענע סאָלדאָטן און ער האָט מיין פאַרלאַנג באַוויליקט.

מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ לאַנגן, אַלגעמיינעם קבר און האָבן מיט געבויגענע קעפּ אין אים אריינגעלייגט, איינעם נאָכן אַנדערן, די געפאַלענע אין דער לעצטער שלאַכט.

ווען מיר האָבן בלומען אריינגעלייגט אין קבר, האָב איך דאָס פּעקל בריוו פון זיין געליבטער ארויפגעלייגט אים אויפן האַרצן און אז מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרשיטן דעם קבר, האָב איך נאָכאַמאָל א קוק געטאָן אויף בלומען און אויף דעם פּעקל בריוו, און פון מיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן רינען טרערן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט די טראָפּנס רעגן וואָס זיינען דאַן געפאַלן און מיט דער שיטערער בלאָטע.

# יתגדל ויתקדש...

רודאָלף איז געווען איינער פון די געציילטע גוטע פריינט, וואָס איך האָב געקראָגן אין דער אַרמיי. אָבער פאַרן אַוועקגיין צום פראָנט, האָט מען אונדז צעטיילט אין פאַרשיידענע דיוויזיעס, און געטראָפן נאָך אַמאָל האָבן מיר זיך ערשט נאָך דער מלחמה. אונדזער ערשטער געשפרעך איז נאַטירלעך געווען וועגן פאַרשיידענע איבערלעבונגען אויף די שלאַכטפעלדער פון פראַנקרייך. אַלץ די געוויינלעכע איבער־לעבענישן פון פאַרשיידענע סכנות, שרעקן, גרוילן. אָבער רודאָלפן איז דאָך באַשערט געווען איבערצולעבן עפּעס גאָר אויסערגעוויינלעכס, עפּעס אויסטערלישס.

„ס'איז געווען ארום ענדע סעפּטעמבער, — האָט ער דער־ציילט. — דער טאָג איז געווען א ווארימער און אַן אויסטערליש־שיינער. די זון איז געשטאַנען הויך אינעם בלויען קלאָרן הימל, האָט מיט רחבות געשאָטן פולע הויפנס וואַרימע, גאָלדענע שטראַלן, און מיט אַ שאַרלעך־גאָלדיקן גלאַנץ באַשאָטן בוים און בלאַט, גראָז און פלאַנץ.

נאָכדעם ווי ס'האָט פריער איניקע טעג נאָכאַנאַנד גערעגנט און געגאָסן, און די נאַסקייט און די בלאָטע האָט זיך אין קערפּער איינ־געגעסן, איז עס פאַר אונדז געווען ממש אַ דערקוויקונג.

געווען איז עס נאָך אַ נאַר־וואָס פאַרענדיקטן פאַרעקשנטן און פאַר־צווייפלטן קאַמף פון וועלכן מיר זיינען ארויס די זיגער. די שלאַכט איז געווען איבער עפּעס אַ קליין בערגל — ווי ס'ווייזט אויס, אַ וויכ־טיקע פּאָזיציע — און מיר האָבן דאָס בערגל גענומען.

אמת, דאָס געווינס האָט אונדז שיער ניט געקאָסט דעם גאַנצן באַטאַליאָן. יעדער שפּאַן ערד איז געווען פאַרזייט מיט טויטע און פאַרוואונדעטע, אָבער ווער האָט זיך דערמיט גערעכנט!

זיינען מיר אַזוי געלעגן אויסגעצויגן אויפן רוקן פון בערגל. זיך געוואַרימט אַנטקעגן דער זון און גערוט.

איך בין געלעגן אויסגעצויגן מיטן פּנים ארויף, מיט צוגעמאַכטע אויגן און זיך געקוויקט מיט די שטראַלן פון דער זון. מיד בין איך געווען, די וואַרימקייט פון דער זון האָט מיך צענומען, צעוואַרימט מיין קערפּער. האָט עס לאַנג ניט געדויערט, און איך בין איינגעשלאָפן.

אַ לייכטער טרייסל האָט מיך אָבער באַלד פון דרעמל אויפגעוועקט. און אז איך האָב אויפגעעפנט די אויגן, האָב איך לעבן זיך דערזען שטיין א ליוטענאַנט פון מיין ראָטע, מיט דעם מאַיאָר פון מיין באַטאַליאָן.

איך בין ווי אויף ספּרונדזשינעס אויפגעשפּרונגען, זיך געשטעלט אין „אטענשאָן״. סאלוטירט, און אזוי געבליבן שטיין אַן אויסגעצויגענער ווי אַ סטרונע.

— אנטשולדיקט, — האָט זיך דער מאַיאָר העפלעך צו מיר אָפּגערופן. איר זייט, דוכט זיך, אַ ייד ?...

— יעס סער! — האָב איך קורץ געענטפערט, און מיט פאַרוואונדערונג אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגן אויפן מאַיאָר, האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס גייט אים פּלוצלונג אָן מיין יידישקייט.

— פאַרשטייט איר דאָך מסתמא די דייטשע שפּראך? — האָט ער מיך מיט דער זעלבער העפלעכקייט געפרעגט.

— יעס סער.

— אויב אזוי, טאָ קומט מיט מיר, — האָט זיך דער מאַיאָר צו מיר אָפּגערופן.

איך בין אַוועק מיטן מאַיאָר.

מיר זיינען צוגעקומען צו די באַטאַליאָן־העדקוואָטערס און דאָרט האָב איך דערזען אַ גרופּע דייטשע געפאַנגענע, ארום זעקס, זיבן מאַן. דאָס זיינען געווען אַ גרופּע סאַניטאַרן, מיט דעם צייכן פון רויטן קרייץ אויפן אַרבל.

די געפאַנגענע האָבן געהאַט אַזאַ טרויעריק קלעגלעך אויסזען. אַלע זיינען געווען אַזוי שרעקלעך אָפּגעריסן, אָפּגעצערט, פאַרבלאָטיקט, פאַרוואָקסן, אַז ס׳איז געווען אַ שרעק און א צער צו קוקן

אויף זיי. זיי האָבן אַלע אויסגעקוקט צו זיין אין עלטער פון ארום פערציק, עטלעכע און פערציק יאָר.

דער מאַיאָר האָט זיך צו מיר חברלעך און פארטרוילעך אָפגערופן.

— אונדזערע סאַניטאַרן זיינען נאָך ניטאָ... מיר קענען דאָ לאַנג ניט שטיין... מען באַדאַרף געבן די ערשטע הילף די פאַרוואונדעטע און באַגראָבן די טויטע... אָט די געפאַנגענע זיינען סאַניטארן, מיר קענען זיי באַנוצן... נעמט אויפזיכט איבער זיי, און טוט אָפּ די ארבעט. אָבער דערהויפּט זעט די פאַרוואונדעטע אויף אַ זיכערן פּלאַץ אוועק־צולייגן...

— אָל־רייט, סער, — האָב איך קורץ געענטפערט, סאַלוטירט, אויסגעשטעלט די געפאַנגענע, און מיט אַן אָנגעלאָדענעם ביקס, און אָנגעשטעלטן באַיאָנעט זיי געפירט, צו געבן הילף און רעטונג די נאָך לעבעדיקע, די זיך ראַנגלענדיקע מיטן מלאך־המות, און צו באגראָבן די טויטע.

מיר זיינען צוגעקומען צום פּלאַץ.

דאָס פעלד איז געווען פארזייט און באַדעקט מיט טויטע און פאַרוואונדעטע. די קולות און די קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע זיינען געווען ניט איבערצוטראָגן. העלפט! העלפט! האָבן זיי מיט די לעצטע כחות געשריען, ווי זיי האָבן אונדז דערזען, און קראמפּ־האַפט זיך אָנגעכאַפּט ארום אונדזערע פיס.

מיר האָבן זיך גלייך גענומען צו דער ארבעט. אַ פריער נאַטירלעך האָבן מיר זיך גענומען צו די פאַרוואונדעטע.

מיט אַ ברודערלעכער צערטלעכקייט און באַזאָרגטקייט, האָבן די געפאַנגענע דייטשע סאַניטאַרן געגעבן די פאַרוואונדעטע די ערשטע הילף. וועמען זיי האָבן געקענט, האָבן זיי די וואונדן ארומגעבונדן, וועמען אביסל וואסער אין מויל אריינגעגאָסן און אָפּגעחיהט און יעדן איינציקן אריבערגעטראָגן און אוועקגעלייגט אויף אַ זיכערן אָרט, וואו די קויל פון שונא זאָל זיי מער ניט קענען גרייכן ביז מען וועט זיי צונעמען פון שלאַכטפעלד.

נאָכדעם האָבן מיר זיך גענומען צו די טויטע.

אין דעם אנגעזיכט פון טויט זיינען אלעמענס פּנימער מיט שוואַרץ־פינצטערע וואָלקנס פאַרצויגן געוואָרן. שטום און שווייגנדיק האָבן די געפאנגענע דייטשן זייער ארבעט געטאָן. און אַזוי אויך שטום

און שווייגנדיק האָבן מיינע בליקן זיי נאָכגעפאָלגט... און די אָנגע־לאָדענע ביקס, מיטן קאַלטן גלאַנציקן שטאָלענעם באַיאָנעט, וואָס איז אַזוי ווי אַ סטראַשידלע אויף מיין אַקסל געלעגן, איז מיר עפּעס אַזוי שווער און איבעריק געוואָרן... איך האָב גאָר אָן מיין קריגס־פליכט פאַרגעסן, אַז איך גיב אַכטונג אויף געפאַלענע שונאים. האָב אוועק־געלייגט די ביקס אָן אַ זייט, און האָב אויך אַ האַנט צו דער אַרבעט צוגעלייגט. אָפּצוגעבן די לעצטע ערע מיינע געפאַלענע קאַמעראַדן.

מיר האָבן אויסגעגראָבן א לאַנגן, ברייטן ברודער־קבר, און נאָכדעם, ווי איך האָב פון יעדן איינציקן זיין „טעג״ (אָנצייג קאַרט) אַראָפּגענומען, און פאַרשריבן זיין נאָמען, נומער און ראָטע, האָבן מיר אים מיט געזונקענע קעפּ אַראָפּגעלאָזט אין דעם ברודער־קבר, צו זיין אייביקער רו.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צום לעצטן טויטן, וואָס איז געווען אויפן פעלד. ער איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער, אַן אויסגעדאַרטער, א קליין געוויקסיקער, מיט א קרענקלעך־אויסגעמאַטערטן אויסזען, מיט פעך־שוואַרצע האָר, וועלכע זיינען געווען צענויפגעקלעפּט און פאַר־טריקנט פון בלוט. און מיט קויל־שוואַרצע אויגן, וועלכע זיינען געווען אָפן, אויסגעגלאָצט, ווי פון די לעכער אַרויסגעקראָכן, און האָבן אַזוי שרעקלעך געקוקט, ווי לעבעדיקע. איך האָב זיך צו אים איינ־געבויגן, פאַנאַנדערגעשפיליעט זיין רעקל און העמד אום אַראָפּצונעמען דעם „טעג״ פון האַרצן און דערזען אַן אַרבע־כנפות אונטער זיין העמד... איך האָב געהייסן די געפאַנגענע דייטשן אויסגראָבן פאַר אים אַ באַ־זונדערן קבר, נאָענט לעבן דעם גרויסן ברודער־קבר.

אַז די לעצטע לאָפּעטע ערד איז אַרויפגעלייגט געוואָרן, האָב איך אָפּגעבראָכן אַ צווייגל פון אַ דערבייאיקן בוים, אַריינגעשטעקט עס אין קבר, געשטאַנען אייניקע סעקונדן איבער דעם פרישן קבר מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און גלייך, ניט פאַרלירנדיק קיין סך צייט, האָב איך מיך פאַרשטייפט, לויט די אַלע קריגס־דינים מיטן ביקס און באַיאָנעט אָנגעשטעלט און מיט מיליטערישער שטרענגקייט באַפּעלן די געפאַנגענע דייטשע סאַניטאַרן, זיך אויסצושטעלן אין ריי.

איך האָב פלוצים דערהערט פון הינטער מיין פלייצע, פון דאָרט, וואו דער יידישער קבר איז געווען, א שטיל, איינגעהאַלטן ברומען,

באַגלייט מיט אַ נאָך שטילערן און איינגעהאלטענעם כליפּען. און באלד האָט זיך פון דאָרט דערהערט א געוויין.

איך בין אַ פאַרציטערטער געוואָרן.

איך האָב זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען, ווי איינער פון די געפאַנגענע דייטשן איז געשטאַנען אַנגעבויגן איבערן קבר. פון יידישן סאָלדאַט, די אויגן פאַרדעקט מיט איין האַנט, אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ סידורל, און מיט א שטיל כליפּען עפּעס געמורמלט פון סידורל, און גלייך האָבן זיך צו מיר איינצלנע, אָפּגעהאַקטע, צעצויגענע ווערטער דערטראָגן...

— „יתגדל ויתקדש שמה רבה"...

מער האָב איך שוין ניט געקאָנט אויסהאַלטן. איך און מיין דייטשער געפאַנגענער האָבן זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט און אין אונדזערע ביידנס אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

# „העפי"

זיין נאָמען האָב איך ניט געוואוסט.

„העפי", ביי זיין צונאָמען, אַזוי האָט מען אים געקענט אין דער ראָטע.

ער איז געווען אַ פריילעכע, לוסטיקע, זאָרגלאָזע בריאה.

וואו „העפי" איז געווען איז שוין דאָרט אומעטיק ניט געווען, ער פלעגט שטענדיק אָפּטאָן אַזוינע שטוקעס אז מען פלעגט זיך קאַטשען פון געלעכטער.

געקומען איז ער ערגעץ פון א פאַרם אין אַ סטייט פון דער סאוט און איז געווען אַן אמת נאַטור־קינד.

האָט ער נאַטירלעך, מיט אַלע פישטשעווקעס, געקענט נאָכמאַכן דאָס געזאַנג פון אלערליי פארשידענע פייגל, דאָס רעווען פון בהמות, דאָס הירזשען פון פערד, דאָס מורמלען פון טייכל, דאָס געררויש און סאָפּען פון אַן אייזנבאַן און ווי אַ קאַץ מיאוקעט, און ווי א שעפּסעלע מעקעט, ווי אַ האָן קרייט, דאָס זשומען פון בינען. און צולעצט איז אים צוגעקומען נאָך עפּעס — דער זעץ, און סווישץ, און הילך, און קלאַנג פון א פליענדיקן גראַנאַט.

פון געפאַר האָט „העפי" ניט געוואוסט, האָט גאָר ניט געוואוסט „מיט וואָס מען עסט דאָס."

און ניט דורך זיין העלדישקייט איז עס געקומען, נאָר פשוט פון אַ מין זעלן־רואיקייט... „העפי" האָט דעם אוממיטלבאַרן באַגריף פון דעם וואָרט געפאַר ניט געהאט און דאָס האָט „העפין" אויך זיין לעבן געקאָסט.

געווען איז עס אין איינער פון די פאַרצווייפלסטע שלאַכטן אין די אראָגאָן וועלדער.

דער פרימאָרגן איז געווען איינער פון די געוויינלעכע הערבסט פרימאָרגנס: קאלט, פייכט און ווינטיק, — אַ פוילע קעלט.

און אַ טומאַן איז געווען, אַז מען האָט איינער דעם אנדערן ניט געזען.

די שלאַכט איז געווען א פאַרצווייפלטע. דערהויפט זיינען טעטיק געווען די מאַשין־ביקסן און טרענטש־מאָטאָרן.

אונדזער „פלאטון" איז ווי אָפגעשניטן געוואָרן און מיר האָבן ניט געקענט גיין ווייטער.

זיינען מיר געלעגן אויסגעצויגן אין אונדזער גאַנצער לענג אויף דער ערד און געוואַרט, אז דאָס פייער זאָל זיך איינשטילן.

גראָד איז דאָס פאָרגעקומען אין אַ טאָל, און דאָס איז געווען צו אונדזער גונסטן.

מיר זיינען אזוי געלעגן באַוועגלאָז, ווייל ס'איז א געפאַר געווען דעם קאָפּ העכער פון דער ערד אויפצוהויבן.

נאָר איין „העפּין" האָט די געפאר ניט געקימערט, אזוי ווי ניט אים מיינט מען עס.

איז ער געלעגן, און מיט א מאָדנער צופרידנקייט, אָזש מיט באַגייסטערונג נאָכגעמאכט דאָס לויפן פון די שראַפּנעלן, און זיך געמיט וואָס פינקטלעכער עס נאָכצומאַכן.

נאָכדעם האָט ער פאַנאַנדערגענומען דעם ראַנעץ זיינעם, ארויסגענומען זיין שפּייז און זיך גאַנץ געמיטלעך גענומען צו דער אכילה.

אויבן, ארויף באַרג איבער אונדז, איז א ביימל מיט ווילדע יאַגעדעס געוואַקסן. די יאַגעדעס זיינען שוין געווען פאַרדאַרט, צעטרינקט, צעווערעמט. נאָר „העפּין" האָט עס ניט געאַרט.

„העפּין" האָט די געפאר אויך ניט געקימערט.

„העפּי" האָט אַ „מאָלצייט" אָפּגעגעסן, האָט זיך אים פארגלוסט צו פאַרבייסן מיט יאַגעדעס.

און ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען קלעטערן ארויף באַרג־צו, צום ביימל, רייסן די יאַגעדעס.

דער סאַרדזשענט האָט זיך אויף אים צעשריען:

— העי! ליג איינגעלייגט דאָרט... האַלט ארונטערגעלאָזן דיין פאַרדאַמטן קאָפּ!"...

נאָר ווער, וואָס, ווענען? ... וואָס אַרט „העפּין"? ... האָט ער אויפגעעפנט אַ מויל מיט ווייסע, געזונטע ציין, זיי אויסגעשצירעט רוי און ווילד... און ווייטער געקראָכן.

און — טראָך! ...

„העפּי" האָט אַרויסגעלאָזט אַ וואויענדיקן געשריי, ווי אַ פּאַר־וואונדעטער הונט וואָלט זיך צעוואויעט... און ער האָט זיך גע־קייקלט אַראָפּ באַרג.

מיר זיינען צו אים צוגעלאָפן. בלוט האָט זיך געשפּאַרט דורך זיינע צעלעכערטע שלייפן. און פאַר אונדזערע אויגן איז „העפּי" אויסגעגאַנגען...

— צום טייוול! — האָט דער סאַרדזשענט אויסגעשפּיגן — געווען אַ פריילעכער „גאַי"... (יונג).

# דער ווידוי

אַ נאַכמיטאָג שעה.
אין שפּיטאָל וואָרד איז שטיל.
טייל פון די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן שלאָפן זייער נאָכמיטאָג שלאָף און אַנדערע ליגן זיך אזוי, מיט אָפענע אויגן און קוקן זיך מיט די שטראַלן פון דער זון.
די זון שיינט אריין אין פולן דורך די פילע פענצטער פון וואָרד, באַגיסט מיט שטאַרקער ליכט די בעטלעך, די ווייסע קלאָרע איבער־דעקן, די בלייכע קראַנקע געזיכטער פון די פאַרוואונדעטע, און וואַ־רימט און גלעט די קראַנקע איבער די פנימער און גיסט אריין פרייד און האָפנונג אין זייערע הערצער.
אַ זומער־פייגעלע פליט אריין דורך אַן אָפענער פענצטער, לויפט זיך דורך עטלעכע מאָל איבערן וואָרד, זשומעט, זשומעט, וויל ארויס־לויפן, קלאַפּט זיך אָן מיט די פליגלעך אָן די פאָרטקעס פון פענצטער, גיט אַ גרויסן זשום, און פליט ארויס.
צייטנווייז שלאָגט איבער די שטילקייט אַ שנאָרכן פון איינעם פון די שלאָפנדיקע, אָדער א שוואַך קרעכצן פון איינעם פון די פאַר־וואונדעטע, אָדער ווער פון די חולאים גיט ווי פון שלאָף א שוואַכן הוסט און אַ שוואַכן אויסגעשריי:
— נוירס! אָ, נוירס!... — גיט אַ שאַר עטלעכע מאָל מיטן קאָפּ הין און צוריק איבערן קישן, אַ מאַך עטלעכע מאָל מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט זיך מאַטערן עפּעס צו דערשלינגען, און ווערט באַלד ווידער שטיל. און כאָטש יענער שלאָפט שוין ווידער, פונ־דעסטוועגן איז די נוירס, מיס מאַרשאַל, א הויכע, שמאָלע, איינגע־דאַרטע ניו־ענגלענדערין מיט שאַרף־רויטע האָר און מיט גרויסע זומער־שפּרינקלעך — ווי גרויסע געלע פליאמעס אויפן פנים — גלייך אויף

אירע פיס, גיט זיך גלייך אַ הויב אויף פון איר פּלאַץ, גייט צו אויף די שפּיץ פינגער צו יענעם, בויגט זיך אָן איבער אים, לייגט צו איר האַנט צו יענעמס שטערן, דעקט אים גוט איין, פאַרריכט דאָס קישעלע פון אונטערן קאָפּ, און גייט צוריק אויף די שפּיץ פינגער צו איר אָרט.

סאָ'יז אריינגעקומען „פּאַטער דעניס", דער „טשאַפּלין" פון שפּיטאָל. אויך אַ הויכער, אַ מאָגערער, מיט אַ בלייך דאַר פּנים און גרויע איינגעפאַלענע אויגן. זיינע ברילן זיינען געווען אַראָפּ־געררוקט נידעריק אויף דעם נאָז, זיין אָפיצערסקער מיליטערישער מונדיר איז אויף אים נאַכלעסיק געהאַנגען. אויפן האַרצן ביי אים האָט זיך געבאָמבלט אַ גרויסער זילבערנער צלם, וועלכער איז גע־האַנגען אויף אַ שוואַרץ שנירעלע און וועלכער האָט געפינקלט פון די בלישצענדיקע זון־שטראַלן, און אַ קליינעם מאָגערן „פּרייער־בוק" (געבעט בוך) האָט ער געהאַלטן אין האַנט, מיטן רוקן אויפן לאַדאָנע.

אַלע טאָג פלעגט פּאַטער דעניס קומען אין וואָרד באזוכן די פאַר־וואונדעטע, שענקען וועמען א שמייכל, וועמען אַ טרייסט וואָרט, און דערהויפּט אויסהערן די, וועלכע ווילן זיך מתודה זיין.

פּאָטער דעניס איז אריין שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, זיין ערנסטער פּנים איז געווען פאַרזאָרגט. זיינע גוטע, מילדע אויגן פייכט. ער האָט עפּעס אין דער שטיל אזוי ווי א סוד אריינגעמורמלט צו דער נוירס און גלייך אָנגעהויבן גיין פון בעטל צו בעטל. די, וועלכע זיינען געשלאָפן, האָט ער פאַרזיכטיק ארויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָפּ, אָדער לייכט זיי אָנגערירט פארן האנט, עפּעס געמורמלט מיט די ליפּן, אזוי ווי אַ תפילה, אָדער א ברכה און איז באַלד צו א צווייט בעטל צוגעגאנגען, און צו די וועלכע זיינען נאָך ניט געשלאָפן, האָט ער אַ ברייטן שמייכל געשאָנקען און עפּעס אַ גוט וואָרט געזאָגט.

לעבן די חולאים, וועלכע האָבן זיך געוואָלט מתודה זיין, האָט ער זיך לענגער אָפּגעשטעלט, האָט זיי אויסגעהערט, האָט ארויס־גענומען פון קעשענע זיין שמאָל ווייס קירכן־שאַליקל, האָט עס אָנגעטאָן אויפן האלדז, זיך געשטעלט אויף די קני, געזאָגט עפּעס פון געבעט־בוך, און צולעצט מיט צוויי פינגער זיך איבערגעצלמט, פאַרמאַכט דאָס געבעט־בוך מיט אַ קוש, דעם חולה אַ גלעט געטאָן איבערן באַק, און אוועקגעגאַנגען.

ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען מיין בעטל, האָט ער זיך ניט אָפּגע־שטעלט. ער האָט געוואוסט, אז איך בין אַ ייד, האָט ער צו מיר א שמייכל געטאָן און אזוי גייענדיק א פרעג געטאָן:

— וועל? האַ דו יו פיל, סאָן? (נו ווי פילסטו, מיין זון? — אויף וועלכן איך האָב גלייך שוואַך און מיט א שמייכל געענטפערט.

— וועריווועל סער. טהענקס. (זייער גוט, מיין הער, אַ דאַנק).

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם צווייטן בעטל, לעבן מיין שכן.

מיין שכן איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער שגץ. כמעט נאָך גאָר אַ קינד, מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, אפשר אין גאנצן זיבעצן אָדער אַכטצן יאָר אַלט, און איז נאָך געווען אַ נייער אין אונדזער וואָרד. מען האָט אים די נאַכט געבראַכט. אַ גאַנצע נאַכט איז ער געלעגן אין א באַזונדערן צימער, פון וואַנען מיר האָבן געהערט זיינע געוואלדן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער אָן אויפהער געשריען, און גערעדט ניט פאַרשטענדיקע רייד און ניט געלאָזט קיינעם צומאַכן אַן אויג, און דער נאַכט־„אָרדערלי" האָט אונדז מיט א טאָן פון אַן אויטאָריטעט געזאָגט, אז דער נייער פּאַציענט איז גערירט פון זינען. נאָר אין דער פרי האָט ער זיך אביסל בארואיקט און מען האָט אים אריינגעבראכט אין וואָרד, אריינגעלייגט אין דעם בעטל לעבן מיר.

ווען פּאָטער דעניס איז צו אים צוגעקומען, איז דער קראַנקער געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און האָט שווער געאָטעמט. נאָר אז פּאָטער דעניס האָט צאַרט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף זיין הייסן שטערן, האָט ער זיך ווי אַ צאַפּל געטאָן, עטוואָס, ווי אויף אַ קליין שפּעלטעלע, אויפגעעפנט זיינע אויגן, האָט אַ קרעכץ געטאָן, און אָנגעהויבן מיטן צונג באַלעקן די פאַרטריקנטע ליפּן.

ער האָט עטלעכע מאָל אַ שאַר געטאָן דעם קאָפּ איבערן קישן פון רעכטס אויף לינקס און צוריק, און שוואַך, קוים וואָס מען האָט געקענט הערן, ארויסגעזאָגט:

— אָ, וואָטער, עי ליטל ביט וואָטער... (אָ, וואַסער, אביסל וואַסער...)

פּאָטער דעניס האָט אויף גיך אים דערלאַנגט דאָס גלאָז מיט וואַסער, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ טישל לעבן קראַנקן, אים געגעבן א

פאַר זופּ. דער קראַנקער האָט זשעדנע געשלונגען דאָס וואַסער, זיך באַלעקט און מער אויפגעעפנט די אויגן.

— אָט אַזוי, אָט אַזוי, זון! — האָט פּאָטער דעניס מיט ערנסטער גליקלעכער צופרידנקייט געזאָגט, און לייכט ווידער ארויפגעלייגט זיין האַנט אויפן קראַנקנס שטערן.

— נו, וואָס מאכסטו, קינד? — האָט פּאָטער דעניס געפרעגט דעם קראַנקן, קוקנדיק אים אין די אויגן.

דער קראַנקער האָט ניט געענטפערט, נאָר שוואַך געקרעכצט.

— ווי איז דיין נאָמען, זון? — האָט פּאָטער דעניס שטיל אים געפרעגט.

— פּיט... פּיט דעמפּסי, — האָט דער קראַנקער שוואַך מיט צעצויגענע אָפּגעהאַקטע ווערטער געענטפערט.

— און אַוואו ביזטו פאַרוואונדעט געוואָרן, קינד מיינס? — האָט פּאָטער דעניס מיט ערנסטער אויפריכטיקייט געפרעגט.

דער פאַרוואונדעטער האָט יאושדיק אַ מאַך געטאָן מיט זיין רעכטער האַנט, וועלכע ער האָט געהאַלטן פריי אויבן אויף דער קאָלדרע און עפענענדיק מער זיינע אויגן און אָנשטעלנדיק זיי אויף פּאָטער דעניסן וועלכן ער האָט דורכדרינגלעך אָנגעקוקט, האָט ער שטיל א זאָג געטאָן:

— אָ, בעסער ניט פרעגט, פּאָטער. איין פוס אָפּגעריסן, דעם צווייטן פאַרוואונדעט און צו דעם נאָך די לינקע האַנט אויך פאַרוואונדעט... איך שטאַרב... איך ווייס, אַז איך שטארב... — און ביים פאַרוואונדעטן האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— אָ, ניין! ניין! מיין זון! — האָט זיך פּאָטער דעניס ערנסט אָפּגערופן. — פאַרוואָס רעדסטו אזוי, קינד?... האָף צו גאָט. דו וועסט נאָך געזונט ווערן... און לאַנג לעבן... און נאָך הנאה האָבן פון אַ בייז באָל שפּיל... וואָס האָסטו בעסער ליב בייז באָל אָדער פוט באָל? — איך ליב זיי ביידע ניט, איך האָב ליב צום בעסטן גאָלף, נאָר פונדעסטוועגן פון א גוטן בייז באָל שפּיל האָב איך אויך גאַנץ גוט הנאה, — האָט פּאָטער דעניס שנעל אָנגעהויבן צו רעדן גאָר וועגן אַן אַנדער זאַך. וועגן די באָל גיימס, כדי צו צעשלאָגן דעם קראנקנס געדאַנקען.

— אָבער גאָט וועט מיר ניט מוחל זיין. איך האָב דאָך אַזוי שווער געזינדיקט, — האָט זיך דער קראַנקער פיט פאַנאַנדערגעוויינט, און אָנשטעלנדיק שארף זיינע אויגן אויף פאָטער דעניס האָט ער מיט זיין אײנציקע האַנט, מיט דער רעכטער האנט, אַ כאַפּ געטאָן פאָטער דעניסעס האנט, זי צוגעדריקט צום האַרצן, און די טרערן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון זיינע אויגן.

פאָטער דעניס האָט פאַרשטאַנען אָן דעם קראַנקנס שטומע בליקן, אַז ער וויל זיך מתודה זיין. האָט ער אויפן האַלדז אָנגעטאָן דאָס קירכע־שאליקל, זיך געשטעלט אויף די קני און אָנגעהויבן פון געבעט־בוך עפּעס שטיל צו שעפּטשען. אז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער תפילה האָט ער אָנגענומען דעם קראַנקנס האַנט און זיך אָפּגערופן:

— נו זון, איצט דערצייל מיר אַלץ. אלץ וואָס דיר דריקט אויפן האַרצן, דערצייל, שעם זיך פאַר מיר ניט. דער וואָס איז אין הימל איז אַ גוטער. ער וועט דיר אַלץ מוחל זיין.

דער פאַרוואונדעטער פיט, וועלכער האָט מיט אזוי פיל געבעט אין די אויגן אָנגעקוקט די גאנצע צייט פאָטער דעניסן האָט נאָך אַמאָל מיטן צונג באַלעקט זיינע פאַרשרפטע טרוקענע ליפּן, האָט ארונטערגעלייגט די האַנט אונטערן קאָלדרע און אָנגעהויבן זיך מתודה צו זיין:

— איך בין איצט אַכטצן יאָר אַלט... — האָט פיט שטיל, שוואַך און אָפּגעהאקט אָנגעהויבן. — ווען איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער ארמיי בין איך נאָך קיין פולע זיבעצן יאָר ניט אלט געווען... איך האָב זיך פאַרשריבן אין דער ארמיי גלייך ווי אמעריקע איז אריין אין קריג...

— מיין שוועסטער עניס געליבטער, דזשאהני, האָט זיך נאָך אַ סך פריער פאַר מיר אָנגעשלאָסן. ער איז שוין אפילו לאַנג אין פראנקרייך געווען... נאָך מיט דער ערשטער דיוויזיע אוועק... און איך האָב אים מקנא געווען... האָב אויך געוואָלט זיין מיט די „באָיעס״ אין די טרענטשעס... האָב זיך אזוי פיל אָנגעלייענט און אָנגעהערט פון די טרענטשעס, אז מיין קאָפּ איז מיר געווען פול נאָר פון דער מלחמה, און איך האָב געברענט מיט א פאַרלאַנג צו זיין דאָרטן...

— איך מיט ענין פלעגן די גאַנצע צייט נאָר רעדן פון די טרענטשעס... פלעגן גיין צוזאַמען צו קינאָס וואו ס׳האָט זיך געצייגט בילדער פון די טרענטשעס... פלעגן לייענען צוזאַמען די צייטונגען, און נאָר נייס פון דער מלחמה... קיין אַנדער זאַך האָט מיך מער ניט אינטערעסירט, ניט די סקול... ניט די לעקציעס... אפילו ניט באָל שפּיל. נאָר די טרענטשעס... און יעדעס מאָל פלעג איך ווערן אזוי אויפגעבראכט אויף די „דזשעריס״ (דייטשען), אז מיר פלעגט פון כעס זיך אַזש שטעלן טרערן אין די אויגן, און יעדעס מאָל פלעג איך שווערן פאַר ענין, אז איך מוז גיין שלאָגן די „האָנס״... (דייטשען).

— דעם טאָג, וואָס איך האָב באַדאַרפט אַפּגיין אין קעמפּ האָט זיך ביי אונדז אין הויז געטאָן חושך... מיין טאַטע איז געווען בייז, האָט נאָר געהאַלטן אין קייען „טשו־טאַבעקא״ (קיי־טאַבאַק), געשפּיגן... און געבורטשעט צו זיך אליין:

— גאָר ניט ... אליין באַלעבאָס... בין איך דייך טאַטע צי ניין?...

— די מאַמע האָט געוויינט און אלץ גערעדט דורך טרערן;

— אַז ער איז דאָך גאָר אַ קינד...

— די איינציקע וואָס האָט זיך געהאַלטן מוטיק איז געווען מיין שוועסטער ענִי. זי איז געווען שטאָלץ מיט מיר.

— איך האָב זיך אויך געהאַלטן קאָלט... און רואיק... האָב געקושט דער מאַמען און איר געטרייסט.

— פינף מאָנאַטן בין איך געווען אין די קעמפּס, זיינען זיי מיר ווי פינף יאָר געווען... איך בין געווען אומגעדולדיק... געוואָלט וואָס גיכער זיין דאָרטן מיט די באָיעס אין די טרענטשעס און איינטייל נעמען אין אן אמתער שלאַכט.

די לעצטע ווערטער האָט פּיט ארויסגערעדט מיט היץ. ס׳האָט אים קענטיק פיל אָנשטרענגונג געקאָסט. ער האָט אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען. זיין פּנים איז רויט געוואָרן. א שווייס האָט ארויס־געשלאָגן אויף זיין שטערן און ער האָט קרעכצענדיק, שוואַך געבעטן:

— וואָסער! אביסל וואָסער!...

פּאָטער דעניס האָט גלייך גענומען דאָס גלאָז וואָסער, האָט מיט דער האַנט אונטערגעהויבן דעם קראנקנס קאָפּ און עס צוגעטראָגן צום קראנקנס מויל.

פּיט האָט אַ פּאָר זופּ געטאָן און שווער אוועקלייגנדיק דעם קאָפּ אויפן קישן האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— נאָך צוויי מאָנאַטן זיין אין די הינטערשטע רייען, האָט מען מיך געשיקט צום פראָנט און פון דאַן אָן בין איך די גאַנצע צייט געווען אויפן שלאַכטפעלד. אין אייניקע שלאַכטן אנטייל גענומען... זיך אויסגעצייכנט... כמעט אלע פון מיין ראָטע מיט וועלכער איך בין אַריבערגעקומען צום פראָנט, זיינען געפאַלן. נאָר מיך האָט עס נאָך ניט אָנגערירט. איך בין נאָך געווען „אָל־רייט" ביז... ביז דער לעצטער שלאַכט.

דאָ איז פּיטס שטימע נאָך שוואכער געוואָרן, האָט אָנגעהויבן ציטערן. אים האָט אָנגעהויבן שטיקן, ווי אימיצער וואָלט אים געוואָרגן. ער האָט מיט זיין האַנט אָנגעכאַפּט פּאָטער דעניסעס האנט, און זיינע אויגן נאָך שאַרפער, נאָך דרינגלעכער אָנגעשטעלט אויף פּאָטער דעניסן.

ער האָט פאָרגעזעצט:

— די לעצטע שלאַכט איז געווען אַ שרעקלעכע. מען האָט ווי ווילדע חיות געקעמפט פאַר יעדן שפּאַן ערד. אונדזערע זיינען געפאַלן ווי פליגן... מען האָט געקאָנט מאַכן אַ וואַנט פון טויטע... מיר זיינען געקראָכן באַרג ארויף. אויף יענער זייט פון באַרג איז געווען א דייטשער טרענטש און מיר האָבן געקראָגן אַ באַפעל די טרענטש צו נעמען. דער טאָג איז געווען אַ שלעכטער צום שלאָגן זיך. אַ גאַנצן טאָג האָט גערעגנט. די ערד איז געוואָרן בלאָטיק, ווייך, אונזערע טריט האָבן געזונקען אין דער טיפער קלעפּיקער בלאָטע... און די „דזשעריס" האָבן זיך געשלאָגן ווי די טייוואָלים... אונדזערע רייען זיינען געוואָרן אלץ שיטערער. אלע רגע איז אן אנדערער מיט אַ געשריי געפאַלן... פון דעם באַטאַליאָן איז שוין כמעט גאָרניט געבליבן. עס איז אונדז געוואָרן דערעסן... מיר זיינען געוואָרן פאַר־ביטערט. און מיט פאַרביסנקייט זיינען מיר געקראָכן אלץ העכער, אַלץ העכער אויפן באַרג... און מיר האָבן די טרענטש גענומען.

— אין טרענטש איז געווען שטיל און פּוסט. ניט מער ווי טויטע, פאַרבלוטיקטע קערפּערס האָבן זיך אין דער שיטערער געלבלעכער בלאָטע געוואַלגערט...

— וואָס מיט מיר איז דאַן געווען האָב איך אליין ניט געוואוסט. איך בין געווען אויפגערעגט... צעקאָכט... צערייצט... מיין בלוט האָט געזאָטן... מיין צעהיצטער מח האָט געברענט, און איך האָב דאַן נאָר איין זאַך געפילט: וואָס מער בלוט... בלוט... איך בין ווי אַ משוגענער ארומגעלאָפן מיטן רעוואָלווער אין האַנט און אריינ־געשאָסן אין יעדן טויטן קערפּער איבער וועלכן איך האָב אריבער־געטראָטן... אריינגעשאָסן אָן אַ ציל, אָן אַ נוצן, ניט מער ווי צוליב דעם פאַרגעניגן פון שיסן און צו שטילן מיינע צעיושעטע געפילן...

„איך האָב פלוצים דערהערט א שוואכן קרעכץ...

„ס'האָט מיר אַ ברען געטאָן אין מאַרך...

— אַהאַ, אַ לעבעדיקער דייטש, — מיין בלוט האָט אין איך אויפגעקאָכט. מיין צעהיצטע פאַנטאַזיע האָט זיך אין מיר צעשפּילט. — „די בעסטיע קען נאָך מיך דערשיסן”... — האָט עס מיר אַ ברען געטאָן אין מח. האָט מען אונדז ניט דערציילט פון אזוינע פּאָסי־רונגען, אַז דייטשע פאַרוואונדעטע האָבן געשאָסן אויף די וועלכע זיינען געקומען זיי אויפהויבן?... און ארויסכאַפּנדיק מיין טרענטש־מעסער פון שידל האָב איך זיך א לאָז געטאָן צו אים.

— אַז איך בין צוגעלאָפן צו אים מיטן שאַרפן שפּיציקן טרענטש־מעסער, האָט זיך דער פאַרוואונדעטער דייטש מיט זיינע הענט פעסט איינגעגעסן אין מיין פוס, גענומען קושן מיין בלאָטיקן שוך, און עפּעס אָנגעהויבן מורמלען...

— וואָס ער האָט גערעדט האָב איך ניט פאַרשטאַנען, נאָר איך האָב זיך אָנגעשטויסן אז מסתמא בעט ער זיך ביי מיר איך זאָל אים לאָזן לעבן, און דאָס האָט נאָך מער צערייצט דאָס ווילדע בלוט אין מיר. — „טייוול!” — האָב איך ווי פון צווישן די ציין ארויסגעברומט, האָב א ריס געטאָן מיין פוס, אים געגעבן א שליידער און זיך פאַר־מאָסטן מיט מיין טרענטש מעסער.

— איך ווייס ניט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, אַ רגע אָדער אַן אייביקייט. נאָר, דאָס געדענק איך גוט, אז דער פאַרוואונדעטער דייטש איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער, מיט אַן אומשולדיקן נאַאיוון אויסזען, נאָך גאָר אַ קינד. איין אויג זיינס איז געווען צוגע־מאַכט און מיט בלוט פאַרשמירט, ווי אימיצער וואָלט מיט אַן אָבזאַץ פון אַ שטיוול אים אין דעם אויג אַ זעץ געטאָן און עס צוגעמאכט. און

דאָס צווייטע, דאָס אָפּענע האָט אויף מיר געקוקט מיט אזויפיל רחמנות און געבעט... עס האָט מיך אזוי דורכגעשטאָכען.. אזוי פאַר־פאָלגט. מיין גאָט! איך האָב געמיינט, אז איך ווער גערירט פון זינען... ס'איז געווען שרעקלעך, שרעקלעך... ס'האָט מיך ווי אַן עקל אָנגעכאפּט אויף דעם בעטנדיקן אויג... איך האָב ווי אַ האָס דער־פילט צו דעם שרעקלעכן אויג. און דאָס, וואָס דאָס אויג האָט אזוי רחמנותדיק געקוקט אויף מיר, האָט מיין האָס און פאַראַכטונג נאָך מער צעצונדן... עפּעס האָט מיר מיין האַרץ געזאָגט, אַז דאָס אויג וועט מיך שטענדיק פאַרפאָלגן, וועט מיך שטענדיק פון הינטן באָכיאָגן, איך האָב געוואָלט פון אָט דעם שרעקלעכן אויג פּטור ווערן... איך האָב מיט אַלע כחות אַראָפּגעלאָזן דאָס טרענטש־מעסער, און דאָס שאַרפע שפּיציקע מעסער איז אריינגעקראָכן גלייך יענעם אין דעם אָפּענעם אויג.

„דער פאַרוואונדעטער דייטש האָט א געשריי ארויסגעלאָזן, אַ כאָרכל געטאָן, זיך אויסגעצויגן, און איז שטיל געבליבן.

„איך האָב אַרויסגעצויגן דאָס מעסער. עס איז אין גאַנצן געווען רויט, דורך און דורך מיט בלוט. איך האָב עס מיט שרעק א וואַרף אָפּ געטאָן פון זיך.

— אָבער פּאָטער, — האָט „פּיט" מיט מאָטערניש און אָנשטרענ־גונג געגומען הויבן זיין קאָפּ פון קישן, און פון זיינע אויגן האָבן טרערן גערונען. — אבער פּאָטער, דאָס אויג האָט זיך ניט צוגע־מאַכט... ניין, עס איז נאָך אַלץ אָפן געבליבן, און אַזוי שרעקלעך, מיט אזוי פיל געבעט און רחמנות, שטום געקוקט אויף מיר...

— איך בין, ווי אַ גערירטער פון זינען, ארויסגעשפּרונגען פון טרענטש און געגומען לויפן. געגומען לויפן אָן באַוואוסטזיין, אָן ציל, האָב אליין ניט געוואוסט וואוהין איך בין געלאָפן... איך בין אפשר קיין צען טריט ניט אָפּגעלאָפן ווי ער, דער פאַראוונדעטער דייטש, אָט טאָקע דער זעלביקער מיטן אומשולדיקן קינדערשן פּנים, איז מיר ווידער אַנטקעגן געקומען, און דאָס איינציקע אָפּענע אויג האָט נאָך מיט מער געבעט און רחמנות געקוקט אויף מיר... איך האָב אַ געשריי געטאָן — „גאָד דעמיט!" (גאָט פאַרדאַמטער) אויסגעשאָסן אויף אים פון מיין רעוואָלווער, און בין ווייטער געלאָפן... קיינער איז ניט געווען ארום... שטיל איז געווען... אַ רעגן האָט געגאָסן און געפאַלן אויף דער

ווייכער בלאָטיקער ערד. טראָפּ, טראָפּ, טראפּ... מיינע טרענטש־שיך האָבן געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע און אָפּגעקלונגען מיט א קוויטש... קלאנטש... קלאנטש... איך האָב זיך פאר מיינע אייגענע טריט דערשראָקן. האָב אָנגעהויבן לויפן. געוואָלט אנטלויפן פון מיינע אייגענע טריט. פּלוצים האָט א לאנג־צעצויגענער פייף פון א פליענדיקן גראַנאַט די שטילע לופט דורכגעשניטן, ס׳האָט א זעץ געטאָן, און מער האָב איך מיך שוין ניט געפילט. איך בין פון דעם אויפגעריסענעם שראַפּנעל פאַרוואונדעט געוואָרן.

**
*

פּיט איז שטיל געוואָרן. אַ שטיקל לייכעץ איז ביי אים אין האַלדז געבליבן שטעקן. ער האָט זיך פאַנאַנדערגעהוסט. געהוסט לאַנג ביז ער האָט עס אַרויסגעקראָגן, האָט אויסגעשפּיגן, פאַרמאַכט די אויגן און שווער געאָטעמט.

פּאָטער דעניס האָט צוגעלייגט זיין האַנט צו פּיטס שטערן, אים אַ גלעט געטאָן, צו אים אַ שמייכל געטאָן, האָט עפּעס געמורמלט מיט זיינע ליפּן. זיך איבערגעצלמט און איז מיט שטילע טריט אויף די שפּיץ פינגער ארויס פון וואָרד.

די זון האָט שוין אויך אָנגעהויבן זיך אַרויסצוקלייבן פון וואָרד. נאָר אייניקע איבערגעבליבענע שטראַלן זיינען ציטערדיק אין דער קרום אויף די ווענט געהאַנגען.

ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן אין וואָרד.

פון צייט צו צייט נאָר פלעגט אַ לייכט שנאָרכען און אַ שוואַך קרעכצן פון די פאַרוואונדעטע די שטילקייט איבעררייסן...

# צוויי מאָל באַגעגנט דעם ברודער

איך בין געזעסן אין וואַרט־צימער פון וועטעראַנען שפּיטאָל און געוואַרט אויף מיין ריי. אין צימער איז געווען אָנגערויכערט און טומלדיק. די מערסטע, וואָס זיינען דאָרט געווען, זיינען געווען מיטל־יעריקע מענער אָרעם געקליידט, און יעדער פון זיי מיט עפּעס אַ מום. די מערסטע האָט געפעלט עפּעס א גליד — וועמען אַ האַנט, וועמען אַ פוס, וועמען אַן אויג, אַן אויער, און וועמען בלויז אַ פּאָר פינגער, אָדער איין פינגער נאָר. ווער עס האָט שווער געהוסט, אַז די אויגן זיינען אים געוואָרן ווי שטיקער גלאָז און שיעור ניט אַרויסגעקראָכן פון קאָפּ, און ווער עס האָט געוואָרפן ווי אין קדחת. עס האָבן אים געטרייסלט הענט און פיס. א סך זיינען געווען מיט פּליכעוואַטע קעפּ, און ביי די איבעריקע זיינען ביי אַלעמען כמעט די האָר פון קאָפּ שוין געווען באַזילבערט, גראָ.

לעבן מיר איז געזעסן אַ מיטלוואוקסיקער מאַן, א דיקלעכער, מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ. זיינע אויגן זיינען געווען גרויסע און אַרויס־געזעצטע און ער האָט זיי, ווי אומבאַוועגלעך, די גאַנצע צייט געהאַלטן איינגעגראָבן אין איין פּינטל. זיינע הענט האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין טרייסלען, פון זיין מויל האָט געגאַוועדט. געזעסן איז ער שטיל, ניט אַרויסגערעדט צו קיינעם אַ וואָרט און בלויז אַ פּאָר מאָל האָט ער, אזוי קוקנדיק שטאַר אין חלל, אַרויסגערעדט:

— העל!

און דאָס אַרויסזאָגן אָט דאָס איין וואָרט, האָט מען געקאָנט זען, איז אים אָנגעקומען מיט שוועריקייט. די שטים זיינע, ווען ער האָט אַרויסגערעדט אָט־דעם איינציקן וואָרט „העל" האָט מיר געקלונגען ווי באַקאַנט. איך האָב זיך אויסגעדרייט צו אים, אים גוט אָנגעקוקט און — איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. דאָס איז דאָך דזשאָ,

מיינער אַ חבר פון דער זעלבער ראָטע, מיט וועמען איך האָב זיך זייט־ביי־זייט געשלאָגן אין די טרענטשעס.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן און, אָננעמענדיק זיין האַנט, אויסגערופן:

— א, דזשאָ! אָלד פעל! וואָס מאַכסטו? דו דערקענסט מיך ניט?!...

ער האָט מיך אויך דערקענט, גלייך נאָך די ערשטע פּאָר ווער־טער. און מיר האָבן זיך איינער מיטן אַנדערן זייער דערפרייט. זיינע אויגן זיינען געוואָרן נאָך גרעסער. אין זיי האָט זיך צעשפּילט אַ גליקלעכער שמייכל. ער האָט מיט זיינע, ביידע הענט, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין וואַרפן און טרייסלען, אָנגענומען מיין האַנט און איר לאַנג און וואַרעם געדריקט און, צוקנדיק נערוועז אייניקע מינוט מיט זיינע ליפּן, טרייסלענדיק דערביי די מאָרדע, אויפּעפּענענ־דיק און פאַרמאַכנדיק דעם מויל, האָט ער ענדלעך אַרויסגערעדט:

— וואָס מאַכסטו, באָדי?

אים איז געווען שווער צו אָנפאַנגען ריידן. אבער האָט ער שוין אָנ־געפאַנגען, איז אים געווען שווער צוצומאַכן דאָס מויל. דאָס איז געווען זיין קראַנקהייט. ער האָט געליטן פון אַ נערוועזן צוזאַמענברוך פון וועלכן אַלע זיינע גלידער, די הענט, די קני, דער קאָפּ, די ליפּן, די מאָרדע האָבן זיך שטענדיק געטרייסלט און געוואָרפן און אים איז שווער געווען זיי צו קאָנטראָלירן.

— פון וואָס איז עס דיר געקומען? — בין איך געווען נייגעריק צו וויסן.

— פון אַ שווערער איבערלעבונג, — האָט ער מיר געענטפערט.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָב איך ווייטער געפאָרשט.

— איך וועל דיר דערציילן, אָבער ניט דאָ. עס איז אַ לאַנגע מעשה צו דערציילן.

— גוט, קום, לאָמיר אַריבערגיין אין אַ רעסטאָראַן, האָסט שוין געהאַט לאָנטש? נאָך ניט? גוט, קום לאָמיר האָבן עפּעס אַ בייס און מיר וועלן ריידן. אָ, באָי! וואָס פאַר אַ סורפּריז? זיך אַזוי פיל יאָרן ניט געזען. גאָר ניט געדענקט אַמאָל דיך נאָך צו טרעפן, — האָב איך זיך שוין אליין צעוואָרעמט.

מיר זיינען אריין אין אַ דערבייאיקן פּריוואַטן רעסטאָראַן, אָפּגע־קליבן אַ שטילן זייטיקן ווינקל, באַשטעלט עפּעס עסן, און דזשאָ האָט דערציילט.

***

„דו האָסט דאָך געקאָנט מיין ברודער פרעד”, — האָט דזשאָ אָנגעהויבן. צום אָנפאַנג איז אים דאָס ריידן אָנגעקומען מיט מאָ־טערניש, אָבער נאָכדעם, אַז ער האָט זיך שוין צערעדט, האָט ער גערעדט אָן אַן אָפּשטעל, — האָסט דאָך אים געקענט דעם ייִנגערן ברודער מיינעם, דער וועלכער פלעגט קומען מיך באַזוכן אין קעמפּ. געדענקסט, ער איז געווען אַזאַ יונגינקער, בלוט און מילך. אַזאַ ספּאָרט און אַזאַ לעבעדיקער. אַ וויצלינג, געדענקסט דאָך אים מיט זיינע שטוקעס און וויצן, דער גאַנצער באַראַק פלעגט זיך דאָך וויגן פון געלעכטער פון זיינע „דזשאָוקס” און שטוקעס, ווען ער פלעגט מיך קומען באַזוכן. נו, מען האָט אים אויך צוגענומען אין דער אַרמיי. ווען מען האָט אים צוגענומען, בין איך שוין געווען ביים פראָנט און איך האָב גאָר ניט געוואוסט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט און וואו ער געפינט זיך. פון דעם טאָג אָן, וואָס אונדזער רעגימענט האָט זיך געזעצט אויפן באַן אָפּצופאָרן צום פראָנט, האָב איך פון אים קיין איין בריוו ניט געקראָגן און ניט געוואוסט וואָס מיט אים איז געשען.

„איך האָב נאָך אים שטאַרק געבענקט. מיר זיינען פון קינדוויז־אָן געווען שטאַרק צוגעבונדן איינער צום צווייטן. פריער, נאָך אין דער „אַלטער היים”, ווען מיר זיינען געבליבן יתומים און נאָכדעם ווען מיר זיינען ביידע געקומען אין אַמעריקע, זיינען מיר שטענדיק געווען צוזאַמען. איינער אָן דעם אַנדערן זיך ניט אַ ריר געטאָן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער לעבן, וואָס מיר זיינען צעשיידט געוואָרן און אפילו איינער פון צווייטן קיין בריוו ניט געהאַט. האָב איך נאָך אים שטאַרק געבענקט און מיין האַרץ האָט זיך געוואָרפן צווישן האָפנונג און צווייפל. מיין איינציקע האָפ־נונג איז געווען, אַז די מלחמה וועט זיך אין גיכן ענדיקן, איך וועל אַרויסקומען אַ לעבעדיקער פון דער מלחמה און איך וועל אין גיכן זען מיין ברודער. אָבער פיל מאָל פלעגט מיך באַפאַלן אַ שטאַרקע

דריקנדיקע מרה־שחורה, אַ צווייפל — ווער ווייסט, צי איך וועל נאָך צוריקקומען אַ לעבעדיקער אַהיים און צי איך וועל נאָך אַמאָל זען מיין ברודער.

„איינמאָל, דאָס איז געווען אַ פּאָר טעג איידער מען האָט מיך געשיקט צו דער ערשטער ריי טרענטשעס, האָט מען אונדז געבראַכט אין אַן „עמבאַרקיישיאָן־קעמפּ," וואו מען האָט אונדז געדאַרפט אויס־שטאַטן מיט אַלעם נויטיקן צום פראָנט — אין קעמפּ פלעגן יעדן טאָג דורכגיין צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן. מער ווי א טאָג פלעגן זיי דאָרט ניט שטיין, עסן פלעגט מען אויפן אָפענעם פעלד. עס איז געשטאַנען אַ גרויסער קעסל אויפן אָפענעם פעלד און מען פלעגט שטיין אין ריי נאָך דער „גראַב" (שפּייז).

„אין ריי פלעגן שטיין טויזנטער סאָלדאַטן מיטאַמאָל. מ׳פלעגט שטיין צענויפגעדריקט, ווי צוגעשפּאַרט און צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און די ריי פלעגט זיך זייער פּאַמעלעך באַוועגן. מעכאַניש פלעגן זיך שוין די פיס פון זיך אַליין רירן, גאָר ניט פילנדיק, אַז מיר רוקן זיך. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ זייער הויכער סאָלדאט און ער האָט מיר פאַרשטעלט די וועלט. איך האָב גאָר ניט געקאָנט זען, וואָס אין פאָרנט פון מיר קומט פאָר. און אזוי רוקנדיק זיך און שאַרנדיק מעכאַניש מיט די פיס, בין איך צוגעקומען צום קעסל.

„צוקומענדיק צום קעסל האָב איך, אויך אזוי מעכאַניש און אינסטינקטיוו, אויסגעשטרעקט מיין האַנט מיטן „מעסקעט" צום סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען ביים קעסל און אויסגעטיילט דאָס שפּייז.

„איך בין געווען פאַרטראַכט, אויפן האַרצן איז מיר געווען קאַלאַ־מוטנע. מיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט דער מלחמה, מיטן פראָנט וואוהין מען שיקט מיך, און פון וואַנען ווער ווייס צי איך וועל צוריקקומען אַ לעבעדיקער, און מיט מיין ברודער, פון וועמען איך הער גאָר ניט. האָב איך גאָר ניט געקוקט אויפן סאָלדאט, וואָס האָט אויסגעטיילט דאָס שפּייז. אַ דאגה מיר אַ גרויסע, ווער ער איז.

„עפּעס האָט אָבער פּאַסירט וואָס האָט פאָרט מיך געצוואונגען איך זאָל אַ קוק טאָן אויף אים. איך האָב באַמערקט ווי אין מיין „מעסקעט" ווערט אריינגעלייגט מער שפּייז ווי אין די אנדערע. איין

פּאַרציע פלייש און נאָך איינע. איין בולבע און אַ צוויטע. נאָך אַ לעפל און נאָך אַ לעפל יויך. מיין „מעסקעט" איז שוין אָנגעפילט מיט אַ ווערך און דער סאָלדאַט לייגט נאָך מער שפּייז. דאָס האָט מיך פאַרוואונדערט: וואָס האָט פּאַסירט, מיט וואָס האָב איך עס ביי אים אזוי אויסגעַנומען? איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן, אָנגע־קוקט דעם סאָלדאַט און — ווער מיינסטו, איז דאָס געווען? מיין ברודערל פרעד... יעס סער, פרעד... ער אליין, און זיין פּנים קוועלט אָן.

„איך האָב אַרויסגעלאָזן אַ פריידיקן געשריי — „יו־הי!" — אָט אזוי ווי מיר פלעגן טאָן אין דער אַרמיי, דו געדענקסט דאָך, האָב אַ שליידער געטאָן מיין „מעסקעט" און שנעל ווי אַ ווינט האָב איך געגעבן אַ שפּרונג אריבער דעם טיש, אויף וועלכן דער קעסל איז געשטאַנען, און מיר זיינען שוין געלעגן איינער אין דעם אנדערנס אָרעמס, זיך געקלאַפּט אין פּלייצע, זיך געקושט און אין אונדזערע ביידנס אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

„אונדזער באַגעגעניש, די באַגעגעניש פון צוויי ברידער, אונטער אזוינע אומשטענדן, האָט אפילו גערירט דעם „מעס־סערדזשאנט", אַן אַלטער פאַרהאַרטעוועטער סאָלדאט, אונטער וועמענס אויפזיכט מיין ברודער איז געווען. ער האָט מיין ברודער באַפרייט פאַרן טאָג פון פליכט און מיר האָבן די איבעריקע צייט פון טאָג פאַרבראַכט צו־זאַמען. שוין ניט אָפּגעטראָטן איינער פון צווייטן.

„פרעד האָט מיר נאָכדעם געזאָגט, אז ער, אזוי ווי איך, האָט ניט געוואוסט, אַז איך געפין זיך אין קעמפּ. ער האָט מיך דערזען פון דערווייטנס אין דער ריי, האָט ער מיך געוואָלט איבעררעשן און זיך איינגעהאַלטן ביז איך בין צוגעקומען מיט מיין „מעסקעט" צום קעסל.

„אונדזער פרייד האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, ווייל נאָך דעמזעלבן אָוונט, אַזוי שנעל ווי עס איז פינצטער געוואָרן, האָט אונדזער רעגימענט אַוועקגעמאַרשירט צו דער ערשטער ריי טרענטשעס. איך האָב זיך אַפילו ניט געקענט זעגענען מיט מיין ברודער. מען האָט אים ניט צוגעלאָזן צו מיר."

**
*

פון דזשאָוס האָלדז האָט זיך דערהערט אַ שטיל ברומען. ער האָט זיך ווי אָנגעהויבן ווערגן. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין האָלדז און זיינע ליפּן האָבן פּלוצלונג נערוועז אָנגעהויבן צוקן. קאָנטיק געווען, ער לעבט איבער שווערע, טיפעליידן און עס איז אים שווער צו דערציילן.

ער האָט גענומען אַ טרונק וואַסער, זיך אַביסל באַרואיקט און ווייטער דערציילט:

„מער האָב איך פון מיין ברודער ניט געהערט.

„איך בין שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, אַ שווער קראַנקער אָפּגעלעגן עטלעכע מאָנאַטן אין שפּיטאָל. דער שפּיטאָל איז געווען זייער אַ גרויסער. ס׳איז ניט געווען איין שפּיטאָל, נאָר אַ גרופּע שפּיטאָלן. אַ „האָספּיטאַל־קעמפּ״ פאַר פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן אויפן שלאַכטפעלד, אַ קעמפּ, וועלכן מען האָט אין איילעניש צענויפגעקלאַפּט אויפן אָפענעם פעלד. ער האָט זיך געצויגן מיילן־לאַנג ווייט און געהאַט צענדליקער און צענדליקער געביידעס. אין אָט־דעם שפּיטאָל האָט דער מלאך־המות געהאַט גענוג אַרבעט, זיין קאָסע האָט ניט גערוט אויף אַ מינוט. יעדן טאָג פלעגט דער טויט צונעמען הונדערטער. זייער פלאַץ, זייערע בעטן האָבן פאַרנומען פרישע הונדערטער, נאָר וואָס געבראַכט פון שלאַכטפעלד.

„איך בין געווען פון די גליקלעכע. איך בין געזונט געוואָרן, בין אַראָפּ פון בעט און געבליבן אין האָספּיטאַל־קעמפּ אויף אַ שטיקל צייט זיך צו דערהאָלן. דערווייל האָט זיך געענדיקט די מלחמה און מען האָט זיך געקליבן מיך צוריקצושיקן אַהיים. אַזוי גיך ווי אַ פאַרוואונדעטער סאָלדאַט האָט זיך אַביסל געפילט בעסער און ר׳איז אַראָפּ פון בעט, האָט ער שוין באַדאַרפט טאָן לייכטע אַרבעט, אויך שטיין אויף דער וואַך.

„די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין שפּיטאָל, האָב איך נאָר געטראַכט פון מיין ברודער, מיין האַרץ האָט זיך געצאַפּלט צווישן פרייד און מורא. איך האָב זיך געפרייט וואָס איך וועל שוין באַלד פאָרן אַ לעבעדיקער צוריק פון דער מלחמה אַהיים, אָבער כסדר, אין מיין גרעסטער שמחה, פלעגט אַ מורא, ווי אַ וואָרעם, עסן מיין האַרץ. „ווער ווייס?... טאָמער?... ווער ווייס וואָס מיט פרעדן האָט

פּאַסירט ? לעבט ער״ ?... — איך האָב די מורא גאָר ניט געוואָלט צולאָזן צו מיין געדאנק.

„איינמאָל — דאָס איז געווען שוין שפּעט ביינאכט, ווען איך האָב זיך שוין געקליבן גיין שלאָפן. דאָס איז געווען די לעצטע נאַכט פון זיין אין שפּיטאָל, איידער מען האָט מיך באַדאַרפט צוריק־שיקן אַהיים. — די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, אַ קאַלטע. אַ גוס־רעגן האָט אָן אַן אויפהער געגאָסן. איז צו מיר צוגעקומען אַ סאַרדזשענט און מיך גערופן אויף אַרבעט.

— קאַם אָן, באָדי, טהער איז סאַם וואָירק טו דו, (קום מיט מיר, ס׳איז פאַראַן עפּעס צו טאָן) — האָט ער מיר אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל און צווידייטיק אַ וואונק געטאָן מיטן אויג, פאַרקרימענדיק דערביי אָן אַ זייט זיין מויל. סיי אין דעם וואונק פון זיין אויג און סיי אין זיין פאַרקרימטן מויל איז געלעגן אַ ציניש ער שמייכל.

„איך האָב פון זיין וואונק מיטן אויג און פון דעם שמייכעלע שוין פאַרשטאַנען, אַז די אַרבעט וואָס איך דאַרף טאָן איז ניט אַזאַ געשמאַקע.

„גערופן צו דער אַרבעט האָט ער צוויי פון אונדז, מיך און נאָך אַ סאָלדאַט. ער האָט אונדזביידן לאַנג געפירט אין דער קאַלטער פינצטערער נאַכט איבער בלאָטיקע קעמפּ־וועגן און געסלעך, האָט אונדז צוגעפירט צו אַ לאַנגער, אין גאַנצן פינצטערער געביידע, האָט אונדז אַרונטערגעפירט אין נאַסן קעלער פון דער געביידע, געגעבן אונדז שיסלען מיט הייסן וואַסער, זייף און גאָל־מעסערס און איז אָן אַ וואָרט אויסצורידן אַוועקגעגאַנגען.

„וואו מיר געפינען זיך, וואָס דאָ, אין קעלער, טוט זיך און צו וואָס פאַר אַן אַרבעט מען האָט אונדז גענומען, האָבן מיר ניט געוואוסט, זיינען מיר שווייגנדיקע, דורכגענומענע פון שרעק געשטאַנען און געוואַרט אויף אַ ווייטערדיקן באַפעל פון סאַרדזשענט.

„דער סאַרדזשענט האָט זיך לאַנג ניט געזאַמט. ער איז באַלד צוריקגעקומען מיט צוויי „סוירטש־לאַיטס״. זייער ליכט האָט זיך צע־טאַנצט איבערן קעלער, און מיר האָבן דערזען, וואו מיר געפינען זיך און וואָס דאָ טוט זיך: דער גאַנצער קעלער איז געווען אָנגע־שטעלט מיט שוואַרצע טרונעס, אין וועלכע עס זיינען געלעגן טויטע סאָלדאַטן.

„עס איז שוין פאר מיר קלאָר געוואָרן, אויף וואָס פאַר אַן אַרבעט מען האָט מיך גערופן. א שוידער איז מיר אַריבער איבערן לייב. עס האָט מיר אַ קער געטאָן אין די געדערים און מיר אין אַזוי ניט גוט געוואָרן, אַז איך בין זיכער, אַז מיין פּנים איז געוואָרן ווייס, נאָך ווייסער ווי ביי די טויטע, וואָס זיינען געלעגן אין די טרונעס.

„דער סאַרדזשענט האָט אונדז געגעבן די סוירטשלייטס און צו אונדז אַ זאָג געטאָן:

— ראַזירט זיי אַלעמען אָפּ. פאַרשטאַנען?... אָבער ראַזירט זיי אָפּ גוט. פאַרשטאַנען?... מען דאַרף זיי פאַרפּוצן איידער מען באַגראָבט זיי, די אָרימע טייוואָלים... אַנדערש פּאַסט ניט אָנקל סעם, כאַ־כאַ־כאַ.

„מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט. אַ ניט־גוטקייט האָט מיך באַשלאָגן. די הענט האָבן מיר געציטערט, אויף מיין שטערן זיינען געשטאַנען גרויסע, קאַלטע טראָפּנס שוויס. מיר האָבן אָבער געמוזט אָנגיין מיט דער אַרבעט. האָבן מיר שוויגנדיק, ניט אויס־ריידנדיק די גאַנצע צייט איינער צום אַנדערן אַ וואָרט, געזייפט און געריבן מאָרדעס פון מתים, מיט די גאָל־מעסערס געפירט איבער טויטע פּנימער. איך האָב אפילו ניט געקוקט ווי און וואו איך גאָל. איך האָב געשאָבן מיטן גאָלמעסער, וואו עס האָט זיך געלאָזן.

„וויפיל מתים איך האָב שוין אָפּגעגאָלט, האָב איך ניט גע־וואוסט. איך האָב ניט געפירט קיין חשבון. און אָט נעם איך זיך צו נאָך אַ מת, דער איז נאָך גאָר א יונגינקער. אין דער פינצטער האָב איך זיין פּנים גוט ניט געזען, נאָר געכאַפּט אַ בליק אויף זיין פּראָפיל און באַמערקט, אַז ער איז נאָך גאָר אַ יונגער.

„איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט אָפּצוגאָלן אָט־דעם מת. איך האָב די פולע ליכט פון מיין „סוירטש־לאַיט" אָנגעשטעלט אויפן טויטן צו קענען בעסער זען ווי אים צו גאָלן. די פולע ליכט איז געפאַלן אויפן מת, העל באַלויכטן זיין פולן פּנים און... אַ שטיק פינצטערניש האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין די אויגן, מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַלץ, די סטעליע איבער מיר, אַלע טרונעס מיט די טויטע, די גאַנצע געביידע, די גאַנצע וועלט, דער פאַרוואָלקנטער הימל מיט דער בלאָטיקער ערד, אלץ, אַלץ, איז אויף מיר ארויפגעפאַלן.

— פרעד!... — האָב איך אַ געשריי געטאָן און געפאַלן אין חלשות... איך בין נאָכדעם מאָנאַטן־לאַנג אָפּגעלעגן קראַנק אין שפּיטאָל. איך האָב געקראָגן אַ נערוון־צוזאַמענבּרוך און פון דעם איז עס מיר געקומען, וואָס איך בין אָט אַזוי־אָ, ווי דו זעסט מיך. — — —

***

דזשאָ איז שטיל געבליבן. זיין אונטערשטע ליפּ און די מאָרדע האָבן לאַנג געצוקט, זיך געטרייסלט. עס האָט גענומען לאַנג, ביז זיינע ליפּן האָבן זיך געשלאָסן און אין זיינע פאַרגלעזערטע, ארויס־שטאַרצנדיקע אויגן, וואָס האָבן טעמפּ געקוקט אין איין פּינטל, זיינען געשטאַנען גרויסע טרערן.

# קאָנקורענטן

## א

מילטאָן און דעני זיינען יינגלעך אין איין עלטער.ביידע צו צוועלף יאָר אַלט, ביידע וואוינען אין דעם זעלבן גרויסן טענעמענט הויז, ביידע גייען אין דער זעלבער סקול און אין איין קלאַס און ביידע האָבן, נאָכן לערנען פאַרקויפט צייטונגען.

גלייך ווי זיי פלעגן קומען אַהיים פון סקול, פלעגן זיי אַ כאַפּ טאָן אַ שטיק ברויט, באַשמירט מיט פּוטער אָדער סאָק. אויב אין שטוב איז ניט געווען קיין פּוטער אָדער סאָק, איז אויך רעכט געווען טרוקן ברויט מיט נישט און פלעגן הענדום־פּענדום אַנטלויפן צו דער הויכער גרויסער צייטונגס געביידע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער זעלבער גאַס, וואו זיי פלעגן קריגן זייערע צייטונגען אויף צו פאַרקויפן.

סיי פון סקול אַהיים און סיי פון שטוב צו דער צייטונגס־געביידע פלעגן זיי ניט גיין נאָר לויפן. גלייך ווי דער טויער פון סקול־הויף פלעגט זיך אָן עפן טאָן, פלעגן זיי זיך, ווי פייל אויסן בויגן, א יאָג טאָן איבער דער גאַס און אָן אָטעם לויפן אַהיים. שטענדיק האָט איינער דעם צווייטן געוואָלט איבעריאָגן, ווי דאָס וואָלט זיי געגאנגען אין לעבן און שטענדיק האָט מילטאָן אַריבערגעיאָגט דעניך.

פון שטוב צו דער צייטונגס־געביידע פלעגן זיי שוין לויפן מיט מער אימפּעט. מיט די שטיקער ברויט אין די הענט, די מיילער אָנגעשטאָפּט מיט גרויסע ביסנס ברויט, אַזוי, אַז זייערע באַקן זיינען אַזש געווען אָנגעבלאָזן ווי פּענכערס און די פּנימער, דערהויפּט, די ליפּן, די מאָרדעס און די שפּיץ נעז, פאַרשמירט מיט פּוטער אָדער סאָק — פלעגן זיי לויפן ווי די טייוואָלים איבער דער גאַס, מיט דעם

איינציקן אונטערשייד, וואָס לויפנדיק פון סקול אַהיים פלעגן זיי, ווי אַלע איבעריקע קינדער, נאָך אויך שרייען מיט באַנומענע קולות, און לויפנדיק פון הויז צו דער צייטונגס־געבײדע האָבן זיי, צוליב די אָנגעשטאָפּטע מיילער, שוין ניט געקאָנט שרייען, און טאָמער האָבן זיי עס יאָ געטאָן, זיינען זייערע קולות אַרויסגעקומען דומפּיק, פאַר־שטיקט און האָבן אַזוי ניט געלעכערט די לופט.

ב

געקומען צולויפן צו דער צייטונגס־געבײדע פלעגן זיי זיך גלייך מיט די עלנבויגנס, מיט די קעפּ און מיטן גאַנצן קערפּער אַ לאָז טאָן און אַ שפּאַר טאָן צום הינטערשטן אַריינגאַנג וואו מען האָט די צײ־טונגען פאַרקויפט צו די צייטונגס פאַרקויפער.

לעבן דעם אַריינגאַנג איז געווען ענג און טומלדיק. עס איז געשטאַנען אַ האַרמידער. אַלע האָבן זיך געשפּאַרט און איינער האָט דעם אַנדערן געשטופּט. עס איז געשטאַנען אַ קנויל פון מענטשן, און איינגעקנאָטן אין קנויל האָבן זיך געפונען: עלטערע יידן מיט צעפּלאָנטערטע בערד, אָנגעטאָן אין ווינטערדיקע קורטקעס, דיקע סוועטערס און אין גראָבע געוואַנטענע היטלען מיט קלאַפּעס: עלטערע ברייטע יידענעס מיט וואַרעמע פאַטשיילעס אויף די קעפּ, און אין פאַרשמאָלצענע, גלאַנציקע וואַטאָווע לייבלעך וואָס זיינען געווען אַרומ־גענומען און אַרומגעבונדן מיט פאַרטוכער, און דערהויפּט האָבן זיך אין קנויל געפונען אַ סך יינגלעך אָרעם אָנגעטאָן, אין צעריסענע שיך און אין אַלטע צעפליקטע כאַלאַטלעך. אין מיטן פון קנויל איז געשטאַנען אַ הויכער יונג מיט אַן אָפן לאַכנדיק פּנים, ווייסע ציין און שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ אַרבעטס־העמד וואָס איז געווען ברייט אָפן ביים האַלדז. אַלע האָבן זיך צום יונג געשפּאַרט, אים אַרומגערינגלט, האָבן צו אים געהויבן די הענט ווי אין אַ געבעט, אים געשטופּט געלט און זיך ביי אים געבעטן:

— סעם, מאַי פּעיפּערס, פּליעז, גיוו מי פּעיפּערס, היער איז מאָני... (גיב מיר מיינע צייטונגען, אָט איז געלט.)

און אַן עלטערע יידענע האָט זיך מיט אַ תחינה־ניגון ווי צעוויינט:

— סעם, סעמעלע, אַ געזונט אין דיר, פאַרגעס נאָר ניט אָן מיר. סעם, סעמעלע...

און סעם איז געשטאַנען אין מיטן דעם מענטשן־קנויל ווי אַ קעניג, ווי אַ הערשער, האָט געשמייכלט מיט אַלע זיינע ווייסע ציין, און פלינק ווי אַ כישוף־מאַכער, געכאַפּט ס'געלט פון די אויסגע־שטרעקטע הענט און אין זיי אַריינגעשטופּט בינטלעך צייטונגען.

געקראָגן זייערע צייטונגען האָבן מילטאָן און דעני, אפילו ניט איבערגעציילט וויפיל צייטונגען זיי האָבן געקראָגן, און מיט אַן אימפּעט, מיט אַ ברען, מיט אַ שפּרונג און אַ געשריי, פייל אויסן בויגן זיך אַ יאָג געטאָן איבער דער גאַס.

די פנימער צעפלאַמטע, פאַרשוויצטע, דעם פּאַק צייטונגען אונטערן אָרעם, די היטלען אויף אַ זייט, די מיילער פאַרקרימט, אַזש ווי אויס־געדרייט, זיינען זיי געלאָפן און געשריען:

— העי, עקסטרא! עקסטרא! — און די אויגן געוואָרפן אויף אַלע זייטן, געזוכט קונים.

ג

מילטאָן איז געווען אַ הויכער, אַ געזונטער, מיט לאַנגע פיס, מיט ברייטע פּלייצעס, רונדע אַקסלען און מיט אַ פּאָר פולע פּיסקעס, און האָט געהאַט א געזונטע געמבע. דעני, דאַקעגן, איז געווען אַ קליינס, אַ שוואַכס און אַן אויסגעדאַרטס. הויט און ביינער, מיט אַ שמאָל, דאַר פּלייצקעלע און שפּיציקע אַקסלען, דאָס פּנימל בלאַס און די אויגן איינגעגראָבענע, צעשראָקענע און אַ קולכל האָט ער געהאַט א דינס, אַ שוואַכס און אַ פּיסטשענדיקס.

„שרימפּ" — האָבן אים די קינדער גערופן און אלעמאָל ווען ער האָט געהערט דאָס וואָרט פון די קינדער האָט עס אים אַזוי צעקאָכט און פאַרקלעמט ביים האַרצן, אַז ער איז גרייט געווען אי צו וויינען און אי צו כאַפּן שלאָגן די קינדער... און ביז וואַנען דעני האָט גע־מאַכט אַ טראָט, האָט שוין מילטאָן מיט זיינע לאַנגע פיס געמאַכט פינף, און ביז וואַנען דעני איז אָפּגעלאָפן אַ האַלבן בלאָק איז מילטאָן שוין געווען אין א צווייטער גאַס. מילטאָנס געזונטע שטים האָט זיך מיט אַ קלאַנג, ווי פון א קלויסטער גלאָק, געטראָגן איבערן גאַס און געלע־

כערט די לופט. אָבער דעניס שוואַך קולכל האָט זיך קוים געהערט. האָבן אַלע געקויפט זייערע צייטונגען ביי מילטאָנען און דעני האָט וויניק וואָס געלייזט.

— טסס,... פעיפער!... — האָבן פאַרבייגייענדיקע מענער און פרויען אויסגערופן, אוןביידע יינגלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די קונים מיט זייערע צייטונגען. נאָר מילטאָן, דער געזינטערער און פלינקערער, איז געוועזן לעבן קונה פריער ווי דעני און מען האָט ביי אים געקויפט די צייטונגען.

דענין האָט עס אַ ברען געטאָן אין האַרצן. ער וואָלט איצט מיל־טאָנען צעפליקט אויף שטיקער, און ער האָט אַ פּאָר מאָל מיט פאַר־וואורף און מיט א טענה א זאָג געטאָן צו מילטאָנען:

— עס איז ניט שיין פון דיר! ס'איז מיין קונה!

— א, יע?! — האָט מילטאָנס געמבע געדונערט. — איך האָב אים צום ערשטן געפּאַקט און ער איז מיינער! — און ער האָט דענין געצייגט אַ קולאַק.

דעני האָט זיך דערפילט אַ באַזיגטער, אַ געשלאָגענער, איז ער מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ אַוועק פון מילטאָנען און זיך צעפּיסטשעט אויף זיין דין שוואַך קולכל:

— פעיפערס! עקסטראַ! עקסטראַ!...

ד

מילטאָן איז פאַרטיק געוואָרן אַ סך פריער מיטן פאַרקויפן זיין פּאַק צייטונגען, איז ער אַוועק אַ היים און זיך געזעצט אויפן בריקל פון דעם גרויסן טענעמענט הויז, געציילט דאָס געלט וואָס ער האָט אָפּגעלייזט פאַר די פאַרקויפטע צייטונגען און מיט נצחון געוואַרט אויף דענין.

דעני איז צוגעקומען אַביסל שפּעטער אַ מידער, אַן אַנטמוטיקטער, אַ דערשלאָגענער און אַן אויפגערעגטער, מיט אַ היפּש ביסל ניט פאַרקויפטע צייטונגען אונטער זיין אָרעם. די צייטונגען האָט ער נאַכלעסיק און שלאַבעריק געטראָגן. דער קאָפּ זיינער איז אים גע־האַנגען שווער. די פיס זיינען אים געווען שוואַך, קוים וואָס ער האָט

זיי געשלעפּט, און ווי ער וואָלט מילטאָנען גאָר ניט געזען, האָט ער גענומען גיין אויף די טרעפּ צו זיך אין הויז.

נאָר מילטאָן האָט אים אָפּגעשטעלט. אויף אים געקוקט מיט אַ טראָציק שמייכעלע און אים געפרעגט:

— וויפיל פאַרקויפט?

— ס'איז ניט דיין עסק, — האָט דעני אַן אָנגעבלאָזענער געענט־פערט.

— ע־הע, זיי ניט פרעך, דו גרויסער העלד! — האָט מילטאָן אַרויסרופעריש זיך געריצט מיט דענין און אריינרוקנדיק די הענט אין די הויזן־קעשענעס, האָט ער אַ קלונג געטאָן מיט דעם קליינגעלט וואָס ער האָט דאָרט געהאַט.

— זעסט! — האָט ער אַ טרייסל געטאָן די קעשענע און ס'האָט זיך דערהערט אַ געקלאַנג פון אַ סך מטבעות. — איך האָב געלייזט איבער צוויי דאָלער... האָב פאַרקויפט צוויי פּעק צייטונגען...

— דו ביזט אַ ליגנער! — האָט אים דעני אריינגעשריען אין פּנים.

— איך וועל דיר אָנפּראַסקען די באַקן, דו „שרימפּ!" — איז מילטאָן מיט אָנגעצונדענע אויגן אויפגעשפּרונגען און מיט אויפגע־ביילטע קולאַקעס זיך געלאָזן צו דענין.

נאָר געשלאָגן האָט ער אים ניט. דעני איז אַ באַזיגטער און מיט טרערן אין די אויגן פון באַליידיקונג און אָנמאַכטיקייט אנטלאָפן צו זיך אין הויז.

אַריינקומענדיק אין הויז האָט דעני מיט אַ רוגזה אַ וואָרף געטאָן די צייטונגען אויפן דיל פון קיך און מיט אַ פאַרקלעמט הערצל, אָן ווערטער זיך אַ זעץ געטאָן אויף אַ שטול.

ה

יענעם אָוונט האָט ער שוין ניט פאַרזוכט קיין עסן, איז געזעסן אַ בייזער און אַן אָנגעבלאָזענער און זיינע אויגן זיינען פול געווען מיט טרערן. אָט, אָט און ער פּלאַצט אויס אין אַ געוויין.

זיין מאַמע מיטן טרוקענעם איינגעפאַלענעם פנים און שמאָלע אומעטיקע אויגן האָט אים געטאַפּט דעם שטערן און צו אים פאַר־זאָרגט גערעדט:

וואָס איז דיר דעני, פילסט עפּעס ניט גוט? פאַרוואָס מיין קינד עסטו ניט קיין וועטשערע? — און אים צוגערוקט אַ טעלער מיט הייסע, פאַרעדיקע, נאָר וואָס אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפלעס.

דעני האָט פון זיך אָפּגעשטופּט דעם טעלער מיט קאַרטאָפל און אַרויסגעברומט:

— אָ, מאַ, לאָז מיך צורו, איך וויל ניט עסן...

— ווי אַזוי מיין קינד קאָנסטו וואַקסן און זיין שטאַרק, אַז דו עסט ניט? — האָט זיין מאַמע מיט גוטסקייט געטענהט.

דעני האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

— ס'איז דיין שולד! ס'איז דיין שולד! ס'איז דיין שולד!... — האָט ער זיך געוואָרפן און געשריען דורך געוויין — אַלע ייִנגלעך זיינען גרויס און שטאַרק נאָר איך ניט... אַלע רופן מיך „שרימפּ"... איך וועל זיי דערהרגענען... און ער איז מיט אגעוויין אַרויסגעלאָפן פון קיך.

ז

אויף מאָרגן, זיצנדיק אין סקול, איז דענין עפּעס איינגעפאַלן, און דאָס וואָס ס'איז אים איינגעפאַלן האָט אים געמאַכט אזוי גליקלעך, אַז ער האָט אַזש מיט זיין אייגענער האַנט זיך אליין אַ פּלעם געטאָן אין באַק און זיך אַליין אַ ריס געטאָן פאַר דעם נאָז. זיין גאַנץ פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ שמייכל און ער האָט מיט אַ צו־להכעיס קוקעלע אָפּגעמאָסטן מילטאָנען פון אויבן ביז אַראָפּ.

ער איז שוין דעם גאַנצן טאָג געזעסן אין סקול ווי אויף הייסע קוילן און ער האָט קוים דערלעבט אז מען זאָל שוין גיין אַהיים.

דאָס מאָל איז ער נאָך אימפּעטדיקער און שנעלער געלאָפן פון סקול אהיים. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק ברויט מיט איינגעמאַכטס, האָט שנעל אַרונטערגענומען פון דער אויבערשטער פּאָליצקע פונעם קיך־אַלמער זיינע ראָלער־סקעיטס, האָט זיי אויף שנעל געגעבן אַ

טו אָן אויף די פיס און היידא! איז אַנטלאָפן צו דער צייטונגס־געביידע.

צו דער צייטונגס־געביידע איז ער צוגעקומען מיט אַ פּאָר מינוט פריער ווי מילטאָן, און ווען מילטאָן איז צוגעקומען האָט ער אים מיט אַ נצחון־שמייכל פאַרקוקט גלייך אין די אויגן.

אַ כאַפּ געטאָן זיין פּעקל צייטונגען האָט זיך דעני מיט אימפּעט אַ לאָז געטאָן אויף זיינע ראָלער־סקעיטס איבער דער גאַס און האָט זיך צעשריען:

— העי, פּעיפּערס! עקסטרא! עקסטרא!

און דאָס מאָל האָט אפילו זיין שוואַך פּיסטשענדיק קולכל אויף געקלונגען הילכיקער און שטאַרקער און איידער מילטאָן איז אויף זיינע לאַנגע פיס אָפּגעלאָפן אַ האַלבע גאַס איז שוין דעני אויף זיינע ראָלער־סקעיטס געווען ווייט אין אַ צווייטער גאַס.

דאָס מאָל איז דעני אויף די ראָלער־סקעיטס צוגעלאָפן פריער צו די מענער און פרויען וואָס האָבן געוואָלט קויפן צייטונגען, און דאָס מאָל האָט ער, ניט מילטאָן, זיי פאַרקויפט צייטונגען.

מילטאָן האָט געברענט און געזאָטן פון כעס. ער האָט צענויפּ־געדריקט די ציין, געביילט די קולאַקן, אָבער פאַרפאַלן, דעני איז דאָס מאָל שנעלער ווי ער צוגעלאָפן צו די קונים און פריער ווי ער אויס־פאַרקויפט זיינע צייטונגען.

אַז ער האָט שוין אויספאַרקויפט די לעצטע צייטונגען האָט דעני מילטאָנען אַרויסגעשטעלט די צונג, אויסגעשטעלט אַ נאָז און אַ יאָג טוענדיק זיך אויף די ראָלער־סקעיטס, אַנטלאָפן אַהיים.

— שרימפּ! שרימפּ! וואַרט איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

— האָט אים מילטאָן מיט אַן אָנגעצונדן פנים נאָכגעשריען און צו אים געפאָכעט מיטן קולאַק.

אין אָוונט האָט מילטאָן געשליידערט זיינע איבערגעבליבענע צייטונגען אויפן דיל פון קיך און געשריען אויף זיין מאַמען!

— איך האָב דיך טויזנט מאָל געבעטן זאָלסט מיר קויפן ראָלער־סקעיטס... אַלע יינגלעך האָבן ראָלער־סקעיטס נאָר איך איינער ניט... — און ניט פאַרזוכנדיק פון וועטשערע, האָט ער מיט אַ בראַזג אַ קלאַפּ געטאָן די טיר פון קיך און מיט אַ געוויין זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט.

ז

אויף מאָרגן איז דעני ווידער געקומען צו דער גרויסער צייטונגס־געביידע אין זיינע ראָלער־סקעיטס. ער האָט ווידער מיט אַ נצחון שמייכעלע אין די אויגן, אָפּגעמאָסטן מילטאָנען, אָבער מילטאָן האָט פון אים אָפּגעקערט זיין קאָפּ ווי ער וואָלט געוואָלט אויסמיידן זיין בליק.

דער טאָג איז געווען אַ נאַסער און אַ קאַלטער. אַ נאַסער שניי איז געפאַלן. גרויסע שטיקער שניי וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע שטערן, ווייכע און אָנגעשוואָלענע מיט וואַסער, זיינען שווער און פאַמעלעך געפאַלן, און נאָך איידער זיי זיינען ארונטערגעפאלן אויף דער ערד, זיינען זיי שוין צעגאַנגען געוואָרן און אין גאַס איז געווען נאַס, בלאָטיק און גליטשיק.

ווען דעני האָט פון יונג סעם געקראָגן זיין פּאַק צייטונגען, האָט ער זיך שנעל אַ לאָז געטאָן אויף זיינע ראָלער־סקעיטס. נאָר איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַ פּאָר טריט צו מאַכן, איז עפּעס, ווי פון אונטער דער ערד ארויס, אויסגעוואַקסן מילטאָן. מילטאָן האָט זיך ווי עפּעס אומגערן, ווי צופעליק אַ שטויס געטאָן אין דענין. דעניס ראָלער־סקעיטס האָבן זיך געגעבן אַ גליטש. איין פוס זיינער מיט אַ ראָלער־סקעיט אויף אים האָט זיך פון פּאָרנט געגעבן א פאררייס אין דער הויך. ער האָט פאַרלאָרן זיין גלייכגעוויכט און ער האָט זיך געגעבן אַ זעץ אָן דרערד. אַלע זיינע צייטונגען זיינען זיך צעפאַלן אויפן נאַסן, בלאָטיקן טראָטואַר, אַריינגעפאַלן אין די לוזשעס וואַסער און אויסגעשמירט געוואָרן אין בלאָטע.

— אָ, מאַ! אָ, מאַ! — האָט דעני אַ געשריי געטאָן און פון זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן שיסן פייער־פונקען.

ס'איז געוואָרן אַ געלאָף. ס'איז זיך צענויפגעלאָפן אַ רעדל מענטשן. מ'האָט דענין, וועלכער האָט שטאַרק צעקלאַפּט די זייטן און דעם קאָפּ, געהאָלפן זיך אויפצושטעלן. אַנדערע האָבן אים גע־האָלפן צענויפקלייבן די נאַסע און אין בלאָטע אויסגעשמירטע צייטונגען. אַנדערע האָבן געוואָרפן קולאַקעס צו מילטאָנען, וועלכער איז, ווי ניט אים מיינט מען עס, געלאָפן מיט זיינע צייטונגען איבער דער גאַס און געשריען: — עקסטרא! פּייפּערס! עקסטרא!... און

דעני אַ דערשלאָגענער מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און אַ וויינענדיקער, האָט זיך מיט זיין גאַנצן פּאַק פאַרבלאָטיקטע און נאַסע, שמאַטעדיקע ציַיטונגען קוים דערשלעפּט אַהיים.

ח

אין אָוונט איז מילטאָן געקומען אַהיים אַן אָנגעבלאָזענער, אַן אומצופרידענער און אַ כעסדיקער אויף זיך אַליין. ווען ער וואָלט געקאָנט וואָלט ער פון זיך אַליין שטיקער לייב געפּליקט, און ער האָט ניט געוואָלט זיך צורירן צום עסן וואָס די מאַמע האָט אים דערלאַנגט.

די מאַמע זיינע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס ער איז עפּעס אַזוי צעקלעמט און בייז און זי האָט אים געפרעגט:

— וואָס איז מילטאָן, האָסט זיך שוין געשלאָגן מיט די יינגלעך, אָדער דו ביזט חלילה קראַנק? — און זי האָט אים געטאַפּט דעם שטערן.

— אָ, מאַ! לאָז מיך אָפּ. ס׳איז מיר גאָר ניט, איך בין ניט קראַנק, — האָט ער אויפגערעגט זיך צעשריען אויף דער מאַמען און איז אַרויס פון הויז.

ער האָט זיך אַ שטיקל צייט אַרומגעדרייט אַרום הויז און האָט זיך קיין פּלאַץ ניט געפונען. ער האָט נערוועז געביסן זיינע נעגל, האָט פיל מאָל פאַרריסן דעם קאָפּ און אַרויפגעקוקט צו די פענצטער פון דריטן עטאַזש וואו דעני האָט געוואוינט און ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם געקלימפּער פון דעם געלט וואָס די מטבעות האָבן געמאַכט אין זיין קעשענע ביי יעדן טראָט וואָס ער האָט געטאָן.

— שאַראָפּ! — האָט ער זיך צעשריען אויף זיין קעשענע און זיך אַליין אַ ריס געטאָן די האָר פון קאָפּ.

ער האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט זיך געגעבן אַ יאָג אויף די טרעפּ פון הויז, איז געשפּרונגען איבער די טרעפּ צו צוויי און דריי טרעפּ מיט אַמאָל. איז באַלד געווען לעבן טיר פון דעניס וואוינונג און האָט אויפגערעגט, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ אָנגע־קלאַפּט אין טיר.

ווען ער איז אַריין אין דעניס הויז, איז דעני אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך אַוועקגעשטעלט מיט צעשפּרייטע פיס און אויפגעביילטע קולאַקעס, גרייט זיך צו שלאָגן און זיך צו פאַרטיידיקן.

— דעני, דעני, עס פאַרדריסט מיך, — האָט מילטאָן מיט א שטיל, בעטנדיק קול און מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן ווי אַ פאַרשולדיקטער, זיך אָפּגערופן — לאָמיר זיין חבר...

— הער... — האָט ער שוין פרײלעכער און אויפגעלעבטער, מיט אויפגעבליצטע, צעשטראַלטע אויגן אָנגעהויבן ריידן — איך האָב דיר געבראַכט דיין חלק געלט... ווייסט, איך האָב פארקויפט צוויי פּעק צייטונגען, פאר דיר אויך... דאָ איז דיין געלט... אויף מיינע נאמנות... איך שווער דיר... ווייסט וואָס דעני, מירן פון היינט אָן אַרבעטן שותפות... לאָמיר זיין שותפים... מירן צוזאַמען פאַרקויפן די צייטונגען און זיך גלייך צעטיילן מיט דעם געלט... יאָ, איך מיין עס... נאָ, נעם דיין געלט...

דעני האָט אַרונטערגעלאָזן די אויפגעביילטע קולאַקעס. אָבער די ערשטע פּאָר מינוט איז ער נאָך אלץ געשטאַנען אַ ברוגזער, אָן אָנגעבלאָזענער און געהאַלטן די אויגן ארונטערגעלאָזן. האָט ניט געקאָנט קוקן אויף מילטאָנען. באַלד אָבער האָט זיך אַ וואַרימער שמייכל צעשפּרייט אויף זיין פּנים. ער האָט אַן אויפגעלעבטער אַ שפּרונג געטאָן צו מילטאָנען. זיי האָבן זיך אַרומגענומען, האָבן זיך אויף שפּאַס גענומען ראַנגלען, דערביי האָבן זיי ביידע הילכיק געלאַכט און גלייך זיינען זיי שוין ביידע געלעגן אויסגעצויגן אויפן דיל מיט די פּנימער אַראָפּ און צוזאַמען אַריינגעקוקט אין די בילדער פון דער זעלבער צייטונג.

# אין אַ שוי־פענצטער

**א**

יעדן טאָג, ווען ראָזעלע פלעגט גיין פון סקול און פאַרבייגיין פאַר דעם גרויסן ליאַלקע־געשעפט, פלעגט איר ציען זיך אָפּצושטעלן לעבן שוי־פענצטער, זיך איינצוקוקן אין די שיינע ליאַלקעס, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געווען אין פענצטער.

דאָס געשעפט האָט זיך געפונען אין איינער פון די רייכסטע און לעבעדיקסטע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט. פאַרפּוצטע דאַמען און הערן פלעגן דורכן גאַנצן טאָג שטראָמען פאַרביי די גרויסע געשעפטן און באַלאַגערן די שוי־פענצטער.

ראָזעלע פלעגט זיך דורכשפּאַרן דורכן שטראָם נייגעריקע צוקוקער. זיך שטעלן האַרט לעבן דער שויב. איר פּנימל צופּרעסן צום קאַלטן גלאָז און מיט בענקענדיק־טרויעריקע אייגעלעך זיך איינעסן אין די ליאַלקעס און אין דעם שיינעם מיידל, וועלכע איז געשטאַנען אין שוי־פענצטער און געוויזן די ליאַלקעס.

זי פלעגט אַזוי שטונדן־לאַנג אָפּשטיין, זיך איינקוקן מיט דאָרשטיקייט, און אין איר הערצעלע פלעגט איר קלעמען: הלמאי איר פּאַפּאַ קויפט איר קיינמאָל ניט קיין ליאַלקע.

אַמאָל פלעגט ראָזעלע, אַזוי שטייענדיק ביים שוי־פענצטער, זיך פאָרשטעלן, אַז זי האָט אַ ליאַלקע, אַזאַ ליאַלקע, ווי אָט די אין פענצטער, אַ גרויסע, אָט־אַזאַ גרויסע (ראָזעלע פירט דערביי פאַנאַנדער מיט אירע הענטעלעך) מיט בלאָנדע לאָקן און בלויע אייגעלעך. אַז מע לייגט די ליאַלקע אַוועק, פאַרמאַכט זי די אויגן, אז מע שטעלט זי אויף עפנט זי זיי. אַ וויגעלע פאַר דער ליאַלקע האָט זי אויך. און שפּילט זיך אין „פּאַ" און „מאַ". זי איז די „מאַ" און פרעד,

דעם שכנס ייִנגל, איז דער „פּאַ“. זי צעשרייט זיך אויף פרעדן: „פרעדי! פרעדי! נעם די בייבי און פאַרוויג זי אין וויגעלע. פרעדי, נו, גיכער! דאָס קינד וויינט...“

ראָזעלעס פּיסעלעך טוען איר שוין ווײ פון לאַנג שטיין לעבן שויפענצטער. וואַרפט זי אַ בליק, אַ לעצטן בליק אויף די ליאַלקעס און אַ בענקענדיקע פאַרלאָזט זי זיי.

ב

עס איז געווען ערב יום־טוב. דער טאָג איז געווען אַ וואַרימער, אַ זוניקער. די לאַנגע ברייטע גאַס איז געווען באַגאָסן מיט זון. די רייכע פאַרפוצטע דאַמען און הערן האָבן געשטראָמט אין די געשעפטן אריין. די גרויסע שויפענצטער פון די דעפּאַרטמענט־סטאָרס האָבן שעמערירט מיט די טייערסטע אַרטיקלען וואָס זיינען דאָרט געווען אויסגעשטעלט. דער עולם האָט באַלאַגערט די שויפענצטער און די גרויסע טירן פון די קראָמען האָבן זיך אויף אַ מינוט ניט צוגעמאַכט.

נאָר אַרום איין געשעפט, אַרום דעם ליאַלקע־געשעפט, איז געווען אומעטיק און פוסט. דאָס יונגע, שיינע מיידל, וואָס פלעגט שטיין אין שויפענצטער און פאַרשטעלן די ליאַלקעס כדי צוצוציען די קונים, איז מער אין שויפענצטער ניט געשטאַנען. זיינען די גרויסע, שיינע ליאַלקעס געלעגן ווי טויטע שטיקער האָלץ, האָבן ניט צוגעצויגן די נייגעריקע בליקן פון די מענטשן. עלנט און פאַרלאָזן איז געשטאַנען דאָס שויפענצטער פון דעם גרויסן, רייכן ליאַלקע געשעפט.

די איינציקע וואָס איז געשטאַנען לעבן פענצטער איז געווען ראָזעלע. פונקט ווי אַלע טאָג האָט זי, אויך דעם טאָג, גייענדיק פון סקול זיך אָפּגעשטעלט לעבן רייכן ליאַלקע־געשעפט און ווי תמיד איז זי געשטאַנען מיטן שטערן צוגעפּרעסט צו דער שויב און אירע אייגעלעך פון די שיינע ליאַלקעס ניט געקאָנט אָפּרייסן.

### ג

אינעווייניק אין געשעפט איז אויך געווען אומעטיק און פּוסט. דער באַלעבאָס פון געשעפט איז אַ בייזער און צעטראָגענער אַרומ־געלאָפן הין און צוריק איבער דער קראָם. עפּעס אַלע ווילע גערעדט צו דער הויפּט פאַרקויפערין, און אַלע ווילע אומרואיק אַרויסגעקוקט אין גאַס.

זיין בליק איז געפאַלן אויף ראָזעלען. אַ געדאַנק איז אים פּלוצ־לונג איינגעפאַלן. זיינע אויגן האָבן זיך ברייט צעעפנט און ער האָט צופרידן אַ שמייכל געטאָן.

ער האָט עפּעס געזאָגט צו דער הויפּט־פאַרקויפערין. זי האָט אויך אַ ברייטן שמייכל געטאָן, און גלייך איז ער אַרויס אין דרויסן און צוגערופן ראָזעלען צו זיך.

— קאַם היר, ליטל גוירל! (קום אהער, מיידעלע).

ראָזעלע איז אַ פאַרשעמטע און אַ צעשראָקענע צוגעגאַנגען צו אים און ניט דרייסט געקוקט אויף אים.

— דו יו וואָנט טו העוו עי נאַיס דאָל? (ווילסט האָבן א שיינע ליאַלקע?) — האָט ער זי ווייך געפרעגט און צערטלעך אָנגענומען פאַרן הענטעלע.

אַ באַגייסטערטע איז ראָזעלע געוואָרן ווען זי האָט דערהערט די פראַגע. אירע אייגעלעך האָבן אויפגעפלאַמט, אין איר הערצעלע איז זיך אַ גרויסע פרייד צעוואָקסן.

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט: זי וועט האָבן אַ ליאַלקע, אַ גרויסע, שיינע ליאַלקע אָט ווי די־אָ וואָס שטייט אין פענצטער, און זי וועט זיך מיט איר שפּילן, זי אַרומנעמען, דריקן צום האַרצן און קושן און פאַרוויגן אין וויגעלע און פירן שפּאַצירן איבער דער גאַס. זי אָנטאָן און אויסטאָן, און איר געבן עסן ווי אַ אמתע בייבי... אַך, איך וועל האָבן אַ ליאַלקע. איך וועל האָבן אַ ליאַלקע! עס האָט זיך איר געגלוסט אַוועקצולאָזן זיך אויף איין פוס טאַנצן איבער דער גאַס.

זי האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויפן אייגנטימער פון ליאַלקע־געשעפט, און מיט שמייכלענדיקע אייגעלעך האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

דער אייגנטימער פון ליאלקע־געשעפט האָט זי שנעל אַ כאַפּ געטאָן פאַרן הענטל און איז מיט איר אַריינגעלאָפן אין קראָם.

ער האָט זי איבערגעגעבן צו דער הויפּט־פּארקויפערין, עפּעס שטיל איר איינגערוימט און אַוועק. אַ באַגייסטערטער איז ער אַרומ־געלאָפן הין און צוריק איבער דער קראָם. געריבן זיך די הענט פאַר פרייד און צו זיך אליין גערעדט:

אָ־וואַ, אַ גוטער איינפאַל. ס'וועט זיין גוט.

גלייך האָט די הויפּט־פאַרקויפערין אריינגענומען ראָזעלען אין אָפיס, זי אַרומגעוואַשן, אָנגעפּודערט, אָנגעפאַרבט די בעקעלעך און די ליפּעלעך, צעפלאָכטן אירע האָר, זיי פאַרקעמט אין אַ הויכער פריזור און זיי אַרומגענומען ביים שטערן מיט אַ שוואַרצן סאַמעטענעם באַנד.

ווען די הויפּט־פאַרקויפערין האָט געפּודערט און געפאַרבט ראָ־זעלעס בעקעלעך האָט זיך ראָזעלע דערפון זייער געפרייט. ווייל אַלע־מאָל, ווען איר עלטערע שוועסטער, גוירטרוד, פלעגט שטיין לעבן שפּיגל, זיך פּודערן, פאַרבן און מיט אַ הייסן אייזנדל קרייזלען די האָר, פלעגט ראָזעלע איר שטאַרק מקנא זיין. זי וואָלט אויך וועלן אָנפּודערן אירע באַקן און באַשמירן אירע ליפּן מיט רויטער פאַרב. כאָטש אַ קליין ביסעלע פאַרב. נאָר סיי די מאַמע און סיי גוירטרוד לאָזן עס איר ניט. איינמאָל איז איר שוין אפילו געלונגען זיך צו־צוכאַפּן צו גוירטרודס פּודער און פאַרב, האָט אָנגעפּודערט איר פּנים מיט אַ סך פּודער און אירע ליפּן מיט רויטער פאַרב. אויך די האָר האָט זי פאַרקעמט ווי גוירטרוד. איז אָבער די מאַמע פּלוצלונג אָנגע־קומען, זיך אויף איר צעשריען: נאַרישע מויד, זאָלסט עס מער ניט טאָן! זי אָנגענומען פעסט פאַר דער האַנט אז עס האָט איר שטאַרק וויי געטאָן, מיט געוואַלד זי צוגעשלעפּט צום קראַן און אָפּגעוואַשן פון איר דעם פּודער און די פאַרב.

ראָזעלען האָט עס דאַן אַזוי פאַרדראָסן, אז זי האָט נאָכדעם לאַנג געוויינט און איז שטאַרק אין כעס געווען אויף דער מאַמען. דעריבער ווען די הויפּט־פאַרקויפערין האָט זי איצט געפּודערט און געפאַרבט און איר פאַרקאַמט די האָר אין אַ פריזור אַזוי ווי אַ גרויס מיידל, האָט זי זיך געפילט זייער שטאָלץ און איבער איר גאַנצן פּנימל האָט זיך אַ גליקלעכער שמייכל צעשפּרייט.

נאָכדעם, אַז די הויפּט־פּאַרקויפערין איז פּאַרטיק געוואָרן מיט אויספּוצן ראָזעלען, האָט זיך די טיר פון שוי־פענצטער געעפנט און ראָזעלע איז געבליבן שטיין אויפן דיל פון שוי־פענצטער אַרומגע־רינגלט פון די גרויסע פּאַרפּוצטע ליאַלקעס.

ד

גלייך ווי דאָס טירל פון שוי־פענצטער האָט זיך פאַרמאַכט און ראָזעלע איז געבליבן אַליין צווישן די גרויסע ליאַלקעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע, האָט זי פון גרויס פרייד ניט געוואוסט צו וואָסער ליאַלקע זיך צו נעמען פריער. זי איז אַרומגעלאָפן איבערן דיל פון דעם גרויסן שוי־פענצטער, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געפונען אין אַ גרויסן קינדערשן צימער פול מיט שפּילצייג, האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָ איין ליאַלקע און זי אַוועקגעלייגט, דאָ אַ צווייטע און זי ווידער אַוועקגעלייגט, ביז אירע אייגעלעך זיינען געפאַלן אויף אַ גרויסער ליאַלקע אין אַ שיין בלאָ קליידעלע און מיט פלאַקסענע געקרייזלטע הערעלעך. איז זי מיט שמחה צו איר צוגעלאָפן און זי אַ נעם געטאָן אין האַנט. האָט די ליאַלקע אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש — „מאַמע!” איז ראָזעלע פון דעם אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז זי האָט זיך האַרציק צעלאַכט. נאָכדעם האָט זי זי ארייגעלייגט אין אַ קליינינקן ליאלקע־וועגעלע, האָט אָנגעהויבן דאָס וועגעלע וויגן און צו דער ליאַלקע ריידן: — אַלע־ליו־ליע... וויין ניט בייבי, מאַמאַ איז דאָ!... — און גענומען צערטלעך צודעקן די ליאַלקע מיט דער זיידענער קאָלדרע וואָס איז געלעגן אויפן וועגעלע.

לאַנג איז ראָזעלע אַזוי געווען פאַרנומען מיט דער ליאַלקע און מיט דעם וועגעלע. זי האָט גאָר ניט באַמערקט ווי דערווייל האָט זיך אַרום שוי־פענצטער אַרומגעקליבן אַ גרויסער עולם, וואָס האָט געקוקט מיט נייגעריקייט צו ראָזעלען און צו די ליאַלקעס. דאָס רעדל מענטשן האָט באַלאַגערט דאָס שוי־פענצטער, און ווען ראָזעלע האָט זיך פלוצלונג געגעבן אַ דריי אויס מיטן פּנימל צו דער גרויסער שויב און דערזען די גרויסע צאָל מענטשן, האָט זי זיך דערשראָקן און איז געוואָרן צעמישט. די אַלע מענטשן, האָט זיך איר געדוכט, רייצן זיך מיט איר, שטעלן איר אַרויס אַ צונג, לאַכן פון איר, מאַכן

צו איר מיט די פינגער און שרייען: שעים, שעים עוועריבאָדי נאָוז
יאָר ניים — (שעם זיך, שעם זיך, אַלע ווייסן ווער דו ביזט.)

ראָזעלעס שמחה איז פאַרשטערט געוואָרן, עס האָט איר אָנגע־הויבן קלעמען אין האַרצן. אירע אייגעלעך זיינען פול געוואָרן מיט טרערן. זי האָט זיך גענומען רייסן פון שוי־פענצטער. מיט אַלע כוחות האָט זי געקלאַפּט מיט אירע הענטעלעך אין טירל פון פענצ־טער. זיך געריסן און געשריען:

— אָ מאַמע, מאַמע!... אָ לעט מי גאָ! (לאָזט מיך גיין.)

אַ הייסער שטראָם טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אייגעלעך און איז געפאַלן אויף די שיינע, אויסגעפוצטע ליאַלקעס פונם שוי־פענצטער.

# דער ערשטער טאָג אין שאַפּ

— לילי! ליליטשקע! שטיי שוין אויף, מיין קינד...

די פּופּצן יעריקע ליליטשקע האָט מיד און שווער אויפגעהויבן איר קאָפּ פון געלעגער, האָט צעמישט און צעשראָקן, מיט האַלב צוגעמאַכטע און פאַרקלעפּטע אויגן פון שלאָף, זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך און מאַכטלאָז איז איר קאָפּ געפאַלן אויפן קישן.

— נו, מיין קינד, דו שלאָפסט נאָך? דער זייגער איז דאָך שוין זיבן, דו האָסט פאַרגעסן?

נאָר לילי האָט שוין ניט געהערט. זי איז ווידער געשלאָפן. האָט שווער געאָטעמט. איר הערצל האָט זיך געהויבן, אויפהייבנדיק די קאָלדרע וואָס האָט איר צוגעדעקט און אַ שמייכל האָט זיך צעלייגט אין די ווינקלען פון אירע ליפּן.

— אַך, אַ געזונט אין איר, ס׳איז איר נעבעך שווער דאָס ערשטע מאָל אַזוי פרי אויפצושטיין. נו, זאָל זי נאָך שלאָפן אַביסל, — האָט לילי׳ס מאַמע צו זיך אַליין גערעדט, האָט געוואָרפן אַ מוטערלעך־באַזאָרגטן בליק אויף לילין און אָנגעהויבן צוגרייטן עטוואָס פאַר פרישטיק.

אין צימער איז געווען טונקל און שטיקנדיק. די לופט אין צימער איז געווען אַ שווערע און אין דער געדיכטער לופט האָט זיך געשניטן אַ סאָפּען און אַ שנאָרכן פון עטלעכע שלאָפנדיקע.

לילי׳ס טאַטע גייט שוין אַרום אַ לאַנגע צייט אָן אַרבעט. יעדן פאַרטאָג לויפט ער זוכן אַרבעט. קלאַפּט אין די טירן פון אַלע שעפּער, בעט אַרבעט. פאַרנאַכט קומט ער אַהיים מיט אַ פינצטער־שוואַרצן פּנים און מיט אַ דערשלאָגענעם מוט. ער קען קיין אַרבעט ניט קריגן. — „שלעכט, מען דאַרף מיך ניט... איך בין אויסגעשפּילט...״ ברומט ער שטיל אין זיך ווי מיט אַ געזויין און זיצט מיט אַ געזונ־

קענעם קאָפּ... און דער מאַמעס פּנים ווערט פון טאָג צו טאָג איינ־געפאַלענער און בלייכער.

לילי איז די עלטסטע פון די קינדער און זי קען שוין מער ניט אַריבערטראָגן די אָרימקייט אין הויז, דעם טאַטנס דערשלאָגנקייט און שטענדיקן אומעט, דער מאַמעס זאָרגן.

לילי איז אַ געוויקסיקע, אַ שיינע, מיט פולע רונדע און רויטע באַקן ווי פריש־צעבליטע עפּל און מיט גרויסע שוואַרצע און קלוגע אויגן.

איינמאָל, איז לילי, גלייך ווי זי איז געקומען פון סקול, אַוועק פון הויז און מער האָט זי זיך ניט געוויזן אין הויז אַ גאַנצן טאָג. ערשט פאַרנאַכט צו, ווען עס איז שוין געווען שטארק פינצטער, איז זי אריינגעפאַלן אין הויז אַ פאַרסאָפּעטע, אַ צעפלאַמטע, אַ פריילעך־צעטראָגענע און הויך אויפן קול אויסגערופן:

— פּאַ, מאַ, איך האָב שוין „אַ דזשאָב", און אַרבעטס־פּאַפּירן האָב איך שוין אויך. אָט איז עס! נאָט זעט!...

— ווי־וואָס?... — האָבן לילים טאַטע־מאַמע פאַרוואונדערטע, צעשראָקענע און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן אויסגערופן.

— אָ, דעדי, אָ, מאַ! — האָט לילי דערזעענדיק זייער צעשראָקנ־קייט אָנגעהויבן אַרומלויפן פון איינעם צום צווייטן, פון טאַטן צו דער מאַמען און פון דער מאַמען צום טאַטן. זיי אַרומגענומען, זיי געגלעט, זיי געקושט און צו זיי גערעדט לאַסטשענדיק: — וואָס איז? אַ סך מיידלעך ווי איך אַרבעטן. אויב פּאַפּאַ קען ניט קריגן קיין אַרבעט, פאַרוואָס זאָל איך ניט אַרבעטן?... איך בין שוין מער ניט קיין קליין קינד...

לילים טאַטע האָט שוין מער ניט געקאָנט עסן. ער האָט אָפּגע־רוקט פון זיך דאָס עסן און שווייגנדיק אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער אין דרויסן.

לילי איז יענעם אָוונט געגאַנגען פרי שלאָפן, פריער ווי אלע מאָל, און פאַרן שלאָפן גיין האָט זי אָנגעזאָגט דער מאַמען אַז זי זאָל איר מאָרגן אויפוועקן פרי.

עס האָט לילים מאַמען געריסן דאָס האַרץ איר צו וועקן אזוי פרי. — „מיין פינצטער לעבן... ביי לייטן קינדער אין אירע יאָרן...

— האָט זי געוויינט אין זיך, און איר געלאָזן שלאָפן נאָך אַ ווילע.

נאָר אַז זי האָט געזען אַז דער זייגער איז שוין זיבן, האָט זי איר ווידער גענומען וועקן.

— ליל, ליליטשקע! שטיי שוין אויף מיין קינד, דו קאָנסט נאָך חלילה דעם פּלאַץ פאַרלירן, — האָט זי געוועקט, און איז געלאָפן פאַרדרייען דעם גאַז פון גאַז־אויוועלע, ווייל דאָס קאָכיקע וואַסער האָט מיט רעש גענומען אויסלויפן.

לילי האָט מיט אַ קינדיש־פּיעסטשענדיקן קולכל עפּעס אומפאַר־שטענדלעכס אַרויסגעמורמלט, האָט פויל אָפּגעגענעצט, געצויגן אירע גלידער, אויסגעריבן די אויגן און זיך גענומען אָנטאָן.

זי האָט אויף גיך זיך אָנגעטאָן, אין געאייל זיך אַרומגעוואַשן, און אין דער זעלבער איילעניש אָפּגעכאַפּט דעם אָנבייסן, געשלונגען די ביסנס. די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין קוקן אויפן זייגער און געהאַט טענות צו דער מאַמען, פאַרוואָס זי האָט זי פריער ניט אויפגעוועקט.

— אוי, אַ געזונט אין דיר, וואָס רעדסטו טאָכטער, איך האָב דאָך דיך ניט איינמאָל געוועקט, — האָט די מאַמע, ווי זי וואָלט זיך געפילט שולדיק, פאַרענטפערט — נו, נו, האָב קיין יסורים ניט, ס׳איז גאָך ניט שפּעט, — האָט זי צולעצט איר אָנגעהויבן טרייסטן און אין איילעניש צוגעגרייט עפּעס עסן מיטצוגעבן לילין אין שאָפּ.

לילי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל עסן, האָט געזאָגט „גוד באַי״, זיך צעקושט מיט דער מאַמען און איז באַלד געווען אויף יענער זייט טיר.

— זאָל זיין מיט גליק! — האָט די מאַמע צוגעווינטשעוועט און מיט מוטערלעכע פאַרזאָרגטע בליקן איר נאָכגעקוקט. טרערן גרויסע, זודיקע טרערן זיינען געהאַנגען אויף אירע ברעמען.

*****

אַז לילי איז אַרונטער אין גאַס, האָט אַ קילער פרילינגס־ווינטל מיט פרישקייט אַ וויי געטאָן אויף איר, און זי האָט זיך דערפילט ווי אָפּגעלעבט.

זי האָט מיט שנעלע טריט געשפּרייזט צווישן דעם געדיכטן מענטשן־שטראָם. זי האָט זיך דערפילט ווי א גרויסע און איז געווען געהויבן ביי זיך.

„זי איז ניט מער קיין קינד, נאָר אַ דערוואַקסענע מיידל... שטייט אויף גלייך ווי אַלע גרויסע... איז „ביזי״ ווי אַלע גרויסע... און פון היינט אָן און ווייטער הערט זי זיך שוין אויף צו חברן מיט אירע קליינע חברטעס... — „פשע! אויך מיר חברטעס — טראַכט זי מיט ביטול וועגן אירע ביז איצטיקע פריינדינס, — „שרימפּס״, קליינע מיידלעך.״ — און לילי האָט אָנגעהויבן קלערן מיט וועמען זי זאָל זיך חברן. אין אירע געדאַנקען זיינען דורכגעלאָפן און זיך איבערגע־וואָרפן אַלע מיידלעך פון „בלאָק״ און זי האָט אויסגעקליבן איינציקע, מיט וועלכע זיך צו חברן.

זי האָט זיך פּלוצים אַרומגעקוקט אַרום זיך און פאַרשעמט אַרונ־טערגעלאָזן די אויגן. — „איך גיי דאָך נאָך אין אַ קורץ קליידל — האָט זי זיך אין געדאַנק אליין פאַרגעוואָרפן — וועלכע גרויסע מיידל וועט זיך דאָס מיט מיר חברן?... — זי האָט באַטראַכט די אַלע מיידלעך וועלכע זיינען גלייך מיט איר אין גרויסן מענטשן־שטראָם געגאַנגען און זי האָט זיי אָנגעהויבן מקנא זיין. זי האָט מקנא געווען זייערע שיינע מאָדישע קליידער, זייערע מאָדישע היט און זייער אויס־געפּוצטן גאַנג. — גלייך ווי איך וועל אָפּנעמען די ערשטע „פּעי״, וועל איך זיך מאַכן אַ קלייד, אַ שיין מאָדיש קלייד, פון בלויען סאַמעט מיט ווייסן פוטער באַפּוצט. אַך, וועט דאָס זיין אַ קלייד... און די האָר וועל איך זיך אויך פאַרקאַמען לויט דער מאָדע, ווי אַלע מייד־לעך... און אַ נייעם הוט וועל איך זיך אויך קויפן,״ — האָט לילי אַ גליקלעכע געטראַכט און זיך אָפּגעשטעלט קוקן אין אַ שוי־פענצטער פון אַ קליידער־געשעפט. — נאָר ניין, — איז איר באַלד אַן אַנדער געדאַנק איינגעפאַלן, — זי וועט זיך גאָר ניט קויפן... זי וועט איר גאַנצן פאַרדינסט אוועקגעבן אין הויז, אינגאַנצן ביז אַ פּעני...

זי האָט זיך אָנגעהויבן פילן גליקלעך פון דעם געדאַנק וואָס זי וועט קענען העלפן איר טאַטע־מאַמען.

אַז לילי איז צוגעקומען צום שאַפּ איז נאָך דער שאַפּ ניט געווען אָפן און זי האָט זיך זייער דערפרייט.

***

זי האָט זיך געשטעלט אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר און אַלץ געגנוי, אויפמערקזאַם און פאַרחידושט באַטראַכט.

איניקע ארבעטער און אַרבעטערינס זיינען שוין אויך געשטאַנען אין קאָרידאָר און זיך לעבעדיק איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך.

אַ יונג בחורל אין אַ העלער „קעפּ" איז געשטאַנען אין טיר ביים אריינגאַנג, די הענט אריינגעטאָן אין די קעשענעס פון רעקל, וואָס איז געווען פאַרשפּיעלעט אויף אַלע קנעפּלעך, געפייפט מיטן מויל און „געדזשיגעט" מיט די פיס.

דערזען לילין, האָט ער צו איר געמאכט אייגעלעך און אויסגע־רופן:

— העלאָו קיד!

נאָכדעם אַריינגעטאָן די מיטעלע ביידע פינגער פון ביידע הענט אין מויל, און ארויסגעלאָזט אַ הילכיקן פייף.

לילי האָט אויף זיין באַגריסונג ניט געענטפערט. האָט פאַרשעמט אַרונטערגעלאָזט די אויגן און איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן.

אין איניקע מינוט צייט, זיינען זיך צענויפגעקומען אַלע אַרבע־טער. באַלד איז אויך אָנגעקומען דער פאָרמאַן, וועלכער האָט גייענדיק, נאָך איידער ער איז צוגעקומען צו דער טיר, שוין פאַנאַנדערגע־שפּיליעט זיין רעקל, ארויסגענומען פון בוזים־קעשענע אַ גרויסן שליסל און גלייך האָט זיך דערהערט א קלאַפּעריי פון שליסלען איבער א גרויסן, דיקן שלאָס. אַ ברייטע טיר האָט זיך געעפנט און דער שאָפּ האָט איינגעשלונגען אַלע אַרבעטער.

אַז די אַרבעט איז אַוועק אין פולן גאַנג און דער פאָרמאַן האָט לילין צוגעפירט צו איר פּלאַץ, איז איר אַלץ אויסגעקומען אזוי פרעמד, אַזוי פרעמד און ווייט, אַז עס האָט איר אַזש פאַרקלעמט ביים האַרצן און זי האָט זיך שיר ניט צעוויינט.

זי האָט דערפילט אַלעמענס בליקן אויף זיך. די בליקן האָבן איר געברענט, געשטאָכן און זי איז אַ פאַרשעמטע געזעסן אומבאַ־וועגלעך און ניט געוואוסט וואָס מיט די הענט צו טאָן.

און אַז דער פאָרמאַן האָט איר צוגעטראָגן אַרבעט און געוויזן וואָס צו טאָן, האָט זי מיט דער זעלבער פאַרשעמטקייט און פאַר־קלעמטן האַרץ אָנגעהויבן צו רוקן די ווייסע וואָרע אונטערן מאַשין און די גאַנצע צייט די אויגן פון מאַשין ניט אָפּגעקערט.

די עלטערע מיידלעך האָבן אויף איר געקוקט מיט מילדע און באַדויערנדיקע אויגן און איינקע האָבן ארויסגעזאָגט: — נעבעך, נאָך גאָר אַ קינד... — און שטיל אָפּגעזיפצט.

ס'איז די אַרבעט לילין שווער געווען. ס'האָט איר אין קאָפּ געררוישט. די פינגער האָבן אָנגעהויבן ווי טאָן און דער פאָרמאַן מיט די שטרענגע אויגן האָט איר אזוי געשראָקן... נאָר זי האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז זי וועט מיט דעם געלט וואָס זי וועט פאַר־דינען העלפן אין הויז... און זי וועט זיך אויך קויפן שיינע קליי־דער... די מאַמע וועט זיך פרייען... פרייען...

פון די געדאַנקען איז לילין לייכט און גוט געוואָרן אויפן האַרצן. מיט אַ שמייכל האָט זי די ווייסע סחורה אונטערן מאַשין געררוקט און זיך געפילט גליקלעך מיט איר ערשטן טאָג זיין אין שאַפּ...

# עפל

## א

דעם הינקענדיקן מאַראַטשעס שטיבל איז געשטאַנען אין עק פון גויאישן געסל. עס איז געווען אַן אַלט, קליין, איינגעפאַלן שטיבעלע מיט קליינינקע פענצטערלעך און מיט אַ שטרויענעם דאַך, וועלכער איז שוין געווען אַזש גרין פון אָנגעוואָקסענעם מאָך. די פענצטערלעך זיינען געווען אַזוי נידעריק, אַז זומער, ווען זיי זיינען געווען אָפן, פלעגט מאַראַטשעס קעלבל עסן דורכן פענצטער גלייך פון טיש, פלעגט אַריינשטופן זיין קאָפּ מיט דער פייכטער, טונקל־ברוינער מאָרדעטשקע אין אָפענעם פענצטער און עסן אַלץ, וואָס ס'האָט זיך נאָר געפונען אויפן טיש.

— אַ „קודאַ ?" „פּאַשאָל" ! (וואוהין גייסטו ? ! אַוועק פון דאַנען !)

— פלעגן מאַראַטש אָדער זיין ווייב ,די מאַראַטשעכע, טרייבן דאָס קעלבל מיט אַ ריטל און עס מוסרן — „האַ דו פרעסערקע, אַוועק פון דאַנען !" — און אים אַ שמיץ טאָן מיטן ריטל.

דאָס גאַנצע געסל האָט געקענט דעם הינקענדיקן מאַראַטשן. ער איז געווען אַ קליינטשיקער, אַן אויסגעדאַרטער און מיט אַ הינקענ־דיק פיסל. איין פוס איז ביי אים געווען קירצער ווי דער צווייטער, און ווען ער איז געגאַנגען, האָט דאָס קירצערע פיסל בלויז מיט די שפּיץ פינגער אָנגערירט די ערד. איז זיין גאַנג געווען מיט אַן אונ־טערהאָפּקען און אַן אונטערטענצלען — האָפּ־האָפּ.

און געווען איז ער אַ ביטערער אָרעמאַן. אויסער דאָס שטיבעלע האָט ער גאָר ניט פאַרמאָגט. ניט קיין פעלד, ניט קיין גאָרטן און ניט קיין סאָד און ניט קיין רינדער, ווי אַנדערע גויים פון גיסל.

בלויז דאָס קעלבעלע האָט ער פאַרמאָגט און אַ קליין, דאַר ביימל, וואָס איז געוואקסן לעבן דעם הייזל, און אויף דעם ביימל זיינען שיטער געוואקסן קליינע עפּעלעך, וועלכע פלעגן זייער שפּעט אין זומער צייטיק ווערן.

די קליינע עפּעלעך זיינען געווען האַרט און גרין און זויער. אַז מען פלעגט זיי איינבייסן מיט די ציין, פלעגן די ציין ווערן הייליק און אין מויל פלעגט זיך אַוועקלייגן עפּעס אַזאַ זויערע פריקרעקייט, אַז דאָס גאַנצע מויל פלעגט ווערן ווי אָפּגענומען. די יינגלעך וואָס פלעגן עסן די עפּעלעך פלעגן נאָכדעם קריגן בויך־ווייטיק און שטונדן לאַנג ניט קענען ברייט עפּענען דאָס מויל און עפּעס נעמען אויף די ציין.

ב

אָבער דוקא מאַראַטשעס עפּעלעך האָבן די קינדער פון געסל געגאַרט צו רייסן. ווי נאָר זיי פלעגן פריי ווערן פון חדר אַזוי זיינען זיי שוין אין איילעניש, הענדום־פּענדום געלאָפן צום עק געסל, דאָרט, וואו עס איז געשטאַנען מאַראַטשעס איינגעפאַלן שטיבל און דער קליינער עפּל־בוים. זיי פלעגן זיך מחנות־ווייז אָנקלייבן. אַפריער פאַרזיכטיק באַטראַכטן דעם פּלאַץ אַרום און אַרום, זיך גוט אַרומ־קוקן צי קיינער זעט זיי ניט און גלייך פלעגט, אָט איינער, אָט אַ צווייטער וואַרפן אַ שטיין אויף דעם ביימל. דער שטיין פלעגט מיט אַ רויש זיך אָפּשלאָגן אין די שיטערע צווייגן פון בוים, און עפּעלעך, האַרטע, גרינע פלעגן מיט אַ האַרטן קלאַנג אַראָפּפאַלן אויף דער ערד און זיך צעשיטן אין אַלע זייטן. די יינגלעך פלעגן מיט אַ טומל און מיט פריילעכע געשרייען אַ כאַפּ טאָן די עפּעלעך און צעשראָקענע, מען זאָל זיי ניט כאַפּן, זיך צעלויפן אין אַלע זייטן, פריער זיך באַהאַלטן הינטער די הייזער, אָפּשטיין דאָרט אַ ווײַלע, אָפּוואַרטן, און נאָכדעם, איינציקווייז, דאָ איינער, דאָ אַ צווייטער, אויף די שפּיץ פינגער, זיך אַרויסרוקן פון באַהעלטעניש, איינציקווייז אַוועקלויפן, ווי פייל אויסן בויגן, אויף אַ געוויסן אָפּגערעדטן הויף און דאָרט זיך צעטיילן מיט די עפּעלעך און זיך צוכאַפּן צו זיי, ווי צו עפּעס רעכטס. און דאָס איז געווען, ווייל פאַר דעם הינקעדיקן

מאַראַטשן האָבן די ייִנגלעך קיין מורא ניט געהאַט. אַלע אַנדערע גוים פון געסל, די רייכערע, האָבן געהאַט הינט, און מאַראַטש איז געווען אַזוי אָרעם, אַז ער האָט אַפילו קיין הונט ניט פאַרמאָגט. און אַפילו אַז מאַראַטש אַליין זאָל זיי כאַפּן און פון זיי אַרונטעררייסן די היטלען, פאַר דעם האָבן זיי אויך קיין מורא ניט געהאַט, ווייל ביז וואַנען דער הינקעדיקער מאַראַטש מיט זיין קורץ פיסל האָט זיך נאָך זיי אַ יאָג געטאָן, זיינען זיי שוין געווען העט ווייט אין דער ייִדישער גאַס, זיינען זיי שוין געשטאַנען פאַרבאַהאַלטענע אויף די הויפן, הינטער הייזער, אָדער הינטער פאַרקאַנעס און אָפּגעלאַכט פון מאַראַטשן ווי ער האָפּקעט אויף זיין קורץ און הינקענדיק פיסל, אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג אָדער אים געוויזן אַ לאַנגע נאָז.

מאַראַטש פלעגט שרייען, שרייען אויף זיין ווייִנענדיק הייזעריק קול, פלעגט שילטן, שפייען, זיך קראַצן פאַרצווייפלט אין דער פּאַ־טילניצע און אַ צעקלעמטער, מיט אַ צעוויטיקט האַרץ, דרייענדיק הין און צוריק מיט דעם צעפּאַטלטן קאָפּ, אוועקגיין צוריק צו זיך אין שטיבל. ער האָט קיינעם ניט געכאַפּט און אויף קיינעם ניט געקאָנט אָנווייזן.

די ייִנגלעך פלעגן נאָכמאַכן מאַראַטשעס האָפּקען מיט דעם קורצן פיסל און קאַטשענדיק זיך פון געלעכטער, נאָך מיט מער אַפּעטיט זיך נעמען עסן די גרינע עפּעלעך פון מאַראַטשעס בוימל.

ג

איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז די ייִנגלעך האָבן געוואָרפן און גע־וואַרפן שטיינער אויף מאַראַטשעס ביימעלע, געריסן און געריסן עפּעלעך און גאָר ניט, ניטאָ מאַראַטש, ער ווייזט זיך ניט. די ייִנגלעך האָבן שוין פולע קעשענעס מיט עפּעלעך און אויך די היטעלעך זייערע זיינען פול מיט עפּעלעך. אַפריער האָבן זיי אָנגעשטאָפּט די קעשענעס פון די הויזן, נאָכדעם די קעשענעס פון די רעקלעך, און אַז אַלע קעשענעס זיינען שוין געווען פול אָנגעשטאָפּט האָבן זיי גענומען קלייבן די עפּעלעך אין די היטלען. זיי האָבן שוין ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן די עפּעלעך און גאָר ניט, ניטאָ מאַראַטש. ער ווייזט זיך ניט מיט זיין קורץ פיסל.

— וואָס קאָן עס זיין? וואו איז מאַראַטש? וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפן? — האָבן די יינגלעך ניט געקאָנט פאַרשטיין.

— איך וועל שווערן, אַז ער ליגט פאַרבאַהאַלטן און טשאַטעוועט אויף אונדז מיט אַ הונט, — האָט זיך איין יינגל אָנגערופן, און זיינע אויגן זיינען געוועןַ צעשראָקן.

— גיי שוין גיי, ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. וואו וועט מאַראַטש מיט אַמאָל נעמען אַ הונט? — האָבן אַ פּאָר דרייסטערע יינגלעך פון אים אָפּגעלאַכט.

— טאָ וואָס קאָן עס זיין, וואָס ער קומט ניט אַרויס?

— טאַקע וואָס קאָן עס זיין?

און אַזוי ווי זיי שטייען אַזוי פאַרחידושטע און פאַרקלערטע, גיט זיך פּלוצלונג מיט אַ סקריפּ אַן עפן אויף די טיר פון מאַראַטשעס הייזל און עס קומט אַרויס מיט אַ געשריי און מיט אַ געוויין מאַראַטשעס ווייב, די מאַראַטשעכע, אַן איינגעשרומפּענע זקנה, אַ הויפן ביינער מיט צוויי לאַנגע טיף־איינגעשניטענע קנייטשן ביי די מויל־ווינקלען און אַן איין צאָן אין מויל. אירע אויגן זיינען פאַרטרערט און רויט און איינגעגראָבן, ווי איינגעזונקענע אין איר אויסגעדאַרטן ערדן־פּנים. זי גייט ניט ווייטער פון שוועל, נאָר זי וויינט און שרייט:

— באַנדיטן! רוצחים! וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיין אָרעם ביימעלע? פאַרוואָס גייט איר ניט צו די רייכע אין זייערע סעדער דאָרט רייסן עפּל?... ס'איז אַן עבירה... וואַרט, וואַרט, גאָט וועט אייך פאַר דעם שטראָפן...

ד

די יינגלעך זיינען געבליבן געפּלעפט און גערירט פון דער מאַראַטשעכעס רייד און טרערן. זיי האָבן אָנגעהויבן בלינצלען מיט די אויגן. זיך געשעמט קוקן אויף דער מאַראַטשעכע און איינער אויפן אַנדערן. זייערע הענט זיינען געוואָרן ווי געליימט און זייערע פיס זיינען מיט אַמאָל געוואָרן אָפּגענומען, שווער, ווי זיי וואָלטן צוגעוואָקסן געוואָרן צו דער ערד.

— ס׳איז טאַקע אַן עבירה אויף מיינע נאמנות... ס׳איז אַ רחמנות... זיי זיינען אָרעמע מענטשן... גאָט וועט שטראָפן... ער וועט שמייסן מיט אייזערנע ריטער... — האָט דער ערשטער זיך אָנגערופן הערשל, זיידל דעם בעקערס, אַ יינגל, וואָס איז שטענדיק געווען אַ פּאַרמעליקטער מיט ווייסע פּאַרמעליקטע שיך און אַ ווייס פּאַרמעליקט היטל, אַפילו זיינע האָר זיינען תמיד געווען פול מיט מעל און מען האָט ניט געוואוסט פון וואָס פאַר אַ קאָליר זיי זיינען: צי זיי זיינען שוואַרץ, אָדער בלאָנד, אָדער רויט.

— טאַקע, הערשל איז גערעכט, עס איז אַ רחמנות. אוי, זעט, זי וויינט... — האָט הערשלען אונטערגעהאָלפן יאָסקע, פסח דעם סטאָליערס, אַ יינגל מיט געקרייזלטע האָר און אַ פאַרריסן נעזל. — איר ווייסט וואָס קינדער? — האָט ער זיך היציק אָפּגערופן — לאָמיר איר אָפּגעבן צוריק אַלע עפּל...

— יאָ, יאָ, אָפּגעבן, אָפּגעבן! — האָבן אייניקע יינגלעך מיט אַמאָל אין כאָר אויסגעשריען.

— נו, אויב אָפּגעבן, איז אויסגעליידיקט די קעשענעס זאָל ווערן! — האָט מיט אַ באַפעל זיך אָנגערופן שלומקע, בערל דעם שניידערס, דאָס עלטסטע יינגל פון גאַס וואָס איז געווען דער אָנפירער ביי די יינגלעך — נו שנעלער, גערירט זיך, אַרויס מיט די עפּל!

אַלע יינגלעך האָבן שנעל און מיט עפּעס אַ פריידיקן אימפּעט אָנגעהויבן אויסליידיקן זייערע קעשענעס און היטלען אין שלומקעס רעקל, וואָס האָט געדינט ווי אַ זעקל. ניט דרייסט, ווי פאַרבאַהאַלטנדיק זיך הינטער שלומקען, וועלכער איז געווען דער העכסטער פון זיי אַלעמען און וועלכער איז געגאַנגען דער ערשטער, זיינען זיי מיט קלאַפּנדיקע הערצער צוגעקומען צו דער מאַראַטשעכן און פאַר אירע פיס געגעבן אַ שאָט אויס דעם גאַנצן באַרג גרינע עפּעלעך.

אַ שאָט געטאָן די גרינע עפּעלעך, האָבן זיי שוין גלייך געוואָלט אַנטלויפן, וואוהין די אויגן וועלן זיי טראָגן, נאָר די מאַראַטשעכע האָט אויסווישנדיק די טרערן פון אירע אויגן, זיך אַזוי גליקלעך צעשמייכלט, אַז איר שמייכל האָט די יינגלעך ווי צוגעשמידט צו די ערטער און עס איז זיי אַלעמען געוואָרן אַזוי גוט און פריילעך אויף די הערצער, אַז זיי האָבן זיך אליין אויך צעשמייכלט.

די אַלטע מאַראַטשעכע איז צוגעגאַנגען צו די יינגלעך, האָט מיט אירע אויסגעדאַרטע הענט זיי אָנגעהויבן צו גלעטן איבער די קעפּלעך, געגעבן יעדן איינציקן צו עפּל, און שיינענדיק פון פרייד, צו זיי גע־רעדט:

— יינגלעך טײַערינקע, גוטע קינדערלעך, גאָט וועט אײַך בענטשן!...

די יינגלעך זיינען גליקלעכע אַוועקגעשפּרונגען אַהיים און ביי זיך אָפּגעמאַכט:

„מער ניט צו רייסן די גרינע עפּעלעך פון מאַראַטשעס ביי־מעלע, קיינמאָל ניט”...

# זיך ניט דערוואַרט

אין דער פֿאַבריק, וואו יאַנקעלעס טאַטע האָט געאַרבעט האָט מען די אַרבעטער געצאָלט זייערע שכירות איין מאָל אין חודש, און יאַנקעלעס מאַמע, רחל, האָט אַ גאַנצן חודש געדאַרפֿט באָרגן און לייען. און דעריבער, ווען יאַנקעלעס טאַטע, נתן, האָט צום סוף חודש געבראַכט די שכירות און זיין מאַמע רחל האָט זיך אומעטום אַרומגעצאָלט, איז איר ווי אַ שטיין אַראָפּ פֿון האַרצן. דאָס וואָס זי איז מער ניט געבליבן קיין בעל־חוב איז ביי איר געווען אַן אמתער יום־טוב, און זי האָט דעריבער טאַקע באַשלאָסן צו קאָכן אַ בעסערע וועטשערע. זי האָט געקויפֿט שעפּסענע פּיסלעך און זיי אָפּגעקאָכט אין זיסן און זויערן, האָט פֿאַרקאָכט אַ געדיכטע רעטשענע קאַשע פֿאַרפֿרעגלט מיט רויזן־אויל און האָט זיך גענקליבן מאַכן בולבע־לאַטקעס.

— קינד מיינס, — האָט זי זיך אָפּגערופֿן צו יאַנקעלען, וועלכער איז געזעסן פֿאַרטיפֿט ביים מאָלן מענטשעלעך מיט אַ בליישטיפֿט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, — גיי אַריין אין שפּייכלער און ברענג אַ טעפּל בולבעס, וועל איך מאַכן בולבע לאַטקעס.

ביי יאַנקעלען זיינען בולבע־לאַטקעס געווען פֿון זיינע בעסטע מאכלים. דערהערנדיק פֿון דער מאַמען אַז זי וועט מאַכן היינט לאַטקעס, איז ער פֿון שמחה מיט איין שפּרונג שוין געווען אין שפּייכלער און האָט אין אַ טעפּל אָפּגעקליבן די גרעסטע בולבעס, אײנע אין אײנע.

אַז ער איז אַרויס פֿון שפּייכלער מיטן פֿולן טעפּל בולבעס, האָט ער עס אַוועקגעשטעלט אויפֿן ברייטן טאָפּטשאַן אין קיך און געלאָפֿן ברענגען דער מאַמען דאָס מעסער.

יאַנקעלע איז די גאַנצע צייט, וואָס די מאַמע האָט געשיילט די בולבעס, געשטאַנען לעבן איר און מיט דאַנקבאַרקייט און שמייכ־לענדיק איר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין.

נאָר איין זאַך האָט יאַנקעלע ניט פאַרשטאַנען: פאַר וואָס עפּעס אין א מיטנוואָכנדיקן טאָג גאָר לאַטקעס?... און ער האָט מיט נייגעריקייט געפרעגט די מאַמע:

— זאָג מיר, מאַמע, פאַרוואָס עפּעס מאַכסטו היינט לאַטקעס?

— ווייל דער טאַטע האָט היינט געבראַכט זיינע שכירות, — האָט אים די מאַמע געענטפערט.

— און מאָרגן וועסטו אויכעט מאַכן לאַטקעס? — האָט יאַנקעלע מיט באַגייסטערונג ווייטער געפרעגט.

— גיי שוין גיי, נאַרעלע. אַלע טאָג לאַטקעס איז אַ צו־טייערער ביסן, מיין קינד. נאָר די גבירים קאָנען זיך עס פאַרגינען, — האָט אים די מאַמע גוטמוטיק געענטפערט.

יאַנקעלע האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט דער מאַמעס ענטפער און ער האָט אָנגעהויבן איבערצוציילן די נאָך ניט אָפּגעשיילטע בול־בעס, כדי צו וויסן וויפיל די מאַמע האָט נאָך צו שיילן.

נאָכדעם, אַז יאַנקעלעס מאַמע האָט די אָפּגעשיילטע בולבעס איבערגעוואַשן, צעריבן און איז צוגעגאַנגען צו דעם ברענענדיקן אויוון מאַכן די לאַטקעס, איז יאַנקעלע די גאַנצע צייט פון אויוון ניט אָפּגעטראָטן. ער איז געשטאַנען שטיל ווי אַ קעצעלע, מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט צו דעם גרויסן פלאַם, וועלכער האָט אָנגע־גליט און רויט געמאכט זיינע בעקעלעך, האָט געצונדן שטרויעלעך, זיי געגומען אין מויל און נאָכגעמאַכט, מעשה גרויסער מענטש, ווי ער פאַרציט דעם רויך פון אַ פּאַפּיראָס... אויף זיין קליין פּנימל האָט אַ קינדיש־זיסער שמייכל זיך צעגאָסן.

אַז די לאַטקעס זיינען פאַרטיק געוואָרן, האָט יאַנקעלעס מאַמע, רחל, אַראָפּגענומען איינע אויף א טעלער, אויך אַ ביסל קאַשע, אַ שטיקל פלייש און עס אים דערלאַנגט.

—נאַ, עס מיין קינד און זאָל דיר וואויל באַקומען, אָבער מער זאָלסטו ניט בעטן, — האָט זי אים צולעצט אָנגעזאָגט.

— דו ווייסט, מאַמע, איכל וואַרטן אויפן טאַטן. איך וויל היינט עסן וועטשערע מיטן טאַטע צוזאַמען, — האָט יאַנקעלע אַ באַגייסטער־

טער און מיט אויפגעפלאַמטע אויגן פון זיין איינפאַל, זיך אָפּגערופן.

— גיי שוין גיי, נאַריש קינד, דער טאַטע קומט שפּעט פון דער אַרבעט, — האָט רחל יאַנקעלען פון דעם אָפּגערעדט.

— איז וואָס? וועל איך וואַרטן... — האָט זיך יאַנקעלע געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

דו וועסט דאָך אָבער איינשלאָפן, — האָט רחל אַלץ מיט אים איינגעטענהט.

— אָט וועסטו זען, אַז איך וועל ניט איינשלאָפן, — האָט יאַנקעלע פעסט און זיכער געענטפערט.

רחל האָט מיט צערטלעכע בליקן געקוקט אויף יאַנקעלען. זי האָט צוריק אריינגעלייגט די לאַטקע אין פאַן, צווישן די איבעריקע, עס איבערגעדעקט מיט אַ טעלער און עס פאררוקט אין אויוון. אויסגעלאָשן די לעצטע ברענענדיקע האָלעוועשקע, צוגעמאכט דעם קוימען, און אַ ליבע געשמאַקע וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דעם שטיבל.

נאָכדעם האָט זי אין אַ טעפּל אריינגעשטעלט דאָס קליינע לעמפּל, עס אוועקגעשטעלט אויפן טיש, גענומען אויפן שויס אַ טאָפּ מיט פעדערן און אָנגעהויבן צו פליקן.

יאַנקעלע האָט אויך גענומען אַ הויפן פעדערן און גיך, גיך געפליקט, זיך געפלייסט, געבריהט, געוואָלט איבעריאָגן די מאַמע.

לאַנגזאַם, פאַמעלעך האָט זיך ביסלעכוויז, ביסלעכוויז גערוקט דער גרויסער ווייזער פון אַלטן וואַנטזייגער און יאַנקעלען האָבן זיך אָנגעהויבן קלעפּן די אויגן צום שלאָפן.

— פאָלג מיך מיין קינד, עס אָפּ און גיי שלאָפן, — האָט זיך רחל מיט באַזאָרגטקייט ביי יאַנקעלען געבעטן.

— ניין, איכל וואַרטן אויפן טאַטע, — האָט זיך יאַנקעלע איינגעעקשנט.

— אָ, ווייסטו גאָר וואָס? איכל דיר דערציילן אָ שיינע מעשה וועסטו ניט שלאָפן. דערציילן דיר אַ מעשה, יאַנקעלע?

— יע, מאַמע, דערצייל, — האָט זיך יאַנקעלע אָנגעכאַפּט.

— וועסטו ניט איינשלאָפן?

— ניין, מאַמע, אָט וועסטו זען.

און רחל האָט יאַנקעלען אָנגעהויבן דערציילן אַ לאַנגע, לאַנגע מעשה פון זיבן קליינע מענטשעלעך, שרעטעלעך, וועלכע האָבן גע־וואַנדערט וואַלד־איין, וואַלד־אויס צו זוכן די בת־מלכה. לאַנג, לאַנג האָט זיך די מעשה געצויגן. דער אַלטער וואַנט־זייגער האָט געקלאַפּט טיק־טאַק, טיק־טאַק, ביז וואַנען די אויגן האָבן זיך רחלען אָנגעהויבן צו קלעפּן, דער קאָפּ צו וויגן, אין גאַנצן קערפּער האָט זי אָנגעהויבן פילן עפּעס אַ שווערע מידקייט און זי האָט איינגעדרעמלט.

שטיל איז אין דעם קליינעם שטיבל געוואָרן און פון דרויסן האָט זיך שטאַרק געלאָזט הערן דאָס ברומען פון ווינט און דאָס קלאַפּן פון די רעגן־טראָפּנס אויף די שויבן. דורך די פענצטער האָט די טיף־שוואַרצע נאַכט אין שטיבל ארייגעקוקט און דאָס גאַנצע שטיבל אין נאַכט־שוואַרצע שאָטנס איינגעהילט... דאָס קליינע שפּי־ציק־־רויטע פייערל פון לעמפּל האָט אין דעם שוואַרק־פאַררויכערט גלעזל אַרומגעטאַנצט און די שאָטנס האָבן דורך דעם אויך אַרומ־געטאַנצט און אַרומגעשפּרונגען אויף די ווענט און אויפן באַלקן.

יאַנקעלען האָט זיך דאָס קעפּל אָנגעהויבן צו דרייען, די אויגע־לעך צוצומאַכן. ער האָט איינגענורעט זיין קעפּעלע אין דער מאַמעס שויס און איז איינגעשלאָפן — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז רחל האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען שפּעט אין אָונט. יאַנקעלעס טאַטע איז נאָך ניט געווען פון דער אַרבעט. זי האָט יאַנקעלען אריינגעלייגט אין בעט, אים איינגעדעקט און געוואונטשן אַ גוטן, געזונטן שלאָף.

און אין שלאָף האָבן זיך יאַנקעלען געחלומט לאַטקעס. אַ סך, אַ סך לאַטקעס. אַ גליקלעך־צופרידענער שמייכל האָט געשוועבט אויף זיין פּנימל און גערוט אין די ווינקלען פון זיין מויל.

# ווייסע בולקע

אין מיטן דער וואָך האָט הערשעלע קיינמאָל ניט פאַרזוכט אַ שטיקל ווייצנס, — אַ שטיקל ווייסע חלה, אָדער א בולקעלע. זיין טאַטע, משה־לייב דער שטריק־דרייער, איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און האָט אַפילו פּראָסטן ברויט צו זאַט ניט געהאַט געגוג פאַר זיינע קינדער. און קיין מאַמע האָט הערשעלע אויך ניט געהאַט. האָט געהאַט אַ שטיף־מאַמע. האָט זיך הערשעלע אַ גאַנצע וואָך געשטאָפּט מיט שוואַרצן ראזעווען ברויט. מערסטע מאָל מיט נישט און אַמאָל באַשמירט מיט סיראָפּ.

אין חדר האָט זיך הערשעלע געשעמט פאַר די איבעריקע קינ־דער. זיי פלעגן אַפילו אין מיטן דער וואָך ברענגען ווייסע זעמל באַשמירט מיט פּוטער אָדער מיט געפּרעגלטן איינגעמאַכטס. הער־שעלע פלעגט מיט גיריקע אייגעלעך צוקוקן ווי די אנדערע יינגלעך עסן ווייסע בולקע מיט סאַק, ווי דער סאָק רינט איבער זייערע ליפּן. ער פלעגט, מיט פאַרשמאַכטע ליפּעלעך זיך אַזש באַלעקן.

דערפאַר פרייטיק איז הערשעלע געווען מיט אַלע איבעריקע קינדער גלייך. פרייטיק פלעגט אים די שטיף־מאַמע אויך מיטגעבן אין חדר אַריין אַ ווייסע ווייצענע בולקעלע פון דעם שבתדיקן געבעקס פריש פון אויוון.

הערשעלע פלעגט זיך מיט דעם בולקעלע זייער פרייען און לויפנדיק אין חדר האָט ער זיך באַדאַרפט שטאַרק איינהאַלטן ניט אָפּצוקנייפּן אַ שטיקל פון דער בולקע און עס אויפעסן נאָך איידער ער איז געקומען אין חדר. פרייטיק האָט ער זיך שוין ניט באַדאַרפט שעמען פאַר די איבעריקע קינדער.

פלעגט טאַקע הערשעלע אַ גאַנצע וואָך מיט אומגעדולד און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ וואַרטן אויפן פרייטיק. די דאַנערשטיקע נאַכט

האָט אים שוין קיין שלאָף ניט גענומען. פרייטיק פאַרטאָג, ווען אין שטיבל איז נאָך געווען שטאַרק פינצטער, פלעגט ער, פון שלאָף אַרויס, דערפילן ווי אין קיך, וואָס איז געווען אָפּגעצוימט פון דער שטוב מיטן גרויסן ברייטן אַלמער, איז שוין ליכטיק. דאָרט ברענט שוין דאָס קוירניקל און פון דאָרט טראָגט זיך אַ הילכיק מעטאַלענער קלאַפּן פון מעשענעם מערזל אין דעם מעשענעם שטויסל. דאָס איז שוין די שטיף־מאַמע געוועזן אויף. זי גרייט שוין צו די חלה צום באַקן.

הערשעלע פלעגט זיך שטילינקערהייט ארויסרוקן פון דעם וואַרעמען בעט און בגנבה, מען זאָל אים ניט דערזען, זיך שטעלן הינטערן אַלמער און דורך אַ שפּאַרונע, דורך וועלכער עס האָט זיך געצויגן אַ דין פּאַסיקל ליכט פון קוירניקל וואָס האָט געברענט אין קיך, זיך צוקוקן וואָס די שטיף־מאַמע טוט, ווי זי זיפּט אין דער זיפּ דאָס מעל, ווי זי פאַרראָשטשינעט דאָס טייג און ווי זי שטויסט צימערינג מיט מאָנטשקע־צוקער אין דעם שטויסל, צערייבט עס אויף דין און באַשיט מיט דעם דאָס טייג.

נאָכדעם, אַז די שטיף־מאַמע פלעגט אויספלעכטן די גרויסע חלות, מאַכן די בולקעלעך, זיי באַשמירן מיט איי־געלכל און זיי איבערדעקן מיט אַ טישטעכל, זיי זאָלן בעסער אויפגיין, פלעגט הערשעלע שטילינקערהייט, אויף די שפּיץ־פינגער, זיך צוגנבענען צו זיי, פאַרזיכטיק אָפּדעקן דאָס טישטעכל, קוקן מיט הנאה־אויגן אויף די בולקעלעך, ווי זיי וואַקסן און ווערן גרעסער און גרעסער. ער פלעגט פון זיי אָנקוועלן.

— אַוועק פון דאַנען, דו קליינער לאַבוזניק! — פלעגט די שטיף־מאַמע, כאַפּנדיק אים לעבן דעם טייג, אים אַ פּאַטש טאָן איבער די הענט, און הערשעלע פלעגט, פייל אויסן בויגן, אַנטלויפן אין בעט, זיך אַרונטעררוקן אינגאַנצן אונטער דער קאָלדרע און איינהאַלטן דעם אָטעם פון מורא.

פאַר דער שטיף־מאַמע האָט הערשעלע זייער מורא געהאַט, זי איז געווען אַביסל אַ טויבלעכע און אַ בייזע, — ווייל זי איז געווען אַ טויבלעכע, דערפאַר טאַקע איז זי געווען אַ בייזע. איר פלעגט זיך אַלץ דוכטן, אַז די קינדער, הערשעלע מיט זיין עלטערן ברודער שמואליק, ריידן שלעכטס אויף איר און לאַכן פון איר אָפּ. דערפאַר

איז זי שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ בייזע און אַן אָנגעלאָדענע אויף די קינדער.

דערהויפּט איז זי אין כעס געווען אויף שמואליקן. אַ געפּאַקט פּעסלדיק ייִנגל, מיט קורצע פיסלעך און אַ גרויסן קאָפּ געדיכט באַוואַקסן מיט קאַשטענאַוואַטע, קיינמאָל ניט צעקעמטע האָר. די ייִנגלעך אין גאַס פלעגן אים דערפאַר טאַקע רופן שמואליק פּאַס.

שמואליק האָט שוין אין חדר ניט געלערנט. דער טאַטע האָט אים אָפּגענומען פון חדר און אַוועקגעגעבן פאַר אַ באַהעלפער צו אַ מלמד, ער זאָל אַרויסהעלפן אין דער חיונה.

שמואליק איז געווען אַ ייִנגל אַ פריילעכס און אַ ווערטל־זאָגער. צו יעדן וואָרט האָט ער געהאָט אַ גראַם. אַ שטייגער, וועגן דער שטיף־מאַמע פלעגט ער זיך אַזוי צעווערטלען:

האָב איך אַ מומע
איז זי אַ קרומע,
האָט זי אַ ברודער לייבע,
איז זי אַ טויבע...

שמואליק פלעגט זיך ווערטלען און הערשעלע פלעגט זיך שטיקן פון געלעכטער.

— וואָס פאַר אַ געלענדער אויף אייערע קעפּ? אַרויס פון שטוב! — פלעגט זיך די שטיפמאַמע צעשרייען און איר פּנים פלעגט ווערן אָנגעכמורעט, בייז. איר גאַנצן כעס פלעגט זי אויסלאָזן צו שמואליקן. פלעגט אים ניט געבן זאָט צום עסן, פלעגט אים געבן נאָר שוואַרצן ראַזעווען ברויט מיט נישט, אפילו פרייטיק פלעגט זי אים אויך געבן נאָר שוואַרצן ברויט מיט נישט און שלאָפן האָט ער געמוזט אויפן האַרטן טאַפּטשאַן אין קיך.

און כדי נאָך שטאַרקער צו באַשטראָפן און שלעכט טאָן שמואליקן, פלעגט זי הערשעלען לאַשטשען און בעסער צוזען. פרייטיק פלעגט זי פאַר הערשעלען אויסקלייבן די גרעסטע בולקע, וואָס איז געווען מער באַשמירט מיט איי־געלכל ווי אַלע איבעריקע בולקעלעך און אים מיטגעבן אין חדר. זי פלעגט עס טאָן מיט אַ כיוון, דווקא בעת

שמואליק איז געשטאַנען דערביי. זאָל שמואליק עס צוזען און צע־פעכנעט ווערן.

איינמאָל אין אַ דאָנערשטיק אָוונט, איז די שטיף־מאַמע געקומען פון קלייטל מיט אַ פולן פאַרטוך מיט עסנוואַרג, וואָס זי האָט איינ־געקויפט לכבוד שבת. וואָס האָט זי ניט איינגעקויפט? — אַ זעקעלע מעל, און גרויפן מיט אַרבעס אויף טשאָלענט, און אַ פלעשעלע אויל, און צימרינג, און ראָזשענקעס מיט מאַנדלען, און בעבלעך, און גע־טריקענטע פלוימען, און נאָך און נאָך גוטע זאַכן. אַ גאַנצע וואָך האָט הערשעלעס טאַטע געקאַרגט און געוואַרגט, אַבי דעם שבת צו מאַכן מיט לייטן גלייך.

די שטיף־מאַמע האָט די אַלע גוטע זאַכן געגעבן פון פאַרטוך אַ לייג אויס אויפן טיש און אריין אין קיך, זיך אָנגעהויבן פּאָרקען אַרום אויוון.

ווען זי איז צוריק אַריין אין שטוב און צוגעגאַנגען צום טיש, האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט און פאַרוואָרפנדיק מיטן קאָפּ, ווי דאָס גרעסטע אומגליק וואָלט זי געטראָפן, אויסגעשריען צום מאַן:

— אוי, משה־לייב! קום שוין אַהער! אוי, אַ דונער האָט מיך געטראָפן! זע נאָר וואָס די לאַבוזניקעס האָבן דאָ אָפּגעטאָן, מען האָט דאָך אויפגעגעסן די גאַנצע ראָזשינקעס מיט די מאַנדלען! זאָגט מיר גלייך ווער האָט עס געטאָן! — האָט זי מיט אַן אויפגעפלאַמט פּנים אַ געשריי געטאָן צוביידן, אי צו הערשלען און אי צו שמואליקן. אָבער גלייך האָט זי אָנגעשטעלט אירע אויגן אויף שמואליקן און זיך נאָך שטאַרקער צעשריען.

— אַהאַ, איך ווייס שוין, ווער עס האָט דאָס געטאָן. דאָס האָסטו שמואליק אויפגעגעסן די ראָזשינקעס. זיי זיך מודה, דו נאַשער, עס וועט דיר גאָר ניט העלפן.

שמואליק האָט זיך געשוואָרן, אַז ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, און דאָס פּנים פון שטענדיק זאָרגלאָזן און פריילעכן שמואליקן איז דאָס מאָל געוואָרן בלאַס ווי קרייד, זיינע ליפּן האָבן פון אויפרעגונג געציטערט און אין זיינע אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

— אויף מיינע נאמנות, איך ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן, — האָט זיך שמואליק מיט טרערן אין די אויגן געשוואָרן.

— וואָס ווילסטו פון קינד ? וואָס האָסטו זיך צו אים צוגעטשע־פעט ? זעסט דאָך, אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. אפשר האָסטו די ראָזשינקעס איבערגעלאָזן אין קראָם ? — האָט משה־לייב פּאַרטיי־דיקט שמואליקן.

אָבער דאָס האָט נאָך מער צערייצט די שטיף־מאַמע און זי האָט זיך נאָך מער אָנגעצונדן.

— אַהאַ, דו נעמסט זיך נאָך אָן פאַר דעם תכשיט דיינעם, — האָט זי געגוואַלדעוועט, — ער ווייס נעבעך ניט, דער צדיק, פון וואָס צו זאָגן. האַ! פרעג אַפילו הערשעלען, וועט ער דיר זאָגן. הער־שעלע האָט אויך געזען ווי דער תכשיט דיינער, דער נאַשער, דער טריפהנער האַלדז האָט אויפגעגעסן די ראָזשינקעס מיט די מאַנדלען. ניט אמת, הערשעלע ? — האָט זי מיט אַ ווייך לאַשטשענדיקן קול גענומען ריידן צו הערשעלען — זאָג דעם אמת האָב ניט קיין מורא...

הערשעלע איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער שטיף־מאַמע און האָט ניט געוואָלט פאַלש עדות זאָגן קעגן ברודער, און דאָ האָט נאָך דער טאַטע פון דער ווייטן, די שטיף־מאַמע זאָל ניט באַמערקן, צו אים אַ וואונק געטאָן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין, ער זאָל, הייסט עס, גאָר ניט זאָגן קעגן שמואליקן. ער איז געשטאַנען אַ צעטראָגענער, האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און זיינע צעשראָקענע אויגן געוואָרפן פון דער שטיף־מאַמע אויף שמואליקן מיטן טאַטן און פון זיי ביידן צו דער שטיף־מאַמע.

— איך ווייס גאָר ניט! איך האָב גאָר ניט געזען! ס'אַליגן, שמואליק האָט ניט געטשעפּעט די ראָזשינקעס, ס'אַליגן! — האָט הערשעלע זיך צעשריען מיט אַ געוויין, גענומען טופּען מיט די פיסלעך און פון זיינע אויגן האָט אַ פלייץ געטאָן אַזאַ שטראָם טרערן, אַז ער האָט נאָכדעם לאַנג געוויינט און זיך ניט געקאָנט איינשטילן.

— אַהאַ, דו אויך קעגן מיר. איר זענט אַלע קעגן מיר. איר האָט זיך אַלע אויף מיר אָנגעזעצט! — האָט זיך די שטיף־מאַמע פלוצים צעוויינט און סטראַשענדיק הערשעלען מיט אַ פינגער, האָט זי זיך אויף אים צעשריען:

— וואַרט, וואַרט, דיך וועט עס שוין טייער קאָסטן! — און זי איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב אין קיך אַריין.

***

אויף מאָרגן איז געווען פּרייטיק. הערשעלעס גוטער טאָג אויף וועלכן ער וואַרט אַ גאַנצע וואָך מיט גליקלעכע האָפענונגען. אָבער דאָס מאָל איז הערשעלע געגאַנגען אין חדר אָן אַ ווייסן ווייצענעם בולקעלע, נאָר מיט אַ קליין שטיקל אַלט־געבאַקענעם שוואַרצן ברויט מיט נישט. אפילו ניט באַשמירט מיט סיראָפּ. הערשעלע איז אַ פאַרטייעטער אין זיך און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געזעסן איינגע־גראָבן אין אַ ווינקל פון חדר, געגריזשעט דאָס האַרטע שוואַרצע ברויט מיט נישט און פון זיינע אויגן האָבן גערונען טרערן.

